ד"ר י. לייפונער

# פיער יאהר
## אין דער
# וועלט-מלחמה
## 1918—1914

צווייטע אויפלאגע

מעמוארען

ווארשא 1923

געווידמעט
מיין בן-יחיד
משה-אהרן

# פּאָרוואָרט.

פּונקט ערב ראש השנה תרע"ח בין איך אנגעקומען קיין ווארשא. די לעצטע דריי חדשים האב איך אבגעלעבט א פינסטער לעבען אין מאסקווע, ביז איך האב בעקומען די מעגליכקייט זיך פון דארט ארויסצורייסען. און ענדליך בין איך אין דער היים, וועגען וועלכער איך האב 4 לאנגע יאהר גע'חלומ'ט; ענדליך בין איך צווישען מיינע גוטע פריינד און בעקאנטע... איך פיהל מיך אצינד, ווי א מענש, וואס האט אריבערגעטראגען א שווערע, לאנגע קראנקהייט, וועלכער איז גלייכגילטיג צו אלץ, וואס עס טהוט זיך אצינד ארום איהם, וועלכער וויל האבען א געוויסע צייט נור רוה, שטילקייט...

ווען איך זיץ מיר אצינד איינגעשטערט, פערטיעפט אין מיינע רעיונות, לעב איך מיט מיינע ערינערונגען פון די גאנצע 4 יאהר, וואס איך בין געווען אבגעריסען פון מיין היים. און מיין געדאנק שפּינ=לען זיך אב מיט דער גרעסטער קלארקייט אלע איינצעלהייטען פון מיין לעבען אויף דער וועלט-מלחמה. און אז מען זאל מיך אצינד פרעגען, צי פערדריסט מיך ניט, צי האב איך נישט קיין עגמת-נפש דערפון, וואס מען האט מיך פלוצלינג, פאר 4 יאהרען, אבגעריסען פון מיין היים, פון מיין פאמיליע, פון מיין אלטעגליכער ארבייט, וואלט איך גע=ענטפערט: „ניין, און טויזענד מאל ניין!"... פערקעהרט, איך בין גאנץ צופרידען, וואס איך בין די 4 יאהר געווען נע ונד, וואס איך האב די 4 יאהר געפיהרט א ציגיינער-לעבען, אדער ריכטיגער: א „טשעמאדאן=לעבען". איך האב געהאט די מעגליכקייט צו זעהן דעם תוך פון א מלחמה, און נאך וואס פאר א מלחמה! איך האב געהאט די מעגליכקייט צו זעהן נייע לענדער, נייע פעלקער. איך האב זיך בעקענט מיט דעם פערשיעדענארטיגסטען לעבען פון אונזערע ברידער, איך האב איבערגעלעבט מיט זיי צוזאמען די שווערסטע און די אכזריות'דיגסטע מאמענטען, וועלכע זיי האבען געהאט אויף אלע פראנטען. פון צפון-פינלאנד ביז דרום=רומעניען האב איך געשפרייזט איבער וועלדער און פעלדער. איבער דערפער און דערפלעך, איבער שטעדט און שטעדטליך... איבער אלע פראנטען. יעדען מאמענט, יעדע וויכטיגע געשעהעניש האב איך פערשריבען אין מיין טאג=בוך, און אצינד וויל איך אייך, געעהרטע לעזער, מיט אלע פאקטען בעקאנט מאכען.

# ערשטער טייל.

די נאכט פון 17-טען אויפ'ן 18-טען יולי (אלטען סטיל) 1914 וועט, דאכט זיך מיר, ביי אלעמען בלייבען אין זכרון. קיינעם האט זיך דעמאלט גאר ניט געחלומ'ט, אז עס וועט אויסברעכען אזא מלחמה. גראד דעם אווענד האב איך גאר בדעה געהאט צו פאהרען קיין קאלבערג צו מיין פאמיליע, און פלוצים — נא דיר, געה, טהו דיך אן אין „בגדי-מלכות“, און שפריין איבער בערג און טהאלען. די שטימונג דעמאלט אין ווארשא מוזט איהר דאך געוויס געדענקען: די בעלאגערונג פון דער מלוכה-באנק דורך די גרויסע מענשען-מאסען, די בעוועגונג פון די מחנות רעזערוויסטען אויף קראקויער פארשטאדט און בכלל די פאניק אין דער שטאדט... כמעט צוויי טעג נאכאנאנד האב איך פערבראכט אויפ'ן ווינער וואקזאל, אויסקוקענדיג, טאמער קומט מיט איינעם פון די לעצטע צוגען מיין פאמיליע, אבער אומזיסט... ניט געזעגענענדיג זיך מיט מיינע נאהנטסטע, האב איך אין א פאר טעג ארום געמוזט אבפאהרען מיט א פערביטערט הארץ קיין קארטוז-בערעזא (א שטעדטיל הינטער בריסק), וואו עס איז געשטאנען דער פאלק, אין וועלכען איך בין געווען בעשטימט אלס דאקטאר. אנגעקומען בין איך אהין, געדענק איך, ערב שבת. איך האב געהאט פון ווארשוי א בריעף צו א געוויסען העררן נ., וועלכער האט מיך גאנץ היים מקבל פנים געווען, און גענאמען מיט מיר שבת אין שוהל אריין און מכבד געווען מיט א גוטען, געבראטענעם טשאלענט און, אזוי ווי איהר זעהט, האב איך די וועלט-מלחמה אנגעהויבען גאר נישט שלעכט. ליידער אבער איז אונזער פאלק באלד אויף מארגען ארוים אין „פאחאד“ קיין בריסק. אלע טעג האבען מיר עולה-רגל געווען.

אויב איהר ווילט האבען א בעגריף, וואס א פאלק איז, שטעלט אייך פאר מחנות סאלדאטען, פולעמיאטען, וואגענס, ליניייקעס (קראנקען-וואגענס), פעלדקיכען, וואס ציהען זיך אויף א שטח פון קרוב 1½—2 ווערסט. און דאס אלץ בעוועגט זיך פאוואליע, טריט ביי טריט. מען געהט-אב א טאג פון 15 ביז 20 ווערסט און ווען מען האט געדארפט, איז מען געלאפען אפילו 50 ווערסט א טאג. גענעכטיגט האט מען טיילמאל אין א דארף-שטיבעל צוזאמען מיט די פויערים-פאמיליעס און מיט כל המינים שרצים, גרעסערע און קלענערע חיה'לעך, שפרינגענדיגע און קריכענדיגע, טיילמאל — אין פאלאטקעס, וואו עס איז געווען פיעל אנגענעהמער און לופטיגער. איך האב באלד געשלאסען בעקאנטשאפט מיט די אפיצירען, געשמועסט מיט די סאלדאטען. אגב, איז אונזער דיוויזיע כמעט אינגאנצען בעשטאנען פון פוילישע סאלדאטען און אפיצירען. יודישע סאלדאטען זענען פערהעלטנישמעסיג געווען נישט פיעל.

אין בריסק האט זיך צונויפגעקליבען אונזער גאנצע דיוויזיע, ד. ה. 4 פאלקען פעהאטע מיט ארטילעריע, טראנספארטען, פעלד-לאזארעטען אהנ"ל. קורץ נאכ-

דעם זענען מיר מיט דער באַהן אַוועק פון בריסק קיין איוואַנגאָראָד. ניט ווייט פון איוואַנגאָראָדער פעסטונג געפינט זיך אַ קליין שטעדטיל אירענאַ. אָט דאָ האָב איך שוין געזעהן די פאָלגען פון אַ מלחמה האָטש קיין איינציגען שאָס האָב איך נאָך ניט געהערט, אָט דאָ האָב איך שוין געזעהן, ווי אונזערע סאָלדאַטען האָבען געבעל־הבתיוועט. דאָס שטעדטיל איז געווען, ווי אויסגעשטאָרבען: פערהאַקט און פערמאַכט טהיר און טויער; אַ סך געוועלבער צוראַבעוועט׳ די איינוואוינער — אַנטלאָפען, חאָטש דער שונא איז נאָך געווען ווייט פון איוואַנגאָראָד. אָט דאָ האָב איך אָנ..געהויבען הערען די ערשטע קלאַנגען וועגען יודישען שפּיאָנאַזש, וועגען יודישע טעלעגראַפען אָהן דראָהט, וועגען יודישע טונעלען צום שונא אדג"ל. אָט דאָ האָב איך שוין אָנגעהויבען צו האָבען פּלפּולים וועגען דעם ענין מיט אָפיצירען. איך האָב ביי מיינע געגנער געבעטען רעאַלע בעווייזען, זיי האָבען אָבער אַזוינע מיר ניט געקאָנט געבען: איינער האָט געהערט, ווי יענער האָט אַליין געזעהן... איך האָב געפיהלט, אַז איך וועל האָבען אַ גרויסען׳ שווערען קאַמפּף אין דער צוקונפט, און איך האָב מיד צו דעם קאַמפּף געגרייט.

---

## ב.

ניט לאַנג בין איך געוועזן אין איוואַנגאָראָד. באַלד האָט איין באַטאַליאָן פון מיין פּאָלק בעקומען אַ בעפעהל אַרויסצוגעהן פון איוואַנגאָראָד צוזאַמען מיט אַ פּאָנטאָנעם באַטאַליאָן (דאָס איז אַ באַטאַליאָן, וואָס מאַכט בריקען איבער טייכען) און געהן מיט׳ן ברעג פון ווייכסעל. מיר האָט מען בעשטימט צוגעהן מיט די ביידע באַטאַליאָנען. און אַווענד, געדענק איך, זענען מיר אַרויס פון איוואַנגאָראָד, געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. עס איז געווען אין אויגוסט. די לופט איז געווען זעהר פריש, די לבנה האָט געשיינט. דאָס בילד פון זון־אויפגאַנג אויפ׳ן ברעג פון ווייכסעל וועל איך קיינמאָל ניט פערגעסען: איך האָב געזעהן׳ ווי די נאַטור שטעהט אויף פון איהר שלאָף, פריהער פאַר אַלע מענשען... פּאַמעליך שיקט זי אַרויס איהרע שטראַהלען און בעלייכט בייסלעכווייז בערג און טהאָלען... צוקוקענדיג זיך צו דעם בילד, שעפּענדיג מיט אַלע אבֿרים די שמעקעדיגע פרישע לופט, הערענדיג דעם געזאַנג פון די פויגעלעך און בעטראַכטענדיג די שענקייט פון דער נאַטור אַרום, האָב איך געוואָלט אַ געשריי טהון צו דער מענשהייט: „וואָס טהוט איהר? צו וואָס דאַרפט איהר פערגיסען מענשען־בלוט, האָבענדיג אַרום זיך אַזאַ שענע וועלט?..."

ליידער אָבער וואָלט מיין געשריי דאַמאָלט קיין שום ווערט ניט געהאַט...

מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף דעם פּולאַווער באַרג (גורא פּולאַווסקאַ), וואָס איז פּונקט אַנטקעגען נאָוואָ־אַלעקסאַנדריע פון דער זייט ווייכסעל. די סאָלדאַטען האָבען פאַר זיך געשטעלט פּאַלאַטקעס און פאַר אונז׳ ד. ה. פאַר די אָפיצירען און פאַר מיר האָט מען בעשטימט אַ פּאַלאַץ, וואָס האָט אָנגעהערט צו אַ געוועזען ה׳ ר׳. ווי דער פּאַלאַץ האָט אויסגעזעהן איז אַ שרעק צו דערצעהלען: די פּאַדלאָגעס צוריסען, טייערע פּאָרטעפּיאַנען, גראַמאָפאָנען צובראָכען, טייערע אַלטערטימליכע מעבעל, בילדער — צוראַצט׳ צוקריצט, עפּיס אַזוי ווי נאָך אַ שרעקליכען אָנפאַל פון רויבער... און דאָס אַלץ איז שוין געמאַכט געוואָרען באַלד אין אָנהויב פון דער מלחמה. און

וועַן? ווען דער שונא איז נאָך געווען ווייט פון דאַנען!

צו מאָרגענס ווענען מיר איבער די ווייכסעל קיין נאָוואַ־אַלעקסאַנדריאַ. דאָ איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען, ווי אַזוי דער פאָנטאָנער באַטאַליאָן מאַכט אַ בריק. איך האָב מיך מיט גרויס אינטערעס צוגעקוקט צו דעם בילד, שטעהענדיג אויפ'ן ברעג פון דער ווייכסעל.

אַ פאָנטאָנער באַטאַליאָן פיהרט מיט זיך אויף אַזוינע ספּעציעלע וואָגענס שיפלעך, ברעטער און אַלע אַנדערע חפצים, וואָס זענען נויטיג צו בויען אַ בריק. נאָך אַ בעשטימטען סיגנאַל ווערען קודם־כל אַרויפגעלאָזט אויפ'ן וואַסער די שיפלעך, אויף וועלכע עס ווערען געלעגט צוגעפּאַסטע ברעטער, עס ווערט געמאַכט אַ בעקוועמער צופאָהר אויפ'ן ברעג; די אַרבייט געהט אַזוי פלינק און אין אַזאַ אָרדנונג אַז שוין אין אַ שעה אַרום האָט איהר פאַרטיג אַ בריק איבער וועלכען עס קאָנען אַריבערגעהן אפילו האַרמאַטען. אַט איבער אַזאַ בריק זענען מיר בשלום אַריבער פון גוראַ פולאַווסקאַ קיין נאָוואַ־אַלעקסאַנדריאַ. דאָ מוז איך בעמערקען, אַז כאָטש איך בין געבוירען און אויפגעוואַקסען אין פוילען, אין סובאַלקי, אָבער אויסער מיין געבורט־שטאָדט און וואַרשאַ האָב איך פוילען גאָר ניט געקענט. דעריבער האָט מיך אָנגעהויבען צו אינטערעסירען יעדעס דאָרף און יעדע שטאָדט.

## ג.

נאָוואַ־אַלעקסאַנדריאַ (אָדער פולאַווי) איז אַ לעבעדיג שטעדטיל. מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט אין די קאַזאַרמעס הינטערן שטאָדט. איך האָב מיך אַ ביסעל אויסגערוהט און בין נאָכדעם אַרויס אין גאַס. נישט האָבענדיג קיין בעקאַנטע, בין איך אַריין אין אַ יודישען אַפּטייקער־סקלאַד, האָב מיך פאָרגעשטעלט און באַלד געשלאָסען בעקאַנטשאַפט. מען האָט מיך גאַנץ וואַרים אויפגענומען און אָנגעהויבען אויסצוגיסען פאַר מיר די הערצער: עס האָט זיך געשפּירט עפּיס אַכזריות'דיגעס אין דער לופט, מען האָט שוין אָנגעהויבען אויך דאָ צו רעדען וועגען יודישען שפּיאָנאַזש. איך האָב, מיט וואָס איך האָב געקאָנט, געטרייסט מיינע נייע גוטע פריינד. עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און דעם 21 (3) אויגוסט איז אַרויס אין פולאַווע די שרעקליכע גזירה, אַז אַלע יודען, גרויס און קליין, מוזען אין משך פון 24 שעה אַרויס פון דער שטאָדט. וואָס איך האָב אין יענעם טאָג איבערגעלעבט, וואָס פאַר מאָראַלישע ענוים איך האָב געהאַט, בין איך נישט אימשטאַנד צו בעשרייבען. דאָס בילד שטעהט מיר אצינד, ווי לעבעדיג, פאַר מיינע אויגען. פערקלעמערט, ניעדערגעשלאָגען בין איך געשטאַנען אויף דעם שאָסיי און האָב מיט טרעהרען אין די אויגען געקוקט, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבען צו ציהען אַ לאַנגע שורה פוהרען מיט אנשים, נשים וטף, מיט זייערע געפעקעם און מיט אַלץ, וואָס זיי האָבען בעוויזען מיט זיך מיטצונעהמען. די געשרייען פון די פרויען, דאָס געוויין פון די קינדער איז געווען שרעקליך: דאָס האַרץ האָט גע־קאָנט פּלאַצען. איך בין געווען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז איך האָב געוואָלט לויפען צום קאָמענדאַנט און פאָדערן, מען זאָל מיך אויך אַרויסשיקען צוזאַמען מיט זיי, איך האָב געוואָלט עולה רגל זיין צוזאַמען מיט מיינע ברידער: פאַרוואָס האַלט

מען מיך דא, פארוואס שיקט מען אויך מיך נישט ארויס, איך בין דאך אויך א יוד? לײַדער, האב איך עס אבער נים געטארט טהון: איך בין געווען אין מיליטער־דיענסט...

נאר א 2—3 פון אונזערע אפיצירען האבען נים געקאנט גלײַכגילטיג קוקען אויף דעם שרעקליכען בילד און האבען מיר ארויסגעזאגט זייער מיטגעפיהל. וועגען דאס רוב אפיצירען און בכלל דער בעפעלקערונג קאן מען עס, לײַדער, נישט זאגען.

א וויארסט פינף האב איך רײַטענדיג בעגלייט די אומגליקליכע יודען פון גראָדנאַ־אלעקסאנדריא. וואוהין געהען זיי? וואו וועלען זיי הײַנט בלײַבען? וואס וועלען זיי טהון מיט זייערע קראנקע און מיט זייערע עופה'לער?... הארצרײַסענד זיינען געווען אונזער געזעגענען זיך. איך האב, לײַדער, געמוזט צוריקפאהרען אין שטאדט ארײַן, פון וואנען מען האט אזוי גרויזאם ארויסגעטריבען טויזענדער מענשען נאר דערפאר, וואס זיי זענען יודען.

מיט א פערטיפטערט הארץ בין איך פאר־וואליע צוריקגעקומען. אויפ'ן וועג האב איך נאך געטראפען די לעצטע פוהרען. עס איז שוין געווען פארנאכט. פלוצלינג זעה איך פון דער ווײַטען א גרויאלטען יודען, וועלכער האט זיך געשלעפט, אײַנגעבויגען און דרייען, און האט געטראגען עפּיס א געגענשטאנד, אײַנגעוויקעלט אין א טאַטשײַלע. איך קום נעהנטער און דערקען, אז ער טראגט א... ספר־תורה!...

און דער אײן יוד מיט דעם אײנעם ספר האבען אויף מיר געמאכט א געוואלדיגע שווערע אײַנדרוק... אלע רדיפות, פאגראמען, גזירות און משך פון אונזער לאנגען גלות האבען זיך אפגעשפיגעלט אט אין דעם יודען (כ'זעה איהם פאר מײַנע אויגען).

איך בין אראב פונ'ם פערד, בין צו איהם צוגעגאנגען. מיר האבען זיך בײַדע געזעגענט און נים איין טרעהר דערבײַ פערגאסען. ער איז אוועק אין די וועלט ארײַן און איך — צו ערפילען מײַן מיליטערישען חוב...

די גאנצע נאכט האב איך פון גרויס אויפרעגונג און קרענקונג נישט געקאנט אײַנשלאפען. צומארגעס בין איך ארויס אין שטאדט: פוסט איז דאס לעבעדיג שטעדטיל, מען האט קיין זאך נים געקאנט קריגען צו קויפען, אפילו קיין שטיקעל ברויט. זאט מיט אזוינע מיטלען האט די רוסישע רעגירונג געוואלט ראטעווען די פעסטונג איוואנגאראד פונם שונא!

נאך דעמזועלבען טאג איז די פאנטאן־בריק אין משך פון א שעה פונאנדערגענומען געווארען און מיר זענען מיט איהר אוועק קיין קאזשמירזש. דארטען האב איך געהאט א בעקאנטען יודישען אפטייקער ה' ל—ן. אנגעקומען קיין קאזשמירזש זענען מיר בײַנאכט. איך האב מיך אפגעשטעלט אין עק שטאדט בײַ אײנעם ה' פ., וועלכער האט מיך גאנץ פרײַנדליך אויפגענומען. אלץ גוט— נאר ווען איך האב איהם אנגעהויבען אויסצופרעגען, וואו איז דא די אפטייק, ווייל איך מוז מיך מארגען פריה זעהן מיט דעם אפטייקער, פרעגט ער מיך: ..וואס דארף דער פאן צום אפטייקער? צי ווייסט נים דער פאן, אז די אפטייק איז אין „יודישע הענד"? — די ווערטער האבען מיך אזוי אויפגערעגט, אז איך האב תיכף געזאגט מײַן בעלהבית, אז איך וויל בײַ איהם נים נעכטיגען, אז איך קאן מיט איהם אונטער איין דאך

ניט שלאפען, ווייל... ביי אונז אין פאלק געפינט זיך די גאנצע מעדיצין אויך אין „יודישע הענד", איך בין, הייסט עס, אויך א יוד... דא האט זיך אנגעהויבען צווישען אונז א הייסער פלפול וועגען דער ברענענדיגער פראגע. ענדליך האט ער מיר טויזענד מאל איבערגעבעטען און האט מיך געצוואונגען צו בלייבען ביי איהם נעכטיגען. איהר קענט זיך לייכט פארשטעלען, מיט וואס פאר א געמיטה איך בין דארטען געבליבען! צו־מארגענס בין איך אוועק צום אפטייקער. אך, האט ער מיר בעשריבען זיין זיס לעבען אין קאזשמירזש! און אזוי אזא לעבען האבען געהאט כמעט אלע יודען. רכילות, פערפאלגונגען, זידלערייען פון אלע זייטען. דאכט זיך, אנ'אפטייק! וואס קאן מען צום אפטייקער האבען? צי מאכט ער דען די רעצעפטען נישט אזוי גוט, ווי אנ'אנדערער? צי נעהמט ער דען טייערער, ווי אנ'אנדערער אפטייקער? ניין! זיין גאנצער חטא איז, וואס ער איז א יוד!

אין קאזשמירזש האב איך אויך געטראפען מיינעם אנ'אלטען בעקאנטען פון ווארשוי, א געוויסען ה' שענ—טש, וועלכער האט געהאלטען דארטען א פענסיאנאט. ער האט מיר אויך דערצעהלט זיין שווער הארץ און אבגעשילדערט, ווי דער עולם ליידט און האט געליטען פון די רוסישע סאלדאטען, דערהויפט פון די קאזאקען. אם מעהרסטען האבען געליטען די יודישע קרעמער און קליינהענדלער. „פאראוואי!" און ווייטער גאר נישט. און דאכט זיך, איך האב אליין מיט מיינע אויגען געזעהן, ווי גאסטפריינדליך די יודען זענען געווען: מען פלעגט די סאלדאטען אקעגענטראגען טהיי, צוקער, ברויט... אומעטום פלעגט מען זעהן אויף די גאסען טישלעך מיט קאכעדיגע סאמאווארען און ד. גל. און טאמער האט אנ'אפיציר געוואוינט ביי א יודען, האט מען איהם מקבל פנים געווען מיט כל טוב, אבי ריהר מיך ניט אן און ריהר ניט אן מיין כבוד. ליידער אבער איז נור א גאנץ קליינע צאהל אפיצירען געווען פריינדליך און „אונפארטייאיש". און וועגען קאזאקען איז שוין אבגערעדט.

איצט א פאר ווערטער וועגען קאזשמירזש גופא. דאס שטעדטיל מאכט א טיפען איינדרוק מיט זיין אלטערטימליכקייט און מיט זיין שענער אומגעגענד. עס איז אזוי ווי געבארען פאר א לופט־קורארט, און דארטען פאהרען זיך טאקע צונויף זומער א סך לעטניקעס. קאזשמירזש איז אויך שטארק בערבונדען מיט דער געשיכטע פון יודען אין פוילען. דאס שטעדטיל איז געגרינדעט געווארען נאך אין 14־טען יאהרהונדערט דורך דעם בעריהמטען פוילישען קעניג קאזשמירזש דעם גרויסען, וועלכער האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין גוטסקייט צו יודען. ער האט מבטל געמאכט א סך גזירות, וואס די פריהערדיגע פוילישע מלכים האבען ארויסגעגעבען געגען יודען; ער האט ארויסגעגעבען נייע תקנות, וועלכע האבען געשיצט יודען, זייער האב־און־גוטס. די דעמאלטיגע אנטיסעמיטען האבען איהם חושד געווען, אז ער האט דאס אלץ געטהון צוליעב זיין געליעבטער, דער בעוואוסטער „עסטערקא". די „עסטערקא" איז געווען א יודישען שניידער'ס א טאכטער פון אפאטשנא און איז געווען א בעריהמטע יפת־תואר. אויף איינעם פון די בערג ארום קאזשמירזש קאן מען נאך עד היום זעהן די רואינען פון עסטערקא'ס פאלאץ. אינ'ם שטעדטיל זעהט איהר אלטע הײ־

זשר, שמאָלע געסלעך. זעהענסווערטה איז די גאַנץ אַלטע שוהל (מען רעכענט, אַז זי איז 600 יאָהר אַלט) מיט זעהר אינטערעסאַנטע מאָלערייען אויף די ווענד; דאָרט וועט מען אייך אויך ווייזען גאַנץ אַלטע זילבערנע לייכטער און אַ פּרוכת, געשטיקט מיט גאָלד. דעם דאָזיגען פּרוכת, זאָגט מען, האָט מנדב געווען דער שוהל די אויבענדערמאָהנטע עסטערקא. קאָנט איהר שוין האָבען אַ בעגריף, ווי אַלט און ווי אינטערעסאַנט ער איז.

---

## ד.

פון קאַזשמיערזש זענען מיר ווידער אַריבער איבער דער ווייכסעל און האָבען זיך אויף אַ פּאָר טעג אָפּגעשטעלט אין דעם דאָרף יאַנאָוועץ, וואָס ליגט פּונקט אַקעגען קאַזשמיערזש. אין דעם דאָרף האָב איך ערשט אָנגעהויבען מיין ריכטיגע מלחמה־אַרבייט. מען האָט אַהין געבראַכט צו פיהרען עטליכע פערוואונדעטע עסטרייכישע סאָלדאַטען, וועלכע איך האָב געמאַכט אָפּעראַציאָנען.—פון דעם דאָרף האָט מען אויך אַרויס געטריבען עטליכע פאַמיליעס יודען וואָס האָבען דאָרטען געוואוינט. איך קען ניט פערגעסען אַזאַ פאַקט: עס איז געווען אַ שעהנע לבנה־נאַכט, איך בין אַרויס שפּאַצירען. איך בעמערק אַ גרויסע פויערים אין פויערטעם. איך געה צו און פערפיהר מיט זיי אַ געשפּרעך. איינער זאָגט: „אַי, גוט, וואָס מען האָט פון דאַנען אַרויסגעטריבען די זשידעס". פרעג איך: „וואָס איז דאָס אַזוי גוט? וואָס האָבען זיי אייך שלעכטעס געטהון?"—„ס'הייסט? זאָגט איינער פון די פויערים, זיי האָבען פערהאַבט דעם גאַנצען האַנדעל"—„פאַר וואָס זשע, זאָג איך, זאָלט איהר אויך ניט האַנדלען, עפענען קרעמלעך און יעדעס הויז?"—איך בין געבליבען אַהין אַ תשובה. דערנאָך, און דאָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש, פרעג איך יעדען פויער בעזונדער: „וואָס, למשל, הייסט דיר אין דיין לעבען אַ יוד שלעכטס געטהון? אדרבה, זאָג אָפּען, און דיר? און דיר?" קיין איין איינציגער פון דער גרופּע האָט מיר ניט געענטפערט אויף מיין שאלה. יעדערער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס: „כ'ווייס?". ביים לעבוויץ האָבען זיי גאָר גענומען צוריקציהען זייערע ווערטער און האָבען מיר מיט איין קול אַרויסגעזאָגט זייער בעדויערן, וואָס מען האָט אַרויסגעשיקט דעם זשידעק נ.... (איך געדענק ניט זיין נאָמען), אַ פעלדשער, וועלכער האָט זיי אַ סך גוטס געטהון און אָהן וועלכען זיי קענען זיך אַצינד גאָר ניט בעגעהן; די איבריגע עטליכע זשידקעס, זאָגען זיי ווייטער, זענען איינגענטליך אויך גאָר ניט אַזוינע שלעכטע מענשען... אַט דער קליינער פאַקט אילוסטרירט גאַנץ קלאָר, אַז דער פויער און דער איינפאַכער מענש איז לכתחילה גאָר ניט אַנטיסעמיטיש, נאָר דער מאַסען־אַנטיסעמיטיזם איז אַ קינסטליכער, אַ געמאַכטער... ווער עס מאַכט איהם און ווי אַזוי ער ווערט פערברייטערט? — אַט די פראַגע קען איך אַצינד נישט בעריהרען. די היסטאָריע וועט עס מיט דער צייט אַליין קלאָר מאַכען.

פון יאַנאָוועץ זענען מיר אַוועק קיין פּאַלעץ (אויף דער ווייכסעל) דאָ האָבען מיר אָנגעהויבען צו שפּירען די פאָלגען פון דער רוסישער פּאָליטיק. די רעגירונג האָט מיט אַלע איהרע כחות

געשטערט צו בויען אין פוילען באהנען און שאסייען (מסתמא מחמת מיליטערישע צוועקען) און דערפון האט טאקי פאר דער מלחמה געליטען גאנץ פוילען און איצט דאס רוסישע מיליטער. עס איז געווען אזוי שווער צו געהען איבער די זאמדיגע וועגען, דער שטויב איז געווען אזוי אונערטרעגליך, אז די סאלדאטען האבען קוים געשלעפט זייערע פיס און די פערד האבען קוים געצויגען די שווער געלאדענע וואגענס. מיט גרויס מאטערניש זיינען מיר דערקראכען ביז סאלעץ. עק שטאדט האבען מיר זיך אבגעשטעלט און גערוהט, ביז עס וועלען צוריקקומען די סאלדאטען, וועלכע מען האט פריהער ארויסגעשיקט אויפצוזוכען פאר אונז דירות אין דער שטאדט. מיט איין מאל הערען מיר א שאס פון א ביקס, נאך איין שאס! און קורץ נאכדעם הערט זיך א געשריי: „דעם דאקטאר!“ איך לויף באלד אהין, פון וואנען עס הערען זיך די קולות און זעה, אז אויף דער ערד נעבען דער לינייקע ליעגט, א שווער פערוואונדעטער סאלדאט (א יוד). איך האב איהם געגעבען די נויטיגע הילף, איך האב אבער געזעהען צו מיין בעדויערן, אז מען וועט קוים בעוויזען צו צופיהרען איהם צום נאהענטסטען פעלדלאזארעט; נאך ביי אונזער דעמאלדיגער ארדנונג האט מען דעם לאזארעט געדארפט ערשט זיכען, ווייל מען האט אונז ניט געגעבען צו וויסען, וואו ער געפינט זיך? — איך האב אנגעהויבען אויסצופרעגען, וואס דא איז געשעהען, ווייל דעם שונא האבען מיר נאך אלץ נישט געהערט און נישט געזעהען. די מעשה איז געווען אזוי: אינטערוועגס האט מיך דערזעלבער סאלדאט, א בלאס, שוואך בחור'ל, געבעטען, איך זאל איהם ערלויבען זיך אריינצוזעצען אין לינייקע, ווייל איהם איז שווער געווען צו געהען. איך האב עס איהם תיכף ערלויבט און אזוי איז ער צוגעפאהרען ביז סאלעץ. אראבקריכענדיג פון דער לינייקע, האט ער מסתמא מיט דער פוס פערטשעפעט זיין ביקס, וועלכען ער האט געהאלטען בעת מעשה אין דער האנד. דער ביקס האט פלוצים אויסגעשאסען איהם גלייך אין די ברוסט אריין. די וואונד איז געווען שרעקליך. איך האב מיך שטארק אויפגערעגט פון דעם פאקט, ווייל אין „פאחאד“ טארען, לויט'ן געזעץ, די ביקסען ניט זיין אנגעלאדעוועט און דא האט זיך ארויסגעוויזען, אז אלע איבעריגע ראטעס האבען טאקי אזא בעפעהל געהאט, נאר) דער קאמאנדיר פון אט דער ראטע, וואו דער אומגליקליכער איז געווען, האט זיך געהאט זיינע תקנות און האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז זיינע סאלדאטען זאלען תמיד האבען אנגעלאדעוועטע ביקסען. איך האב אפילו וועגען דעם באלד דערלאנגט א ראפארט, אבער וואס האט עס געקענט העלפען דעם אומגליקליכען יודישען סאלדאט? נאך דעמזעלבען טאג איז ער נעביך פון דער וועלט אוועק; פונ'ם וועג צום לאזארעט האט איהם דער פעלדשער צוריקגעפיהרט אין שטאדט אריין, וואו ער איז געקומען צום קבר ישראל, עטליכע אפיצירען און סאלדאטען פון זיין ראטע זענען געקומען איהם אבגעבען דעם לעצטען כבוד. עס איז געווען א שוידערע סצענע. איך האלט פאר מיין חוב צו פערעפענטליכען זיין נאמען, טאמער האבען זיינע קרובים פון איהם ביז איצט קיין ידיעות ניט געהאט. ער האט געהייסען

לערנער ע״ה, דאכט זיך מיר א שניי־דער פון זאמאשטש.

אין סאלעץ זענען מיר געשטאנען 2 טעג. די לאגע פון אונזערע ברידער איז אין דעם שטעדטיל געווען ניט זיסער ווי אין אנדערע. דא מוז איך דערמאנען צום גוטען דעם סאלעצער קסיאנדז, וועלכער האט אונז בעזוכט און אין א געשפּרעך אויסגעזאגט זיין מיטגעפיהל מיט דער לאגע פון די דארטיגע יודען, וועגען דעם קסיאנדז האבען מיר נאך די סאלצער יודען שפעטער אויך דערציילט, אז ער האט זיי א סך טובות געטהון.

פון סאלעץ זענען מיר ווידער אמאל אריבער איבער דער ווייסעל און זענען צוועק קיין יוזעפאוו. א שרעקליך שווערען איינדרוק האט געמאכט דאס שטעדטיל: עפּעס אזוי ווי א שטורמווינד וואלט איבער איהר אריבער; קיין איין איינציג הויז האט איהר דארטען ניט געקענט געפינען: אנשטאט הייזער — נאקעטע קוימענס, א גאנצע שטאדט מיט נאקעטע קוימענס!... די אומגליקליכע איינוואוינער (כמעט אויסשליסליך יודען) האבען זיך געוואלגערט אויף די גאסען אבגעריסענע, נאקעטע, בארוועסע אין שמוץ, אין שטויב, אויף דער ברענענדיגער זוהן... אנ'אימה!

מיר זענען א דורך דורך די שטאדט און האבען זיך אין פעלד אבגעשטעלט, אביסעל זיך אבצורוהען. איך האב אבער מיר נאך ניט בעוויזען א קעהר צו טהון, קומט פּלוצים צו לויפען א פערסאפּעטער יודישער סאלדאט און זאגט; „ה' דאקטאר, מען מוז שוין לויפען אין שוהל אריין (דאס איינציג געביידע, וואס איז גאנץ געבליבען), ווייל דארטען ליגען שוין א טאג 2 אהן א שום הילף עטליכע צעהנדליג פערוואונדעטע יו־דען״... איך האב תיכף מיטגענומען מיינע 3 פעלדשערים מיט דעם ביסעל פערבאנד־מאטעריאל, וואס איך האב געהאט און בין באלד געלאפען אהינצו. מען האט געדארפט האבען אייזערנע נערווען כדי גלייכגילטיג אריבערצוטראגען דאס בילד, וואס איך האב געפינען אין שוהל: אויף דער ערד, צווישען די בענקלעך, אין שמוץ, אויף שמיציגע בעטגעוואנד זענען געלעגען פערוואונדעטע אלטע יודען, מעוברדיגע פרויען, קליינע קינדער (אפילו ברוסטקינדער)... ווער פערוואונדעט אין קאפּ, ווער אין די ברוסט, ווער אין בויך... הינט דאס קרעכצען, די געשרייען: „ראטעוועט!״...

איך האב פערקאשערט די ארבעל און האב זיך מיט מיינע בעהעלפער גענומען צו דער ארבייט. א קאלטער שווייס איז מיר ארויס... מילא, קליינע אפּאטרונקעס האט מען באלד געמאכט, אבער עס זענען געווען אזוינע ערנסטע וואונדען (למשל אין קאפּ, אין בויך), וואו מען האט געדארפט האבען גאנץ אנדערע בעדינגונגען כדי צו קענען ראטעווען א מענשען; מען האט געדארפט האבען זאגאר א פעלד־לאזארעט און דערצו טאקי א גענייטען חירורג. וואס אבער האב איך געקענט מאכען אין אזא שמוץ? און דערצו נאך ניט זייענדיג קיין חירורג?... דא מוז איך אויפמערקזאם מאכען, אז אין דער רוסישער ארמעע איז שוין געווען א מנהג (אין דער יאפאנישער מלחמה איז אויך אזוי געווען), אז אנ'אקושער דאקטאר פלעגט בעקומען א שטעל אין אנ'אויגען שפּיטאל, א חירורג אין א ווענערישען שפּיטאל (אזא פאל האט געטראפען מיט איינעם א היגען בעוואוסטען יודישען חירורג), א אינערליכער דאקטאר האט

געמוזט ווערען חרוב'ט אוּן ד. ה. קענט איהר זיך שוין פאָרשטעלען, ווי פיעל מענשען עס זענען אומגעקומען צוליעב אַזאַ אָרדנונג...

קוים אַ העלפט פערוואונדעטע האָב איך בעוויזען צו געבען די נויטיגע הילף; באַלד האָט מען מיך פון שפּיטאָל אַרויסגערופען, ווייל אונזער באַטאַליאָן האָט געדאַרפט ווייטער געהען. ווי אַ פערסמ'טער בין איך אַרויסגעלאָפען פון שפּיטאָל, האָב מיך שנעל אַרויפגעכאַפּט אויף מיין פערד און גענומען לויפען, וואָס ווייטער... ווייטער פון די צרות, מיינע אויגען זאָלען דאָס ניט זעהען... און די איבערגעבליבענע אומגליקליכע? איך ווייס ניט, וואָס מיט זיי איז געוואָרען.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך מיך דערוואוסט, אַז דאָס שטעדטיל יו־זעפאָוו איז שטאַרק בעשאָסען געוואָרען פון ביידע צדדים און די מאַסע יודען זענען פערוואונדעט געוואָרען, בעת, ווע־לענדיג זיך ראַטעווען, זענען זיי געלאָ־פען איבער די גאַסען צו די קעלערן צו.

ה.

פון יוזעפאָוו זענען מיר ווייטער גע־גאַנגען. אַ גאַנצען טאָג און אַ גאַנצע נאַכט האָבען מיר זיך געשלעפּט אונ־טער אַ גוס רעגען, ביז די קניע אין בלאָטע. קיין שום רעגענמאַנטעל האָט ניט געהאָלפען; אַלץ איז געווען דורכגע־נעצט. די סאָלדאַטען זענען געווען אַזוי פערמאַטערט, אַז אַ סך פון זיי זענען געשלאָפען געהענדיגערהייד. וואָס נאָ־הענטער מיר זענען צוגעגאַנגען צום טייך סאַן, האָט מען שוין אַלץ דייטליכער געהערט דאָס שיסערי פון האַרמאַטען.

די פּנימער פון די אָפיצירען און סאָל־דאַטען זענען געוואָרען ערנסט, זייערע בעוועגונגען אומרוהיג, דאָס רוב האָט זיך געכאַפּט פאַר די תפלה־בילכלעך, האָט זיך שטילערהייד געצלמט און געזאָגט תפלות; די הערצער האָבען געקלאַפּט שטאַרקער... אַט־אַט שוין, אפשר אין אַ פּאָר שעה אַרום וועלען זיי מוזען זיך טרעפען מיט'ן שונא ברוסט צו ברוסט...

און טאַקי נאָך אַ שווערען, אומרוהיגען נאַכט־מאַרש זענען מיר אַריבער דעם סאַן און אַריין אין גאַליציען. דער פאַנ־טאַן־באַטאַליאָן איז פון אונז אַוועק און אונזער באַטאַליאָן האָט מען צוגעגעבען צו אַ פרעמדען פּאָלק, מיט וועלכען ער האָט געדאַרפט פאַרטאָג פערנעהמען די בעשטימטע פּאָזיציע, ד. ה. געהען אין די אָקאָפּעס אַריין. דאָס איז געווען לע־בען דעם דאָרף זאַלעשאַני, ניט ווייט פון טאַרנאָגראַד. פאַר'ן אַוועקגעהען אין די אָקאָפּעס זענען צו מיר צוגעגאַנגען עטליכע אָפיצירען, מיינע גוטע פריינד, האָבען זיך מיט מיר היינט געזעגענט; יעדערער פון זיי האָט מיר איבערגעגע־בען זיין געלד און אַ בריעף, וועלכען איך האָב געדאַרפט אַריבערשיקען צו זיין פאַמיליע אין פאַל, אַז ער וועט פון דער שלאַכט ניט קומען צוריק... די אָפ־צירען מיט די סאָלדאַטען זענען אַוועק אין די אָקאָפּעס און איך מיט נאָך 4 פּאָלקאָווע דאָקטוירים האָבען זיך גענו־מען איינצואָרדנען אַ פערבאַנד־פּונקט אין אַ דערפיל, אפשר אַ וויאָרסט 1½ פון די אָקאָפּעס. מיר האָבען פערנומען אַ גרויס הויז (ווי עס שיינט האָט עס געהערט צו אַ יודען, ווייל אויף דער פאָדלאָגע האָבען זיך דאָרטען געוואַל־גערט שמות, צעריסענע יודישע ספרים, מזוזות). מען האָט תיכף גענומען ריי־ניגען די צימערן, מען האָט אַרויסגע־

שלעפּט פון די וואַגענס אַלע מכשירים
און מען האָט זיך געגרייט צו דער אַר־
בייט. עס האָבּען שוין אָנגעהויבּען צו
קומען לייכט פערוואונדעטע סאָלדאַטען,
די סאַניטאַרען האָבּען שוין אָנגעהויבּען
צו ברענגען שווער פערוואונדעטע, ווי
מיט אַיינמאָל האָט זיך אַרום אונזער
פונקט אָנגעהויבּען אַזאַ גוואַלדיגע שי־
סעריי, קוילען האָבּען אַזוי געפּייפט
אַרום אונז, אַז ס'איז געווען אַ סכּנה
אַרויסצושטעקען די נאָז פונ'ם הויז;
באַלד דערויף האָבּען אָנגעהויבּען אַרום
אונז צו פאַלען שראַפּנעלען; עטליכע
סאַניטאַרען און פעלדשערס און זאָגאַר
עטליכע שוין פערוואונדעטע סאָלדאַטען
זענען פערוואונדעט געוואָרען און ביי
אַזאַ לאַגע איז געווען אונמעגליך רוהיג
צו אַרבּייטען. ביז'ן אָווענד האָבּען מיר
ווי עס איז דערצויגען. דעמאָלט האָבּען
מיר בּעקומען אַ בּעפעהל מאָמענטאַל
אַריבּערצוטראָגען אונזער פונקט מיט אַ
וויאָרסט 2 צוריק. און גרויס אַיילעניש,
מיט אַלע אונזערע פערוואונדעטע זע־
נען מיר אין דער פינסטער (קיין פייער
האָט ניט געטאָרט ברענען) אַריבּער אין
דעם דאָרף מאָטיטשע שלאַחעצקיע, וואו
מיר האָבּען בּעקומען די מעגליכקייט אַ
ביסעל רוהיגער צו אַרבּייטען, וואו די
שראַפּנעלען האָבּען ביז אונז ניט דער־
גרייכט. און ווידער אַמאָל זענען מיר
אַ גאַנצע נאַכט געשטאַנען אויף די פיס
און געאַרבּייט. עס איז ניט געווען קיין
צייט אַפילו איבּערצובּייסען, זיך צוצו־
לעגען אויף אַ רגע: דעם האָט מען גע־
מאַכט אַן אָפּעראַציע, יענעם אַן
אַמפּוטירונג, דאָ האָט דער פּאַפּ געזאָגט
וידוי מיט אַ שווער פערוואונדעטען און
אין אַ רגע אַרום איז ער שוין געגאַנגען
יענעם בּעערדיגען... עס איז געווען גאָר
אַ בּעזונדער וועלטיל; מען איז געוואָרען

ווי פערשטיינערט, דאָס מענשליכע לע־
בּען האָט פערלאָרען זיין גאַנצען ווערט...
און פונדעסטוועגען, ווען איך דערמאָהן
מיך אַצינד, ווי אַזוי עס איז אין דער
רוסישער אַרמעע אָרגאַניזירט געווען
די גאַנצע מעדיצינישע הילף, שוידערט
מיך אַצינד נאָך אַפילו... פערוואונדעטע
איז געוועזען אַלעמאָל זעהר פיעל, מיינט
איהר אפשר, אַז מען האָט געזאָרגט פאַר
זייער בּעקוועמליכקייט? עס הויבּט זיך
גאָר ניט אָן. ווי בּהמות פלעגט מען זיי
וואַלגערן אויף דער ערד אין די שמו־
ציגע דאָרף־שטיבּלעך, אין שטאַלען, אין
סטאַדאָלעס, אין בּעסטען פאַל אויף
שטרוי... איהר קענט זיך לייכט פאָר־
שטעלען, ווי ריין די וואונד האָט געקענט
בּלייבּען, אַפילו נאָכ'ן שענסטען און
בּעסטען אָפּעראַציע און ווי בּעקוועם
עס איז געווען צו ליגען דעם שווער־
פערוואונדעטען. היינט ווי פערבּרעכעריש
איז געווען דער מאַנגעל אין טראַנס־
פּאָרטירען פאַר פערוואונדעטע! די יאַפּאַ־
נישע מלחמה האָט אויף דער רוסישער
רעגירונג קיין שום ווירקונג ניט געהאַט.
שוין דעמאָלט האָבּען זיך געהערט שאַר־
פע פּראָטעסטען מצד פון די דאָקטוירים
וועגען דערמאָלבען ענין. דער שווער פער־
וואונדעטער מוז אונבּעדינגט, בּאַלד נאָך
דעם ערשטען אָפּעראַציע אַוועקגעפיהרט
ווערען אין אַ ספּעציעלען וואָגען צום
נאָהענטסטען פעלד־לאַזאַרעט. מיינט
איהר אפשר, אַז מיר האָבּען געהאַט
בּעקוועמע וועגלעך, וואָס טרייסלען גאָר
ניט, אַז מיר האָבּען אין די קאַלטע
נעכט גוט אייַנגעדעקט אונזערע פער־
וואונדעטע סאָלדאַטען און ד. ג.? עס
הויבּט זיך גאָר ניט אָן. הונדערטער
שווער פערוואונדעטע סאָלדאַטען קרעכ־
צען, בּעטען זיך רחמים, מען זאָל זיי
וואָס שנעלער אַרויספיהרען פון אונטער

דעם פייער און זייערע פערזארגער שיקען דערמאלט ערשט ארויס אין די ארומיגע דערפער סאלדאטען צו רעקוויזירען ביי די פויערים פראסטע פוהרען! די פויערים אבער פלעגען מיט אלע זייערע כחות זיך סטארען ארויסצודרעהען זיך פון אט דער רעקוויזיציע, זיי פלעגען בעהאלטען זייערע פערד און ד. ג. און אז מען פלעגט שוין יא ברענגען עטליכע פוהרען, קענט איהר זיך פארשטעלען וואס א מאכל עס איז געווען פאר א שווער פערוואונדעטען צו ליגען אויף שטרוי אין אזא חראבינע!... ביי דעם מינדעסטען טרייסעל פון אט אזא פוהר, פלעגען זיך הערען קולות, אז הימעל עפען זיך! ווי פיעל קללות פלעגען זיך הערען ארום! וויפיעל סאלדאטען האבען זיך געבעטען, מען זאל בעסער מאכען א סוף מיט זייער לעבען... אט אזוי האט מען געזארגט פאר די מענשען, וואס האבען אוועקגעגעבען זייער לעבען פאר דאס פאטערלאנד! אנשטאט צו זארגען פאר'ן סאלדאט איז מען גאר געווען פערנומען מיט דעם יודישען „שפיאנאזש“, מען האט נאר געטראכט, ווי צו דיסקרעדיטירען דעם יודען, צי ס'איז געווען א סאלדאט, א דאקטאר, אדער סתם א יוד. טאמער פלעגט קומען פון די אקאפעס א יודישער, לייכט־פערוואונדעטער סאלדאט, זענען באלד געווען פירושים, אז ער האט זיך די וואונד אליין געמאכט און ד. ג. איך פלעג אבער גאנץ קאלטבלוטיג אנווייזען מיינע געגנער (און איך האב זיי געהאט א מאסע) אויף הונדערטער קריסטען „אליינשיסער“, אדער, ווי מיר פלעגען זיי רופען די „פינגערלעד“, דאס איז געווען אין ארדנונג, זיי, הייסט עס, מעגען, א יוד אבער איז פסול. מען האט טאקי בעשיינפערליך געזעהען, ווי אונזערע האבען מנצח געווען... גאנצע צוויי טעג האט אונזער באטאליאן אזוי גוט געקעמפפט, אז ער האט פערלארען מעהר ווי א דריט־חלק סאלדאטען. עס איז דערהרגעט געווארען אויך איין אפיציר. חאראקטעריסטיש איז, אז, בשעת מען האט זיין קערפער געבראכט צוטראגען צום פונקט, איז ער געווען אהן שטיוועל מיט די הויזען קעשענעס ארויס... פירושים צו דעם פאקט זענען איבעריג.

די רעשטקעס פון אונזער באטאליאן האבען זיך צונויפגעקליבען און מיר האבען בעקומען א בעפעהל צו געהן אויף „פאפראווקע“ קיין סאנדאמיר (צויזמער). אין פולער „ארדנונג“ זענען מיר אהינצו אוועק, עס איז געווען צו געהען ניט מעהר, ווי א וויארסט 15. אלע זענען מיר געווארען עפיס פרעהליכער. אפשר וועלען מיר אין צויזמער שטעהען א לענגערע צייט, אפשר וועלען מיר האבען די מעגליכקייט נאך א צוויי־חדשים לאנגען מארש זיך איינמאל אויסצוטהון, אפשר זיך אויסצוזאגען.

---

## ו.

דעם 18־טען סעפטעמבער 1914 זענען מיר אריבער איבער דער ווייכסעל און מיר זענען אריין אין צויזמער. ווי א גן עדן האט דערמאלט פאר אונז אויסגעזעהען דאס שטעדטיל, הגם דורך איהם איז אויך דורך א שטורם־ווינד; א סך שויבען אין די הייזער זענען געווען אויסגעהאקט, א סך הייזער מיט סימנים פון שראפנעלען; דאס שטעדטיל איז אבער ניט געווען אזוי חרוב, ווי יוזעפאוו. ווי מיין שטייגער איז געווען בין איך באלד ארויס אין גאס. האב מיך באלד בעקענט מיט עטליכע יו־

רען, וועלכע האבען פאר מיר און פאר מיין קאמאנדיר באלד געשאפט א בעקוועמע וואוינונג ביי א געוויסען ה' וו...ק, אונזער באטאליאן איז בעשטימט געווען אלס גארניזאן פון צויזמער (עס איז געווען א טאג 3 פאר ראש השנה, קורץ נאכדעם, ווען דער שונא האט פון דאנען אבגעטרעטען) — הייסט עס, אז מיר האבען געזאלט דארטען בלייבען א לענגערע צייט. אונזער וואונש איז מקוים געווארען. ס'הייסט עפעס עטליכע טעג און אפשר וואכען זיך ניט איינפאקען און ניט אויספאקען!

אויפ'ן צווייטען טאג בין איך שוין געווען אין צויזמער, ווי ביי זיך אין דער היים. מען האט מיר באלד אבגעשילדערט, וואס דער עולם האט זיך אבגעליטען בעת די קאזאקען האבען פון דאנען אבגעטרעטען און זענען ווידער צוריקגעקומען. אלטע מעשות! שוין ביי קאנטע בילדער! איך האב מיר דורכגעשמועסט מיט מיין קאמאנדיר און האב געפועלט, אז אונזערע סאלדאטען זאלען ניט בעליידיגען די יודישע בעפעלקערונג. אלץ איז געווען אין דער בעסטער ארדנונג.

מאכט זיך אבער א מעשה, אז ערב ראש השנה קומען צו מיר צוויי חשיב'ע בעלי־הבתים פון שטאדט און זאגען מיר, אז דער קאמענדאנט האט געאסרט צו בלאזען שופר אום ראש השנה, וויל, לויט זיין מיינונג, קען דאס שופר־בלאזען דינען אלס סיגנאל פאר דעם שונא און נאך אזוינע פוסטע זאכען... בכן, מוז איך מיר מטריח זיין און א דורכפיהרען די זאך. איך בין תיכף אוועק צום קאמענדאנט, האב מיט א הם געהאט א לאנגען ויכוח. ענדליך האט ער ערלויבט צו בלאזען שופר, אבער מיט דעם תנאי, אז איך גופא זאל נעהמען די פערענטווארטליכקייט אויף מיר און אז אין מיין געגענווארט זאל מען בלאזען שופר. אזוי איז טאקי געווען. דאס שופר־בלאזען איז אריבער אין שוהל און אין אלע בתי־מדרשים און קלויזלעך בשלום. איך האב געדאווענט אין שוהל, וועלכע איז אזוי אלט, ווי די שוהל אין קאזמיערזש. דארטען קענט איהר אויך זעהען אנ'אלטען געשטריקטען פרוכת, וועלכען אויך דער שוהל האט מנדר געווען די „עסטעריקא". בעת די שטאדט איז בעשאסען געווארען מיט א פאר וואכען צוריק איז א שראפנעל אריין אינ'ם סופיט פון שוהל און האט דארטען געמאכט א גרויסע לאך; קיינעם האט אבער ניט געשאדט.

נאכ'ן דאווענען האט מיך א דארטיגער סוחר ה' סס.—א פערבעטען צו זיך אויף מיטאג, די יודישע סאלדאטען זענען אויך געווען פערבעטען צו אנדערע בעל־בתים. איך קען אייך מיט ווערטער גאר ניט איבערגעבען, וואס פאר א געפיהל עס איז אויף א מלחמה, ווייט פון דער היים, זיך מיט איינמאל צו שפירען עפיס אזוי ווי ניט אבגעריסען פון איהר, אין אנ'אייגענער סביבה!...

די גאנצע וואך, ביז יום כפור זענען מיר רוהיג געזעסען אין צויזמער און מען האט אנגעהויבען צו פערגעסען די שוועריגקייטען פון דער מלחמה. מיך האט נאר געשטערט איין זאך, וואס איך האב ביז איצט נאך ניט געהאט קיין שום ידיעה פון מיין פאמיליע. איך האב גאר ניט געוואוסט, צי זענען זיי בשלום געקומען פון אויסלאנד, צי זענען זיי געזונד? אבער, ווי זאגט מען, גאט איז דאך א טאטע, ער פערלאזט ניט זיינע שעפעלעך. אזוי איז מיט מיר געווען. פונקט ערב יום כפור ברענגט מען מיר צוטראגען א ווארשעווער צייטונג

(ווארשאווסקאיא מיסל), וואו עס איז געווען אבגעדרוקט א מודעה, אז מיין פאמיליע איז בשלום צוריקגעקומען קיין ווארשא. דאס איז געווען א קלוגער איינפאל, ווייל די פאסט האט דעמאלט נאך ניט פונקציאנירט. ביי מיר איז עס געווען א גאנצער יום טוב.

יום כפור האב איך ווידער געדאווענט אין דער אלטער שוהל, בין ווידער פערבעטן געווען צום ה' ספ...א צו דיער סעודה. איך בין דארטען געזעסען ביז שפעט אין דער נאכט. פלוצים רופט מען מיך צו א פרוי, וואס האט געוואוינט אין שכנות. די פרוי האט מיט איינמאל געקריגען אנ'אנפאל פון חלשות. בתחילת האב איך געמיינט, אז דאס זענען די פאלגען פונ'ם פאסטען. אבער ניין! די סבה פון דעם חלשות איז געווען א פיעל שרעקליכערע; נאר וואס האט די פרוי בעקומען א ידיעה, אז היינט, אום יום כפור, האט מען אין סטאשאוו (וואס געפינט זיך א ווערסט 30 פון צוויזמער) דערשאסען איהרען א זוהן... אויף מארגען נאך יום כפור האט מען אין צוויזמער געהערט געוויסע ידיעות וועגען דער שוידערהאפטער הריגה פון 11 יודען אין סטאשאוו. איך וויל, דער פאקט זאל אויף אייביג פערשריבען ווערען אינ'ם ספר הזכרונות פון דער איצטיגער מלחמה, זאל די וועלט וויסען, וואס פאר רציחות מען איז דעמאלט בעגאנגען איבער אונשולדיגע יודען, זאל די היסטאריע ארויסזאגען איהר פסק פאר א לאנד און א רעגירונג, וואו אזוינע רציחות זענען פארגעקומען!... אלע פרטים וועגען דער הריגה האט מיר מיט א פאר חדשים שפעטער איבערגעגעבען דער סטאשאווער ראבינער, הרב גר...ד און דאס האבען בעשטעטיגט אויך אנדערע סטאשאווער איינוואוינער, צווישען וועלכע עס זענען געווען עטליכע קריסטען, מיינע בעקאנטע.

די מעשה איז געווען אזוי: א ווערסט 12 פון סטאשאוו געפינט זיך א וואלד, וואס האט געהערט צו א געוויסען סוחר טענ...ל. ביי דעם סוחר איז געווען א אינקאסענט, א יונגערמאן איידעלשטיין ז"ל, וועלכער האט געוואוינט אין דעם דאזיגען וואלד גופא, אין א הייזעל. א ווערסט 2 פון דעם וואלד געפינט זיך א דארף שטשעגאני. ערב יום־כפור איז דער אויבענדערמאהנטער יונגערמאן אוועקגעפאהרען קיין סטאשאוו, וואו ער האט געדונגען א חזן און נאך עטליכע ארימע יודען צו דאווענען יום כפור ביי איהם אין וואלד. צווישען דעם מנין זענען געווען אויך 2 יודען, וואס האבען געוואוינט אין דעם דארף שטשעגאני. אלע (א מאן 12) זענען זיך צונויפגעקומען פאר כל נדרי און האבען גענעכטיגט ביי דעם יונגענמאן. מאכט זיך אנ'אומגליק, אז אין די דאזיגע נאכט פון יום כפור ווערט אבגעברענט אינ'ם דארף עפעס א דארף־הייזעל. די פויערטע, צו וועלכער דאס אבגעברענטע הייזעל האט געהערט איז באלד אין דער פריה אוועק קיין סטאשאוו און איז דארטען אריינגעגאנגען צו א הערען א בעקאנטען שוסטער, וועלכען זי האט דערצעהלט פון איהר אומגליק. דער שוסטער האט באלד קאטעגאריש ארויסגעזאגט זיין מיינונג: „אהא, דאס האבען געמאכט די זשידעס און טאקי די, וואס האבען זיך צונויפגעקליבען אין וואלד". דער שוסטער האט, גאר ניט ווארטענדיג, אוועקגעשלעפט די פויערטע צום קאמענדאנט. און דער קאמענדאנט איז דעמאלט אין סטאשאוו געווען א קאוואלעריע־אפיציר מאכנאווסקי, וועלכער

האָט נאָך פאַר דער מלחמה געדינט אין סטאַשאָוו אין אַ קאַוואַלעריע־פּאָלק, וואָס איז דאָרטען געשטאַנען; ער האָט זיך שוין דעמאָלט אויסגעצייכענט מיט זיין יודענפרעסעריי. דער דאָזיגער סאָסנאָווסקי האָט תיכף געשיקט אין וואַלד אַריין קאָזאַקען מיט דעם בעפעהל צו ברענגען די „שפּיאָנען" קיין סטאַשאָוו. מען האָט נעביך, אָהן צערעמאָניע, אָבגעריסען פון דאַווענען 11 יודען (דער 12-טער איז גראָד צו זיין גליק אין דעם מאָמענט געווען אַרויסגעגאַנגען), מען האָט זיי מיט געוואַלד אַרויפגעזעצט אויף אַ פוהר און געבראַכט קיין סטאַשאָוו אַרום פיער אַ זייגער ביי טאָג. די פוהר האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דער קאַנצעלאַריע פון קאָמענדאַנט. אַ מינוט 15, איך זאָג נאָכאַמאָל אַ מינוט 15, ניט מעהר זענען די אונגליקליכע געשטאַנען נעבען דער קאַנצעלאַריע, מען האָט אַפילו די „שפּיאָנען" ניט אויסגעפרעגט, ניט פערשריבען זייערע נעמען... דער קאָמענדאַנט האָט געהייסען אַלעמען אַרויספיהרען אַט באַלד אויסען שטאָדט און זיי שיסען... אין שטאָדט האָט זיך אָנגעהויבען אַ מהומה, מען האָט אָנגעהויבען צו לויפען צום „בעקאַנטען" קאָמענדאַנט, און בעטען, ער זאָל ווענינגסטענס אָבלעגען דעם פּסק... אין קול ואין עונה! גאָר ניט! אַ גרויסע דאגה האָט ער, אז מען וועט שיסען 11 זשידקעס!... און מען האָט זיי נעביך פאַר נעילה געפיהרט איבער די סטאַשאָווער גאַסען... צי איהר זענט בכח זיך פאָרצושטעלען, וואָס די אומגליקליכע האָבען דעמאָלט געטראַכט, ווי זיי האָבען דעמאָלט געלעבט? אַ בהמה ראַנגעלט זיך אויך בשעת מען פיהרט זי צו דער שחיטה און בפרט נאָך אַ מענש, וואָס איז ביים פולען זין און פערשטאַנד!...

צווישען די 11 קרבנות איז געווען אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות, אַן אָרענטליכער, אַן איידעלער... ער האָט ניט געקענט אַריבערטראָגען די עינוים און, אַריבערגעהענדיג איבער דער בריק, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפען אין טייך אַריין כדי זיך צו דערטרינקען און אַזוי ערנאָך פּטור צו ווערען פון די צרות... די שומרים האָבען איהם אָבער באַלד פון טייך אַרויסגעצויגען און אויף אָנ'אָרט אַוועקגעלעגט. נאָכדעם האָט מען זיין קערפער אויפגעהאָנגען אויף אַ טעלעגראַפען־סלופּ מיט אַן אויפשריפט „שפּיאָן", די איבעריגע 10 יודען האָט מען ווייטער געפיהרט אויסען שטאָדט, וואו מען האָט זיי אַלעמען געשאָסען.—דער איינדרוק אין שטאָדט פון דער רציחה איז געווען אימה'דיג. אַפילו עטליכע קריסטען האָבען געוויינט: זיי האָבען גאַנץ גוט געקענט דעם סימפּאַטישען אינקאַסענט און נאָך עטליכע פון די קרבנות... אין אַ פּאָר שעה אַרום איז געבראַכט געוואָרען פון וואַרשע אַ שיין, אַז אין דער שרפה איז קיינער ניט שולדיג... אַלץ אומזיסט! מען האָט געדאַרפט האָבען יודיש אונשולדיג בלוט! פיעל יודיש בלוט איז פערגאָסען געוואָרען אומזיסט... דאָ מוז איך אויך דערמאָהנען קאָפּרזיווניצע, קראַסניק און פיעל אַנדערע שטעדט און שטעדטלעך, וואו מען האָט געהאָנגען רבנים, סתם־יודען, וואו מען האָט געשענדעט פרויען און ד. ג...

אָבער די היסטאָריע שלאָפט ניט, זי האָט איהרע תקנות, זי בעצאָהלט יעדער רעגירונג לויט איהרע מעשים... מיר זעהען בעשיינפערליך, וואָס רוסלאַנד האָט אויסגעפיהרט מיט איהרע שטענדיגע בלבולים אויף יודען, מיט איהרע פערפאָלגונגען, העצערייען און פּאָגראָמען!

רוסלאנד דארף דינען אלס מוֹתר פאר די אומות, וועלכע לאזען דעם יוד'ען ניט צו רוה, וועלכע, לעבעדיג מיט איהם אויף איין ערד, אטהמענדיג מיט איין לופט, קענען איהם איינגענטליך גאר ניט, קענען ניט זיין פסיכאלאגיע, זיין לעבען, וועלכע האלטען איהם פאר א „נידעריגערע" ראסע און טראכטען נאר ווי אזוי איהם צו דיסקרעדיטירען, ווי אזוי צו פייניגען...

איך וויל ניט זיין איינזייטיג און דעריבער וויל איך צו געבען, אז די היסטאריע בעצאהלט ניט נאר פאר יודישע פערפאלגונגען... פאר די ארמענישע, אלבאנישע און נאך אזוינע פערפאלגונגען וועט די היסטאריע אויך ארויסגעבען איהר פסק...

לאמיר אבער זיך צוריקקעהרען צו צוזומער. באלד נאך יום כפור האט זיך אנגעהויבען אין שטאדט א געהידער. מען האט אנגעהויבען שמועסען, אז דער שונא איז שוין ווידער נאהענט, עס האבען זיך אנגעהויבען צו ציהען דורך צוזומער גרויסע מחנות סאלדאטען, ארטילעריע. אין שטאדט האט פערפעהלט ברויט אזוי אז איינער האט געריסען פון צווייטען דעם ביסען פון מויל. נאטירליך דערביי האבען יודען געליטען אממערסטען.

ערב סוכות האבען מיר בעקומען א בעפעהל תיכף אבצוטרעטען פון צוזומער און געהען מיט דעם רעכטען ברעג ווייכסעל צוריק קיין איוואנגאראד (דעמבלין) כדי צו פעראייניגען זיך מיט אונזער פאלק, וואס איז דארטען די גאנצע צייט געשטאנען.

איך האב קוים בעוויזען צו געזעגענען זיך מיט אלע מיינע גוטע פריינד. איך האב זיי געוואונשען, אז די „געבארט" זאל לייכט אריבער, ד. ה. אז דאס אבטרעטען פון אונזערע סאלדאטען און דאס אנקומען פונ'ם שונא זאל אריבער בשלום. מיר זענען ארויס אין גרויס איילעניש, פשוט גערעדט, מיר האבען אנגעהויבען צו מאכען דעם ערשטען ויברח. און אין הלכות ויברח בין איך געווען דוקא א גרויסער מומחה, ווייל אין דער יאפאנישער מלחמה האב איך געהאט גרויס פראקטיק אין לויפעניש. א גאנצע נאכט און א גאנצען טאג כמעט אהן אויפהער זענען מיר געלאפען אין טויט־שרעק, ווייל עס האט זיך אלעמען געדאכט, אז אט־אט יאגט אונז אן דער שונא. דורכגעהענדיג דורך שטעדט און דערפער האט זיך מיר געווארפען אין די אויגען אזא בילד: אויף אלע קריסטליכע הייזער זענען פון אויסען געווען אויסגעהאנגען הייליגע בילדער... וואס האט דאס געהייסען? אז דא איז א קריסטליך הויז — טשעפעט עס ניט, אנדערע הייזער מעגט איהר פערברענען, ברעכען, ראבירען און ד. ג. פירושים וועגען דעם זענען איבעריג...

---

## ז.

וואוהין זענען מיר געלאפען? ביי אונז אלעמען איז געווען נאר איין געדאנק, ווי גיכער צוקומען צו דער פאנטאן־בריק און וואס שנעלער זיך אריבערצוכאפען מעבר לווייכסעל. די צווייטע נאכט האבען מיר זיך אבגעשטעלט אין א דארף אויף א פאר שעה, ווייל די מענשען און די פערד האבען שוין ווייטער ניט געקאנט זיך בעוועגען. מיר האבען קוים בעוויזען אנצווארימען אביסעל טהיי, פאלט אריין צו אונז אנ'אפיציר און זאגט, אז דער שונא איז שוין גאר נאהענט, אז מען מוז תיכף ווייטער לויפען. כ'ווייס ניט, ווי עס האבען זיך גענומען כחות?...

מען האט ווייטער גענומען זיך שלעפען אונטער׳ן רעגען, אין בלאטע, אין דער פינסטער׳נ ווי אויפ׳ן הארצען! איז געווען קאנט איהר זיך לייבט פארשטעלען! דער גוף און די נשמה זיינען געווען אזוי ווי פערקאטערט...

פארטאג האבען מיר ענדליך דערזעהן די געוואונשטע פאנטאן־בריק. ווייט ארום איהר האט געקאכט ווי אין א קעסעל. ניט נאר מיר אליין, ווייזט אויס, האבען וואס גיכער געוואלט זיין פון יענער זייט. דא האט איהר געקענט זעהן א מאסע ארטילעריע, קאוואלעריע, טראנספארטען— אלץ האט זיך צוזאמענגעמישט, יעדערער האט געוואלט, וואס פריהער ארויף אויף די בריק. עס זענען געווען מחלוקת. אונזער קליין היפעלע האט זיך נעביך געמוזט אוועקשטעלען אן א זייט און ווארטען אויף די קאליקע... לויט די תקנות פון לויפעניש דארף קודם כל אריבערגעהן ארטילעריע, דערנאך קאוואלעריע, שפעטער טראנספארטען און שוין צולעצט די אומגליקליכע פעחאטע. פערפאלען! מיר האבען נעביך געמוזט שטעהן אין קעלט, אין נאסקייט, הונגעריגע און צופוקען, ווי עס לויפען הארמאטען, דערנאך גאנצע מחנות קאוואלעריע... געוואלד! דאכט זיך נעכטען זענען אט די קאזאקען געווען אזוינע גבורים, אזוינע העלדען אין די שטעדטלעך און היינט לויפען זיי, ווי פערסמ׳טע פונ׳ם שונא. און מיינט איהר אפשר, אז מען האט קלאר געוואוסט, וואס פאר א שונא עס יאגט אונז נאך, ווי שטארק ער איז און וואו ער איז?... אסור! עס קען גאר זיין, אז די טרעוואגע האט גארניט געדארפט זיין אזוי גרויס! די שרעק האט אבער גרויסע אויגען. ביי דער אלגעמיינער לויפעניש קען מען זיך גאר קיין חשבון ניט אבגעבען...

א שעה דריי זענען מיר געשטאנען און אלץ געווארט. פלוצים האט זיך, כ׳ווייס ניט פון וואנען, בעוויזען ביי דער בריק עפעס א גענעראל, וועלכער האט זעהר ענערגיש גענומען מאכען ארדנונג ביי דער בריק. מיין באטאליאנער קאמאנדיר איז צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם געפרעגט, ווי לאנג וועט ער מיט זיין היפעל סאלדאטען אזוי שטעהן ביי דער בריק?— „וואס?“ רופט אויס דער גענעראל, „פיעחאטע? גאנץ גוט! זייט אזוי מוחל און פערנעהמט תיכף, אט דארטען, יענע אקאפען, וואס געפינען זיך קרוב א ווערסט פון דאנען; אייער חוב וועט זיין ניט צו דערלאזען, דער שונא זאל שטערן דעם אריבערגעהן איבער דער בריק“— עס העלפט עפעס קשיות! די הונגעריגע סאלדאטען זענען גאנץ אומצופריעדענערהייד אוועק אין די אקאפען און האבען זיך אריינגעלעגט אין בלאטע אריין. איך בין ווייטער געשטאנען מיט מיין עקעל־פעקעל און האב מיט גרויס קנאה צוגעקוקט, ווי אנדערע זענען געלאפען. יענער ברעג ווייכסעל האט אין מיינע אויגען אויסגעזעהן ווי ארץ ישראל. אי! ווי קריגט מען זיך אריבער? עס איז אוועק א האלבע שעה, איך האב מיך ניט געקאנט איינהאלטען, בין צוגעגאנגען צום גענעראל און האב איהם געזאגט: „אדוני גענעראל, וואס איינענטליך האב איך דא צו טהון, וואו זאל איך מיך אהינטהון מיט מיינע וואגענס, מיט דעם גאנצען טראנספארט? צי דארף איך און וואו מאכען א פערבאנד־פונקט?“

ווי עס ווייזט אויס, איז ער אליין געווען אין א גרויסער פערלעגענהייט, וואס מיט מיר צו מאכען? ענדליך האט ער מיר ערלויבט אריבערצופאהרען מיט מיין טראנספארט... איך בין גליקליך, איך בין שוין אויף יענער זייט! אפילו די טיעפע

בלאָטע איז מיר דאָ געווען אנגענעהם! אַ קליינינקייט עפּעס, פיהלען, אַז איבערן קאָפּ הענגט ניט קיין חלף. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און מיך האָבען אַנגעיאָגט אונזערע סאָלדאַטען פון יענער זייט. דער גענעראַל האָט זיי אויך ווער־לויבט ארויסצוגעהן פון די אָקאָפּעס כדי ווייטער צו לויפען. מיר זענען ווידער אַדורך יוזעפאָוו. איך האָב ווידער אַמאָל געזעהען די דאָרטיגע חורבות. ניט אָפּ־שטעלענדיג זיך, זענען מיר אַוועק צו קאַזשמיערזש צו. אַ פּאָר וויאָרסט פאַר קאַזשמיערזש בין איך פריהער פאַר מיין באַטאַליאָן אויסגעריטען אהינצו. איך האָב מיר געוואָלט זעהן מיט מיינע גוטע פריינד. איך האָב טאַקע געטראָפען אין דער היים דעם ה' ה. שענ־אַראָוויטש, ער האָט מיר באַלד דערצעהלט, אַז די ידען, וועלכע מען האָט ארויסגעטריבען פון פולאַווע און פון יאַנאָוועץ, האָבען מיט דריי טעג שפּעטער בעקומען די ער־לויבניש צוריק צו קומען. דערנאָך האָט ער מיר דערצעהלט פון די צרות, וואָס ידען האָבען וועהרענד דער צייט געליטען אין קאַזשמיערזש, אין יאַנאָוועץ... איך וויל בעשרייבען אָט דעם פאַקט: אַ געווי־סער גוטבעזיצער פון אונטער יאַנאָוועץ איז מיט 6 סאָלדאַטען, וואָס זענען ביי איהם געשטאַנען, געקומען קיין יאַנאָוועץ און האָט מיט זייער הילף ארויסגעטריבען די דאָרטיגע ידען פון זייערע וואוינונגען, האָט זיי געיאָגט אין בלאָטע פון יאַנאָ־וועץ ביז זיין גוט. דאָרטען האָט מען זיי אריינגעטריבען אין שטאַל און מען האָט זיי געשלאָגען מכות רצח. נאָכדעם האָט ער זיי געצוואונגען אונטערצושרייבען אַ אַפּיר, אַז זיי האָבען צו איהם קיין שום רעטענזיעס ניט!... און נאָך און נאָך רות, שפיכת דמים האָט ער מיר בע־שריבען. דאָ פיהל איך פאַר מיין חוב צו

בעטאָנען, אַז דער דאָזיגער ה' ח. שענ־דאַראָוויטש האָט זיך זעהר פיעל מקריב געווען פאַר אחינו בני ישראל, אַז ער האָט זעהר פיעל געזאָרגט צו ערלייכטערן די לאַגע פון אונזערע אונגליקליכע ברי־דער, אַז איהם אליין האָט מען שרעקליך פערפאָלגט אַזוי, אַז ער איז כמעט אין איין העמד, קוים מיט'ן לעבען אנטלאָ־פען פון קאַזשמיערזש, איבערלאָזענדיג זיין פאַמיליע אויף גאָט'ס בעראָט. מיט אַ שווער הארץ בין איך ארויס פון קאַזש־מיערזש. איך האָב מיך געפיהלט שטאַרק נידערגעשלאָגען. מיין איינציגע נחמה איז געווען אַ יודישער סאַניטאַר, וועלכען איך האָב געהאַלטען נעבען זיך, דאָס איז גע־ווען אַ וואַרשאַווער יונגערמאַן. מיט איהם פלעג איך אָפט שמועסען וועגען אונזער אלגעמיינער ביטערער לאַגע און ווי שווער עס איז ניט געווען אויפ'ן האַ־צען, דאָך זענען געווען מאָמענטען, ווען מען פלעגט זיך פערגעסען, ווען מען פלעגט לעבען מיט דער האָפנונג אויף אַ ליכטיגערער צוקונפט.

עס איז געווען דער צווייטער טאָג סכות. מיין סאַניטאַר האָב איך עפּעס דעם טאָג פון אין דער פריה ניט געזעהן. פּלוצים, אין מיטען וועג, קומט ער אַ פערסאָפּעטער, לויפט צו צו מיר און גיט מיר עפּעס אַ פעקעל. איך עפען אויף און געפין דאָרטען 2 שטיקער געפילטע פיש אַ שטיק געבראָטענע קאַטשקע, גענזיינס און אַ חלה...

„גזלן, וואו האָט איהר עס געפּאַקט?“ פרעג איך איהם מיט שמחה — „וואָס פאַר אַנ'אונטערשייד?“ זאָגט ער צו מיר „לאָמיר מאַכען קדוש און זיך משמח זיין“, מיר האָבען טאַקי אַזוי געטהון: אַ סעודה האָבען מיר דאָך געהאַט אַ גרוי־סע און אַ ברייטע — אַ גאַנצען וואַלד! מען האָט ארויסגעשלעפּט אַביסעל משקה

מען האט געמאכט א ריכטיגען לחיים און עס איז באמת געווארען פריעהליכער אויפ'ן הארצען.

אין פולאווע האבען מיר גענעכטיגט און פארטאג זענען מיר ווייטער אוועק צו איוואנגאראד צו. דעם ערשטען טאג חוה"מ סוכות זענען מיר אריין אין די פעסטונג, וואו מיר האבען זיך פעראייניגט מיט אונזער פאלק. אזוי ווי א תפיסה האט אויסגעזעהן אין דער פעסטונג, קיין פריוואטע פערזאנען האט איהר דארט ניט געקענט טרעפען אפילו אויף א רפואה. דערפאר אבער איז אומעטום געווען נאר איין געשפרעך: וועגען דעם יודישען שפיאנאזש. אפילו אינ'ם אפיצירען־קלוב, וואו איך בין איינמאל אריינגעגאנגען, האט מען געהאלטען אין איין רעדען, אז נאר יודען זענען שולדיג אין די אלע קלעפ, וואס די רוסישע ארמעע בעקומט טאג־טעגליך, אין די אלע לויפענישען, אין די אלע אומגליקען... איהר קענט זיך לייכט פארשטעלען, מיט וואס פאר א געמיטה האבען געטראגען זייער דיענסט סיי די יודישע סאלדאטען, סיי די דאקטוירים... און באמת האבען זיך שוין דעמאלט א סך יודען אויסגעצייכענט מיט זייער העלדישקייט, מען האט שוין דעמאלט געקענט טרעפען יודישע סאלדאטען מיט „געארגיעס" אויף דער ברוסט, יודישע דאקטוירים מיט הויכע מלחמה־ארדענס. דעם פאקט אבער האט מען אויך געטייטשט גאר אנדערש, מען האט געזאגט, אז יודען בעקומען זייערע אויסצייכנונגען מיט א קונץ אד"ג. בכלל האב איך מיך צוריקגעהאלטען פון אפענע ארויסטרעטונגען, פון אפענע וכוחים וועגען דער יודענפראגע. טיילמאל אבער פלעגט מען זיך ניט קענען איינהאלטען און איך פלעג זיי טאקי אנווייזען ווי זיי שפילען זייער חוב בנוגע

צו זייער פאטערלאנד.

וועגען דעם וועט זיין שפעטער פיעל צו רעדען.

ניט לאנג זענען מיר געשטאנען אין איוואנגאראדער ציטאדעל. מען האט באלד געהייסען אונזער באטאליאן צו פערנעהמען דעם פארט „וואנגאווסקי". א פארט איז איינגענטליך א קליינע פעסטונג. אזוינע פארטען געפינען זיך תמיד פון אלע זייטען ארום יעדער גרויסער פעסטונג און זיי שיצען דעם צוטריט צו איהר. יעדער פארט איז ארומגערינגעלט מיט א גרויסען, זאמדיגען וואל, אויף וועלכען עס שטעהען הארמאטען. כדי אריינצוגעהן אין א פארט מוז מען וויסען א בעשטימטען פאראל. אין דעם פארט גופא געפינען זיך אזוינע קאזעמאטען, אדער קעלערן מיט זעהר דיקע, צעמענטענע ווענד, אהן פענסטער. אט אזא קאזעמאט איז געווען בעשטימט פאר מיר מיט נאך עטליכע דאקטוירים.

פון איין זייט האבען מיר געהאט א סקלאד פון פולווער און קוילען, פון דער צווייטער איז געווען אונזער פערבאנד־פונקט. קיין זונענשטראהל איז צו אונז אין מושב ניט אריינגעקומען. מיר האבען געלעבט מיט עלעקטרישער ליכט.

גאנצע צוויי וואכען האב איך פערבראכט אין אזא קעלער. ביי טאג פלעגט מען ניט קענען ארויסגעהן פון דארטען, ווייל די גאנצע צייט זענען געווען ארום אונז גוואלדיגע שלאכטען און די פיינדליכע עראפלאנען האבען שטענדיג געווארפען באמבעס. געגעסען האבען מיר סוחארעס און קאנסערווען. נאר ביינאכט פלעגט מען קענען ארויסקריכען פונ'ם קעלער און חאפען אביסעל פרישע לופט.

עס האט געקנאקט ארום אונז טאג און נאכט, ארבייט האבען מיר געהאט זעהר פיעל: מען פלעגט שטענדיג ברינגען

פערוואונדעטע, איבערהויפט בעת די נאכט־אטאקעס. איך געדענק דעם לעצטען אווענד, וואס איך האב פערבראכט אין מיין תפיסה איז געווען א געוואלדיגע נאכט־אטאקע. איך בין ארויף אויפ'ן פעסטונגס־וואל און האב מיך צוגעקוקט צו דעם בילד: עס ברומט פון אלע זייטען. דא קלאפט די שווערע ארטילעריע, דארטען זעהט מען פייערלעך פון די שראפנעלען, וואס צורייסען זיך, רעכטס שניידען אדורך די פינסטערניש ראקעטען, לינקס ברענען דארף־הייזער און אין מיטען הדרינגען באמבען צו די פולעמיאטען ווי משוגעים... און וואס איז דער רעזולטאט פון אזא פייערווערק? הונדערטער טויטע, טויזענדער פערוואונדעטע..

דעם 25־טען אקטאבער האט דער שונא אבגעטראטען פון איוואנגאראד. אונזער דיוויזיע האט זיך תיכף צונויפגעקליבען און מיר האבען אנגעהויבען נאכצויאגען די עסטרייכער טריט ביי טריט. שוידערהאפטע בילדער האט מען געקענט זעהן אויפ'ן וועג, וועלכער איז געווען אזוי ווי פערזייהט מיט טויטע קערפערס. קיינער האט זיך ניט געקימערט זיי וואס גיכער בעערדיגען: מען האט זיך געאיילט וואס גיכער די שטיוועל פון די טרופען אראבצוציהען, און די קעשענעס אויסצוליידיגען...

מיר שלעפען זיך ווייטער. איך האב מיך שוין פערמאטערט פון דעם ציגיינערישען לעבען. די נעוונד'קייט איז מיר שוין איבערדריסיג געווארען. אבער וואס האב איך געזאלט טהון? איך האב געמוזט שלעפען דעם יאך. איך האב איינגעזעהן אז די גאנצע שווערינקייטען פון א מלחמה טראגט אויף איהרע פלייצעס די פיעהאטע. די פעהאטע סאלדאטען, אפיצירען, דאקטוירים לעבען טויזענד מאל שענער, ווי אנדערע אנשי חיל. אין די רעזערוע

דורך וועלכע מיר פלעגען איצט אדורכגעהן איז געווען שווער צו קריגען אפילו א שטיקעל ברויט. אז מען פלעגט פרעגען די פויערים, צי האבען זיי ניט וואס צו פערקויפען פון עסענווארג, פלעגען זיי אלע מיט איין קול ענטפערן: „אלץ האט דער אוסטריאק צוגענומען!" אבער אז מען פלעגט גוט א שאר טהון און דיפלאמאטיש רעדען, פלעגט זיך געפינען ברויט, פוטער און אנדערע מאכלים. דעמאלט האט קורסירט אזא המצאה: אין א דארף האט איינער אנ'אפיציר געפרעגט ביי א פויערטע: „וואו איז דא ביי אייך א קלאזעט?" — „אלץ האט דער אוסטריאק צוגענומען!" האט איהם תיכף די פויערטע געענטפערט...

אכט טעג און אכט נעכט זענען מיר כמעט אהן אויפהער געגאנגען איבער שווערע, בלאטיגע וועגען אונטער אפטע רעגענס. נעכטיגען פלעגען מיר אין דערפער צוזאמען מיט די פויערים און מיט אנדערע מינים בעשעפענישען. איהר קענט זיך לייכט פארשטעלען, וואס פאר א לופט עס איז געווען אין א צימער, וואס איז פערמאכט פון אלע זייטען און וואו עס שלאפען א מאן 15?..

איך האב אלץ אריבערגעטראגען מיט מיטה, ניט אראבגעלאזען די נאז אין דער האפנונג, אז פריהער צי שפעטער אבער א שינוי אויף בעסער וועל איך דאך האבען. גרויס מיטלייד האב איך געהאט מיט די סאלדאטען. „נאטשאלסטווא" האט אויף זיי געקוקט, ווי אויף בהמות. עס איז געווען שרעקליך צו זעהען, ווי מען פלעגט זיי איינשפאנען צוזאמען מיט פערד אין הארמאטען, וועלכע מען פלעגט דארפען ארויפשלעפען אויף א בארג (אזוי, ווי עס איז געווען אונטער קיעלץ).

דעם 3־טען נאוועמבער האט דער שונא זיך פערהאלטען ביי דעם דארף

לעשטשיני (קיעלצער גוב.) און האט געגעבען אנ'אריערגארד־ שלאכט (ד. ה. א שלאכט אבצוהאלטען די נאכיאגערס). די שלאכט האט געדויערט א מעת לעת. מיר האבען געארבייט אונטער קוילען און שראפנעלען. א סך סאלדאטען און אפיצירען האבען מיר אין דעם שלאכט פערלוירען. און ווידער אמאל איז געוועזען שרעקליך די לאגע פון די פערוואונדעטע, וועלכע מיר האבען ניט געקענט בעצייטענס אבשיקען ווייטער, מחמת מיר האבען קיין טראנספארטען ניט געהאט.

נאך דער שלאכט זענען די עסטרייכער ווייטער אבגעטראטען און מיר האבען זיי ווייטער געיאגט. מיר זענען אדורך די דערפער סוקאוו, ביטשעוו, זאקרזשעוו, קאנאסובקא און האבען זיך אבגעשטעלט אויף א „דניבקע" אין זשארנאוויעץ. איך האב ענדליך דערזעהן א יודיש פנים. עס איז מיר געווארען פרעהליכער אויפ'ן הארצען. א דירה האב איך בעקומען ביי א געוויסען ה' ראפ...טר... אין זשארנאוועץ האבען יודען געליטען ניט ווייניגער ווי אין די אלע אנדערע שטעדט, וואס איך האב שוין בעשריבען. דא האב איך מיך דערוואוסט, אז בשעת די עסטרייכער האבען פערנומען דאס שטעדטעל, זענען די קריסטען ארוים אקעגען זיי מיט פאהנען, מען האט געמאכט פאר זיי באנקעטען,— שפעטער אבער ווען דער שונא איז אבגעטרעטען און אונזערע זענען אריין האט מען איבערגעגעבען דעם פעלץ און מען האט געהאלטען אין איין טענה'ן, אז יודען פלעגען אויפנעהמען די עסטרייכער מיט פאראד, זיי אקעגען טראגען עסענווארג אד"ג. מען האט א סך יודען ארעסטירט און אלע אנדערע שרעקליך פערפאלגט.

אין זשארנאוויעץ האבען מיר זיך א טאג צוויי אויסגערוהט און זענען ווייטער אוועק צו דער פיליצא. דא האט זיך דער שונא אבגעשטעלט און האט אונז פערהאלטען. מען האט זיך גענומען גרייטען צו א גרויסער שלאכט.

דעם 14־טען נאוועמבער אין מיטען פאהאד בעקום איך פלוצים א ידיעה, אז איך ווער בעשטימט אלס ארדינאטאר אין א פעלד־לאזארעט פון אונזער דיוויזיע. דאס האט זיך מיר גאר ניט געחלומט! ס'הייסט עפעס, זיך ניט שלעפען מעהר מיט דעם פאלק? ס'הייסט עפעס ניט זיין אין א שטענדיגער סכנה?

איך האב געהאט זעהר א גוטען, ארענטליכען פאלקאווניק. ער האט שוין פריהער מיר ארויסגעזאגט זיין מיינונג, אז ער פערשטעהט ניט, ווי אזוי האט מען געקאנט א דאקטאר, וואס איז שוין געוועזען אין דער יאפאנישער מלחמה, בעשטימען אין א פאלק, וואו עס האבען געדארפט דיענען בלויז יונגע דאקטוירים..

די מעשה איז אבער געוועזען, אז איך בין א יוד און יודען פלעגט מען בעשטימען גראד אין די געפעהרליכסטע ערטער...

מיט איין ווארט, מיין פאלקאווניק איז געוועזען זעהר צופריעדען פון מיין נייער שטעלע. ער איז געוועזען אזוי פריינדליך, אז ער האט אין מיטען מארש, אבגעשטעלט דעם פאלק, געהייסען עפענען די קאנצעלאריע און מיר ארויסגעבען אלע מיינע נויטיגע דאקומענטען, כדי איך זאל שפעטער ניט האבען קיין שום קלאפאט. ער האט מיר אויך ערלויבט מיטצונעהמען מיין דענשטשיק. מיט גרויס שמחה האב איך פערלאזען מיין פאלק. עס איז מיר מעהר ניט געוועזען א שאד די עטליכע יודישע סאלדאטען, וואס האבען געמוזט בלייבען. דער פאלק איז אוועק צו פיליצא און איך בין געפאהרען צוריק קיין זשארנאוויעץ, וואו עס האט זיך געפונען

דער פעלד־לאזארעט, אין וועלכען איך בין געווען בעשטימט.

דא איז גאר אנ'אנדער סארט לעבען, ווי אין פאלק. ערשטענס בין איך נאר צווישען ראקטוירים און צווייטענס אין א לאזארעט האב איך געהאט מיין ריכטיגע מעדיצינישע ארבייט.

א פעלד־לאזארעט געפינט זיך תמיד א ווייארסט 6—8 פון דעם פראנט. נאטירליך קען מען זיך בעקוועמער איינארדנען און זיך זיכערער פיהלען. דאס איז ווען מען שטעהט אויף אנ'ארט, אבער ווען די גאנצע דיוויזיע בעוועגט זיך, בעוועגען זיך אויך די פעלד־לאזארעטען.

מיט איין ווארט, איך בין ארייננגעפאלען פלוצים אין א גן עדן. אלץ מן השמים!

ביי דער פוליצא איז געווען א גרויסע שלאכט. מען האט אונז געפיהרט און געפיהרט פערוואונדעטע און קראנקע סאלדאטען און אפיצירען. צו מיין גרויסען בעדויערן האט מען באלד צו מארגען געבראכט א שווער פערוואונדעטען, דעם קאמאנדיר פון מיין פאלק, וועגען וועלכען איך האב פריהער געשריבען. ער האט מיך דערקענט נאר נאך מיין שטימע נאך, ווייל ער האט גאר ניט געזעהען. ער האט געוואלט ווייזען די סאלדאטען זיין העלדישקייט און איז ארויסגעריטען אויפ'ן פערד פאר די אקאפעס. נאטירליך האט דער שונא לאנג ניט געווארט און האט געשיקט א שראפנעל, וועלכע האט איהם שווער פערוואונדעט. צו מארגען איז ער געשטארבען.

דריי־טעג האט געדויערט די שלאכט ביי דער פוליצא. אונזער דיוויזיע איז געווען כמעט אין גאנצען צוקלאפט, אזוי צוקלאפט, אז עס איז געבליבען פון איהר ניט מעהר ווי א פערט־חלק. די רעשטקעס האבען זיך צונויפגעקליבען און מען האט ווידער אנגעהויבען צו מאכען דעם גרויסען ויברח.

אין איילעניש ווארפען מיר אוועק זשארנאווייעץ. אונטערוועגס האב איך מיך דערוואוסט, ווי העלדיש אונזער דיוויזיע האט געקעמפפט ביי דער פוליצא. גאנצע באטאליאנען האבען זיך איבערגעגעבען דעם שונא. אט דער זעלבער קאפיטאן, וועגען וועלכען איך האב שוין אמאל געשריבען, אז ער האט אבגעגעבען א בעפעהל, דאס אלע זיינע סאלדאטען זאלען תמיד האבען זייערע ביקסען אנגעלאדעוועט און צוליב וועלכען עס איז אומגעקומען דער יודישער סאלדאט לערנער אונטער כאלעץ, אט דערזעלבער גבור, לכל הדעות א גרויסער שכור, האט זיך גוט אנגעזויפען און בעת דער שלאכט איז ער ארויס פארענט, פאר זיין באטאליאן און האט א געשריי געטהון: „ברידער, ווארפט אייער געוועהר, לאמיר געהען פארווערטס!“... און ער איז אוועק מיט זיין גאנצען באטאליאן אין געפאנגענשאפט צו די עסטרייכער. וועגען קלענערע גרופען און איינצעלנע סאלדאטען איז דאך שוין נישטא וואס צו רעדען. און גראד איז דערזעלבער צייט זענען ארויס די בעריהמטע „פריקאזען“ (ד. ה. בעפעהלען) פון דעם גענעראל עווערט, דעם קאמאנדיר פון דער 4־טער ארמעע, (שפעטער דער הויפט־קאמאנדיר פון דעם מערב־פראנט) וועלכע זענען געווען פול מיט גיפט געגען יודישע סאלדאטען, אז מען זאל אויף זיי אכטונג געבען, מען זאל זיי היטען, ווייל זיי זענען שפיאנען, „פערעביעזשטשיקעס“, ד. ה. אז זיי לויפען אריבער צום שונא און ד. ג. די העלדישקייט פון אונזער דיוויזיע האט מיר אבער געגעבען פיעל שטאף פאר מיינע

גענגער און זיי האבען געמוזט אין מיין געגענווארט שטומען...

מיר זענען א דורך די דערפער גאלעביוב, זדאנאווויצע און האבען זיך אבגעשטעלט אין א חארף וויערזשביצא, נים ווייט פונ'ם דערפיל קיע. די רעשטקעס פון אונזער דיוויזיע האבען פערנומען עטליכע דערפער ארום און האבען זיך גענומען פון דאס ניי פארמירען: מען האט אנגעהויבען צו שיקען פריש הארמאטען-פלייש. א טאג צוויי זענען מיר געשטאנען אין וויערזשביצא. דערנאך האבען מיר בעקומען א בעפעהל צו געהען קיין יענדרזשיעוו, וואו מיר האבען געדארפט עפענען אונזער לאזארעט.

## ח.

דעם 23-טען נאוועמבער זענען מיר אריין אין יענדרזשיעוו, דאס איז א קליין, שמוציג שטעדטיל, וועלכעס איז געווען אזוי פערפאקט מיט מיליטער, אז מיר האבען קוים געפונען א פלאץ פאר אונזער לאזארעט און דירות פאר'ן פערסאנאל. איך האב מיך זעהר געוואונדערט, אז אין אזא קליין שטעדטיל איז געווען עלעקטריש ליכט אין די וואוינונגען.

איך האב מיד תיכף אנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט דער לאגע פון אחינו בני ישראל. א סך איז ניט געווען וואס צו דערצעהלען: די זעלבע מעשיות, ווי אומעטום, דא איז געווען א המשך פון דעם אלגעמיינעם יודישען גיהנם אויפ'ן פראנט: די זעלבע רכילות, די זעלבע פערפאלגונגען, דאס זעלבע לעבען אין שטענדיגען שרעק, די זעלבע רויבערייען, די זעלבע ארעסטען און ר. ג. צו אונז אין לאזארעט האט מען טאג טעגליך געבראכט הונדערטער קריסטליכע סאלדאטען, אזוי גערופענע „אליין-שיסער“ אין די פינגער... קיין איינציגען יודען האב איך דעמאלט ניט נאטירט...

און אפשר ווילט איהר וויסען, ווי אזוי זענען דא, שוין אינ'ם „טיל“ בעהאנדעלט געווארען די פערוואונדעטע? אויך אלטע בילדער! מען פלעגט זיי לעגען פשוט אויף דער פארלאגע, אויף שטרוי. אין אונזערע „פאלאטעס“ האט איהר אפט געקאנט זעהן, ווי לייכט-פערוואונדעטע סאלדאטען זיצען אויף זייערע געלעגערס און האלטען אין איין געיעג אויף... לייז! שוידערהאפט איז עס געווען! אז מען פלעגט ברענגען צו אינז א פערוואונדעטען פונ'ם פראנט, פלעגען מיר אין די פאלדען פון אפאטרונעק געפינען טויזענטער חיה'לעך פון דעמזעלבען מין...

בעת מיר זענען אריין אין יענדרזשיעוו האט מען געקענט בעקומען עסטרייכיש צוקער, פאפיראסען, ליכט צו גאנץ ביליגע פרייזען. שפעטער אבער, בשעת מען האט שוין די עסטרייכישע סחורות אויסגעקויפט, האט מען פאר אונזערע סחורות געמוזט צאהלען פיעל טייערער. עס פלעגען אפט פארקומען, דערהויפט אין די יודישע געוועלבער, סכסוכים מצד פון די אפיצירען און סאלדאטען, וועלכע האבען געוואלט צאהלען פאר פאפיראסען, למשל, נאר אזוי פיעל, ווי עס איז געווען געצייכענט אויף דעם פודעלע. פערשיעדענע הבטחות פונ'ם סוחר, אז עס קאסט איהם א סך טייערער, האבען ווייניג געהאלפען. איך האב מיך זעהר מיט דער פראגע פעראינטערעסירט און האב געפרעגט איינעם א סוחר, פאר וואס נעהמט מען טאקי דאס דאפעלטע פאר פאפיראסען? ער האט מיר די זאך אזוי ערקלערט:

„בשעת די עסטרייכער זענען אריין אין שטאָדט, האָבען זיי באַלד צונויפגערופען די סוחרים און האָבען זיי געפרעגט, אין וואָס פאַר סחורות די שטאָדט נויטיגט זיך? עטליכע סוחרים האָבען תיכף בעקומען ערלויבנישען צו פאָהרען קיין עסטרייך און ברענגען סחורה. אגב איז אין משך פון א פאָר טעג שוין פערריכט געוועזן די באָהן-ליניע. אויף אזא אופן האָבען די סוחרים, בעקומענדיג סחורה אָהן מיה און מאַטעריש, געקענט די דאָזיגע סחורות פערקויפען בילּיג, אזוי ווי עס איז טאַקי געוועזן ביז די סחורות זענען אין גאַנצען אויספערקויפט געוואָרען. אצינד אָבער, ווען אונזערע זענען אריין, האָט זיך אָנגעהויבען א גאַנצע סדרה. קודם כל האָט מען געדאַרפט בעקומען א „פּרזשעפּוסטקע" פונ'ם קאָמענדאַנט, כדי מען זאָל קענען פריי פאָהרען קיין ווארשא. דאָס איז ניט יעדערער זוכה געווען צו בעקומען. און אז עמיצער פלעגט שוין יא בעקומען, האָט דער קאָמענדאַנט דערפאַר בענומען ניט ווייניגער ווי א מאה'לע. די באָהן האָט, נאַטירליך, ביי אונזערע אָרדנונגען, ניט גיך פונקציאָנירט, האָט מען דאַך געמוזט דינגען א פוהר און מיט איהר פאָהרען קיין ווארשא. אזא פוהר קאָסט פון 100 ביז 150 רובל. די נסיעה האָט געדויערט ניט ווייניגער ווי 8 טעג. און ווידער, פאָהרענדיג צוריק מיט א פולען וואָגען סחורה פון ווארשא, מוז מען האַלטען גרייט א פולע קעשענע מיט קליינגעלד, כדי מען זאָל קענען אריינרוקען אין יד אריין אלע מלאכי-חבלה, וואָס מען טרעפט אונטערוועגס, דהיינו זשאַנדאַרען, סטראַזשניקעס און סתם-יונים, אז זיי זאָלען ניט טשעפען. היינט וויפיעל סכנות דאַרף מען אויסשטעהן אין וועג, ניט דערעסען, ניט דערשלאָפען? פרעג איך אייך, זאָגט אדרבה, וויפיעל דאַרף מען נעהמען פאַר א פּודעלע פּאַפּיראָסען?" פאַר מיר איז דער סוחר געווען יוצא, אָבער די אָפּי-צירען האָט ער די מעשה ניט געקענט דערצעהלען. מיינט איהר דאָך אפשר, אז אין א קריסטליכען געוועלב איז געווען ביליגער, ווי אין א יודישען? פערקעהרט, דאָרטען פלעגט אלץ קאָסטען טייערער. איך בין עקסטרא אריין אין א קריסטליכען „ספּולקאָווען" געוועלב (דאָס זענען אין אלע שטעדטליך די יודישע הויפּט קאָנקורענטען) און האָב געפרעגט, וואָס קאָסט א פּודעלע שפּראָטען? 90 קאָפּ. האָט מען ביי מיר געבעטען. און דאָס זעלבע פּודעלע שפּראָטען פון דערזעלבער פירמע האָט אין א יודישען געוועלב געקאָסט 70 קאָפּ. איך האָב געהאַט א קאָלעגע, א דאָקטאָר, זעהר א פערביסענער שונא-ישראל. ער פלעגט תמיד שטאַרק זאָגפאַלען אויף יודען, מאַכען סקאַנדאַלען, אז יודען מאַכען אָן דעם גאַנצען יקרות. „קום זשע, איך וועל דיר ווייזען", זאָג איך צו איהם און פיהר איהם אוועק תחילת אין „זיין" געוועלב און דערנאָך אין „מיין" געוועלב.. „אמת טאַקי", זאָגט ער, „דו האָסט רעכט, דער יוד איז אָבער דאָך אין אלץ שולדיג"...

א חאַראַקטעריסטיש בילד'ל פון אונזער לאַזאַרעט מוז איך דאָ בעשרייבען: אין דער אָבטיילונג פאַר פערוואונדעטע און קראַנקע אָפיציערען איז געלעגען איינער אַנ'אָפיציר, וועלכער האָט גע-מאַכט דעם איינדרוק, אז ער איז ניט אזוי געפעהרליך קראַנק. קענטיג, אז ער איז געווען פון יענע, וועלכע האָבען סתם פיינד צו ליגען אין די אָקאָפּעס. אין לאַזאַרעט ווידער איז געווען א סאַניטאַר, א עלטערער יוד, יענקעל,

אַזוי האָבען איהם אַלע גערופען. אגב איז ער געווען איינער פון די בעסטע סאַניטאַרען. ויהי היום טראָגט דער דאָזיגער יענקעל צו צו דעם דאָזיגען אָפיציר אַ גלאָז טהיי. וואָס זשע טהוט דאָמאָלס דער העלד? ער האַפּט זיין שטיוועל און שלייַדערט איהם יענקלען אין פּנים מיט די ווערטער: „ווי אַזוי האָסט דו, פאַרשוועער זשיד, די העזה מיר צו דערלאַנגען אַ גלאָז טהיי?“ איך בין גראָד געווען דערביי. עס איז געוואָרען אַ גערודער אין לאַזאַרעט. מיר האָבען תיכף געמאַכט אַ קאָמיסיע פאַרי דעם דאָזיגען פאַרשוין און מיר האָבען איהם טאַקי תיכף ומיד אָבגעשיקט צוריק אויף די פּאָזיציע, אַלס פּאָלקאָם אַ געזונדען.

דעם 13-טען דעצעמבער האָבען מיר פּלוצים בעקומען אַ בעפעהל צו געהן מיט אונזער לאַזאַרעט צו מיעהאַוו צו, מיר האָבען שנעל איבערגעגעבען אונזערע קראַנקע, האָבען זיך איינגעפּאַקט און זענען ארויס פון יענדרזשיעוו. שוין שפּעט אין דער נאַכט האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט אין אַ קליין שטעדטיל קסיאָנזשע־וויעלקי (אָדער קסוינז). איך בין דאָרטען שיעור ניט דערטרונקען געוואָרען אין דער טיפער בלאָטע. איך האָב בעקומען אַ וואוינונג פאַר מיר און פאַר מיינע נאָך דריי קאָלעגען (צווישען זיי איז אויך געווען דער שונא ישראל) ביי אַ דאָרטיגען יודען, אַ געוויסען ה׳ פּערלענער. מען האָט אונז זעהר וואַרים אויפגענומען. אפילו דער אויבענדערמאָהנטער שונא ישראל האָט געמוזט מודה זיין, אַז ביי יודען איז כלל בעסער צו וואוינען, ווי ביי די זיינינגע. און אויך דאָ, אין דעם קליינעם נעסט, האָב איך אויסגעהערט אַ גאַנצע מגילה פון צרות, וואָס יודען ליידען דאָ. איבערהויפּט שטעהען זיי אויס פיעל צרות פון יעהר

אַ שלעכטען קאָמענדאַנט, פון די זשאַנדאַרמען און קאָזאַקען. אָהן רחמנות טרייבט מען, אַלט און יונג, צו דער אַרבייט, גראָבען אָקאָפּעס, צו שאָסייאַרבייט און ד. ג. דערביי שלאָגט מען אַלעמען מכות רצח.

און דאָס האָב איך טאַקי אַליין מיט מיינע אויגען געזעהען און דער פאַקט מוז אויך פערציינכענט ווערען אין דער היסטאָריע.

---

## ט.

אויף מאָרגען אין דער פריה האָב איך געמאַכט אַ וויזיט דעם דאָרטיגען רב. ער האָט מיר אויך דערצעהלט פון די ענוים, וואָס יודען שטעהען אויס פונ׳ם קאָמענדאַנט, אַז איהם, דעם רב גופא, האָט דער גבור דערלאַנגט אַ שמיץ איבער׳ן פּנים מיט אַ נאַהייקע... פונ׳ם רב בין איך ארויס אין גאַס. אַקוראַט בעמערק איך, ווי אַ גרויסער קאָזאַק שלעפּט אַ גרוי־אַלטען יודען און שלאָגט איהם אויפ׳ן וועג. איך בין דעמאָלט געווען דער יחסן, איך האָב דאָך געטראָגען אָפיצערסקע שליפּעס! גיעה איך צו צום קאָזאַק און זאָג איהם בקול רם: „ווי אַזוי אונטערשטעהסט דו דיך צו שלאָגען אַזאַ אַלטען מאַן? וואָס האָט ער אַזוינס געטהון?“ — „וויי־נאַוואַט, וואַשע בלאַגאָראָדיע“ ענטפערט דער קאָזאַק „איך שלעפּ איהם צו דער אַרבייט אויף די שאָסיי“ — „אַלזאָ, זאָג איך, די הענד דיינע לאָז אַראָב און לאָז איהם רוהיג געהן נעבען דיר“ — „סלושאַיו׳ס!“... און ער איז אַוועק מיט דעם יודען. און איך בין אַוועק זיך איינפּאַקען, ווייל מיר האָבען באַלד געדאַרפט ווייטער געהן. אָבער אין אַ מינוט 15

ארום קומט צו מיר אנ׳אנדערער קאזאק און זאגט, אז דער קאמענדאנט פאדערט מיך צו זיך. איך האב געהייסען איבערגעבען דעם קאמענדאנט, אז איך האב אצינד קיין צייט ניט, ווייל איך דארף באלד אוועק פון דאנען אויף די פאזיציע. עס דויערט ניט נאך א מינוט 15, קומט ווידער דער קאזאק און גיט מיר איבער א בעפעהל פונ׳ם קאמענדאנט, אז ער, דער קאמענדאנט הייסט עס, ערלויבט מיר ניט פון דאנען אבצופאהרען, אז איך בין ארעסטירט... עס העלפט ניט קיין קשיות, איך געה אוועק צום קאמענדאנט. איך זעה, ביי דער שאסיי, שטעהט א יונגער שנעק, א זשאנדארמסקער אפיציר, קענטיג, אז גאר ניט פון די, וואס ליגען אין די אקאפעס; דאס איז געווען א גבור פון הינטער דעם פראנט... ניט בעגריסענדיג זיך מיט מיר הויבט ער אן צו שרייען: „ווי אזוי האט איהר די העזה זיך ארייננצומישען אין מיינע פעראָרדנונגען?“ — „וועלכע אזוינע פעראָרדנונגען זענען דאס אייערע?“ פרעג איך קאלטבלוטיג. — „איהר זענט א יוד?“ פרעגט ער מיך אויף מיין פראגע — „יא, איך בין א יוד און איך פראטעסטיר געגען דעם, אז מען שלאגט א גרוי אלטען מענשען, ווי עס ווייזט אויס לויט אייער פעראָרדנונג, עס מעג זיין א יוד, א טאטער, א נעגער... אלץ איינס!“ — „איהר האט ניט דאס רעכט זיך ארייננצומישען אין פרעמדע פעראָרדנונגען“, שרייט דער קאמענדאנט, „איך שמייס זיי, איך הענג זיי, די זשידעס... איהר זענט ארעסטירט“...

איך האב געזעהען, אז איך האב קנאפע שאנסען לויז צו ווערען, איך האב גוט געוואוסט, אז א קאמענדאנט האט א גרויסע מאכט—דעריבער האב איך מיך פלוצים דעצידירט אויף אזא שריט: „ח׳ קאמענדאנט, רוף איך אויס, זייט געזונד, איך מוז געהען ערפילען מיין חוב אויף די פאזיציע, איך האב ניט קיין צייט מיט אייך צו האבען לאנגע ויכוחים, אדיעו!“... און איך בין שנעל אוועק... ער האט מיך ניט פערהאלטען און אזוי ארום בין איך בשלום פון איהם נצול געווארען.

די מעשה האט מיך זעהר אויפגערעגט. נאך דער פאזיציע בין איך ווידער אריין צים רב און האב איהם דעם פאקט איבערגעגעבען. ביים געזעגנען זיך האב איך איהם געזאגט: „רבי, איהר זאלט וויסען זיין, אז קיין טראפען יודיש בלוט וועט בחנם נישט פערגאסען ווערען... יבוא יומם... זיי וועלען האבען זייער בעצאהלונג פאר דעם אומזיסטען שפיכת דמים“... און איך בין מיט׳ן לאזארעט אוועק פון קסוינז צו מיעחאוו צו... מיר האבען אבער ניט זוכה געווען דאס שטעדטיל צו זעהען... די בעצאהלונג האט שוין זיך, ווי עס ווייזט אויס, אנגעהויבען פאר דעם רוסישען חיל. מיר זענען אבגעגאנגען פון קסוינז נישט מעהר, ווי א וויארסט 8, האבען מיר שוין געטראפען א גרויסע מהומה אויף דעם שאסיי. מיר האבען אנגעהויבען איבערצולעבען איינע פון די שרעקליכסטע לויפענישען. דער גאנצער שאסיי איז געווען בעלעגט מיט מענשען, פערד, הארמאטען, וואגענס, לינייקעס: אלץ האט זיך צומישט, פון אלע זייטען האבען זיך געהערט קריעגעשרייען, דער רוסישער מי שבירך האט געהערשט אומעטום... יעדער האט געוואלט, וואס פריהער פערכאפען א קאלייקע... אלץ איז געווען אהן אנ׳ארדנונג, אהן א סיסטעם... מיט גרויס מיה האט אונז געלונגען זיך אומצוקעהרען און מיר זענען נאך דעמזעלבען טאג צוריק אנגעקומען קיין קסוינז. מיר האבען זיך דארטען

גאר קנאפ פערהאלטען. איך האב אבער
נאך בעוויזען זיך אריינצוכאפען אויף א
רגע צום רב... פונ'ם בעריהמטען, זויל־
דען קאמענדאנט, פון די זשאנדארמען
און קאזאקען איז שוין קיין זכר ניט גע־
בליבען: ביים לויפען זענען זיי אלעמאל
געווען די ערשטע. די קסויזנער יונגען זע־
גען זיי שנעל פטור געווארען, מיר הא־
בען מעשיינפערליך געזעהן, אז די היס־
טאריע פיהרט אויס איהר פסק... דער־
וויל אבער האבען מיר פערלארען יעדע
פערבינדונג מיט אונזער דיוויזיע און מיר
האבען נישט געוואוסט, וואוהין זיך צו
קעהרען און ווענדען, וואוהין ווייטער צו
לויפען? מיר האבען קיין אהנונג ניט גע־
האט, וואו דער שונא געפינט זיך, פון
וועלכער זייט ער טרייבט אונז? מיט גרויס
מסירת־נפש האט אונז חער געוואלדיגער
שטראם פון דעם לויפענדען מיליטער גע־
בראכט קיין דזיאלאשיץ. עס איז געווען
שוין שפעט אין דער נאכט. מיר האבען
זיך אבגעשטעלט עפיס אין א אנפאנגס־
שולע, וואו מיר האבען זיך ווי עס איז
איינגעארדענט צו נעכטיגען. דער בעל־
הבית פון דעם הויז, א קריסטליכער לעה־
רער האט אונז געהאלפען. מיר האבען
זיך מיט איהם פונאנדערגערעדט. בע־
שרייבענדיג זיין לעבען זאגט ער מיט
פערביטערונג: „פסיא קרעוו, איך האב
אין מיין שקאלע די פערפלוכטע זשידקעס,
און דעריבער האב איך ביז 200 תלמידים,
ווערענד אנדערע לעהרער האבען ניט
מעהר, ווי 60 קריסטליכע שילער"...
הייסט עס, אז ער האט א פרעטענזיע צו
די יודען, וואס זיי ווילען זיך יא לערנען
און ער איז צופריעדען פון זיינע, וואס
זיי לערנען זיך ווייניג...

דאס איז שוין געווען פאר מיר צו
פיעל, עס איז שוין אריבער די מאס
פון מיין געדולד... וואס איך האב גע־
האט אויף מיין הארצען האב איך איהם
ארויסגעזאגט... ער איז געווארען רויט
פאר בושה (ער האט ניט געוואוסט, אז
איך בין א יוד). ער האט מיך איבערגע־
בעטען, איך האב אבער מיט איהם ניט
געוואלט מעהר רייד'ען... גענוג!...

א נאטשאלניק (א הויפט־דאקטאר)
האבען מיר געהאט א ריכטיגען טיפש.
ניט האבענדיג קיין שום בעגריף, וואוהין
מען דארף ווייטער לויפען, גיט ער ארויס
א בעפעהל צו געהן קיין קאזשמיערא־
וועלקא (דאס איז א גרויס דארף אין
קיעלצער גוב.) צו וועלכען צוועק? אזוי
וויל ער! ער האט זיך איינגעשפארט און
קיינע איבערצייגונגען, אז דארט קאן דער
שטאב פון אונזער דיוויזיע בשום אופן
ניט זיין, אז אויף דעם וועג קענען מיר
אריינפאלען צום שונא, האבען ניט גע־
האלפען און מיר זענען פון דזיאלאשיץ
ווייטער געקראכען, אמת טאקי געקראכען,
ווייל דער וועג איז געווען אומנאטיר־
ליך שווער. קיין מיליטער־אבטיילונגען הא־
בען מיר אונטערוועגס נישט געטראפען
אין מיר זענען געגאנגען מיט גרויס
הארצקלאפעניש. צו אונזער גליק קומט
אונז אן אקעגען א רייטער, א קאזאק פון
אונזער דיוויזיע און פרעגט דעם נא־
טשאלניק אונזערן, וואו ער שלעפט דעם
לאזארעט? „אונזערע", זאגט דער קאזאק,
„זענען שוין אלע אבגעטרעטען, ניט
ווייט קען מען שוין טרעפען עסטרייכישע
פאטרולען, זיי זענען שוין אין דעם
דארף קאזשמיערזש־וועלקא; געהט
תיכף צוריק א ווארסט צוויי! און דער־
נאך רעכטס איבערן בארג, דעמאלט וועט
איהר זיין אויסער סכנה"... מיר האבען
זיך בחרפתי אומגעקעהרט און האבען
זיך גענומען צוריקשלעפען. די קאמאנדע
און דער פערסאנאל האבען אנגעהויבען
ארויסצווייזען א שטארקע פאניק, מען

האָט געיאָגט די פּעחד מיט אַלע כּחות. איך האָב אונטערוועגס געשמועסט מיט מיינעם אַ קאָלעגע פון לאַזאַרעט, אַ רוסישען יונגען דאָקטאָר און האָב אַביסעל פון איהם חוזק געמאַכט.

ער, פערשטעהט איהר מיך, איז געוועזען, על פּי זיינע דבורים, אַ גרויסער פּאַטריאָט, אַ הורא־פּאַטריאָט; ער פלעגט תמיד שרייען: „אָ, מיר וועלען נאָך ווייזען דעם דייטש, מיר וועלען איהם מיט היטלען פערוואַרפען, מיר וועלן נאָך אַרויף אויף דעם גרויסען בערלינער טראַקט און גאָר אין קורצען וועלען מיר זיין אין בערלין!“ איצט פרעג איך איהם, פאַרוואָס לאָזט ער דעם בערלינער טראַקט אָן אַ זייט און לויפט פון איהם אַוועק? מיין בחור איז געוואָרען שטאַרק אין כּעס און האָט מיר גאַרנישט געוואָלט ענטפערן. דערווייל זענען מיר דערגאַנגען ביז אַ טייכעל. פערהאַטע־סאָלדאַטען האָבען שוין געהאַלטען ביים פונאַנדערנעהמען די בריק איבער'ן טייך און אויב מיר וואָלטען געקומען מיט אַ האַלב שעה שפּעטער, וואָלט געווען צו שפּעט. מיר וואָלטען געמוזט אַוועקוואַרפען אונזערע אַלע חפצים, פערדער און ראַטעווען נאָר די נפשות...

---

9.

מיר זענען בשלום אריבער איבער דער בריק, מיר געהען ווייטער און זעהען, ווי די פיעהאָטע גראָבט אָקאָפּעס. אין מיטען דרינען (עס איז שוין געווען פינסטערלעך) הערט זיך אַ שאָס פון אַן האַרמאַט, און אַ צווייטער... אַלע רעגערווירען זיך שטאַרק, מען שלאָגט די פערד אָהן רחמנות. צום אומגליק צוברעכט זיך אין אַ וואָגען מיט אונזערע ראָדען דער דייכסעל אַזוי, אַז די הינטערשטע וואָגענס האָבען ניט געקענט ווייטער זיך ריהרען, מחמת דער וועג איז געווען אַ שמאָלער, צווישען בערגלעך. אַ צווייטער וואָגען איז אַריין אַזוי טיעף אין בלאָטע, אַז די פערד האָבען איהם ניט געקענט אַרויסציהען, שלעכט! די פאָדערשטע וואָגענס און דאָס רוב סאָלדאַטען פון אונזער קאָמאַנדע האָבען געמאַכט ויברח. אונזער נאַטשאַלניק, אַלע דאָקטוירים און דער איבעריגער פערסאָנאַל זענען אויך נעלם געוואָרען. איך בין געבליבען אַליין מיט אַ צעהנדליג סאָלדאַטען, וועלכע עס איז מיר געלונגען איינצוהאַלטען און צו איבערציינגען, אַז די סכּנה איז איינגענטליך אַ פּוסטע. איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס, נאָר איך בין בעת מעשה געווען דער קאַלטבלוטיגסטער. אפשר דערפאַר, ווייל איך בין געווען אַ גרויסער מומחא אין די תקנות פון לויפעניש (ווי איך האָב שוין פריהער אַמאָל געשריבען), איך האָב געשפּירט, אַז עס קען אונז אין דער דאָזיגער נאַכט קיין שום שלעכטס מיצי פון דעם שונא ניט זיין! מען קען ניט ביי דער נאַכט, אין דער פינסטער, שפּרינגען איבער אַ טייך... אגב איז מיר געווען אַ שאָד מיינע זאַכען... מיט איין וואָרט, מיר האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט. אַ גליק איז געווען וואָס איך האָב גראָד געהאַט אַ קליינע לאַטאַרקע און אַ זאַפּאַס ליכט. מען האָט ווי עס איז פעררירכט דעם דייכסעל, אַבגעגראָבען די בלאָטע פון אונטער דעם צווייטען וואָגען און מיר זענען ווייטער געקראָכען. אַרום דריי אַ זייגער ביי דער נאַכט האָבען מיר אָנגעיאָגט אונזער לאַזאַרעט. די אַלע הורא־פּאַטריאָטען האָבען גאַנץ געשמאַק געשלאָפען אין אַ דאָרף־

הייזעל. איך בין געווען אויף זיי אזוי בייז, אז איך האב זיי אויפגעוועקט פונ'ם שלאף און האב זיי געפרעגט, וואו זיי האבען פערלארען זייער פאטריאטיזם? הא! ער איז פון זיי אנטלאפען פונקט אזוי ווי זיי לויפען איצטער פונ'ם שונא...

איך האב מיך אביסעל אויסגערוהט און פארטאג זענען מיר ווייטער געלאפען, ד. ה. געקראכען.

עס איז געווען א פרייטאג, געדענק איך, און מיר האבען זיך אבגעשטעלט אין א גוט קיקוב. מיט גרויסע שוועריגקייטען און איבערצייגונגען, אז אונז קען דער שונא ניט אניאגען, האבען מיר געפועלט ביי אונזער נאטשאלניק, אז ער זאל זיך דא אבשטעלען אויף א „דניובקע". דאס גוט קיקוב האט געהערט צו איינעם א יודען ה' צוקערמאן. דער בעל־הבית איז אונז ארויס אנטקעגען, איך האב איהם פערזיכערט, אז מיר וועלען איהם קיין שלעכטס ניט טהון. ער האט אונז טאקי זעהר ווארים אויפגענומען, אוועקגעגעבען אין אונזער רשות כמעט זיין גאנצע וואוינונג. ווען איך בין א פערפרוירענער, אנ'אויסגעמאטערטער אריין אין די ווארימע שטיב, האב איך גלייך דערשמעקט א גאנצע סימפאניע פון שבת'דיגע מאכלים: דער ריח פון פריש געבאקטע חלות, פון פריש געקאכטע פיש, פון א טייערען צימעס — האט אזוי געקיצעלט די נאז, אז איך בין געווען גאנץ צופרידען, דאס איך בין א יוד... און איך האב טאקי גענאסען פון אט די אלע מאכלים און עס איז מיר טאקי דעמאלט וואויל געווען!

מיר זענען פערבליבען אין קיקוב דעם גאנצען שבת. שבת פאר נאכט געהט צו צו מיר דער ה' צוקערמאן און פערבעט מיך צו דער מלוה מלכה „איך בעט אייך, ה' דאקטאר, איהר זאלט מיט אונז מיטעסען א בארשטש". אך! איך האב די איינלאדונג אנגענומען מיט גרויס פערגניגען. מען האט מיך אריינגעפיהרט עפעס אין א הינטער־שטיבעל, וואס איז געווען אזוי ווי בעהאלטען פין פרעמדע אויגען; דאס שטיבעל האט אויסגעזעהען האלב ווי א קעלער, א נידעריגס, מיט א קליין פענסטערל. „אט דא, זאגט דער בעל־הבית, דאווענען מיר, דא עסען מיר שבת און יום טוב, מיר ווילען, אז קיין בייז אויג זאל אונז ניט שטערען". אויף דעם פענסטערל איז געשטאנען א חנוכה־לאמפ. דער טיש איז געווען געדעקט. דער בעל־הבית האט געבענטשט די לעצטע חנוכה־ליכטעל... דאס איז געווען פאר מיר אנ'איבערראשונג, ווייל איך האב אינ'ם שטענדיגען לויפעניש גאר פערגעסען פון חנוכה. בעת'ן עסען האט מען מיר דערצעהלט, וואס פאר א רדיפות זיי האבען דא איבערגעלעבט... שווער! אבער אין אזא מאמענט פערגעסט מען פון אלע צרות. דאס גאנצע בילד האט געמאכט אויף מיר דעם איינדרוק פון דער שפאנישער אינקוויזיציע, ווען יודען פלעגען אין די קעלערן, בעהאלטענערהייד, אבריכטען דעם סדר.

---

צומארגענס זענען מיר ארויס פון קיקוב און זענען אוועק קיין סטאפניצא. אריינפאהרענדיג אין דאס שטעדטעל האט זיך געווארפען אין די אויגען אזא בילד: אין געדיכטער בלאטע, פערשלומפערט פשוט ביז'ן האלז, זענען געשטאנען אויסשליסליך יודען, יונגע און אלטע, אפילו גאנץ אלטע מיט לאפאטעס אין די הענד און האבען גערייניגט די גאסען. דאס איז געווען א ריכטיגע עבודת פרך. אויף זיי האט השגחה געהאט א סטראזשניק מיט א

קאנטשיק אין דער האנד און מיט'ן רו־ביישען מי שפרד און מויל... ווי ענערגיש און געטריי ער האט זיין סלוזשבע ערפילט וועגען דעם איז איבעריג צו דערציילען.

ניט אבשטעלענדיג זיך אין סטאפניצא זענען מיר אוועק ווייטער אין א דארף פעטשענאגי, א ווייארסט 6 אונטער סטאפניצא. אין דעם דארף זענען מיר אבגעשטאנען גאנצע צוויי וואכען, ארבייט איז ביי אונז געווען ווייניג, ווייל עס איז שוין געווען ווינטער (ענדע דעצעמבער) און אי'פ'ן פראנט האט זיך אנגעהויבען א פאזיציאנס־מלחמה, ד. ה. ביידע צדדים זענען געשטאנען איינער אקעגען דעם אנדערן אין אקאפעס און קיין גרעסערע שלאכטען זענען שוין ניט פארגעקומען, מחמת עס איז געווען קאלט און די וועגען זענען געווען זעהר שלעכט. עס איז געווען א צייט, ווען דאס חיל האט געהאט די מעגליכקייט זיך לענגער אויסצורוהען.

פון פעטשענאגי זענען מיר אוועק אין א דארף גזשיבאוו, א ווייארסט 5 פון סטאשאוו (ראדאמער גוב.) דא איז ביי מיר ווידער פארגעקומען א שינוי אין מיין סלוזשבע. איך האב בעקומען א נייע שטעלע אלס עלטערער דאקטאר פון איינער דיוויזיאנס־טראנספארט. דער דאזיגער טראנספארט איז געשטאנען אין סטאשאוו און דעם 1־טען יאנואר 1915 בין איך פון גזשיבאוו אוועקגעפאהרען מיט מיין עקיל־פעקיל קיין סטאשאוו. אונטערוועגס זעה איך, ווי עפעס אנ'עלטערער סאלדאט, קענטיג א יוד, טרייבט בהמות. איך פאהר צו נעהנטער און בעמערק ביי איהם אויף דער ברוסט א זשעטאן פון א הויך־שולע. דער פאקט האט מיך פעראינטערעסירט און איך פרעג ביי דעם סאלדאט, ווער ער איז און וואס פאר א הויך־שולע ער האט געענדיגט? עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער איז טאקי א יוד, האט געענדיגט די פעטערבורגער קונסט־אקאדעמיע, ער איז א מאלער און הייסט אב...וו'. „סטיינטש?! פרעג איך איהם, ווי אזוי קומט איהר גאר צו טרייבען בהמות?" — „ע, זאגט ער, איך דאנק גאט דערפאר, בעסער צו טרייבען בהמות, איידער פוילען אין די אקאפעס, שיסען קען איך סיי־ווי־סיי ניט און וואס פאר א סאלדאט בין איך בכלל? א סך רוהיגער איז מיר, וואס איך האב פארלוירען א קוה און ווייס ניט וואס פאר אן עצה מען גיט זיך?" — „וואוהין טרייבט איהר אייער סטאדע?" — „קיין סטאשאוו, וואו עס שטעהט אונזער קארפוס־טראנספארט" — „לאמיר זשע געהן צוזאמען, גאט וועט דאך מסתמא העלפען און איהר וועט קיין עגמת נפש דערפון ניט האבען". און מיר זענען ווייטער אוועק, שמועסענדיג. א פאר ווייארסט פאר סטאשאוו האט מען ווידער געקענט זעהען אזא בילד'ל: ביי די טעלעגראפען־סלופעס זענען געשטאנען אויך אויסשליסליך יודען, דאס רוב אלטע, אין בלאטע און קעלט. זיי זענען דאס געווען די שומרים, זיי האבען געדארפט אבהיטען, אונטער א שטרענגע פעראנטווארטליכקייט פונ'ם גאנצען כלל ישראל, אז עמיצער זאל חלילה די טעלעגראפען דראטהען ניט חרוב מאכען.

אין סטאשאוו האב איך מיך מיט דעם סאלדאט אב...וו געזעגענט און בין אוועק זוכען פאר מיר א וואוינונג. די אפיצירען פונ'ם טראנספארט האבען מיך גאנץ פריינדליך מקבל פנים געווען און האבען מיך דערווייל צוגענומען. דעם ערשטען וויזיט האב איך געמאכט דעם סטאשאווער ראבינער, הר' גראָיבאַרד. ער איז א גאנץ קלוגער מענש און איך פלעג שפעטער מיט איהם אפט האבען וכוחים מעניני דיומא. ער האט מיר טאקי אב־

געגעבען ביי איהם אין וואוינונג א צימער און איך האב מיך ביי איהם געפיהלט גאר ווי אין דערהיים. דא האב איך בעקומען גענויערע ידיעות וועגען דער שרעקליכער הריגה פון 11 יודען אום יום כפור, וועגען וועלכער איך האב שוין פריהער אמאל געשריבען. איך האב מיך בעקאנט געמאכט מיט עטליכע בעלי־בתים פון שטאדט און איך האב אנגעהויבען צו פערגעסען, אז איך בין אויף א מלחמה. ס'איז מיר זאגאר געווען אביסעל אומעטיג אהן שיסערייען פון הארמאטען, אהן דער מוזיק פון פולעמיאטען.

## יא.

אין סטאשאוו האב איך מיך בעקאנט מיט דעם מאלער אב...וו'ס קאמאנדיר. עס איז געווען א גוטער ברודער און איך האב ביי איהם לייכט געפועל'ט, ער זאל איהם געבען עפעס א בכבוד'ערע סלוזשבע. דער קאמאנדיר האט מיין בקשה ערפילט און אב...וו איז געווארען פאטשטער ד. ה. זיין חוב איז געווען צו ברינגען די פאטשט פונ'ם שטאב.

דעמאלט האט זיך ביי מיר אנגעהויבען א בענקעניש אהיים. איך האב געוואלט זעהען מיין פאמיליע. א סך אפיצירען, דאקטוירים און סאלדאטען האבען שוין בעקומען ערלויבנישען צו פאהרען אהיים אויף א קורצע צייט. איך בין טאקע אוועק געפאהרען צום הויפט דאקטאר פון אונזער דיוויזיע און האב ביי איהם געבעטען ער זאל מיר אויף א פאר טעג ערלויבען צו פאהרען קיין ווארשא. דארף גראד מיין נאטשאלניק זיין א משומד און משומדים זענען על פי טבע גרויסע שונאי ישראל. אזא איז ער אויך געווען און ער האט מיר פשוט ניט ערלויבט צו פאהרען.

עס איז מיר געווען זעהר ביטער, ווייל קיין ארבייט האב איך סיי ווי־סיי ניט געהאט, אבער וואס האב איך געקענט מאכען? איך האב דעפעשירט צו מיין פרוי און זי האט זיך געמוזט איינטשיקען אליין שלעפען אויף א פוהר העכער 60 ווערסט פון אסטראוויעץ ביז סטאשאוו. מיין נאטשאלניק האב איך אמת פערשאלטען. גאט איז דאך אבער א טאטע — מאכט זיך א מעשה, אז אין א פאר טעג ארום קומט אראב צו אונז אין טראנספארט דער דיוויזיע נאטשאלניק, א גענעראל און דוקא א גוטער ברודער. נאכ'ן סמאטר האט ער מיט אונז צוזאמען געגעסען פריהשטיק. ביני לביני ווען מען איז שוין געווען אביסעל פערקנאקט, פרעגט דער גענעראל ביי מיין קאמאנדיר, צי ער ערלויבט זיינע אפיצירען צו פאהרען אויף א קורצע צייט אהיים? „ביז פעווראר, זאגט ער, קענט איהר רוהיג פונאנדערלאזען אייערע אפיצירען, און איהר, ה' דאקטאר זענט שוין געווען אין דער היים?" „ניין" ענטפער איך און אינוועניג קיצעלט מיך פאר שמחה. „צי ווילט איהר פאהרען?" — „אך, זאג איך, דאס איז מיין גרעסטער וואונש, איך וואלט מיך געוואלט זעהן מיט מיין גאנצער פאמיליע" — „אלזא, איך ערלויב דעם דאקטאר צו פאהרען", זאגט ער צו מיין קאמאנדיר.

גאר דעמזעלבען טאג בין איך מיט מיין פרוי אוועקגעפאהרען פון סטאשאוו קיין ווארשא און, ניט פערהאלטענדיג זיך דא, זענען מיר געפאהרען קיין ווילנא, וואו עס איז געווען מיין זוהן. איין טאג האב איך פערבראכט אין ווילנא און מיר זענען שוין אלע צוזאמען צוריקגעפאהרע קיין ווארשא. דא האב איך פערבראכט נאר א טעג פיער. ענדליך בין איך אינ'ם „טיל", ווייט פון דער פאזיציע. איך האב מיך צוגעקוקט צו דעם לעבען אין דעם

דאָזיגען „טיל". אַ שווערען איינדרוק האָט דאָס לעבען אויף מיר געמאַכט. עס זענען צוויי וועלטען: דאָרטען ליגען מענשען אין בלאָטע, אין נאַסקייט, אין קעלט, פערלייזיגט, האַלב־הונגעריגע, האָבען ניט די מעגליכקייט וואָכענלאַנג זיך אויסצוטהון און צו אַלעם דעם שטעלען זיי יעדע סעקונדע זייער לעבען אין סכנה און דאָ... אין ליהודים! די קאַוויאַרניעס, די קינעמאַטאָגראַפען, די טעאַטערס זענען פול מיט מענשען, די אָפיציערען, וואָס זיי איז געלונגען צו דינען ווייט פון פראָנט, זענען אויסגעפוצט און לעבען אַ גוטען טאָג, די דאַמען זענען אויך פערפוצט אין עסיג און אין האָניג, די בריליאַנטען בלישטשען. עס זענען צוגעקומען אַ מאַסע קאַראַקולענע זשאַקעטען... יאָ, שוין דעמאָלט האָב איך איינגעזעהן, אַז די מלחמה איז פאַר וועמען אַ מוטער און פאַר וועמען אַ שטיף־מוטער. שוין דעמאָלט האָב איך קלאָר פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ תהום עס ליגט צווישען דעם פראָנט און צווישען דעם „טיל"; שוין דעמאָלט האָט מען געקענט פאָראויסזאָגען, אַז רוסלאַנד וועט די מלחמה בשום אופן ניט געווינען.

איך בין צוריקגעקומען פון וואַרשא קיין סטאַשאָוו. דאָ האָט מיך ערוואַרט אַן עגמת נפש. ווען מיינע אָפיצירען פון'ם טראַנספּאָרט האָבען מיך דערזעהן, האָבען זיי מיר געזאָגט, אַז דער דיוויזיאָנס־דאָקטאָר, דער משומד, האָט זיך דערוואוסט, דאָס איך בין אָהן זיין וויסען אוועקגעפאָהרען קיין וואַרשא, און ער האָט אפנים זיך אַרויסגעזאָגט וואָס איך וועל האָבען פון איהם דערפאַר אַ פסק. איך בין טאַקע באַלד צו איהם אוועקגעפאָהרען, ער האָט מיך גאַנץ קאַלט אויפגענומען, ער האָט מיר אָבער גאָרניט געזאָגט און איך בין צוריקגעקומען אַ היים אַ בערוהיגטער. ווי גרויס איז אָבער געווען מיין פערדרוס, ווען באַלד אויף מאָרגען אין דער פריה קומט אַריין צו מיר עפּעס אַ יונגער דאָקטאָר און זאָגט מיר, אַז ער איז בעשטימט אויף מיין שטעלע אין טראַנספּאָרט און איך מוז מיך מטריח זיין צוריק אין פאָלק אַריין. די מעשה האָט מיך זעהר אויפגערעגט. סהייסט? ווייניג האָב איך אָבגעפינסטערט אין'ם פאָלק? איך האָב פערשטאַנען, אַז דער משומד איז זיך נוקם אין מיר. איך האָב אָבער באַלד בעשלאָסען זיך נישט אונטערצוגעבען. איך בין תיכף אוועקגעפאָהרען אין דיוויזיע־שטאַב צום גענעראַל, וועלכער האָט מיר ערלויבט צו פאָהרען, האָב איהם די גאַנצע מעשה דערצעהלט, און צוליעב זיין ערלויבניש אייגענטליך איז פערקאָכט געוואָרען די גאַנצע קאַשע. ער האָט מיך בערוהיגט און האָט געפועלט, אַז דער משומד זאָל זיין בעפעהל צוריקציהען און דער יונגער דאָקטאָר האָט זיך געמוזט צוריקקעהרען אין פאָלק. פון דענסטמאָל אָן איז אָבער צווישען מיר און מיין דיוויזיאָנס־דאָקטאָר דורכגעלאָפען אַ שוואַרצע קאַץ.

איך האָב אָנגעהויבען רוהיג צו לעבען אויף איין אָרט. איך האָב ווידער געהאַט די מעגליכקייט זיך גוט צו צוקוקען צום לעבען אין'ם טאָהנטען „טיל". עס האָט זיך בשעת געוואָרפען אין די אויגען יעדער פאַקט, אַז דער פאַטריאָטיזם איז זעהר ווייט פון'ם רוסישען מיליטער. ביי אונז אין טראַנספּאָרט, למשל, האָב איך געהאַט משונה'דיגע בעווייזען, ווי אַזוי מען פלעגט גנב'ענען און ראַבעווען דאָס פאָלקס־געלד. אונזער קאָמאַנדיר איז געווען פון די אָפיצירען, וואָס האָבען אין פרידענס־צייט ניט געקאָנט מאַכען קיין קאַריערע און מען האָט איהם דעמאָלט בשום אופן נישט בעשטימט פאַר אַ

קאמאנדיר פון וועלכען ס'נים איז מיליטער־אבטיילונג. דאס איז געווען א שיכור, וועלכער האט נור געקוקט אויף די פינגער. זיינע אפיצירען האבען אויך געשטרעבט נור צו מאכען די אפּאטיקע ביי דער מלחמה. אונז'ם טראנספארט זענען געווען איבער 500 פערד. פלעגט מען, פערשטעהט איהר מיר, געבען די דאזיגע חיות א העלפט היי, א העלפט האבער און די אנדער העלפט פלעגט צוטיילט ווערען צווישען די אפיצירען און דעם קאמאנדיר. קונציג פלעגט ער אבנעהמען זיין שכר. יעדען 20־טען פלעגען מיר זיך ביי איהם צונויפקומען, כדי צו בעקומען אונזער געהאלט. „לאמיר די דאקטוירים (עס איז ביי אונז געווען אויך א וועטערינאר־דאקטאר) צוערשט אבפערטיגען", פלעגט ער זאגען. און אמת פלעגט מען טאקע צוערשט ארויסגעבען אונזער געהאלט. מיר פלעגען באלד אוועקגעהן און, ווי עס האט מיר שפעטער, אין א נ'אפענהערציגער מינוט, דערצעהלט איינער פון די אפיצירען (דער ארעגנטליכסטער און דער עהרליבסטער), פלעגט דער קאמאנדיר יעדען אפיציר ארויסגעבען נור א טייל פון זיין געהאלט (אנשטאט 180 רובל, למשל, נאר 80 רובל)... אלע אפיצירען האבען געשוויגען, ווייל ביי קיינעם זענען די הענד ניט געווען ריין. אבער, ווי פלעגט דער דאזיגער קאמאנדיר ביים טיש ארויסזאגען זיינע פרעטענזיעס בנוגע צו יודען? איך האב א צייט געשוויגען, אבער איינמאל האב איך מיך ארויסגעריסען און האב איהם אויסגעמאלט ווי אזוי עס פיהרען זיך קריסטען און רוסען דערצו. איך האב איהם געגעבען אזוינע ראיות, אז ער האט שוין געמוזט שווייגען און מעהר די יודישע פראגע אין מיין געגענווארט ניט בעריהרען.

---

## יב.

ביי מיר אין טראנספארט איז געווען א וועטערינאר־דאקטאר, א פאליאק. דאס איז געווען א שלאכטשיץ דורך און דורך. איך האב מיך מיט איהם זעהר בעפריינדעט. עס פלעגט אונז גאנץ אפט אויסקומען ארומצורעדען די יודיש־פוילישע בעציהונגען. ער איז ניט געווען קיין אויסגעשפראכענער אנטיסעמיט; פערקעהרט, וועגען יודען, מיט וועלכע ער פלעגט האבען צו טהון, האט ער זיך גאנץ גוט אבגערופען, אבער זיינע אנשויאונגען וועגען דער אלגעמיינער לאגע פון יודען אין פוילען זענען געווען ריין נאראדאווא־דעמאקראטישע. אין איינעם פון אונזערע אפטע געשפרעכען, האט ער ארויסגעזאגט די אלטע מיינונג, אז איינגענטליך זענען די בעציהונגען פון די פאליאקען צו די פוילישע יודען אלעמאל געווען גאנץ גוטע, נאר די אנגעקומענע „ליטוואקעס" האבען אריינגעטראגען א דיסאנאנס אין די בעציהונגען און זיי האבען דאס כלומרשט געבראכט צום אנטיסעמיטיזם. הערענדיג די ווערטער, האב איך גאנץ קאלטבלוטיג געגעבען צו פערשטעהן מיין חבר, ווי פאלש און ווי נישטיג אזא מיינונג איז, וואס האבען אייגענטליך, זאג איך איהם, די אזויגערופענע ליטוואקעס שלעכטס געטהון דעם פוילישען פאלק? פערקעהרט, זייער אנקומפט קיין ווארשא האט געבראכט צו אויפלעבונג פונ'ם פוילישען האנדעל, זיי זענען אהער געקומען מיט קאפיטאלען און האבען געעפענט דעם גרויסען, ברייטען רוסישען מארק פאר די ווארשאווער און לאדזער סחורות. זיי האבען זיך ניט אבגעשטעלט פאר די גרעסטע נסיונות: ווען קיין אייזענבאהן איז נאך אין סיביר ניט געווען, זענען זיי פער אקס חדשים לאנג געפאהרען, שטעלענדיג זייער לע־

בען אין סכנה, דורך די סיביריער סטעפעס און האבען אומעטום געפונען נייע פליצער פאר'ן ווארשאווער האנדעל און אין ווארשא האט טאקע פון דעמאלט אן דער האנדעל אנגעהויבען צו בליהען. אמת, די פרישע געקומענע „ליטוואקעס“ האבען קיין פויליש ניט געקענט רעדען, זיי זענען געווען ווייט פונ'ם פוילענטום, דערפאר אבער זענען זייערע קינדער שוין ערצויגען געווארען מיט דער פוילישער שפראך. צו זוכען די סבה פונ'ם פוילישען אנטיסעמיטיזם אין די ליטוואקעס קומט אויס פונקט אזוי, ווי די רוסישע רעגירונג סטארעט זיך צו בעווייזען אז די סבה פון אלע איהרע אומגליקען שטעקט אין די יודען בכלל. דער אנטיסעמיטיזם אין פוילען עקזיסטירט שוין פון לאנג אן, א סך פריהער, ווי די ליטוואקעס זענען געקומען קיין פוילען. אין קיין לאנד איז דער יוד ניט געווען אזוי פערקנעכטעט, ווי אין פוילען; אין קיין אנדער לאנד האט קיינער ניט פערלאנגט פונ'ם יודען, ער זאל איהם פאלען צו די פיס, ער זאל זיך פאר איהם בוקען; קיין אנדער אויסדריק ווי, למשל: „פלוחאי, מאשקא, מאך מיר דאס און דאס!“ האבען די יודען אין פוילען ניט געהערט. אין טאמער האט זיך א טייל פון דער יודישער אינטעליגענץ געוואלט צופאסען צום פוילישען פאלק, זיך הייסט עס, אסימילירען, פלעגט מען זיי אין דער פוילישער געזעלשאפט ניט אריינעהמען; אפילו געשמד'טע יודען זענען אויך געווען טרף־פסול. ווייטער פערענטפערסטו דעם פוילישען אנטיסעמיטיזם מיט דער שטעלונג פון דער רוסישער רעגירונג, וועלכע האט מיט איהרע פעראָרדנונגען די יודענפרעסעריי געשטיצט. דאס איז אויך ניט גאנץ ריכטיג, ווייל אין גאליציען, וואו די פאליאקען זענען געווען אויטא־נאָמ.ש, איז דער אנטיסעמיטיזם אויך געווען גענוג גרויס. אט איך בין געבוירען אין פוילען און פון קינדהייט אויף געדענק איך גאנץ גוט די אנטיסעמיטישע שטימונג, וואס האט געהערשט צווישען דער פוילישער אינטעליגענץ פון מיין שטאדט. שלעכט איז, וואס אין פוילען געהט דער אנטיסעמיטיזם פון אויבען, ד. ה. פון דער אינטעליגענץ, ניט פון אונטען, ד. ה. פון המון. נעהם די פוילישע צייטונגען. אציגער איז דאך אזא שרעקליכע מלחמה, וואו פעלקער קעמפען פאר זייער עקזיסטענץ, וואו די צרות און פלאגען פון דער מלחמה דארפען, דאכט זיך, פעראייניגען די פאליאקען מיט די יודען, פינדעסטוועגען וועסטו ניט געפינען כמעט קיין איין איינציגע פוילישע צייטונג, וועלכע זאל זיין אהן גיפט און בלבולים אויף יודען. דו ביזט דאך מיט מיר צוזאמען אזא לאנגע צייט, מיר קומען שטענדיג אין בעריהרונג מיט יודען, זאג, אדרבא, וואס האסטו שלעכטס געזעהן פונ'ם יודען. צי האסטו אמאל געזעהן א יודישען שפיאן? מיר זענען דאך שוין אזא לאנגע צייט אויפ'ן סאמע פראנט. אמת, מיר האבען געזעהן, ווי מען פיהרט ארעסטירטע יודען, מיר האבען אבער אויך געזעהן, אז מען פיהרט ארעסטירטע פאליאקען אויך, אפילו רוסען. טאמער געפינט זיך אמאל צווישען יודען א שפיאן, געפינט ער זיך צווישען די פאליאקען און רוסען אויך. פונדעסטוועגען וועל איך ניט בעשולדיגען דאס גאנצע פוילישע אדער רוסישע פאלק פאר די פוילישע אדער רוסישע שפיאנען. וואס זאל דער יוד טהון? וואו זאל ער זיך בעהאלטען? קומען די עסטרייכער, שרייט מען, אז יודען זענען געטריי דעם רוס, קומען ווידער די רוסען, שרייט מען אז זיי זענען געטריי דעם עסטרייכער און

מיר ווייסען דאך, מיט וואס פאר א פאראד די פאליאקען פלעגען מקבל פנים זיין די עסטרייכער און דאס רוב שטעדט ביי זייער אריינטריט. און דאס איז געווען דעמאלט גאנץ נאטירליך. דו זעהסט דאך, וואס עס טהוט זיך אין דער רוסישער ארמעע, דו ווייסט דאך גאנץ גוט, ווער און ווי עס ראבעוועט דאס פאלקסגעלד, אט נעהם ביי אונז אין טראנספארט, למשל. ווער גנב'עט, ווער גיט די פערד ניט צו עסען, ווער שרייבט פאלשע השבונות? ניט קיין יודען. דערמאהן דיך די רויבערייען, די גנבות, וואס זענען פארגעקומען אין דער רוסיש־יאפאנישער מלחמה! דארטען האבען זיך יודען גאר ניט בעטייליגט. צו וואס זשע קען ברענגען אייער יודענפרעסעריי? סיי ווי סיי, דער יוד, וואס פיהלט זיך דא ניט גוט, אנטלויפט פון דאנען וואו פעפער וואקסט. דו זאגסט אז יודען לעבען אבגעזונדערט, האלטען זיך צוזאמען און היטען אב זייערע מנהגים און דאס צייכט אויף די קריסטען. פרעג איך דיך איז עס ריכטיג? צי די פאליאקען אין אמעריקא, אין רוסלאנד, אין פראנקרייך שטרעבען ניט זיך צוזאמען צו האלטען, צו האבען פוילישע שקאלעס און ערציהען זייערע קינדער אין'ם פוילישען גייסט? מען מוז אונז, יודען, אנערקענען אלס פאלק, וועלכעס וואוינט דא הונדערטער יאהרען, וועלכעס ערפילט אלע זיינע בירגערליכע חובות. צי איז ניט פיעל גלייכער פאר אייך, פאליאקען, איהר זאלט אויפהערען צו פערפאלגען דעם יודען, איהר זאלט מיט איהם בעסער לעבען בשלום, דאס וואלט געווען א סך געזונדער פאר פוילען.

מיין חבר האט מיך גאנץ אויפמערקזאם אויסגעהערט און האט מיר געענטפערט: „מאַש ראַציע, קאַחאַני, איך מוז דיר אפילו זאגען, אז ביי מיין טאטען איז גוט איז געווען א יוד, א רזאנדצע איבער 30 יאהר און ער איז פון איהם געווען גאנץ צופרידען, ער איז געווען מיין טאטענס אנ'אמת'ער גוטער פריינד, איך געדענק איהם נאך עד היום. ליידער זענען די יודיש־פוילישע בעציהונגען אזוי פערפלאנטערט, אז ס'וועט לאנג געדויערן ביז ס'וועט זיך איינשטעלען א נארמאלער לעבען צווישען אונז און די יודען“.

ניט איינמאל שפעטער האבען מיר בערוהרט די יודענפראגע, ניט איינמאל איז מיר מיין חבר מודה געווען, אז איך האב רעכט. איצט טרעף איך מיך מיט איהם גאנץ אפט, מיר שמועסען וועגען דער איצטיגער לאגע; ער איז גאנץ אויפגעבראכט אויף דער פוילישער פרעסע, אויף די פערשיעדענע העצערייען, אויף די אנטיסעמיטישע פראקלאמאציעס. אבער ס'איז ווי א פייג אין קעשענע, ער וועט אפען ניט ארויסטרעטען און איך גלויב קוים, צי ער זאגט ארויס דיזעלבע זיינע מיינונגען אין'ם קרייז פון זיינע גוטע בעקאנטע?

---

## יג.

עס איז שוין אריבער צוויי חדשים און מיר זיצען נאך אלץ רוהיג אין סטאשאוו. איך האב געהאט די מעגליכקייט זיך גוט צוצוקוקען צום לעבען פון דעם שטעדטיל. פערהעלטניסמעסיג האבען איצט די סטאשאווער יודען געלעבט רוהיגער ווי אין אנדערע שטעדטלעך, ווייל דער איצטיגער קאמענדאנט איז געווען זעהר אנ'ארענטליכער מענש. אום שבת האבען די יודישע געוועלבער געמוזט זיין אפען, דערפאר אבער אויף יום טוב פלעגט דער קאמענדאנט ערלויבען

צוזאַמאַכען די געוועלבער, און אַנדערע שטעטלעך איז דער פאַל ניט געווען. שפּאַצירענדיג איינמאָל איבער די סטאַשאָווער גאַסען (מישטיינס געזאָגט, אין גאַנצען פערמאָגט סטאַשאָוו 4 אָדער 5 גאַסען) מיט מיינעם אַ חבר, אַנ'אָפּיצ.ר, האָב איך בעמערקט, ווי אַ קליין יודיש יונגעל פערהאַלט עטליכע רוסישע אַביצירען און מאַכט זיי שענדליכע פאָרשלאַגען. איך בין פון דעם פאַקט אַזוי אויפגערעגט געוואָרען, אַז איך בין צוגעלאָפען צו דעם דאָזיגען יונגעל און האָב איהם מיט גרויס כעס גוט אויסגעדרייט זיינע אויערן און האָב איהם אוועקגעפיהרט צו זיין פאָטער, וועלכען איך האָב געגעבען צו פערשטעהען, אַז ער שפּיעלט זיך מיט פייער, אַז אַזוינע מעשים פון זיין זוהנד'ל קענען האָבען שרעקליכע פאָלגען פאַר'ן כלל ישראל. דער טאַטע איז אָבער אַ פּנים געווען נישט בעסער פון זיין זוהן. דערינבער האָב איך דערצעהלט וועגען דער מעשה דעם רב גרויבאַרד. ער האָט געשיקט רופען דעם דאָזיגען יודען און מיר האָבען איהם נאָכאַמאָל ערקלערט זיין חטא. פון דעמאָלט אָן איז שוין טאַקי מעהר אַזוינס ניט פאָרגעקומען. אגב פלעג איך אַליין גאַנץ אָפט קאָנטראָליהען די גאַסען. דאָס יונגעל האָט פאַר מיר געציטערט.

גראָד אין דער צייט האָב איך בעקומען אונטער מיין מעדיצינישער השגחה צוויי פעלד-בעקערייען, וועלכע זענען געווען אין סטאַשאָוו. היות, אַז אַזוינע בעקערייען געפינען זיך ווייט פון דער פּאָזיציע, זענען דאָך דאָרטען קיין שום יודישע סאָלדאַטען ניט געווען. ויהי היום קומען אהינצו פלוצים אָן אַ סך יודישע סאָלדאַטען, וועלכע מען האָט אַרויסגענומען פון די אָקאָפּעס. איך בין געוואָרען נתפעל, ס'הייסט? ביז איצט האָט דאָך אַ ייִד ניט געטאָרט זיין אפילו קיין שרייבער אין ראָטע, קיין סאַניטאַר און אָקאָלאָדאָק. אַלע יודען, האָבען לויט די בעפעהלען געמוזט ליגען אין די אָקאָפּעס. מען האָט עס שטרענג קאָנטראָלירט אויפ'ן שענדליכסטען אופן. איך האָב אויסגעפאָרשט די זאַך און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ס'איז געקומען אַ בעפעהל, מען זאָל אַלע יודען פון די אָקאָפּעס אַוועקשיקען אין טיל, ווייל זיי זענען אַלע „שפּיאָנען". דעם בעפעהל האָב איך אַליין געלעזען: דאָס איז געמיינט, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט וועגען איינער פון די שענדליכסטע ראָקאָרואַרויסגעגעבען. די שטימונג פון די אַרויסגעטריבענע יודען איז געווען שרעקליך, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס מען האָט זיי אַרויסגענומען פון די אָקאָפּעס, וואָס זייער לעבען איז איצט ניט געווען אין קיין סכנה; צווישען די סאָלדאַטען זענען געווען מעהרערע מיט געאָרגי-קרייצען אויף דער ברוסט. אין אַ וואָך אַרום איז ווידער געקומען אַ נייער בעפעהל, מען זאָל אַלע יודישע סאָלדאַטען דורכאויס אַוועקשיקען אין די אָקאָפּעס, מען זאָל זיי אַרויסנעהמען פון אַלע בעקערייען, שפּיטעלער, טראַנספּאָרטען, וואָס געפינען זיך אין טיל. און ווידער אַמאָל האָב איך געלעזען אַ שענדליכען בעפעהל. און ווידער אַמאָל האָב איך איינגעזעהען, אַז די רוסישע רעגירונג, די נאַטשאַלניקעס פון פראָנטען, פון אַרמעען, פון קאָרפּוסען טראַכטען גאַנץ ווייניג וועגען דער מלחמה, אַז זייערע רעיונות זענען נאָר פערנומען מיט יודענפרעסעריי, זיי האָבען נאָר געזוכט מיטלען, ווי אַזוי צו בעקעמפּפען דעם יודען, ניט דעם דייטש. וואָס זשע האָט געקענט דערפון אַרויסקומען פאַר רוסלאַנד? מיר זעהען עס איצט בעשיינפערליך.

ביי אונז אין טראנספארט איז געווען א פריווילינער סאלדאט, א משומד, דאס איז געווען א ווארשאווער דאקטאר'ס א זונדל. דער טאטע זיינער איז געווען א פערברענטער אסימילאטאר. דער דאזינער סאלדאט איז געווען א הייסער קאטאליק. ער פלעגט לויפען אין קאסציאל טויזענד מאל מעהר, ווי די אמת'ע קאטאליקען אונזערע, ער פלעגט אויפ'ן גאס קושען די האנד ביים קסיאנדז; אויף דער ברוסט האט ער געטראגען א גרויסען צלם און וואו ער האט נאר געקענט האט ער זיך געסטארעט ארויסצוווייזען זיין פרומקייט; דערביי פלעגט ער ארויסווייזען זיינע אנטיסעמיטישע אנשויאונגען. איין אומגליק האט ער אבער געהאט: רויטע וואנצעס מיט א גרויסער נאז, אזא נאז, אז קיין שום צלם האט זי ניט געקענט בעדעקען און צוליעב דער נאז האט ער טאקי געליטען א סך צרות. קיינער פון אונזערע קריסטען אינ'ם טראנספארט האט איהם ניט געקענט אנקוקען, ער פלעגט קריכען צו די אפיצירען, ער פלעגט טאנצען ארום קאמאנדיר, ער פלעגט אלעמען חנפ'ענען אלע פלעגען אבער פון איהם ווייכען, ניט איינמאל האבען מיר מיינע פריינד, די אפיצירען, ארויסגעזאגט זייער מיינונג וועגען דעם פארשוין. „דיך, פלעגען זיי מיר זאגען, האבען מיר גאנץ גערן, מיר ליבען דיך דערפאר, וואס דו רעדסט אלע מאל אפען, וואס דו ביזט שטאלץ מיט דיין יודענטהום, וואס דו זאגסט אונז אלעמען תמיד דעם אמת, אבער דעם פארשוין קענען מיר ניט ליידען דערפאר, וואס אלע זיינע מעשים זענען פאלש, ער האלט זיך פאר א הייסען פאליאק, ווערענד ער קען קיין פאליאק ניט זיין, פאר א פערברענטען קאטאליק, ווערענד עס איז אוממעגליך ער זאל זיין א אמת'ער קאטאליק. מיט'ן קאטאליציזם ווערט מען געבארען. איהם קען מען ניט גלויבען, חאטש ער צלמ'ט זיך יעדע מינוט, חאטש ער טראגט א צלם, וואס איז גרעסער פון איהם אליין, „ווסטרענטני טשלאוויעק!" אט פונקט אזא פנים האבען ביי די פאליאקען אלע משומדים. אונזער משומד האט פאר מיר געציטערט, וויל איך פלעג איהם אהן רחמנות שניידען דעם אמת און א משומד האט על פי טבע מורא פאר דעם אמת...

דערווייל האט זיך אונטערגערוקט דער ליבער פסח. מיין משומד, דער דיוויזיע־דאקטאר, האט מיר בשום אופן ניט ערלויבט צו פאהרען אהיים אויף יום טוב, חאטש מיר זענען רוהיג געשטאנען און קיין ארבייט האב איך ניט געהאט. פאר מיר איז עס געווען א גרויסער נסיון, וויל פון אלע אונזערע ימים טובים האב איך אממעהרסטען ליעב געהאט פסח עס האט זיך מיר שטארק געוואלט אבריכטען דעם סדר לויט אונזער אלטער טראדיציע. דעריבער האב איך מיט גרויס פערגניגען אנגענומען דעם סטאשאווער רב'ס איינלאדונג צו זיך אויף פסח. ביים טיש זענען געזעסען, אויסער דעם רב'ס גרויסע הויזגעזינד, עטליכע יודישע סאלדאטען און איך. דער סדר האט געטראגען א פאטריארחאלישען חאראקטער. מען האט זיך געזעצט צום טיש שפעט אין דער נאכט, ארום האלב צוועלף. די ערשטע העלפט פון דער הגדה האט געדויערט א שעה אנדערטהאלבען—צוויי. צו יעדען קאפיטעל האט דער רב געהאט א לאנגען פירוש. אין זיינע אינטערעסאנטע פרושים האט ער אנגערירט פיעל פראגען מעניני דיומא. ער האט ארויסגעוויזען א גרויסע קענטשאפט אין דער פילאזאפיע. איך האב מיך איבערצייגט, אז דער רב איז א גאנץ קלוגע

און א אייראפעאיש געבילדעטער מענש. דער פסח איז אונז אבער געשטערט געווארען דורך דער אכזריות'דיגער פעראָרדנונג פון דער רוסישער מאכט, מען זאל פון יעדען שטעדטיל נעהמען זאקלאדניקעס. אזא גורל איז אויך געפאלען אויף דעם סטאשאווער רב. חול המועד פסח איז מען געקומען איהם ארעסטירען און מען האט איהם געוואלט תיכף ומיד מיט פאליציי ארויספיהרען פון דער שטאדט. ער איז אבער דעמאלט געווען ניט אין גאנצען געזונד און איך האב מיט גרויס מיה געפועלט ביי דער פאליציי און ביי דעם קאמענדאנט, אז מען זאל איהם תאטש איבער יום טוב לאזען אין דער היים. און נאך א שענדליכע פעראָרדנונג איז מען בעגאנגען בנוגע צום רב, דהיינו: מען האט ביי איהם אין שטוב אוועקגעשטעלט א פאליציאנט, וועלכער האט איהם געדארפט היטען... עס האט גאר ניט געהאלפען און דער רב האט נעביך געמוזט מוצאי פסח אפפאהרען קיין לובלין און פון דארטען קיין באברויסק.

---

## יד.

ווי איך האב שוין פריהער אמאל געשריבען, האט דער סטאשאווער קאמענדאנט ערלויבט צו האלטען פערמאכט די יודישע געוועלבער אין משך פון דעם גאנצען פסח. דאס האבען אבער אויסגענוצט די קריסטליכע קרעמער און האבען געהעכערט די מקחים אויף אלע סחורות. אפילו פאר ברויט האבען זיי גענומען דאס דרייפאכע אזוי, ואז דער קאמענדאנט האט עטליכע קריסטליכע געוועלבער פערמאכט און האט דערביי געמוסר'ט די סוחרים: „זעהט, איהר זענט געגען יודען, איהר שרייט, אז יודען מאכען אן א יקרות און אליין שינדט איהר אראב די הויט ביים קונה, שעמט אייך!“

אט אין אזא גיהנום האט דער יוד געדארפט לעבען! פון אלע זייטען איז ער געווען געשטיקט: פון איין זייט האט איהם געפייניגט די רוסישע רעגירונג מיט כל'ערליי גזירות, און פון דער צווייטער זייט האט ער געליטען פון דער פוילישער בעפעלקערונג. נאר די היסטאריע בעצאהלט אבער פריהער אדער שפעטער פאר אלע מעשים. דאכט זיך אט נאר וואס האב איך געלעזען פערשידענע בעפעהלען פון דער רוסישער מיליטער־מאכט געגען יודען, דאכט זיך אט נאר וואס האט מען גענומען אונשולדיגע מענשען און אוועקגעשיקט אלס זאקלאדניקעס, וואו פעפער וואקסט. מען קעמפפט מיט דעם יודען און מען איז איהם לייכט מנצח און אין מיטען הרינען ווערט פלוצים אויפ'ן פראנט א מהומה און מען הויבט אן צו לויפען... די פיינפטע לויפעניש האב איך געהאט פון סטאשאוו.

דעם 28 אפריל 1915 האבען מיר פון סטאשאוו אין מיטען דער נאכט קוים בעוויזען זיך איינצופאקען און מיר האבען אנגעהויבען ווידער צו שפרייזען איבער בערג און טהאלען. עס איז געווען וועסנע־צייט און איצט צו מארשירען איז געווען גאנץ אנגענעהם. אונטערוועגס האט אונז דער שונא אפילו אביסעל געשטערט, ווייל זיינע אעראפלאנען האבען אונז טאג־טעגליך בעגלייט: ער פלעגט אראבווארפען באמבעס אדער שארפע פיילען. קיינעם פון אונז האט אבער ניט געשאדט. מיר זענען אדורך אפאטאוו, ראחוב און האבען זיך אבגעשטעלט אין א גרויסען דארף לישניקדוזשי, א וויארסט 8 פון קראסניק. ווי דער שטיי־

נער איז געווען האבען מיר פערנומען די דארף־הייזלעך, אבער דארטען זענען געווען אזוי פיעל פערשיעדענארטיגע שרצים, אז עס איז געווען אונמעגליך צו שלאפען רוהיג א מינוט, דעריבער האב איך מיר געהייסען אויסשטעלען אין גארטען א פאלאטקע, וואו איך האב מיר איינגעארדענט א גאנץ בעקוועמע דירה. דא האבען מיר אויך געפיהרט א רוהיג לעבען. מען האט שפאצירט אין די פעלדער און וועלדער, פונקט ווי אויף א דאטשע.

אין דעם דאזיגען דארף האט געוואוינט איין איינציגער יוד מיט א גרויסער משפחה, צו וואוינען אייניטשקער אליין אין א דארף איז אין יענער צייט געווען פאר א יודען א גרויסער נסיון; וואס האט ער אבער געקענט מאכען, מען מוז דאך זוכען חיונה. איינמאל האט דער יוד מיר געבראכט פערשיעדענע פראדוקטען, איך בין אבער דעמאלט אין דערהיים ניט געווען. עטליכע פון אונזערע סאלדאטען, דערזעהענדיג, אז א יוד דרעהט זיך ארום אונזער וואוינונג, האבען איהם אהן שאלות אנגעהויבען צו שלאגען. דעריבער זענען געשטאנען די דארטיגע פויערים, וועלכע האבען איהם גאנץ גוט געקענט; קיינער פון זיי האט אבער פאר דעם יודען קיין גוט ווארט ניט געזאגט. פערקעהרט, זיי האבען נאך אונטערגעהעצט די סאלדאטען. אמת, ווען איך האב מיר דערוואוסט פון דער געשיכטע, זענען די סאלדאטען שטרענג בעשטראפט געווארען. צי האט מיך אבער די שטראף געקענט בערוהיגען און צופריעדענשטעלען? איך האב א איבעריגען מאל קאנסטאטירט, אז עס זענען נאך דא א סך מענשען אויף דער וועלט מיט טהירישע אינסטינקטען, אז עס וועלען נאך אריבערגעהן א סך יאהרען ביז די אומות־העולם וועלען פערשטעהן, אז דער פראגרעס פון דער מענשהייט געהט צוגלייך מיט דעם פריעדליכען צוזאמענלעבען, אז מיט רציחה, מיט זלזולים, מיט מענשען־פרעסעריי קאן מען קיין לאנגען קיום אויף דער וועלט ניט האבען.

איך פלעג גאנץ אפט פאהרען פון לישניק קיין קראסניק. דאס איז א גאנץ שעהן שטעדטעל אין לובלינער גוב. דארטען האב איך מיר בעקאנט געמאכט מיט עטליכע יודישע פאמיליעס. אויך דא האב איך אויסגעהערט גאנצע מגילות וועגען רדיפות אויף יודען. מען האט מיר דערצעהלט, ווי מען האט געהאנגען דעם קראסניקער רב בלויז דערפאר, וואס ער האט ניט ארויסגעגעבען די נעמען פון די 16 יודען, וועלכע האבען כלומר׳שט מקבל פנים געווען די עסטרייכער מיט זאלץ און מיט ברויט, ווי מען האט געהאנגען דעם קאזיאנעם רב, צוויי יודישע קצבים און אנדערע. און וועגען די קריסטען, וואס זענען ארוים אקעגען די עסטרייכער מיט פאראד האט מען געשוויגען, ווי אומעטום. מען האט מיר דערצעהלט, אז אויף שווערע ארבייט צו גראבען אקאפעס, צו פעהריכטען שאסייען האט מען געצוואונגען אויסשליסליך יודען, יונג און אלט, אזוי ווי אומעטום. איך האב מיך באמת געוואונדערט, פון וואנען נעהמען די יודען אזוי פיעל כח, פון וואנען האבען זיי אזא לעבענסקראפט, דאס אלץ אריבערצוטראגען; איך האב מיך געוואונדערט, אז עס געפינט זיך נאך א יוד וואס גיט אמאל א שמייכעל. עס האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז אין אזא לאגע האבען געמוזט זיין יודען נאר ווערענד דער אינקוויזיציע אין שפאניען, ווען מען האט מורא געהאט פאר דעם איינגענעם שאטען.

און שטעלט אײַך פאָר, אַז אײנמאָל קומענדיג צוריק אַהײם פון קראַסניק קײן לישניק געפין איך אויפ'ן טיש אַ געהײמען בעפעהל פון דער מיליטערישער מאַכט צו מײן קאָמאַנדיר, אַז ער זאָל אין משך פון דרײ טעג צושטעלען זײן מײנונג װעגען דער פּאָליטישער כשר'קײט פון זײנע יודישע סאָלדאַטען, יודישע דאָקטוירים און פון דער יודישער בעפעלקערונג בכלל... צי װײסט איהר אָבער װ ע ר עס האָט געדאַרפט געבען זײן מײנונג װעגען דעם ענין? אַ שכור, װעמענס הענד עס האָבען זיך שוין פון שכרות געטרײסעלט, אַ פּחדן, װעלכער האָט זיך מיט כל הקונצען אַרויסגעדרעהט פון די אָקאָפּעס, אַ גנב, װעלכער האָט געגנב'עט בײ די פערד זײערע פאַרציעס און דאָס געלד זיך אין קעשענע געלעגט, אַ גזלן, װעלכער פלעגט פאַר דאָס מינדעסטע צובלוטיגען אַ סאָלדאַט... אָט אַזאַ פאַרשוין האָט געדאַרפט געבען װעגען מיר אַ מײנונג!

איך האָב איהם טאַקי מיט איראָניע געפרעגט: „װאָס זשע װעסטו ענטפערן?“

— „ס'הײסט? איך װעל שרײבען, אַז קײן גרויסע פּאַטריאָטען זענען די יודען נים, אַז זײ האָבען ליעב די קאָפּיקע“.

הערענדיג אַזוינע װערטער האָב איך שוין אויף קײן זאַך ניט געקוקט און האָב איהם אָפען, אפשר צו אָפען אָנגעװיזען אויף זײן פּאַטריאָטיזם, אויף זײן העלדישקײט, אויף זײן שכרות, אויף זײנע גנבות, אויף די גנבות פון זײנע אָפיצירען. איך האָב געהאַט ממשות'דיגע בעװײזען, דעריבער האָט ער גאָר געשװיגען און האָט מיר אין אַ פּאָר מינוט אַרום געזאָגט: „נאַ, דאָקטאָר, בערוהיגט אײך, איך האָב געמאַכט ניט מעהר װי אַנ־המציאה“.....

אויף דעם פּאַפּיר האָט ער געענטפערט, אַז די יודען זענען לאָיאַל; ער האָט געמײנט, אַז ער האָט מיר דערמיט אַ טובה געטהון. איך װײס אָבער, אַז ער האָט פשוט מורא געהאַט מיט מיר זיך אָנצוהויבען, װײל איך האָב צופיעל געװאוסט.

אין קראַסניק האָב איך געטראָפען דעם פאָרשטעהער פונ'ם רוסישען שטערט־פערבאַנד, אַ געװיסען ה' בוטשקאָװ, אַ רוס. אַך, מיט װאָס פאַר אַ ענערגיע ער האָט געזאָרגט פאַר די יודישע אויסװאַנדערער פון צויזמער! מיט װאָס פאַר װערטער ער האָט זיך אָבגערופען װעגען יודען בכלל! ער פלעגט אַלע מאָל קריטיקירען די פעראָרדנונגען פון דער רוסישער רעגירונג בנוגע צו יודען, די שטעלונג פון דער פוילישער בעפעלקערונג צו יודען. די אויסװאַנדערער האָבען איהם זעהר ליעב געהאַט און פלעגען איהם בענשען פאַר זײן גוטסקײט און מענשענליעבע. יאָ, צװישען רוסען קען מען גאַנץ אָפט טרעפען אינטעליגענטען, װאָס בעטראַכטען די יודענפראַגע פון דעם רײן מענשליכען שטאַנדפונקט!

---

## טו.

דעם 11־טען יוני 1915 זענען מיר אַרויס פון לישניק. עס האָבען זיך געהערט קלאַנגען, אַז אונזער קאָרפּוס װעט געהען קײן װלאַדימיר = װאָלינסק. אָפיציעל האָבען מיר װעגען דעם ניט געװאוסט. מיר האָבען זיך אויף אַ קורצע צײט פערהאַלטען אין די דערפער װאָיציעחוב, פּיאַטראָװיצע און האָבען זיך אָבגעשטעלט אין לובלין אויף אַ פּאָר טעג. דעמאָלט איז לובלין געװען בעלעבט ניט װעניגער, װי װאַרשאַ. אין די

גאסען האט געקאכט, דער עולם איז געווען פערפוצט, די רעסטאראנען און קאוויארניעס זענען געווען פערפולט. די סוחרים האבען געמאכט גוטע געשעפטען, די רוסישע אפיצירען און די סאלדאטען, וואס פלעגען קומען איינקויפען האבען אויך קיין שלעכטע געשעפטען ניט געמאכט; זיי פלעגען תמיד פאדערן פונ'ם סוחר, אז ער זאל שרייבען די רעכנונגען אויף א גרעסערע סומע, ווי די סחורה פלעגט בעטרעפען. דעמאלט האט מען אין לובלין דערצעהלט אזא מעשה: צו איינעם אנ'אפטיקער זענען געקומען צוויי אפיצירען, האבען ביי איהם געקויפט 6 פעלד-בינאקלען צו 100 רובל א שטיק, נאר א רעכנונג האבען זיי געבעטען אויף 900 רובל. דער סוחר האט זיי דעם געפאלען געטהון און ביידע צדדים זענען געווען צופרידען. צו מארגען אבער קומט איין אפיציר ווידער צום אפטיקער, טראגט איהם אב צוריק די בינאקלען און זאגט איהם, אז דעם קאמאנדיר זיינעם זענען די בינאקלען ניט געפעלען און ער ערלויבט ניט זיי צו קויפען, דעריבער בעט ער דאס געלד צוריק. דער סוחר האט א קורעטש געטהון מיט די פלייצעם. עס העלפט עפעס קשיות? ער האט אבגעצאהלט דעם אפיציר 600 רובל. „ענטשולדיגט, זאגט דער אפיציר, גיט מיר, זייט מוחל, 900 רובל, אזוי, ווי עס איז געשריבען אין דער רעכנונג, וועלכע איהר האט אליין אונטערגעשריבען...” דער סוחר האט אנגעהויבען צו טענה'ן אהער, אהין, עס האט גארניט גאר ניט געהאלפען, ער האט גאר ניט געקענט מאכען און האט געמוזט פאר זיין לייכטזיניגקייט פערלירען 300 רובל, ווייל קיין עדות האט ער ניט געהאט...

אין לובלין האב איך געטראפען עטליכע מיינע בעקאנטע, וואס זענען קוים מיט'ן לעבען אנטלאפען פון קראסניק, איבערלאזענדיג זייער האב און גוטס אויף גאטס בעראט. די רציחות פון די קאזאקען, דערצעהלען זיי, איז ניט צו בעשרייבען, ווי נאר מען האט אנגעהויבען צו פיהלען אין דער לופט, אז די ארמעע דארף אבטרעטען און דער שונא דארף אנקומען, אזוי האט מען אנגעהויבען צו ראבעווען אויסשליסליך ביי יודען. אין קראסניקער שהול האט מען געשענדעט 7 יודישע מיידלעך, מען האט געטריעבען די יודען פון זייערע וואוינונגען נאקעטערהייד, און נאך, און נאך העלדישע מעשים פון דעם רוסישען מיליטער האט מען מיר בעשריעבען...

פון לובלין זענען מיר מיט רער אייזענבאהן אבגעפאהרען טאקי קיין וולאדימיר-וואלינסק. דאס איז א קליין, ענגהציג שטעדטיל, וואהלינער גוב.. איין מעלה האט יא דאס שטעדטיל: הארטען איז דא זעהר פיעל גרינס און ס'זעהט אויס, ווי א גארטען-שטאדט. תחלת האב איך געמיינט, אז איך בין ארייגעפאלען אין אנ'אנדער לאנד, איך האב גערעכענט, אז דא איז אפשר די לאגע פון אחינו בני ישראל עטוואס לייכטער. אבער וואו? איך בין נאך אלץ געווען אין מיטען ים פון די יודישע צרות, קיין ברעג האב איך נאך ניט געזעהען. איך האב אויך דא געטראפען די גוט בעקאנטע ציטראקענע, פערחושכ'טע פנימ'ער. א סך יודישע געוועלבער זענען געווען צוראבעוועט; יודעלעך האבען זיך געפאקט און זענען געלאפען פון דער היים מיט זייערע בעבעכעס און קינדער, וואוהין? אך, וואס פאר צרות זיי זענען אויסגעשטאנען! עס איז אוממעגליך צו בעשרייבען, ווערענד די קריסטען פלעגען

קיבעט קריגען וואגאנעס אוועקצופֿאָהרען, האָבען די יודען זיי בשום אופן ניט געקענט בעקומען, אפילו פאר געלד האט מען זייער באגאזש ניט געוואָלט אויפנעהמען... און גאנצע מחנות יודען זענען איינגעפאקטערהייד געלעגען אויפ'ן וואקזאל און זייערע קללות און געוויין איז געווען הימעל־שרייענד... א טייל יידען זענען מיט פוהרען אוועק אין דער וועלט אריין...

אונזער טראנספארט האט זיך אָבגעשטעלט אין א דייטשע קאָלאָניע, א ווייארסט 4 פון וולאדימיר. מיך האט זעהר געוואונדערט דער פאקט, אז, וועהרענד מען האט פון אונז אין די פוילישע דערפער געשונדען די הויט פאר דאס מינדעסטע, זענען דא די מקחים פון פראָדוקטען געווען קליינע. א פונט פוטער, למשל, האט דא געקאָסט נאָר 30 קאָפּ. און אין פוילען 75 קאָפּ. און ד. ג. די פויערים זענען דא בכלל געווען פיעל פריינדליכער צו אונז. קיין ווילדען אנטיסעמיטיזם, ווי אין פוילען, האט מען מצד פון די פויערים דא ניט געקענט בעמערקען. אין די שטעדטלעך אָבער איז דער אנטיסעמיטיזם געוועזען שטארק. איך פלעג יעדען טאָג פאָהרען רייטענדיג קיין וולאדימיר און יעדען טאָג פלעגט מיר קאָכען דאס בלוט פון די יודישע צרות. סך הכל איז אין וולאדימיר געבליבען א קליין הייפעל יודען, ווייל דאס רוב איז זיך צופאָהרען. און דאס קליין הייפעל האט שטארק געליטען פון א ווילדען קאָמענדאנט און פון די שכור'ע רוסישע אָפיצירען... געשיכור'ט האט מען אומעטום, אפילו ביי אונז אין טראנספארט זענען נאָר צוויי מענשען געווען תמיד ניכטער: איך און מיין קאָלעגע, דער וועטערינאר־דאָקטאָר, אלע איבעריגע אָפיצירען, מיט דעם קאָמאנדיר אין דער שפּיץ, האָבען געשיכור'ט פון אין דער פריה ביז אויף דער נאכט און ביי דער נאכט... די פּאָרציע פון מיין קאָמאנדיר איז געווען א טהיי־גלאז משקה... דערביי פלעגען זיך הערען וועריטערלעך, וועלכע איך שעם מיך איבערצוחזר'ן. דערביי פלעגט מען חוזק מאַכען פונ'ם יודען און אזוי ווייטער, נאָכ'ן שיכור'ן פלעגט מען זיך אוועקזעצען שפּיעלען אין קאָרטען טויזענדער זענען געפלויגען אהין און אהער, דאס געלד איז נאטירליך ניט געווען כשר פערדיענט. גאנץ אָפט פלעגט דערגעהען ביז סקאנדאלען, זידלערייען, אפילו צו געשלעגען. דעמאָלט פלעג איך און מיין קאָלעגע איינהאלטען די צובושעוועטע פאטריאָטען. אזעלכע בילדער האט מען געקענט זעהען כמעט אין יעדער מיליטער־אָבטיילונג. שראַפּנעלען האָבען געפעהלט, פּולעמיאָטען זענען געווען ווייניג, פאטריאָטיזם האט געפעהלט, אָבער משקה פלעגט זיך אלע מאָל געפינען, ניט קוקענדיג אויף אלע שנאַפּס־רעפּרעסיעס.

מיט איינמאָל זענען אָבער אלע מיינע שיכורים ניכטער געוואָרען. ווייסט איהר פאַרוואָס? ווייל פּלוצים איז אָנגעקומען א בעפעהל, אז די אלע אָפיצירען, וואָס געפינען זיך אינ'ם „טיל", זאָלען זיך מטריח זיין אין די אָקאָפּעס און אויף זייער אָרט וועלען געשיקט ווערען פערוואונדעטע אָפיצירען. וועה מיר, האט זיך דאס ביי אונז אָנגעהויבען א מהומה! מיינע אנטיסעמיטלעך האָבען גענומען לויפען, ווי פערסמ'טע מייז... מיין קאָמאנדיר, מיט וועלכען איך פלעג מיך תמיד קריגען וועגען דער יודען־פראַגע און וועלכער איז געווען א שרעקליכער צורר־היהודים, ווי איך האָב שוין פריהער געשריבען, איז פּלוצים

געווארען ווייד, ווי פוטער. ער האט זיך ארײַנגעלעגט אין בעט און האט מיך צו זיך פערבעטען, איך זאל איהם אונטערזוכען. ער האט מיר גאר פריינדליך און אינטים דערצעהלט, אז א סעקרעטנע קראנקהייט האט ער שוין פון לאנג, ווי עס פיהרט זיך ביי אפיצירען, נאר דאס איז גאר ניט. די הויפט זאך איז, וואס ער קען ניט געהען, אומעטום שטעכט איהם, ברעכט איהם, ער האט א שוואך הארץ, די הענד טרייסלען זיך ביי איהם — קורץ ער איז דורך און דורך קראנק און דער עיקר איז, אז ער קען ניט געהען אין די אקאפעס בשום אופן; ער פערלאנגט, איך זאל איהם געבען א צייגניש, אז ער איז ניט פעהיג צום פאכאד.

די אנדערע גבורים זענען אויך געקומען צו מיר צו לויפען מיט די ווערטער: „געוואלד, דאקטאר, זייט אונז מוחל, ראטעווע, גיעב אנ'עצה, ווי אזוי מען זאל קענען בלייבען אין טראנספארט“ — „וואס זענט איהר, משוגע, צי וואס, איהר קענט דאך אלע מיט איינמאל ניט קראנק ווערען, איך קען אייך גאר ניט העלפען, געהט אויף קאמיסיע!“ דער סוף איז געווען, אז עטליכע אפיצירען האבען זיך ארויסגעדרעהט (איינער האט זיך אגב געמאכט א קינסטליכען שבר) און די איבריגע זענען אוועק אויף די פאזיציע. און די פאטריאטען האבען געהאט די העזה צו שרייען, אז יודען לויפען פון'ם מיליטער־דינסט, אז יודען מאכען זיך קינסטליכע קראנקהייטען און ד. גל.

---

## טז.

אין וולאדימיר־וואלינסק, איז ווידער ביי מיר פארגעקומען א שינוי אין מיין סלוזשבע: מען האט מיך בעשטימט פאר אנ'עלטערען ארדינאטאר אין'ם 297־טען זאפאסנעם שפיטאל. איך בין געווען זעהר צופרידען ענדליך פטור צו ווערען פון מיינע שיכורים און ענדליך צו דינען ערגיץ וואו אין'ם טיפען „טיל“, וואו איך וועל האבען א רעגעלמעסיגע מעדיצינישע ארבייט. קודם כל האב איך בעשלאסען זיך אריבערצוכאפען אויף א פאר טעג קיין ווארשא. אין גרויס ענגשאפט, שלעפענדיג זיך א ווייארסט 10 א שעה, בין איך אין א מעת לעת ארום געקומען אהיים. א שווערען איינדרוק האט ווארשא געמאכט אויף מיר, בעזונדערס ביי דער נאכט; אומעטום איז געווען פינסטער, עפעס א מין מרה שחורה האט דעמאלט ארומגענומען אלעמען. צוויי טעג האב איך פערבראכט אין דער היים. צוריקפאהרענדיג האב איך אין לוקאוו אויפ'ן וואקזאל געטראפען א בעקאנטען ווארשאווער דאקטאר; איך האב איהם דערצעהלט פון מיין נייער שטעלע. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער 297־טער שפיטאל געפינט זיך טאקי אין לוקאוו. איך האב מיך זעהר דערפרעהט, ווייל איך וועל דאך זיין גאנץ נאהענט פון ווארשא!

אין וולאדימיר האב איך מיך איצט שוין ניט לאנג אויפגעהאלטען, איך האב באלד גענומען אלע מיינע דאקומענטען, האב מיך היים געזעגענט נאר מיט מיינע צוויי גוטע ברידער פון'ם טראנספארט. מיין קאמאנדיר און די אנדערע שכורים האב איך געוואונשען, אז זיי זאלען בעקומען גרויסע ארדערען אויף דער פאזיציע, וואו זיי האבען געדארפט קירצליך אוועקגעהען, חאטש קיין גרויס חשק האבען זיי דערצו ניט געהאט. איך בין אוועקגעפאהרען קיין לוקאוו, מיין נייער שפיטאל איז געווען אין לאפינאן,

ביי לוקאוו. אויף א גרויסען שטח, ביי דער אייזענבאהן־ליניע, זענען דארטען געווען אויסגעבויט הילצערנע באראקעס פאר אנ'עריך 12 לאזארעטען. דאס איז געווען א בעזונדער שטעדטיל.

זייענדיג אזוי נאהענט פון ווארשא, האט זיך מיר פערגלוסט ווידער אמאל אריבערצוחאפען זיך אהיים. דא, זענען די פערהעלטניסען געווען אנדערע, ווי אויפ'ן פראנט: איך האב תיכף פונ'ם הויפּטדאָקטאָר בעקומען אנ'ערלויבניש און בין נאך דעמזעלבען טאג, וואס איך בין אנגעקומען קיין לוקאוו, ווידער אוועק געפאהרען קיין ווארשא, דאס איז געווען א טאג 8 איידער ווארשא איז פערנומען געווארען. אין ווארשא האט זיך געשפּירט א געוויסע אונרוהיגקייט, מען האט שטארק מורא געהאט פאר דער איבערגאנגס־מינוט; מען האט זיך ניט אזוי געשראקען פאר'ן שונא, וואס דארף אנקומען, ווי פאר'ן רוס, וואס דארף אבטרעטען. מעהרערע פון מיינע בעקאנטע האבען געוואלט לויפען פון ווארשא. איך האב זיי אבער איינגעהאלטען און איבערצייגט, אז א סך א קלענערע סכנה איז צו בלייבען אין דער היים, ווי צו לויפען גלאט אין די וועלט אריין. מיר איז שוין דעמאלט געווען גוט בעקאנט דאס בילד פון דעם אויסוואנדערער לעבען.

איך האב געוואונשען מיינע בעקאנטע, אז די „געבורט" זאל אריבער בשלום און בין צוריקגעפאהרען קיין לוקאוו, וואו איך האב מיך באלד גענומען צו דער ארבייט. אונזער שפּיטאל איז געווען בעשטימט פאר טיפוס־קראנקע אבער שוין אויפ'ן דריטען טאג איז פלוצים געווארען אין לוקאוו א גערודער. דאס געוואלדיגע שיסעריי ביי איוואנגאראד האט דערגרייכט אויך אהין. די פעסטונג איז געפאלען און מען האט אנגעהויבען צו לויפען פון לוקאוו. מען האט דערלאנגט איין סאניטאר־צוג נאך דעם צווייטען און מען האט אין גרויס איילעניש עקספעדירט די קראנקע פון אלע שפּיטאלען. די באראקעס האט מען בעגאסען מיט נאפט און מען האט זיי אונטערגעצונדען.

עס איז אפילו געווען א מאמענט, ווען מען האט געוואלט אונזער לאזארעט מיט אלע טיפוס־קראנקע איבערלאזען אין לוקאוו און אזוי ארום וואלט דער גאנצער לאזארעט מיט אונז אלעמען אריינגעפאלען אין פלען. מיר האבען עס אבער ניט געוואלט; אזא פערספּעקטיווע האט זיך אונז ניט געשמייכעלט. מיר האבען אנגעהויבען צו דעפּעשירען, צו טעלעפאנירען אויף אלע עקען און קאנטען. ענדליך האבען מיר דאך בעקומען דעם לעצטען סאניטאר־צוג, וואו מיר האבען מיט גרויס אימפּעט און אין א גאנץ קורצע צייט איבערגעגעבען אלע אונזערע קראנקע. אליין האבען מיר אויך מיט גרויס מיה, מיט געלד־שמירעכץ מיט א טרונק בראנפען בעקומען עטליכע וואגאנעס און מיר זענען בשלום אנטלאפען פון לוקאוו.

מען האט אונז פאוואלי געשלעפּט מיט דער באהן און מען האט אונז געבראכט אויף די סטאנציע מאלאריטא, אונטער בריסק. דא האט מען אונז געהייסען עפענען אונזער שפּיטאל ספּעציעל פאר חאלערא־קראנקע. קיין פאסענדע געביידעם זענען אין מאלאריטא ניט געווען, דעריבער האבען מיר אויסגעשטעלט אין פעלד צעהן גרויסע לייוונטענע פאלאטקעס. אין יעדער פאלאטקע זענען געווען 30 בעטלעך, אלץ איז געווען איינגעארדענט גאנץ פּרימיטיוו. די פּאלאטקעס זענען געשטאנען ביי דער שאסיי, וואס

פיהרט פון וולאדאווא קיין קאברין. פון היגיענישען און סאניטארען שטאנדפונקט איז אונזער שפיטאל געווען אונטער יעדער קריטיק. זענען די פלאטקעס געווען פון אלע זייטען פערמאכט האט מען דארטען געקענט דערשטיקט ווערען פון היץ, זענען זיי ווידער געווען אפען, איז דארטען געווען אזא שטויב, אז די חאלערא-קראנקע האבען פשוט ניט געקענט אויסהאלטען. אט אזא ווירטשאפט האבען מיר געהאט אימעטים! און קראנקע פלעגט מען ברענגען יעדע רגע: סאלדאטען און איבערהויפט פיעל אומגליקליכע אויסוואנדערער, וועלכע פלעגען קראנק ווערען אויפ'ן וועג מאסענווייז. איך וועל קיינמאל ניט פערגעסען דאס שרעקליך בילד, וואס איך האב געזעהען גאנצע הריי וואגען נאכאנאנד: גאנצע דריי וואגען האט זיך איבער די שאסיי, פאריבער אונזער שפיטאל, געצויגען א לאנגע שורה פוהרען מיט אויסוואנדערער, וועלכע האבען מיט גענומען מיט זיך דאס נויטיגסטע: בעטגעוואנד, טעפלעך, עופות, קיה, ציגען און ד. ג. קינדער און שוואכע פרויען זענען געזעסען אין די פוהרען, די געזונדע האבען זיך בארוועסערהייד געשלעפט אין די בלאטעס און געצויגען די פערעקשנ'טע בהמות. ביי דער נאכט פלעגט מען זיך אבשטעלען ערגיץ וואו נעבען א דארף, מען פלעגט מאכען פייער און קאכען וואס ניט איז כדי צו דערהאלטען דאס פערמאוסטע לעבען. בשעת עס איז געווען ווארים און טרוקען איז נאך געווען א האלבע צרה, אבער בעת א רעגען, ווייס איך ניט, ווי די מענשען האבען עס געקענט אריבערטראגען? עס זענען טאקי אומגעקומען א סך מענשען ביי דער געוואלדיגער, אונערהערטער ירידה! קליינע קינדער פלעגען פאלען ווי פליגען און מען פלעגט זיי לאזען אויפ'ן וועג, ווייל זיך אבצושטעלען האט מען ניט געטארט, מען האט דעם אויסוואנדערער פון אומעטום געטריבען. טאמער איז עמיצער קראנק געווארען אונטערוועגס פלעגט מען איהם לאזען אין א שפיטאל און ער פלעגט אזוי ארום פערלירען יעדע פערבינדונג מיט זיין פאמיליע. פרעגט זיך, צו וואס איז עס נויטיג געווען? צו וועלכען צוועק האט מען מענשען ארויסגעצויגען פון זייערע נעסטער און זיי געטריבען אין די וועלט אריין? האט עס דען רוסלאנד פיעל נוצען געבראכט? האט זיך דען דער שונא קיין עצה ניט געגעבען, ווען ער פלעגט אנקומען אין פערוויסטעטע שטעדט און דערפער? צווישען דער מאסע אויסוואנדערער האב איך געזעהען א סך יודען, איך האב מיט זיי גערעדט. זיי האט מען געטריבען פון וולאדאווע. זיי האבען מיר דערצעהלט, וואס זיי זענען דארטען אויסגעשטאנען פון די קאזאקען, ווי מען האט זיי געפייניגט... א סך פון זיי האבען געזיפצט און געזאגט: גם זו לטובה, אפשר איז גאר א גליק, וואס מען האט אונז ארויסגעטריבען, א ניט וואלטען מיר, קען זיין, מיט'ן לעבען פערפאסט"...

די יענינגע, וואס זענען געבליבען אין זייער היים, קענען גאר קיין שום בעגריף ניט האבען פון דעם גרויסען אומגליק, וואס די אויסוואנדערער האבען דעמאלט איבערגעלעבט!

צעהנדליגער קראנקע פלעגען ביי אונז אין שפיטאל שטארבען און אונזער פאפ האט געהאט מעהר ארבייט פון אונז אלעמען. לכל הפחות איז ער געווען א גרויסער פחדן: ער האט געציטערט פאר א זאראזע. איך פלעג איהם גאנץ אפט שרייבען בריוועלעך, ער זאל געהען זא-

גען ווידוי מיט דעם אָדער מיט יענעם קראַנקען. ער איז דערפאַר געווען אויף מיר מלא רציחה. ער פלעגט אָנטהון העמטשקעס, קאַלאָשען, פערשטאָפען דאָס מויל מיט א טיכעל, פלעגט זיך אָוועקשטעלען א וויארסט פונ'ם קראַנקען און אויף גיך פטר'ן דעם ווידוי. דערנאָך פלעגט זיך שווינקען דאָס מויל, נעצען די העמטשקעס און די קאַלאָשען אין קאַרבאָל-וואַסער. אזא אָפּעראַציע פלעגט איהם אויסקומען צו מאַכען א סך מאָל אין משך פונ'ם טאָג. דערחפאַר איז ער אָבער געווען א גרויסער חוואָט אין הלכות פרעסען בכלל און אין הלכות יאַרדענפרעסעריי בפרט: ער פלעגט ביים מיטאָג וואָס אמשנעלסטען אויפפרעסען זיין פּאַרציע און באַלד אונטערשטעלען די טעלער אויף נאָך... זיין מאָגען איז געווען ברייטער ווי די אַרבעל פון זיין באַפּישען מלבוש. ביים טיש איז ער געווען א גאָטספאַרכטיגער, א העלד! און דער פאַרשוין, וואָס האָט זיך צומאָל ניט געקענט ווי געהעריג אונטערשרייבען, איז אויך געווען א שרעקליכער אַנטיסעמיט! איין גליק איז נאָך געווען וואָס קיינער, אפילו די אמת'ע רוסען, האָבען איהם ניט געקענט פערטראָגען. וועגען זיינע מעשים טובים וועט מיר נאָך שפּעטער אויסקומען צו רעדען.

אין מאַלאַריטע האָב איך געוואוינט ביי א יודישער פאַמיליע קאַממער. ביי זיי אין שטוב פלעג איך מיך אמת אָברוהען פון די אַלע שווערע איינדריקע וואָס איך האָב געהאַט יעדען טאָג. די דאָרטיגע יודען האָבען אויך שטאַרק געליטען. מען פלעגט זיי אויך, אזוי ווי אומעטום, טרייבען אויף עבודת פרך. דאָרטען איז געווען א קאָמענדאַנט, מיט דעם נאָמען קאָוואַלסקי, וועלכער פלעגט שמייסען יודען פאַר האָס מינדעסטע. איינעם א יודען האָט ער געהייסען שמייסען דערפאַר, וואָס די גאַס, פאַר זיין הויז, איז געווען ניט אזוי ריין... איין גרויסען קרעכץ האָט מען געהערט פון אַלע יודישע הערצער: „געוואַלט, וואו נעהמט מען כח דאָס אַלץ אַריבערצוטראָגען!"

---

## יז.

ויהי היום פאָהרט צו צו אונזער שפּיטאָל אין מאַלאַריטא אַנ'אויטאָמאָביל. פון איהם נעהט אַרויס א פּאָלקאָווניק. איך בין גראָד דעמאָלט געווען דעזשורני. איך געה צו צו איהם, פרעג איהם, וואָס ער פערלאַנגט? דער פּאָלקאָווניק זאָגט צו מיר, אז ער איז געשיקט פון דער סאַניטאַרער אָבטיילונג פון דער 4-טער אַרמעע צו וויזיטירען אונזער שפּיטאָל. עס איז ווערט צו בעמערקען, אז וויזיטירען שפּיטעלער פלעגען דאָס רוב אָפיצירען, ניט קיין דאָקטוירים. אזוינע רעוויזאָרען, מוזט איהר וויסען, האָבען תמיד געהאַט אומגעליכע פאָדערונגען, יעדער האָט געהאַט זיין משוגעת. אזוי האָט אויך דער פּאָלקאָווניק אָנגעהויבען צו קריטיקירען די פּאַלאַטקעס, די בעטלעך און ד. ג. אי, וואָס ס'איז אומעגליך געווען זיך בעסער איינצואָרדנען, דאָס האָט איהם ניט געקימערט, ער האָט געמיזט אַרויסווייזען זיין אויטאָריטעט. איך האָב שטאַרק געוואָלט פון איהם פטור ווערען. איך האָב מיך געלאָזט אויף אזא שפּיצעל:

—„ה' פּאָלקאָווניק, זאָג איך צו איהם, ביי אונז איז דאָך א שפּיטאָל פאַר אַנשטעקענדע קראַנקע און מיר האָבען דאָך ניט די מעגליכקייט דאָ, אין מאַלאַריטא, זיך בעסער איינצואָרדנען".

—„וואס? אנשטעקענדע קראנקע זענען דא? וואסערע קראנקהייטען?"

—„חאלערא, טיפוס און אנדערע" ענטפער איך קאלטבלוטיג.

מיין פאלקאווניק, קענטיג שטארק דערשראקען, ציהט זיך תיכף ומיד צוריק צום אויטאמאביל, זעגענט זיך מיט מיר גאנץ שנעל און ווארים, זאגט מיר צום שלום, אז אייגענטליך איז דא פאר די קראנקע ניט אזוי שלעכט אויף דער פרישער לופט און... איננו!

איך בין פון איהם פטור געווארען! און אזוי איז שטענדיג געווען אויך שפעטער: ווי נאר מיר האבען געהאט אנשטעקענדע קראנקע, זענען מיר רוהיג געזעסען און מיר האבען קיין מורא ניט געהאט, ווייל קיינער פון נאטשאלסטווא פלעגט צו אונז ניט אריינשמעקען דערמאלט.

דעם 5-טען יולי (1915) איז געווארען אין מאלארימא אונרוהיג. דאס קליין הייפעל יודען, וואס זענען דארטען געבליבען האבען זיך גענומען פאקען, ווייל עס איז ארוים א קלאנג, אז בריסק האלט ביים פאלען. און טאקי נאך דעמזעלבען טאג האבען מיר בעקומען א בעפעהל אבצוגעבען אונזערע קראנקע אין א סאניטאר צוג. אליין האבען מיר זיך אויך נאכדעם איינגעפאקט און זענען מיט א ספעציעלען שלעפ-צוג אין דער נאכט אבגעפאהרען פון מאלארימא.

אינ'ם צוג האט זיך אונזער גאנצער פערסאנאל איינגעארדענט גאנץ בהרחבה און אונזער נסיעה איז געווען זעהר אנגענעהמע. עס איז געווען אין מיטען זומער, מען פלעגט אבשטעהען שעה'ן לאנג אויף גרעסערע אדער קלענערע סטאציעס, מען פלעגט שפאצירען אין פעלדער און וועלדער, מען פלעגט גוט עסען און נאך בעסער טרינקען.

דער הויפט-דאקטאר פון אונזער שפיטאל, מיין נאטשאלניק הייסט עס, איז געווען א געבוירענער קאזאק, אבער א גוטער ברודער. חאס איז געווען איינער פון די ניט זעלטענע אפענהערציגע רוסישע טיפען, וועלכע זענען תמיד גאנץ ווייט פון אנטיסעמיטיזם. אלע האבען מיר איהם געהאט זעהר גערן. איין חסרון האט ער יא געהאט: ער האט ליעב געהאט דעם ביטערין טראפען. פון נאטשאלסטווא האט ער ווייניג געהאלטען און פלעגט זיך קיינמאל ניט אונטערגעבען. דעריבער האבען מיר אלע געלעבט אין א פרייער אטמאספערע, א זאך וואס איז געווען א זעלטענהייט אויף דער מלחמה אין רוסישע אינסטיטוציעס. א קליינעם דיסאנאנס האט נאר ביי אונז אריינגעטראגען אונזער פאפ, וועגען וועלכען איך האב שוין פריהער אמאל דערמאהנט. אבער קיינער פון אונז, אפילו די קריסטען, האבען זיך מיט איהם ניט געחבר'ט.

מיר זענען אדורכגעפאהרען די סטאציע לונינעץ. א שרעקליך בילד איז דארטען געווען אויפ'ן וואקזאל: טויזענדער מענשען מיט א מאסע קליינע קינדער, מיט זייער ביסעל ארימקייט האבען זיך געוואלגערט אין ווארטע זאל, אויפ'ן פעראן אין שמוץ, אין ענגשאפט און האבען געווארט צו קריגען די מינדעסטע מעגליכקייט ווייטער צו לויפען. אלע האבען זיך פורכטבאר געקראצט...

פון לונינעץ זענען מיר געקומען קיין פינסק, וואו מיר זענען געשטאנען אויף דער סטאציע א טאג זעקס. דארטען האב איך געהאט קרובים, גוטע בעקאנטע אזוי, אז די עטליכע טעג זענען אריבער גאר ניט שלעכט. מיינע בעקאנטע האבען ביי מיר געפרעגט מיין מיינונג, צי זאל מען לויפען פון פינסק? איך האב

מיך אויסגעלאכט. ס'הייסט? פינסק איז דאך אזוי ווייט פונ'ם פראנט, דער דייטש וועט קיין פינסק ניט קומען, ער וועט פשוט ניט וועלען פערזונקען ווערען אין די פינסקער בלאטעס. און באמת איז מיר גאר ניט איינגעפאלען, אז דער דייטש וועט אזוי ווייט קריכען.

„איבעריגענס, זאג איך מיט א געלעכטער, ווער ווייס, אפשר דערפאר, וואס איך בין אצינד אין פינסק, קען זיין, אז דער דייטש וועט יא קומען אהער, ווייל פון אומעטום, וואו איך בין נאר געווען האט ער מיך ארויסגעטריבען".

יעדענפאלס האב איך אלעמען געראטען צו בלייבען אין דער היים, וואס ס'זאל ניט פארקומען. עס איז גענוג געווען צו בעטראכטען דאס לעבען פון די אומגליקליכע אויסוואנדערער אויף די וואקזאלען, און די פארבייגעהענדע צוגען, כדי ס'זאל אבפאלען דער מינדעסטע חשק זיך צו ריהרען פון ארט.

פון פינסק האט מען אונז געשלעפט קיין האמעל. קיין בעשטימטען ארט, וואו צו עפענען אונזער שפיטאל האט מען אונז נאך ניט אנגעוויזען.

דערוויל איז שוין אריבער א חדשים צוויי, וואס איך האב קיין שום ידיעות ניט געהאט פון מיין פאמיליע. איך האב נאר געוואוסט, אז מיין פאמיליע איז פון ווארשא אוועקגעפאהרען קיין ווילנא. אלע טאג כמעט פלעג איך אהין דעפעשירען, אלע טאג פלעג לויפען אויף די טעלעגראפען, אבער קיין שום תשובה האב איך ניט בעקומען.

איז לעבען אבער און דערהויפט אין א מלחמה־צייט, ווען די גאנצע וועלט איז צורודערט, קומען צייטענווייז פאר גאנץ אומפערשטענדליכע צופעלע. אזא צופאל איז אויך מיט מיר אצינד געשעהען.

פאהרענדיג פון פינסק קיין האמעל האט זיך אונזער צוג פערהאלטען עפעס אויף א קליינע סטאציע. דער וואגאן, אין וועלכען איך בין געפאהרען האט זיך אבגעשטעלט אויף דער באהן־ליניע אקעגען א וואגאן מיט אויסוואנדערער. פון איינבערשטען פענסטערל פון דעם דאזיגען וואגאן האבען ארויסגעקוקט צוויי קינדער, וועלכע האבען זיך גאנץ פריהליך אונטערהאלטען. איך פרעג גלאט אין דער וועלט אריין איינעם פון די קינדער, ווי עס הייסט?

—„באריא" ענטפערט מיר דאס יונגעל.

—„און ווי איז דיין פאמיליע?"

—„לאפין!"

—„פון וואנען ביסט דו?"

—„פון קאוונא! מיין מוטער פאהרט אויך דא אין וואגאן".

איך בין אזש אויפגעשפרונגען פון איבעראשונג. די פרוי ל. איז מיין פרוי'ס א קוזינע. איך גיה טאקי באלד אריין צו איהר אין וואגאן און זי גיט מיר טאקי אב גאר א פרישינקען גרוס פון מיין פאמיליע, וועלכע זי האט מיט א וואך צוריק געזעהען אין ווילנא. זי האט מיר אויך געזאגט, אז מיינע זענען שוין אלע אוועקגעפאהרען קיין מאסקווע, ווייל ווילנא איז שוין געווען אין גרויס סכנה.

א פייף פון לאקאמאטיוו און מיר פאהרען ווייטער... קיין האמעל. דא שטעהען מיר צוויי טעג. איך בעקוק די שטאדט, איך אינטערעסיר מיך מיט דעם דארטיגען לעבען און קום צו דער איבערצייגונג, אז די אזוי גערופענע „ליטווישע" שטעדט זענען פיעל לעב־

האַמטער און אינטערעסאַנטער, ווי די פּוילישע.

פון האָמעל פאָהרען מיר קיין בריאַנסק (אָרלאָווער גוב.) נאָך אַלץ זעהן אַ בעשטימטען ציעל. בריאַנסק איז געווען די ערשטע עכט־רוסישע פּראָווינץ־שטאָדט, מיט וועלכער איך האָב מיך בעקאַנט. דריי טעג האָבען מיר דאָרטען פערבראַכט. די לאַגע פון דער שטאָדט איז זעהר אַ שעהנע: אַרום זענען בערג, אַ סך גרינס. ס'זענען דאָרטען דאָ אַ סך גרויסע געשעפטען און אַ גרויסע וואַגאָן־און געוועהר־פאַבריק. און פונדעסטוועגען איז די שטאָדט ווי אויסגעשטאָרבען. מען זעהט כמעט קיין מענשען ניט אויף די גאַסען. בײַ דער נאַכט איז פינסטער אויף די גאַסען און שטיל, ווי אין אַ קבר. מען האָט מיר ערקלערט, אַז כמעט אַלע רוסישע פּראָווינץ־שטעדט האָבען אַזאַ פּנים. די יודישע געמיינדע איז דאָרטען אַ קליינע, אַלע לעבען גוט. אַ שבת, געדענק איך, בין איך אַוועק מיטאָג עסען אין אַ יודישען רעסטאָראַן בײַ אַ געוויסען אַראָנאָוו. דער טיש איז געווען זעהר שעהן געדעקט און צווישען די אורחים האָב איך צו מיין גרויס שמחה געטראָפען עטליכע אויסוואַנדערער פון וואַרשאַ. איך האָב מיך דערוואוסט, אַז דאָ, אין בריאַנסק, איז שוין דאָ אַ שפּאַר ביסעל יודישע אויסוואַנדערער, אַז די קריסטליכע בעפעלקערונג ווייזט זיי ניט אַרויס קיין שום פיינדשאַפט, פערקעהרט מען האָט זיי אויפגענומען גאַנץ פריינדליך. פון קיין ווילדען אַנטיסעמיטיזם האָט מען דאָ קיין אַהנונג ניט געהאַט. די נשמה מיינע האָט זיך דאָ אָבגערוהט; די אַטמאָספערע דאָ, אין דעם באַרבאַרישען רוסלאַנד, איז געווען ריין פון יודענפרעסעריי. אין בריאַנסק האָב איך ענדליך בעקומען אַ דעפּעשע פון מיינעם אַ קרוב פון מאָסקוואַ, אַז מיין פאַמיליע געפינט זיך אויף אַ דאַטשע אונטער מאָסקוואַ.

פון בריאַנסק זענען מיר איבער אריאָל געפאָהרען קיין טולאַ. דאָ האָבען מיר בעקומען אַ טעלעגראַפישען בעפעהל צו פאָהרען קיין... מאָסקוואַ! אַך, איז דאָס בײַ אונז אַלעמען געווען אַ יום טוב! יעדער פון אונז האָט עמיצען געהאַט אין מאָסקוואַ, ווער די פאַמיליע, ווער קרובים. אונז האָט זיך גאָר ניט געחלומט, אַז מיר, מיט אונזער שפּיטאָל זאָלען אין אַ ספּעציעלען צוג פאָהרען צו גאַסט צו אונזערע פאַמיליעס! מיין הויפּטדאָקטאָר, דער קאָזאַק, האָט געמאַכט לחיים און האָט געטאַנצט פון שמחה. מיר זענען אָבער געפאָהרען גאַנץ פּאַמעליך. איך האָב מיך שוין ניט געקענט איינהאַלטען, מיין נשמה איז שוין געווען אין מאָסקוואַ. גראָד צו מיין גליק קומט אָן אַ קוריער־צוג. ניט לאַנג טראַכטענדיג, כאַפּ איך מיך אַרויף־אויפ'ן צוג און אין 6 שעה אַרום בין איך אין מאָסקוואַ... די אַלע צרות פון דער פּראָווינציע, פון די אָקאָפּעס, דאָס פערחושכ'ט לעבען פון דער יודישער בעפעלקערונג אויף דעם פראָנט—דאָס אַלץ איז מיט איינמאָל אַרויס פון מיין געדאַנקען, דאָס הארץ איז איצט געווען פול מיט פריידע און האָט געקלאַפּט שטאַרקער. איך לויף עגעל צום טראַמוויי, איך פאָהר אויף אַנ'אַנדער וואָקזאַל; איך בין שוין אויף דער דאַטשע אינ'ם קרייז פון מיין פאַמיליע...

---

## יח.

אין אַ פּאָאַר טעג אַרום האָב איך מיך דערוואוסט, אַז אונזער שפּיטאָל האָט

בעקומען א בעפעהל צו עפענען זיין טעטיגקייט אין טווער. ניט לאנג ווארטענדיג, בין איך אויך אהין אוועקגעפארען. די רייזע פון מאסקווע קיין טווער דויערט נישט מעהר ווי א שעה דריי.

מיין שפיטאל האב איך נאך געפונען אין די וואגאנעס אויף דער באהן־ליניע אין טווער. דער הויפט־דאקטאר האט אויף מיר געווארט און באלד, ווי איך בין נאר אנגעקומען, זענען מיר ביידע אוועק זיך פארשטעלען פאר נאטשאלסטווא. אהן מיר האט זיך מיין הויפט־דאקטאר נישט גערירט. קודם כל זענען מיר אוועק צום גובערנאטאר. און גובערנאטאר איז דעמאלט אין טווער געווען פאן ביטינג, א דייטש, אבער א גרויסער אנטיסעמיט, אזוי ווי כמעט אלע פארשטעהער פון דער דעמאלטיגער רוסישער רעגירונג.

נאך א בעראטונג ביים גובערנאטאר האבען מיר צוזאמען מיט א שטאדט־קאמיסיע בעקוקט פערשיעדענע בנינים פאר אונזער שפיטאל און ענדליך האט מען אונז בעשטימט די רעאל־שולע, וועלכע געפינט זיך אויף דער הויפט־גאס.

א גאנצען חודש האט מען דארטען רעמאנטירט, כדי אין ארדנונג צו ברענגען דאס געביידע. מען האט זיך גאר נישט געאיילט.

דערווייל זענען מיר ארומגעגאנגען פראנק און פריי און איך האב געהאט די מעגליכקייט זיך ארומצוזעהן, זיך גוט צו בעקענען מיט דעם לעבען אין טיעף רוסלאנד. נאטירליך, האט מען דא פון דער מלחמה גאר נישט געשפירט. קיין רוסען פאטריאטיזם האט מען דא ניט דערזעהן. אויב מען האט פון אנהויב מלחמה זיך געצאצקעט מיט די פערוואונדעטע סאלדאטען, זענען זיי איצט געווארען וואכעדיג. וועניג ווער ס'האט זיך מיט זיי אינטערעסירט. אויף דער גאס האט מען געקאנט טרעפען א שפאר ביסעל גאנץ געזונטע יונגעלייט, וועלכע האבען זיך, ווי ס'ווייזט־אויס, ארויסגעדרעהט פון מיליטער־דינסט און זענען גאנץ רוהיג געזעסען אין דער היים.

טווער איז א גענוג גרויסע שטאדט מיט קרוב 80,000 איינוואוינער. די גאסען זענען ברייט. עס געפינט זיך דארטען אפילו אן'עלעקטרישער טראמוואי, וועלכען מען קאן אבשטעלען מיט א וואונק, ווי מ'ווייל. די שטאדט שטעהט אויפ'ן ברעג פון דער וואלגא. אין טווער געפינט זיך אויך די גרויסע מאראזאוו'ס מאנופאקטור־פאבריק, די אזוי־גערופענע „טווערסקאיא מאנופאקטורא“. בכלל אבער איז די שטאדט ווייניג בעלעבט, טויט. ביי דער נאכט איז פינסטער און זעלטען ווען איהר טרעפט מענשען. נאר א מאדנע זאך: טאג־טעגליך צווישען 4 און 6 נאכמיטאג קאנט איהר זעהן אויף א גאנץ קליינעם שטח נאר פון איין זייט אויף דער הויפט־גאס א גוואלדיגען שטראם פון מענשען: אזש שווארץ איז דאס שטיקעל גאס דעמאלט, מענשען בעוועגען זיך פאוואליע, איינער נאכ'ן אנדערן. איין טריט ווייטער, איין טריט רעכטס אדער לינקס איז שוין ווי אויסגעשטארבען, מען זעהט שוין קיין נפש נישט. אט אזוי זעהען־אויס כמעט אלע רוסישע פראווינץ־שטעדט.

איך האב מיך גענומען אינטערעסירען וואו איך האלט עפעס דא מיט יידישקייט. אויף דער פרינציפאל־גאס בעמערק איך א שילד מיט דעם נאמען שווארץ, א צווייטען שילד מיט דעם נאמען אלטשאנאוויטש, א דריטען מיט דעם נאמען עפשטיין, אן'אפטייק, וואס געהערט צום ה' מאליץ, א צווייטע אפטייק צום ה' בלאך און אזוי ווייטער. איך

בין אין דער היים! איך האב שוין געשפירט, אז איך וועל דא, אין טווער, נישט פערפאלען ווערען!

עס איז געווען פונקט ראש השנה (1915) און איך בין מיר אוועק אין שוהל אריין. וא! דא האב איך שוין געטראפען א סך אחינו בני ישראל.

די שוהל אליין איז א נייע, ניט קיין גרויסע, אבער א גאנץ שעהנע. צווישען די מתפללים האב איך בעמערקט צוויי סארטען יודען: א טייל האבען געטראגען קארטוזען (אזויגע רוסישע היטלען) און האבען אויסגעזעהן ווי עכטע פאניעס; זייער עברי איז געווען הארט מיט א שארפען „ר" און איך האב באלד דערקענט, אז דאס מוזען זיין פון די „ניקאלאיעווסקיע"; אנדערע מתפללים זענען געווען אונזערע יודען מיט פער'חושכ'טע גלות־פנימ'ער און איך האב אין זיי דערקענט אויסוואנדערער פון אונזערע קאנטען.

נאכ'ן דאווענען האב איך מיר טאקע מיט זיי דורכגעשמועסט און האב מיך דערוואוסט, אז זיי זענען פון דער ליטא און אז מען האלט זיי דא אין א סוטערינע אונטער דער שוהל. איך בין געווען נייגיריג צו זעהן, ווי זיי לעבען דא און בין אראנטער אין די סוטערינע. עס איז געווען שרעקליך צו זעהן זייער לאגע. דארטען איז געווען נאס און קאלט; אלע האבען זיך געוואלגערט אויף דער פאדלאגע. סך הכל זענען דארט געווען 40 פאמיליעס אויסוואנדערער.

איך האב מיך ניט געפוילט און נאך דעמזעלבען טאג האב איך געמאכט א וויזיט דעם טווערער קאזיאנעם רב און עטליכע בעלי־בתים און האב זיי ארויסגעזאגט מיין פערוואונדערונג, ווי אזוי קאן מען האלטען מענשען, ווי בהמות, אין א קאלטע סוטערינע? אמת, די יודישע געמיינדע איז דארטען א קליינע, אבער א רייכע. מיינע ווערטער האבען געהאט א ווירקונג און אין א פאר טעג ארום האט מען טאקי פאר די אויסוואנדערער געפונען א בעקוועמע צייטווייליגע וואוינונג, מיט בעטלעך, מען האט געמאכט פאר זיי אויך א קיך.

מיט א קורצע צייט שפעטער האבען זיך די אלע היימלאזע צוזייהט איבער דער שטאדט און יעדערער פון זיי האט געפונען פרנסה, און ווידער אמאל האב איך פעסטגעשטעלט, ווי ווייט דער אמת'ער פאניע, דער „בארבאר", דער „אזיאט" איז פון יודען־פרעסעריי. רוסען מיט יודען האבען געלעבט גאנץ בשלום. די אינטעליגענטע יודען פלעגען פערקעהרען מיט אינטעליגענטע רוסען. אנטיסעמיטען זענען נור געווען די פארשטעהער פון דער רעגירונג.

זיך צוקוקענדיג גוט צום אלגעמיינעם שטילען רוסישען לעבען אין טווער, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז ס'פעהלט דא דער יודישער עלעמענט, וועלכער וואלט געוויס אריינגעטראגען אנ'אויפלעבונג בכלל און אין דעם האנדעל בפרט. פערהעלטניסמעסיג איז אין טווער געווען א גרויסער יקרות, א סך א גרעסערער ווי אפילו אין ווארשא, וואס איז געווען כמעט ווי אויף דער פאזיציע. דער רוסישער סוחר איז פויל, ער האט ליעב א סך צו פערדינען און ווייניג צו ארבייטען, ער שטעהט נישט אום קונה. האט ער געזאגט א פרייז, ווערט איהר שוין גאר ניט קאנען אבדינגען; עס קימערט איהם ווייניג, צי איהר וועט קויפען ביי איהם, צי ניט. וועגען דעם ענין האב איך טאקע געהאט א געשפרעך מיט איינער א פרוי, א געבוירענע רוסין, וואס איז אהער געקומען פון קאווגא, וואו איהר מאן איז געווען א

בעאמטער. „איצט ערשט, זאגט די פרוי צו מיר, זעה איך, ווי גוט און ווי בעקוועם עס איז צו לעבען צווישען יודען. איך פלעג אריינגעהן אין קאוונא אין א יודישען געוועלב, פלעגט מען מיך זעהר העפליך אויפנעהמען. טאמער האב איך געדארפט האבען א בגד און איך האב ניט געהאט קיין געלד מיט אמאל פאר איהם צו בעצאהלען, האב איך דעם בגד בעקומען אויף אויסצאהלען. און דא זענען די סוחרים בייזע, זיי ווילען גאר ניט רעדען מיט'ן קונה; ס'זעהט־אויס, ווי זיי וואלטען מיר עפּיס א טובה געטהון, געבענדיג מיר סחורה פאר מיין געלד. אויסערדעם, שינדט מען דא אראב די הויט פאר דאס מינדעסטע".

אט דאס האט געזאגט א קריסטין.

דערווייל איז אריבער א חודש צייט; אונזער שפּיטאל איז פארטיג געווארען און מיר האבען אנגעהויבען צו צונעהמען קראנקע. דאס רוב זענען ביי אונז געווען איבעריגע קראנקע און סאלדאטען, וועלכע מען פלעגט צושיקען צו אונז פון קאמיסיעס אויף „איספּיטאניע".

דא האב איך מיך ערשט בעקענט, מיט וואסערע מיטלען מענשען האבען געוואלט פריי ווערען פון מיליטער־דיענסט! דא האב איך געזעהן סאלדאטען און נאוואבראנצעס מיט „געשוואלענע" פּנים, מיט וואונדען, וועלכע פלעגען זיך ניט פערהיילען, מיט כל המינים הויט־קראנקהייטען, מיט קראנקע אויערן, מיט קינסטליכע שברים, סאלדאטען, וועלכע פלעגען בעקומען קינסטליכע אנפאלע פון עפּילעפּסיע (שווערע קראנקהייט) אדג"ל. איך האב מיך זעהר געוואונדערט, ווייל ביז אהער האב איך געמיינט, אז די אלע קונצען ווערען געמאכט נור ביי אונז אין פּוילען און אין דער ליטא; איך האב געמיינט, אז דאס רוב „קונצענמאכער" זענען יודען. דא האב איך אבער איינגעזעהן, אז אזא מיינונג איז פאלש. ביי אונז אין שפּיטאל זענען קיין יודישע סאלדאטען כמעט ניט געווען (אויף 200 קריסטען זענען געווען סך הכל 3 יודען).

די אלע קינסטליכע קראנקהייטען פלעגען זיך מאכען אמת'ע רוסען, טאטערן, גרוזינער. קיינער האט נישט געוואלט געהן אין די אקאפּעס אריין!

אונזער פּאפּ, וועגען וועלכען איך האב שוין פריהער אמאל געשריבען, פלעגט שטארק אכטונג געבען נור אויף די יודען. אצינד פלעגט ער קריכען אין שפּיטאל, ער האט קיין מורא ניט געהאט, ווייל קיין אנשטעקענדע קראנקע זענען ביי אונז ניט געווען. צוליעב דעם, ווען א יודישער סאלדאט פלעגט קומען צו אונז אויף קאמיסיע, פלעג איך עקסטרא ניט נעהמען קיין אנטייל אין דער קאמיסיע, אדער איך פלעג איהם אבשיקען אין אנ'אנדער שפּיטאל. דער פּאפּ האט נור געזוכט מאטעריאל, כדי מיך און נאך א יודישען דאקטאר פון אונזער שפּיטאל צו קאמפּראמעטירען. ס'איז איהם אבער ניט געלונגען. דאגעגען פלעג איך איהם אמאל ווייזען, אז ניט יודען אליין לויפען פון מיליטער־דיענסט, און זייערע אייגענע רוסען מאכען נאך מעהר קונצען, כדי ניט צו דיענען.

די צייט איז זיך דערווייל געלאפען. איך האב אראבגעבראכט קיין טווער מיין פאמיליע פון מאסקווא און מיר האבען זיך גאנץ רוהיג געלעבט אזוי ווי אין די אלטע גוטע צייטען אין דער היים. איך האב געארבייט אין שפּיטאל און איך האב מיך אמת אבגערוהט פון דעם אומרוהיגען לעבען אויפ'ן פראנט. איך האב געמיינט, אז פאר מיר איז שוין די מלחמה געענדיגט, אז איך וועל שוין

אזוי אבקומען חא, און טוער, ביז'ן סוף.

א מענש טאר אבער זיך קיינמאל ניט שעצען גליקליך. עס איז מיר געווען צוגוט און איך האב מיך טאקי פאר דער גוטסקייט א ביסעל געשראקען. און איך האב רעכט געהאט. דארף זיך טרעפען א מעשה, אז מיין הויפט־דאקטאר, דער קאזאק, האט זיך אמאל צעווערטעלט מיט'ן גובערנאטאר פאן בינטונג. און טוער האבען מיר געהאט טויזענד נאטשאלניקעס. צווישען די נאטשאלניקעס איז געווען אויך דער גובערנאטאר. אלע באר טעג פלעגען מיר האבען רעוויזיאָרען, וועלכע פלעגען אונז גענוג פייניגען. היינט, למשל, האט איין נאטשאלניק געליבט אונזער שפיטאל ביז גאר און צוכאריגעם האט אנ'אנדערער געמאכט פון אונז א בארג אש. עס איז געווען א פאקט, אז אין איין טאג האבען מיר געהאט צוויי נאטשאלניקעס: איינער איז געווען ענטציקט פון אונזער שפיטאל און דער צווייטער האט געמאכט פון איהם חוזק...

איינמאל קומט צו אונז דער גובערנאטאר און זאגט, אז מיר וועלען מוזען אין א פאר טעג ארום זיך אריבערטראגען אין אנ'אנדער געביידע און אננעהמען אנשטעקענדע קראנקע. אזוי וויל ער, דער גובערנאטאר, און ניט אנדערש. הערענדיג די ווערטער איז מיין קאזאק געוואָרען ימלא חמה: „ס'הייסט, שרייט ער צום גובערנאטאר, איהר הייסט מיר? ווייניג מיה האט מיר געקאסט ביז איך האב דא איינגעאָרדענט מיין שפיטאל און איצט מוז דאס אלץ פערפאלען געהן? איך האב נאטשאלסטוואַ אין מאסקווע, אז מיין נאטשאלסטוואַ וועט מיר הייסען, וועל איך מיך אריבערטראגען. איך פאהר נאך היינט קיין מאסקווע און וועל הערען, וואס מען וועט מיר דארטען זאגען!". דער גובערנאטאר איז אוועק פון אונז א צוקאָכטער. מיט גוטס האט עס נישט געשמעקט.

דער הויפט־דאקטאר איז טאקי אוועקגעפאהרען קיין מאסקווע און איז באלד צוריקגעקומען מיט א בעפעהל צו בלייבען אויף אנ'ארט ווי פריהער. ווען דער גובערנאטאר האט זיך דערפון דערוואוסט, האט ער שיער ניט געקריגען דעם פלאץ. ער האט געוואָרפען אנ'אומחן אויף אונזער שפיטאל און האט נור געזוכט די מעגליכקייט, ווי אונז צו פערפאלגען. מען האט מיר דערצעהלט, אז ער האט זיך אזוי אויסגעדריקט: „אין דער העזה פון דעם הויפט־דאקטאר זענען שולדיג די יודישע דאקטוירים, וואס זענען אין שפיטאל". דא איז ווערט צו בעמערקען, אז אויסער מיר זענען ביי אונז אין שפיטאל געווען נאך צוויי יונגערע דאקטוירים, איינער א יוד און דער צווייטער א דייטש מיט דער פאמיליע אורבאך און מיט א נאמען גאטליעב, אזוי, אז דער גובערנאטאר איז געווען איבערצייגט, אז אין אונזער שפיטאל געפינען זיך אלש 3 דאקטוירים — יודען. דערצו האב איך נאך געטראגען א גרויסען מלחמה־ארדען, וועלכען איך האב בעקומען אויפ'ן פראנט — דאס האט ער שוין גאר ניט געקאנט אריבערטראגען און האט זיך אנ'אנדער מאל אויסגעדריקט, אז ער מוז די זשידעס אוועקטרייבען צוריק אויף די פאזיציע...

זעהענדיג, אז דער גובערנאטאר איז אויף אונז אין כעס, האט זיך אונזער פאפ גענומען צו איהם חנפ'ענען און איז געוואָרען זיין געהיים־אגענט. וועגען יעדער זאך, וואס ס'פלעגט ביי אונז אין שפיטאל פארקומען, פלעגט דער פאפ באלד לויפען מיט א דאקלאד צום גובער־

גאטאר און פאר אונז האבען זיך אנגעהויבען שווארצע טעג.

---

## יט.

דעם 12־טען אקטאבער 1915 האבען מיר בעקומען א מעלדונג פון נאטשאלסטווא, אז מארגען וועט די קייזערין אלעקסאנדרא טעאדאראוונא מיט איהרע 4 טעכטער בעזוכען עטליכע שפיטאלען אין טווער. צווישען די שפיטאלען וועט זיין אויך אונזערער. איהר קענט זיך לייכט פארשטעלען, וואס פאר א גערודער עס איז ביי אונז אין שפיטאל געווארען. מען האט אנגעהויבען באלד צו רייניגען די פאלאטעס, צו וואשען די פאדלאגעס, צו קראצען די ווענט. מען האט אלע בעטלעך בעצויגען מיט ריינע בעטגעוואנט, אלע קראנקע סאלדאטען האבען בעקומען ריינע וועש און ד. ג.

אין דער מעלדונג האט מען אונז געווארענט, אז די קייזערין וועט מסתמא אנטהון יעדען קראנקען אויפ'ן האלז א קליין היילינג בילד'ל, זאל יעדער סאלדאט למען השם ניט פערגעסען א קוש צו טהון איהר האנד.

איך, אלס עלטערער אורדינאטאר, האב בעקומען א בעפעהל אויסצולערנען אלע קראנקע סאלדאטען, אז זיי זאלען זיין געהעריג, בקול רם, ענטפערן אויף דער קייזערינס בעגריסונג. נישט קשה, עס איז געווען א גוטע שטיקעל ארבייט! איך האב מיך טאקי באלד גענומען צום עסק, בין אריין אין אלע פאלאטעס און האב געלערנט מיט די סאלדאטען די תורה; איך האב אפילו גענומען מיט זיך איינע פון אונזערע בארימהערציגע שוועסטער, האב זי געמאכט להבדיל פאר א קייזערין, זי האט בעגריסט די סאלדאטען כמו א קייזערין, די סאלדאטען האבען געענטפערט כדין וכדת. צרות האב איך נאר געהאט מיט דער פאלאטע, אין וועלכער ס'זענען געלעגען סאלדאטען מיט קראנקע אויערן, טויבע, הייסט עס. ניט אלע זענען חלילה געווען טויב, אלע האבען אבער געמוזט זיין טויב. אט פאר די פאלאטע האב איך מיך געשראקען, ווייל איך האב געפיהלט, אז דורך איהר קען מען אריינפאלען, קיין בעל מופת בין איך ניט געווען און אין איין טאג מאכען פון א טויבען א הערעדיגען האב איך בשום אופן ניט געקאנט.

דער „גלאוונער“ (אזוי האט מען גערופען בקיצור אונזער הויפטדאקטאר) איז געווען גאר צוטומעלט. אויב ער האט פאר סתם־נאטשאלסטווא וועניג מורא געהאט און פלעגט זיך אלעמאל האלטען שטאלץ, האט ער אין דעם פאל פערלוירען זיין גאנצען מוטה. ער האט צונויפגערופען אויף א בעראטונג אלע דאקטוירים און טשינאווניקעס און מיר האבען אלע געקלערט, וואסערע הענדשקעס מען דארף אנטהון. עס איז געבליבען, אז ווייסע. מיר זענען טאקי אלע באלד אוועק און געקויפט ווייסע הענדשקעס, אין א פאר שעה ארום איז אבער איינער פון אונזערע טשינאווניקעס געקומען א פערסאפעטער צום גלאוונעם און האט איהם געזאגט, אז ער האט נאר וואס ארויסגעפונען אין קאדעקס א געזעץ, דאס אין אזוינע פעלע דארף מען אנטהון ברוינע הענדשקעס. ווייטער א טרעוואגע! מען איז געלאפען אלעמען אנזאגען, מען זאל תיכף קויפען ברוינע הענדשקעס. מיר האבען דאס אויך געטון.

ווייטער האט מען פון אויבענאן מזהיר געווען, אז מען זאל צוגרייטען א ווייבען פאטעל מיט צוויי געזונטע יונים, וועלכע וועלען דארפען אויף דעם דאזי־

גען פּאַטעל אַרויפטראָגען די קייזערין צו אונז אין שפּיטאָל, מחמת זי קען ניט גײען אויף טרעפּ.

איך האָב אַפילו געזאָגט מײן גלאַוו־נעם, אַז ס'וואָלט גלײך געווען, מען זאָל בעשטעלען וואַזאַנען מיט בלומען, וועל־כע מען זאָל אויסשטעלען אויף די טרעפּ און אויסלײגען די טרעפּ מיט דיוואַנעס. מײן קאָזאַק איז אָבער געוואָרען פון דעם פאַרשלאָג מלא חמה.

—„נײן, זאָגט ער מיט האַרץ, זאָל זי בעסער זעהען בעשײנפּערליך, ווי ס'זעהט אויס אַ מיליטער שפּיטאָל באמת, אָהן קונצען!“

דאָ מוז איך צוגעבען, אַז די שפּי־טעלער פון פּריוואַטע וואוילטעטיגע גע־זעלשאַפטען, ווי למשל, פון רויטען קרײץ און אַנדערע, זענען געווען אײנגעאָרדענט בהרחבה, מיט שיק, דאַגעגען די מיליטער שפּיטאָלען זענען געווען אָרים און האָ־בען בכלל געהאַט אַ מיאוסען פּנים. די תשובה פון מײן גלאַוונעם איז מיר אָבער שטאַרק געפעלען געוואָרען און איך האָב צוריקגעצויגען מײן פאַר־שלאַג.

ערב פון דעם אַלערהעכסטען וויזיט בין איך געווען דעזשורנע אין אונזער שפּיטאָל און בין דאָרטען געבליבען נעכ־טיגען. מײן גלאַוונער האָט ניט געקענט רוהען; ער איז צו מיר געקומען אין שפּיטאָל און מיר זענען די גאַנצע נאַכט צוזאַמען געזעסען אין דעזשור־צימער.

ער האָט זיך זעהר שטאַרק דענער־װירט, איז אַרומגעלאָפען איבער'ן צימער און האָט בײסלעכװײז בעצויגען פון פּלע־שיל, כדי צו קריגען קוראַזש. מיר האָ־בען צוזאַמען צונויפגעשטעלט אַ קורצע בעגריסונגס רעדע און דעם האַפּאַרט, וועלכען ער האָט תמיד איבערגעחזר'ט. דער גלאַוונער האָט מורא געהאַט, ער זאָל זיך בעת'ן ראַפּאָרט נישט פּער־פּלאָנטערן.

איך האָב איהם בערוהיגט און האָב איהם געזאָגט, אַז ער האָט ניט וואָס מורא צו האָבען: די קייזערין איז דאָך אַ נקבה און אַ נקבה וועט געוויס ניט שרײען, ניט מאַכען קײן סקאַנדאַלען, ווי דאָס פלעגט צו זײן, ווען ס'פלעגט אַמאָל בעזוכען אַ שפּיטאָל דער בעוואוסטער פּרינץ אָלדענבורגסקי, דער אויבערהעי־פּט פון אַלע מיליטערישע שפּיטאָלען. ס'האָט געקענט זײן דער בעסטער און דער שענס־טער שפּיטאָל, אָבער ער, דער פּרינץ, פלעגט אַלעמאָל שרײען, קלאַפּען מיט זײן שטעקען, זידלען די דאָקטוירים, די שוועסטער אָהן רחמנות אַזוי, אַז מען האָט פאַר זײן וויזיט שטאַרק געציטערט און מען האָט פשוט ניט געוואוסט, וואוהין צו אַנטלויפען, אַבי נאָר ניט הע־רען און ניט זעהען זײן משוגעת. ער איז געווען אַ שם דבר, אָבער דאָ, בײ דעם בעזוך פון דער קייזערין, דאַרף מען, לויט מײן מיינונג, זײן רוהיג.

צו מאָרגען איז דער פרי (דעם 13־טען אָקטאָבער) איז זיך אונזער פּערסאָ־נאַל גאַנץ פריה צונויפגעקומען אין שפּי־טאָל. מיר האָבען נאָכאַמאָל קאָנטראָ־לירט יעדען ווינקעל, מיר האָבען נאָכ־אַמאָל איבערגעחזר'ט דעם נוסח פון דער בעגריסונג מיט די סאָלדאַטען און האָבען געוואַרט...

דער פּאָפּ האָט געמאַכט אַ סטענדער און האָט זיך געגרייט מקבל פּנים צו זײן די הויכע געסט מיט פּאַראַד.

עטליך, אַרום 4 אַ זייגער נאָכמי־טאָג (בײ אונז אַלעמען איז אַגב געווען נאָך פאַר מיטאָג) איז דער גליקליכער מאָמענט אָנגעקומען. די הערצער האָבען בײ אונז אַלעמען געקלאַפּט שטאַרקער. מיר שטעהען אויסגעפּוצט און אײן

שורה אויבען... עס פאהרט צו א קארעטע, עס הערט זיך א קלאפ אין טהיר פון אונטען, א גערויש... מען טראגט שוין די קייזערין... זי איז שוין אויבען, נעבען אונז... זי בעגריסט זיך מיט אונז גאנץ העפליך, רעדט רוסיש מיט א דייטשיען אקצענט, נאך איהר קומען איהרע טעכטער, אלגא, טאטיאנא, אנאסטאסיא און מאריא... מיר קושען אלעמען די הענד. עס איז געווען אפילו א ביסעל קאמיש צו קושען די האנד ביי א 12־יאהריגער מיידעל, ווי די יונגסטע פרינצעסין מאריא; איך האב טאקי בעמערקט, אז איהר אליין איז עס אונאנגענעהם געוועזען, אבער אזוי, האט מען אונז געזאגט, פאדערט דער צערעמאניאל. און איבריגענס איז נאך א קוש, וואס שאדט עס דען?

צוזאמען מיט די הויפע געסט איז אויך געקומען דער קייזערינ'ס אדיוטאנט, פירשט גאגארין. דער גובערנאטאר איז געבליבען אונטען און איז ניט ארויף צו אונז.

דער גלאונער איז רויט געווארען, ווי א בוראק; ער האט אנגעהויבען אפצוגעבען דעם ראפארט און האט זיך טאקי... פערפלאנטערט: ער האט אין מיטען דרינען פערגעסען, וויפיעל קראנקע ס'זענען דא ביי אונז אין שפיטאל. די קייזערין האט אבער א שמייכעל געטהון און עס איז אריבער בשלום.

דערנאך האט אנגעהויבען צו דרש'ענען אונזער פאפ. וועלענדיג, וואהרשיינליך, פאר זיך ארויסציהען פון דעם וויזיט עפעס א טובה אין דער צוקונפט האט ער בענומען רעדען און האט גערעדט און גערעדט. עס האט זיך ניט געקלעבט איין ווארט צום אנדערען. עס איז שוין אריבער מעהר ווי א האלבע שעה, אלע שטעהען און ער רעדט אלץ. דער קייזערינ'ס אדיוטאנט איז געווען אויסער זיך. ער איז געשטאנען גראד נעבען מיר. שטילערהייד פרעגט ער מיך, פארוואס דער פאפ רעדט אזוי לאנג?

—„איך ווייס ניט", ענטפער איך.

—„גיט זשע איהם, ה' דאקטאר, א וואונק, ער זאל שוין ענדיגען זיין רעדע", זאגט צו מיר דער פירשט (מיר זענען געשטאנען הינטער דער קייזערין).

—„איך אליין וועל צו איהם ניט ווינקען, זאג איך, ווייל עס איז מיר אונאנגענעהם, אויב שוין יא ווינקען, זאלען מיר עס ביידע צוזאמען מאכען, דעמאלט איז וואס אנדערש".

און מיר האבען טאקי ביידע אנגעהויבען שארף צו קוקען אויפ'ן פאפ און איהם צו ווינקען מיט די אויגען און א ביסעל מיט די הענד, ער זאל מאכען א סוף מיט זיין דרשה. ער האט אונז אבער גאר ניט געהערט און האט ווייטער גערעדט.

אייביג אבער רעדען קען מען דאך ניט, ער האט דאך געענדיגט און האט דערלאנגט דער קייזערין צום אנדענקען א הייליג בילד.

דערנאך האט די קייזערין א ביסעל זיך אונטערהאלטען מיט אונזערע שוועסטער און האט אנגעהויבען געהען איבער די פאלאטעס. אומעטום האט זי פריינדליך בעגריסט די קראנקע, האט יעדען קראנקען אנגעטהון אויפ'ן האלז א קליין הייליג בילד'ל, יעדער סאלדאט האט איהר געקושט אין האנד און זי איהם אין קאפ...

זי קומט אריין אין די פאלאטע פון אויערן קראנקע, איך האב ניט געהאט די מעגליכקייט איהר פריהער צו ערקלערען, אז דא געפינען זיך אזוינע קראנקע.

זי בעגריסט זיך מיט די טויבע סאלדאטען... אבער—אין קול ואין עונה,

קיינער ענטפערט ניט. איך ווענד מיך צו דער קייזערין מיט א בעמערקונג:

—„מאיעסטעט, דאס זענען טויבע סאלדאטען, דעריבער ענטפערן זיי ניט"..

די קייזערין איז צוגעגאנגען צו איינעם פון די סאלדאטען און האט איהם געפרעגט:

—„פון וועלכע פאלק ביסטו?"

—„פון מאהילעווער גובערניע!" שרייט ער געוואלדיג.

די טויבע האבען שוין אזא טבע, אז זיי שרייען שטארק און די „טויבע" סאלדאטען, וואס הערען גאנץ גוט, שרייען נאך העכער. די הויכע געסט האבען זיך פונאנדערגעלאכט און דער אינצידענט האט זיך דערמיט געענדיגט.

די קייזערליכע טעכטער האבען זיך געהאלטען גאנץ היימיש אזוי, אז די שטימונג איז בכלל געווען א פרייע.

איין בעמערקונג האט די קייזערין יא געמאכט דעם גלאוונעם: אז איין פאלאטע האט זי איהם אויפמערקזאם געמאכט, אז עטליכע סאלדאטען טראגען צו לאנגע האר, אז ס'איז פיעל היגיענישער צו טראגען קורצע האר. דער גלאוונער האט איהר ערקלערט, אז חאטש רוב פון די לאנגהעריגע סאלדאטען זענען קאזאקען, וועלכע האבען שוין א חזקה צו טראגען לאנגע האר. (וואס פאר א פנים, מישטיינס געזאגט, קאן האבען א קאזאק אהן לאנגע האר, אהן א טשוב, הייסט עס).

בכלל איז די קייזעריין געווען צופרידען פון אונזער שפיטאל; זי און איהרע טעכטער האבען אפילו איינגעשריבען זייערע נעמען אין א ספעציעלען פנקס, האבען זיך געזעגענט און זענען אבגעפאהרען.

א שטיין איז אראב פון הארצען! מיין גלאוונער איז געווארען מלא שמחה און פטור ווערענדיג פונ'ם הויכען וויזיט, האט ער געמאכט א גרויסען לחיים און איז געווארען גאר אנ'אנדער מענש.

נאך דעמזעלבען טאג האט ער געשריבען צו נאטשאלסטווא קיין מאסקווע א ראפארט וועגען דעם וויזיט. אין דעם ראפארט האט ער דערמאהנט וועגען דער קייזערינס בעמערקונג איבער די לאנגע האר. איך האב איהם אפילו געזאגט, אז עס לוינט ניט צו שרייבען וועגען אזא קלייניגקייט, פון וועלכער נאטשאלסטווא קען מאכען א גאנצען טאראראם. דער גלאוונער איז אבער געווען זעהר אנ'עהרליכער מענש און האט בשום אופן קיין זאך ניט געוואלט לייקענען.

אין א וואך ארום האבען מיר אבער געהאט א גרויסען „נאגאניאי"! דעפעשען, פאפירען זענען געפלויגען אהין און אהער: עס איז געווארען לעבעדיג אין אלע שפיטאלען פון גאנץ מאסקווער מיליטער-ראיאן. מען האט אומעטום געזוכט סאלדאטען מיט לאנגע האר. יעדען טאג פלעגען מיר האבען געסט, וואס פלעגען קאנטראלירען די לענג פון די יונישע האר.

דערמיט האט זיך אבער די מעשה ניט געענדיגט. מיט א פאר וואכען שפעטער בעקומען מיר א דעפעשע, דער גלאוונער זאל תיכף ומיד ענטפערן, פאר וואס ער האט אין זיין ראפארט געשריבען, אז נאר עטליכע סאלדאטען האבען געטראגען לאנגע האהר, ווערענד נאטשאלסטווא האט בעקומען א ידיעה, אז אלע קראנקע סאלדאטען האבען געטראגען לאנגע האר, אגב האבען מיר זיך דערוואוסט, אז דער גוטהערציגער גובערנאטאר פאן-בינטינג, וועלכער איז אין שפיטאל אפילו ניט געווען בעת דער קייזערינס וויזיט, האט מודיע געווען אין מאסקווע, אז אלע קראנקע סאלדא-

טען פון אונזער שפיטאל זענען געווען לאנג הערינג, און אז די קייזערין איז דערפון געווען אונצופריעדען. וואס טהוט מען דא, וואס ענטפערט מען? מיר האבען זיך אלע צוזאמענגעקליבען און גענומען טראכטען וועגען א פאסענדער תשובה. ענדליך זענען מיר געקומען צום בעשלוס, אז מען דארף אזוי ענטפערן: „אויב די בעשולדיגונג האט ארויסגעזאגט איהר קייזערליכע מאיעסטעט די קייזערין, בין איך שולדיג און בעט מחילה, אויב אבער די בעשולדיגונג האט ארויסגעזאגט אנ'אנדער פערזאן, בעשטעטיג איך מיין ערשטען ראפארט". אזא דעפעשע איז אוועקגעשיקט געווארען און נאטשאלסטווא האט זיך, ווי ס'וויזט אויס בערוהיגט, ווייל מען האט אונז מעהר ניט געטשעפעט צוליעב האר. ס'האבען זיך אונטערגערוקט אנדערע ענינים

כ.

א.ן טווער איז געווען אנ'ארכיעפיסקאפ סעראפים. אין זיינע יונגע יאהרען איז ער געווען א גווארדיע-אפיציר און איז געווען נאהענט צום קייזערליכען הויף. דער דאזיגער ארכיעפיסקאפ איז געווען אויף מעסערס מיט דעם גובערנאטאר. עס איז געווען עפיס א מעשה, אז די קייזערין אלעקסאנדרא האט אמאל בעזוכט טווער און איז געווען אויף א מיטאג ביים גובערנאטאר און דעם ארכיעפיסקאפ'ס איינלאדונג האט זי נישט אנגענומען. אגב האט מען געשמועסט אין שטאדט, אז דער גובערנאטאר האט שמארק נושא חן געווען ביי דער קייזערין. פון דעמאלט אן איז דער היילגער פאטער געווארען דעם גובערנאטאר א דם שונא און פלעגט גאנץ אפט ארויסטרעטען געגען איהם. די בעפעלקערונג האט געהאלטען דעם ארחיעפיסקאפ'ס צד און האט געקוקט אויפ'ן גובערנאטאר ווי אויף א דייטש. דא מוז איך בעמערקען, אז די רוסישע געזעלשאפט האט אויך קרום געקוקט אויף דער קייזערין גופא, האלטענדיג איהר פאר א דייטשקע. דאס האט זיך ארויסגעוויזען בעזונדערס אין דער מלחמה־צייט.

דער ארחיעפיסקאפ האט געוואלט אויפטהון עטוואס וויכטיגעס, פאטריאטישעס. ער האט געגרינדעט א געזעלשאפט פון פארלעזונגען פאר די קראנקע און פערוואונדעטע סאלדאטען אין אלע טווערער שפיטאלען. צו אונז האט ער אויך צוגעשיקט א רשימה פון אזוינע פארלעזונגען פון רוסישער ליטעראטור, היילגער שריפט, געאגראפיע, קאאפעראציע אד"גל. די פארלעזונגען פלעגען פארקומען ביי אונז אין שפיטאל דריי מאל א וואך. מיר האבען דערפון געהאט א סך קאפּחרעהעניש. מען האט געדארפט האבען א גרויסען זאפאס מיט געדולד, כדי אויסצוהערען אלץ מיט וואס מען האט געוואלט אנפילען די שמאלע מוחות פון די סאלדאטען. דאס רוב לעקטארען זענען געווען שלעכטע.

נאר איין לעקטאר איז געווען זעהר אינטערעסאנט. דאס איז געווען א בעוואוסטער טהוער פון דער טווערער זעמסטווא א געוועזער ה' גאמאליי. ער האט פארגעלעזען וועגען קאאפעראציע אין זעהר א פאפולערער און שענער פארם. ער האט אנגעוויזען, אז די קאאפעראציע שטאמט פון דייטשלאנד, אז זי ברענגט גרויס נוצען דעם פויער און דעסגלייכען. אויף דער פארלעזונג איז געזעסען אונזער פאפ און האט תמיד עפעס נאטירט ביי זיך אין ביכעלע.

די צווייטע פארלעזונג וועגן קאאפעראציע האט געדארפט פארקומען אין א וואך ארום. פאר דער פארלעזונג, ווען דער לעקטאר איז נאך אפילו ניט געקומען, פאלט צו אונז אין שפיטאל פלוצים אריין דער גובערנאטאר. אויף די טרעפ האט ער געטראפען איינעם פון אונזערע יונגערע דאקטוירים און האט איהם געפרעגט, צי היינט איז אין שפיטאל דא א פארלעזונג? דער דאקטאר האט איהם געענטפערט, אז ער ווייסט ניט.

דער גלאוונער איז גראד דעמאלט אין שפיטאל ניט געווען, דעריבער האב איך געמוזט אויפנעהמען דעם גובערנאטאר. ער קומט אריין, בעגריסט זיך מיט מיר זעהר קאלט, אזוי קאלט, אז מיר איז געווארען אזש היים. איך האב געפיהלט אז דער ווייזיט איז ניט קיין גלאטער, אז צו א גוטען פריינד קומט מען ניט מיט אזא ברוגזדיגען פנים. מילא, טראכט איך מיר, לאמיר זעהן, וואס וועט ווייטער זיין?

— „עפעס האב איך געהערט, זאגט דער גובערנאטאר מיט איראניע, אז ביי אייך קומען פאר פערשיעדענע פארלעזונגען פאר די קראנקע סאלדאטען און די דאקטוירים ווייסען גאר ניט דערפון“.

— „יא, וואשע פרעוואסחאדיטעלסטווא, ענטפער איך, שוין זייט א פאר וואכען לעזט מען ביי אונז פאר פונקט אזוי, ווי אין אלע אנדערע שפיטאלען אין טווער. דער ארכיעפיסקאפ סעראפים האט אונז צוגעשיקט א גאנצע רשימה מיט פארלעזונגען“.

איך האב געהייסען ברענגען אלע פאפירען וועגען דעם ענין.

— „אזוי? און איך, דער גובערנאטאר, ווייס גארנישט דערפון! פאר וואס האט איהר ביי מיר קיין ערלויבניש דערויף נישט געבעטען?“

— „ס'הייסט? — זאג איך — מיר האבען דאך בעקומען א פעראָרדנונג מיט א פראגראם פון פארלעזונגען פון דעם ארכיעפיסקאפ גופא. ווער קען שוין זיין כשר'ער ווי אן ארכיעפיסקאפ? וועמען האבען מיר נאך געדארפט פרעגען וועגען דעם? אויסערדעם, איז דאך דער ארכיעפיסקאפ פארזיצענדער פון א לעגאליזירטער געזעלשאפט, וואס איז זיך מתעסק מיט פארלעזונגען פאר קראנקע און פערוואונדעטע סאלדאטען“.

— „אלץ ריכטיג, שרייט שוין דער גובערנאטאר מיט כעס, דער ארכיעפיסקאפ האט ניט דאס רעכט אייך צו געבען פעראָרדנונגען און אייער חוב איז געווען תיכף מיר פארצושטעלען דעם פראגראם, כדי איך זאל עס בעשטעטיגען. וואו איז דער גלאוונער דאקטאר?“

— „באלד קומט ער, איך האב געשיקט נאך איהם“.

מיין גלאוונער איז טאקי באלד אנגעקומען און דא האט זיך אנגעהויבען א שארפע דיסקוסיע צווישען איהם און דעם גובערנאטאר. דער קאזאק האט זיך געהאלטען פעסט און האט זיך ניט אונטערגעגעבען.

אין מיטען דרינען איז אנגעקומען דער לעקטאר. דער גובערנאטאר האט געזאגט אז ער וויל הערען די פארלעזונג. דער לעקטאר האט זיך, אפנים, וועניג דערשראקען פאר'ן גובערנאטאר און האט גלענצענד ווייטער גערעדט וועגען קאאפעראציע.

נאך דער פארלעזונג איז דער גובערנאטאר ארויס פון זאל א צעקאכטער.

— „דער לעקטאר וועט ביי אייך מעהר ניט לעזען, זאגט ער צום גלאוונעם, מארגען שיק איהם ארויס אדמיני-

סטראַטיוו פון טווער און איהר וועט אויך זיין פאַר אַזוינע פאַרלעזונגען פעראַנטוואָרטליך.

און טאַקי צומאָרגען האָט דער גובערנאַטאָר אַרויסגעשיקט פון טווער דעם לעקטאָר גאַמאַליי און מיר האָבען געוואַרט אויף אונזער פסק.

דערווייל האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז די גאַנצע מעשה האָט אָנגעמאַכט אונזער פּאָפּ. נאָך דער ערשטער פאַרלעזונג וועגען קאָאָפּעראַציע איז ער אַוועק באַלד צום גובערנאַטאָר און האָט איהם אַריינגערוימט אין אויער, אַז אין אונזער שפּיטאַל ווערט געפיהרט אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע, אַז די פאַרלעזונג וועגען קאָאָפּעראַציע איז געפעהרליך פאַר די סאָלדאַטען, אַז די יודישע דאָקטוירים זענען יד אחת מיט דעם לעקטאָר, וועלכער האָט געלויבט דייטשלאַנד אַז די דאָזיגע דאָקטוירים האָבען דעם לעקטאָר ניט אָבגעהאַלטען— מיט איין וואָרט, אַז רוסלאַנד שטעהט אין סכנה צוליעב יודישע איטריגעס.

דער גובערנאַטאָר איז טאַקי צוליעב דעם עקסטרא געקומען אויף די צווייטע פאַרלעזונג און האָט זיך איבערצייגט, אַז דער פּאָפּ האָט רעכט. אַגב האָט ער דאָ געקענט אונטערשטעלען אַ פּיסעל זיין בלוט שונא, דעם אַרכיעפּיסקאָפּ סעראַפּים. און דאָרטען, וואו צווישען צוויי צוקריעגטע העלדען שטעהט דאָס בידנע יודעל, חאַפּט ער טאַקי די גרעסטע קלעפּ.

אַזוי איז מיט אונז אויך געווען. דער גובערנאַטאָר האָט אַוועקגעשיקט קיין מאָסקווא אַ גרויסען ראַפּאָרט, אין וועלכען ער האָט בעשולדיגט אַלע דאָקטוירים אין רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע.

איהר קענט זיך לייכט פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ געמיטה מיר האָבען דעמאָלט געהאַט! יעדען טאָג פלעגען מיר וואַרטען, אַז אָט־אָט קומט שוין אַ גזירה. וואָסער אַ גזירה — האָבען מיר ניט געוואוסט. מיט גוטס האָט עס יעדענפאַלס ניט געשמעקט.

גראָד אין דערזעלבער צייט האָט מען מיך אַמאָל פון מיינעם אַ דיזשור אַרויסגערופען פון שפּיטאַל צו אַ קראַנקער שוועסטער. איך בין אַוועק אַהינצו. דערווייל אָבער איז אין שפּיטאַל געקומען אַ רעוויזאָר און האָט מיך ניט געפונען. קורץ גערעדט, נאַטשאַלסטווא האָט מיך אויפ'ן אַנדערן טאָג בעשטראָפט (נאַטירליך מיט'ן גובערנאַטאָר'ס כח) מיט תפיסה. איך האָב געמוזט בחרפתי אָבזיצען דריי מעת לעת אויף דער הויפּטוואַך. דאָס גאַנצע זיצען האָט אויסגעזעהען ווי אַ קאָמעדיע. אָבגעפיהרט אין תפיסה האָט מיך אַ גוטער ברודער, געהיט האָט מיך אויך אַ גוטער ברודער. געלעבט האָב איך דאָרטען, אין הויפּטוואַך, הייסט עס, אַ גוטען טאָג. איך האָב געהאַט אַ עהרען־קאַראַאול. אַלע טאָג, בעת דער קאַראַאול פלעגט זיך בייטען, האָט מען געטרומייטערט און געפּויקט אין באַראַבאַן. צו מיר פלעגען קומען געסט, מיין פרוי פלעגט מיר שיקען אכילה און פלעגט אַליין עטליכע מאָל אין טאָג קומען מיך בעזוכען. (די דריי טעג זענען אַריבער גאַנץ שנעל.

איך האָב געמיינט, אַז דערמיט וועל איך אָבקומען פאַר די קאָאָפּעראַציע אויך.

פלוצים אָבער קומט אַראָב קיין טווער פון מאָסקווע אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ כדיה קאָאָפּעראַציע.

דאָס איז געווען זעהר אַ שענדליכע אויספאָרשונג. מען האָט אונז געפרעגט

וואס דער לעקטאר האט גערעדט, ווי פיעל מאל ער האט דערמאנט דייטשלאנד, וואס ער האט גערעדט וועגען דייטשלאנד, צי האט ער געריהמט דייטשלאנד, צי האט ער גערעדט וועגען קאפּיטאליזם, וועגען פאבריקאנטען און ד. ג. עטליכע טעג האט די קאמיסיע אונז געמאטערט און איז אוועקגעפאהרען מיט א פאק פאפּירען צוריק קיין מאסקווע.

דער גלאוונער איז תיכף נאך דער אויספארשונג געגאנגען צום ארכיעפּיסקאפּ, האט איהם דערצעהלט די גאנצע מעשה און האט איהם געבעטען, ער זאל איהם ארויסשלעפּען פון דעם זומפּ. גראד אבער האט אין דער צייט צו אונזער אומגליק דער ארכיעפּיסקאפּ שלום געמאכט מיט'ן גובערנאטאר און אונזערע אקציעס זענען נאך מעהר געפאלען. דער ארכיעפּיסקאפּ אנשטאט בעהילפיג צו זיין האט זיך נאך גוט אנגעבייזערט אויפ'ן גלאוונעם.

קומענדיג צוריק אין שפּיטאל פון דעם ניט געלונגענעם וויזיט האט דער גלאוונער מיט הארץ א שפּיי געטהון און זאגט צו מיר:

— „ע, איסאאק, האפּט זיי אלעמען דער רוח, וואס וועט זיין וועט זיין, קום, לאמיר בעסער מאכען א שנאפּס און גאט וועט העלפען!“

מיר זענען געזעסען און געהאקטע וואנדען און האבען געווארט אויפ'ן רעזולטאט פון דער אויספארשונג. מיר האבען געמיינט, אז מען וועט אונז פערשיקען קיין סיביר, וואו איך וואלט מיר אגב געקענט זעהען מיט מיינע אלטע בעקאנטע נאך פון דער יאפּאנישער מלחמה.

דער גובערנאטאר האט געקוואלען: ער איז געווען צופריעדען, אז שרליך

האט ער די זשירעס (מיין גלאוונעם דעם קאזאק, האט ער צוגעריכטעט צום מיין) געפּאקט און וועט פון זיי פּטור ווערען.

ענדע יאנואר 1916 איז טאקי געקומען א פּאפּיר, אין וועלכען עס איז געזאגט געווארען, אז דער גלאוונער און אלע איבריגע דאקטוירים פון אונזער שפּיטאל ווערען איבערגעטראגען אויפ'ן פראנט, אין א פעלד־לאזארעט, וואס ווערט איצט פארבוירט אין מאסקווע און אז אויף אונזערע שטעלעס זענען שוין בעשטימט אנדערע דאקטוירים. מען האט געהארפט, הייסט עס, זיך זעגנען מיט טוער און ווידער פאהרען אין דער וועלט אריין.

אין דער ערשטער מינוט האט מיר די מעשה שטארק פערדראסען, מחמת מען האט זיך שוין איינגעלעבט מיט דער פּאמיליע אין טוער, מען איז געווען ווייט פון פראנט. ניט לאנג אבער האב איך געהאלטען די נאז אראבגעלאזען. גם זו לטובה! טראכט איך מיר, אפשר איז דאס גאר צום גוטען... אויף א מלחמה ווערט מען א פאטאליסט.

און פון דער צווייטער זייט איז מיר דאס לעבען אין טוועת, די איינביגע מלחמה מיט דעם גובערנאטאר, שטארק פערמיאוסט געווארען. איך האב שוין דארטען מעהר ניט געקענט אויסהאלטען.

און ווידער האט זיך מיר שוין געוואלט עטוואס פרישעס, עס האט זיך געוואלט זעהען נייע לענדער, נייע מענשען. איך האב שוין בעקומען די נאטור פון א ציגיינער, וואס בענקט תמיד נאך פעלדער און וועלדער, נאך די ליכטיגע זון. מיט מיר זענען דאך מיינע קאלעגען אויך, מיין גלאוונער איז אויך דא! וואס זשע דארף מען זארגען?...

מיר האבען זיך: מיט פערגעניגען איינגעפאקט און זענען אבגעפאהרען פון טווער קיין מאסקווע. דאס איז געווען אנפאנג פעווראל. און פון דעמאלט אן האט זיך טאקי פאר מיר אנגעהויבען גאר א נייע, אינטערעסאנט „קינעמאטאגראפיש" לעבען און ניט איינמאל האב איך שפעטער געדאנקט דעם בורא עולם דערפאר וואס דער טווערער גובערנאטאר איז אזא גרויסער אנטיסעמיט געווען.

---

## כא.

אין מאסקווא בין איך פערפאהרען צו מיר א היים, ווייל מיין פאמיליע האט דארטען געהאט א שטענדיגע וואוינונג. דאס איז געווען דעם 5-טען פעווראל 1916.

באלד צוזאמענגעקומען זענען מיר, ד. ה. איך און מיינע קאלעגען פון טווערער שפיטאל, אוועק זיך פארשטעלען פאר נאטשאלסטווא. ביי אונז האבען שטארק געקלאפט די הערצער, ווייל מיר האבען געמיינט, אז נאטשאלסטווא וועט אויף אונז קרום קוקען פאר דער מעשה קאאפעראציע. מיר האבען אבער א טעות געהאט: דער מאסקווער מיליטער-מעדיצינישער אינספעקטאר האט אונז פריינדליך אויפגענומען, ער האט אונז בערוהיגט און האט געזאגט, אז ער ווייסט פון אונזערע אלע נסיונות, און ער איז איבערצייגט, דאס מיר זענען גאנישט שולדיג, אז דאס זענען נור דעם גובערנאטאר'ס אינטריגעס געווען און צוליעב דעם האט ער אונז געמוזט ארויסשלעפען פון טווער. און אום אונז צו בעווייזען זיין פריינדשאפט, האט ער אונז אלעמען צוגעזאגט ווידער בעשעפטיגט אין איין און דעמזעלבען לאזארעט, וועלכער פארמירט זיך דא, אין מאסקווא. דערווייל קענען מיר, הייסט עס, רוהיג זיצען, זיך פארמירען און שפעטער וועט מען אונז ארויסשיקען אויפ'ן פראנט; אויף וועלכען — איז נאך דערווייל ניט בעוואוסט.

מיר האבען זיך טאקי נישט געאיילט, מיר האבען גאנץ פאוואלי פארמירט אונזער נייעם לאזארעט, וועלכער האט געדארפט אריינגעהן אין רשות פון דער נייער, 115-טער דיוויזיע.

במעט דריי חדשים האט געדויערט די פארמירונג.

איך האב געהאט גענוג צייט זיך גוט צו בעקענען מיט מאסקווע און מיט איהר ארט לעבען.

מאסקווע איז א זעהר אינטערעסאנטע שטאדט. די רוסען האלטען מאסקווע פאר א גרויסען דארף. און באמת פערנעהמט די שטאדט א ריעזען-שטח. זי איז נישט געבויט לויט א רעגעלמעסיגען פלאן, ווי די ניי-מאדערנע שטעדט: דארטען געפינט איהר ברייטע, גלייכע און לאנגע גאסען און א סך שמאלע, קרומע געסלעך. מען קען וואוינען אין מאסקווע יאהרען-לאנג, און ניט וויסען, וואו וועלכע גאס עס געפינט זיך. דארטען קענט איהר זעהען אנ'אכט-שטאקיג הויז נעבען א קליין הייזעל.

איין זאך ווארפט זיך אין די אויגען אין מאסקווע, דאס איז א סך לופט, א סך הימעל, א סך זון, א סך גרינס. דער עולם זשאלעוועט דארטען נישט קיין פלאץ. דארטען איז די שטאדט-ערד ניט פערשפעקולירט, ווי אין אנדערע גרויסע שטעדט. זעלטען ווען איהר וועט אין מאסקווע טרעפען הויפען, וואס זעהען אויס, ווי א קבר, דאס וואס אין ווארשא, למשל קענט איהר גאנץ אפט בעגעגנען. בעריהמט זענען די אזוי-גערופענע „אסאב-

ביאַקעס", ד. ה. הײַזער וואו עס וואוינען נאָר די אײגענטימער אַלײן מיט אַלע בעקוועמליכקײטען, מיט אַ גאָרטען, מיט אײגענע פערד, קיה און עופות. די גאַנצע שטאָדט איז ווי פערזײט מיט בולוואַרען, מיט גרויסע גאָרטענס.

אין מאָסקווע געפינט איהר קוואַרטאַלען, וועלכע מאַכען אַן'אײנדרוק פון אַ גרויסער אײראָפּעאישער שטאָדט, איהר געפינט אָבער קוואַרטאַלען, וועלכע זענען שטיל, רוהיג, פונקט אַזוי ווי אַלע רוסישע פּראָווינץ־שטעדט.

עס וואַרפט זיך אין די אויגען די ברײטע רוסישע נאַטור. אַלץ איז דאָרטען אײנפאַך, אָהן קונצען, אָבער אין אַ גרויסען, ברײטען מאַסשטאַב. די געשעפטען, למשל, דער האָטעלס־טײל פון מאָסקווע איז גוואַלדיג גרויס. וואַרשא מיט איהרע אַלע געשעפטען, פּאַסאַזשען, קען זיך בעהאַלטען אין אײן ווינקעל פון די אַזויגערופענע „ווערחניע טאָרגאָוויע ריאַדי". און וואו איז די „איליאינקא", דער „דיעלאָוואָי דוואָר", די „לוביאַנקא"?

מאָסקווע איז זעהר אינטערעסאַנט מיט איהר אַלטערטימליכקײט. אַ ליעבהאָבער פון'ם אַלטערטימליכען לעבען קען אָבשטעהען שעה'ן לאַנג און קוקען אויפ'ן קרעמל, אויף די פערשידענאַרטיגע טורעמס אַרום א.ה.ם, אויף די אַלטע צערקוועס, וועלכע דערמאָהנען די שרעקליכע צײטען פון איוואַן גראָזני...

איהר געפינט אין מאָסקווע זעהר רײַכע מוזעען, וואונדערפולע טעאַטערס. עס איז גענוג צו דערמאָהנען דעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער („חודאָזשעסטווענני טעאַטר") וועלכער איז עטליכע מאָל געווען אויך אין וואַרשא און די אַזויגערופענע „סטודיא", וואו עס שפּיעלען די יונגע קרעפטען פון דעמזעלבען טעאַטער. ווער

עס האָט חאָטש אײנמאָל געהאַט דאָס גליק צו זײַן אין דער „סטודיא", קען אין לעבען דעם אײנדרוק נישט פערגעסען.

וועגען דער מאָסקווער אָפּער און באַלעט איז נישטאָ וואָס צו רעדען. זײ האָבען אַ שם אין דער וועלט.

בכלל מוז איך זאָגען, אַז מאָסקווע האָט אַ מאָדנע צוציהונגס־קראַפט. ווער עס האָט אײנמאָל געוואוינט אין מאָסקווע אַ לענגערע צײט, קען זיך מיט קײן אַנדער שטאָדט נישט בעגנוגען. און אײגענטליך האַלט מען דאָך אין דער קולטורעלער אײראָפּא די רוסען פאַר אַזיאַטען, פאַר באַרבאַרען. אמת, דאָס רוב רוסען זענען טאַקי אַנאַלפאַבעטען; אַ סך מיליאָנערען קענען זיך נישט אפילו אונטערשרײבען; אמת בראַנפען גיסט זיך אין מאָסקווע ווי וואַסער; אמת, דאָס רוב רוסען האַלטען וועניג פון באָן־טאָן און קנאַקען קערענדלעך אומעטום, וואו זײ זענען אַזוי, אַז פיעל גאַסען, טעאַטערס, קינעמאַטאָגראַפען זענען בעדעקט מיט קערענדלעך־שאָלעכץ, וו. מיט שנײ; אמת טאַקי אַז מאָסקווע איז שמוציג... און פונדעסטוועגען האָבען זיך ה. קולטורעלסטע אײראָפּעער גאַנץ גוט אײנגעלעבט אין מאָסקווע און האָבען זיך דאָרט גאַנץ גוט געפיהלט. ענגלענדער, פראַנצויזען, אַמעריקאַנער זענען אַלעמאָל, נאָך פאַר דער מלחמה, געווען ענטציקט פון מאָסקווע.

איך האָב געקענט עטליכע פּאָליאַקען, וואָס האָבען זיך אַזוי גוט געפיהלט אין מאָסקווע, אַז זײ וואָלטען בשום אופן ניט פערביטען מאָסקווע אויף וואַרשא. אין מאָסקווע פערגעסט מען דעם שאָוויניזם, דאָרטען בעקומט מען אַ ברײטען קוק אויף'ן לעבען און אויף מענשען, דער רובל האָט דאָרטען קײנמאָל קײן גרויסע ראָליע נישט געשפּיעלט: עס איז

אַהם געווען לייכט צו פערדינען און לייכט אויסצוגעבען.

וואָס אַנבעלאַנגט אחינו בני ישראל איז דאָך שוין נישטאָ וואָס צו רעדען. די יעניגע „ל.טוואַקעס“, וועלכע מען האָט פון מאָסקווע זיינער צייט אַרויסגעטריבען און וועלכע האָבען זיך געמוזט בעזעצען אין וואַרשא אָדער לאָדז, האָבען שטענדיג געחלומט וועגען מאָסקווע און מיט אונגעדולד געוואַרט אויף די מינוט, ווען מען וועט שוין קענען פריי אהין צו פאָהרען.

די מלחמה האָט טאַקי אַ סך יודעלעך אַריינגעטריבען צוריק קיין מאָסקווע. איך בין פשוט נתפעל געוואָרען, ווען איך בין צום ערשטען מאָל אַרויף אויף די „איליאַנקאַ“ און בין אַריין אין סיאַו'ם קאַוויאַרניע... איך האָב פערגעסען, אַז איך בין אין מאָסקווע, אינ'ם צענטער פון רוסלאַנד... מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין אין וואַרשא, להבדיל ביי סעמאַדעני'ן... איך האָב דאָרט געטראָפען אַ מאַסע וואַרשאַווער גוטע בעקאַנטע. די שמחה איז געווען זעהר גרויס! אַלע, אָבער פאַקטיש אַלע זענען געווען צופריעדען, לעבעדיג, מונטער, פריש...

איך פרעג דעם עולם, ווי געהט עס עפּיס, צי מאַכט מען געשעפטען, צי איז דאָ פרנסה, צי בענקט מען נישט נאָך וואַרשא?

— „נישט קשה, צוגעלעגט צו מאָסקווע האָט מען נישט, הער איך פון אַלע זייטען, נאָך וואַרשא בענקט מען שוין גאָר נישט, הלואי וואָלט מען געקענט קומען אהערצו מיט אַ יאָהר 10 צוריק“...

איך האָב מיך אינטערעסירט, ווי עס האַלט אין מאָסקווע מיט דער יודענפראַסעריי. אַך! ווער קוקט דערויף! „פראַוויטעלסטוואָ“ פערפאָלגט יאָ, מען הייסט זי דעלעך אַרויספאָהרען אין משך פון 24 שעה, אָבער מען גיט זיך אַנ'עצה. אגב, האָבען שוין יודען דעמאָלט בעקומען דאָס רעכט צו וואוינען איבעראַל, אויסער מאָסקווע.

די בעפעלקערונג ווייסט גאָרנישט, וואָס איז דאָס אַזויגאַ דער ווילדער אַנטיסעמיטיזם? יודען וואוינען ביי קריסטען, קריסטען ביי יודען, מען פערקעהרט איינער מיט דעם צווייטען; די יודישע קינדער פיהלען זיך אין די קריסטליכע גימנאַזיעס זעהר גוט נישטאָ קיין באַקאָט מצד די רוסישע קינדער און ד"ג.

איך האָב געטראָפען אין מאָסקווע וואַרשאָווער אַסימילאַטאָרען. גאָר אַנדערע מענשען זענען עס געוואָרען! פון מאָסקווע זעלבען זיי געווען גאַנץ צופריעדען; מען פלעגט הערען אפילו אַמאָל פון זיי, געוואַלד־געשריען, אַ גלייכווערטיל אויף פּראָסט מאַמע־לשון...

איך האָב געזוכט אין מאָסקווע רוסישע אַסימילאַטאָרען צווישען די מאָסקווער יודישע גבירים, אַדוואָקאַטען, דאָקטוירים, אינזשעניערען, — איך האָב אָבער אַזוינע טיפּען נישט געפונען. אמת די יודישע אינטעליגענץ איז שטאַרק צוגעבונדען צו רוסלאַנד, זי ליעבט רוסלאַנד ביז גאָר, אָבער דערביי בעזיצט זי אויך אַ יודיש האַרץ. די רוסיש־יודישע אינטעליגענץ פערנעהמט זיך אומעטום אַ סך מעהר מיט דער יודישער „פינסטערער מאַסע“ ווי די פויליש־יודישע אינטעליגענץ, די אַסימילאַטאָרען, הייסט עס, וועלכע קוקען אויף די „משעמנאַ מאַסע“ מיט „ווסטרענט“. מאָסקווער יודישע קהלה האָט זעהר פיעל אויפגעטהון נים נור פאַר די היימלאָזע, וועלכע זענען זיך אָנגעפאָהרען אין מאָסקווע מאַסענוויי; זי האָט געשטיצט אַפילו די וואַרשאַווער קרימע־לייט, צושיקענדיג אהערצו פון

צייט צו צייט גרעסערע סומעס געלד.

ווייטער האָט מיר אין מאָסקווע זעהר אינטערעסירט די שטעלונג פון דער רוסישער געזעלשאַפט בנוגע צו דער מלחמה. דאָ מוז איך זאָגען, אז די רוסען בכלל האָבען אַרויסגעוויזען זעהר וועניג פּאַטריאָטישע געפיהלען. אין מאָסקווע האָט מען די מלחמה גאָרנישט געקענט בעמערקען. דאָס לעבען האָט געקאָכט, ווי אין א קעסעל. אַלע טעאַטערס, אַלע קינעמאַטאָגראַפען זענען געווען פול מיט מענשען. „ליחאַטשעס" (ביי אונז אין וואַרשא „גומקעס") זענען געפלויגען אהין און אהער מיט אויסגעפּוצטע העררען און דאַמען. עס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען די קאָלאָסאַלע מאַסע בריליאַנטען אויף די דאַמען, דער ים פון לאַנגע און ברייטע קאַראַקולענע און פּאָקענע זשאַקעטען... אמת, קיין אַרימאַן פלעגט מען אין מאָסקווע ניט זעהען; בעטלער און שנאָרער פלעגט מען זעלטען טרעפען אויף די גאַסען, אָבער דאָך האָב איך איינגעזעהען, אז דער עולם הוליעט צו־פּיעל, און די הוליאַנקע האָט אויסגעזעהן ווי א טאַנץ אין דער צייט פון א דזשומאַ=עפּידעמיע. ציפּיעל געזונטע יונגעלייט פלעגט מען טרעפען פריי און פראַנק שפּאַצירענדיג, וועהרענד אַנדערע האָבען געפוילט אין די אָקאָפּעס. איך האָב געפיהלט, אז עס מוז קומען צו א קאַטאַסטראָפע. און ניט נור איך האָב עס געפיהלט: א סך פון מיינע בעקאַנטע פלעגען אַרויסזאָגען דיזעלבע מיינונג. מיר האָבען זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלען, אז אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך אָדער ענגלאַנד זאָל אַזוינס פּאַרקומען. דאָרטען זענען אַלע געווען דורכגעדרונגען מיט דער מלחמה, אַלע האָבען געאַרבייט נאָר פאַר דער מלחמה. די אינטעליגענטע רוסישע קרייזען האָבען אויך געפיהלט, אז ביי אַזאַ אַרט לעבען אינ'ם „טיל" ק... רוסלאַנד די מלחמה נישט געווינען.

איך האָב רוהיג שטודירט דעם מאַכ... ווער לעבען און די פּאַרמירונג פון אונז... לאַזאַרעט אין זיך פּאַוואָלי ווייטער געג... גען.

דערווייל האָבען מיר בעקומען א ידיע אַז אונזער שפּיטאָל אין נאָך אונזער אַב... פאָהרען נישט לאַנג פערבליבען או... טווער, מען האָט איהם אַוועקגעשיקט קיי... מאָלאָדעטשנאָ אונגעמאַכט ספּעציעל פאַ... א שפּיטאָל פון פלעקען־טיפוס קראַנקע אויסערדעם האָבען אונז בעקאַנטע פו... מאָלאָדעטשנאָ געשריבען, אַז זיי האָבען דאָרטען קיין מנוחה=שעה נישט, ווייל דער שונא בעשיסט די שטאָדט און די שפּי... טאַלען מיט באָמבעס פון עראָפּלאַנען אַזוי אַז עס איז שווער איסצוהאַלטען... און מיר האָבען טאַקי געדאַנקט דעם השם יתברך ווּאָס ער האָט אונז אָבגעהיט פון אַזאַ צרה. מיר האָבען אפילו געוואָלט שיקען א דאַנק־בריעף דעם טווערער גובערנאַטאָר פאַר זיין שנאה צו אונז... ווען נישט ער, ווער ווייסט, וואָס פון אונז וואָלט געוואָרען.

---

# כב.

„דער מענש דענקט און גאָט לענקט" זאָגט א דייטשעס שפּריכוואָרט. דער טווערער גובערנאַטאָר האָט זיך געפּאַטשט אין בייכעל, בעת נאַטשאַלסטוואָ האָט אונז פון טווער צוגענומען; ער האָט געמיינט, אַז מען וועט די בינטאָוושטשיקעס אַוועקשיקען לעזאזל... עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזען פּונקט פאַרקערט: אַנשטאָט דעם פראָנט זענען מיר זיך גאַנץ רוהיג געזעסען דערווייל אין מאָסקווע. אי, וואָס שפּעטער וועט זיין, דאָס

אַט אונז קיינעם ניט געקימערט. פערהערט, מיינע קאָלעגען האָבען מיט אַ גדולה געוואַרט אויף די מינוט צו פאָהרען אויפ'ן פראָנט, וועגען וועלכען איך האָב זיי פיעל אינטערעסאַנטעס דערצעהלט, און באמת, אַז מען איז נאָר ניט ין אַ פיעהאַטנעם פאָלק איז אומעטום גוט אויפ'ן פראָנט.

דער טווערער פאָפּ אונזערער איז פון אונזער מפלה אוודאי געווען צופריעדען, ווייל ער האָט געהאָפט, אַז צוליעב זיינע דאָנאָסען אויף אינז, וועט ער געווינס גרויס ווערען און קריגען אַ העכערע שטעלע, ער האָט גע'חלומ'ט צו ווערען עפּיסקאָפּ... עס האָט זיך אָבער גאָר אויסגעלאָזען אַנדערש. מיר האָבען דערהאַלטען אַ ידיעה פון מאָלאָדעטשנאָ, וואו דער פאָפּ איז אַוועק פון טווער מיט אונזער געוועזענעם שפּיטאָל, אַז ער האָט זיך צוקריגט מיט דעם גאַנצען פּערסאָנאַל, האָט דאָרטען אויך אָנגעמאַכט פערשיעדענע פּלאָטקעס און דער סוף זיינער איז געווען, אַז מען האָט איהם אינגאַנצען פון שפּיטאָל אַרויסגעוואָרפען.

אונזער קאָמפּאַניע האָט דערפון גרויס הנאה געהאַט און איבערהויפּט איז דערפון צופריעדען געווען אינזער אַלטער באַקאַנטער, מיין קאָזאַק, הייסט עס׳ דער גלאָוונער.

— „נישט קשה, זאָגט ער צו מיר, איסאַאַק, מיר וועלען ניט פערלאָרען געהן, אונזערע שונאים וועלען איינציגווייז קראַפּירען“.

און פאַקטיש, וואָס האָט אינז געפעהלט? מען האָט געלעבט רוהיג, מען איז געגאַנגען אָפט אין טעאַטער. מען האָט בעזוכט אַלע מיזעען. שלעסער... אַגב האָבען מיר פאַמעליך פאַרמירט אונזער לאַזאַרעט אויך. וואָס הייסט פאַרמירט? מען האָט אונז צוגעשיקט צובראָכענע וואָגענס, האָבען מיר זיי געדאַרפט פערריכטען; מען האָט אונז צוגעשיקט פּלאַטקעס, מעדיקאַמענטען, פעריד... און אין אַ שענעם העלען פריהמאָרגען האָט מען אונז צוגעשיקט אַ פּאָפּ אויך! דאָס איז געווען אַנ'אַלטיטשקער מאָנאַך, וועלכער האָט קוים געקאָנט לעזען, קוים זיך אונטערשרייבען און וועלכען עס האָט געטריבען אויפ'ן פראָנט דער געוואַלדיגער חשק צו געלד, ווייל די פּענסיע פון פּאָפּ אין אַ פעלד־לאַזאַרעט איז געווען אַ גענוג גרויסע. שוין אין דער ערשטער וואָך האָב איך געקענט פעסטשטעלען, אַז דאָס איז אַנ'אַנדער טיפּ, ווי אונזער געוועזענער טווערער רשע; דאָס איז געווען אַ גוטמוטיגער מענש, ניט קיין איבערגעשפּיצטער. דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט זעהר אַ שאַרפען און שטאַרקען מוח, דהיינו, ער פלעגט טרינקען (שנאַפּס,נאַטירליך) אָהן מאָס און פלעגט ניט שכור ווערען. פרעסען פלעגט ער מורא'דיג פיעל. קענטיג, אַז ער האָט זיך אין זיין מאָנאַסטיר (קלאָשטאָר) שטאַרק אויסגעהונגערט. פון יעדער פּאַרציע פלעגט ער נעהמען כפלים. אפילו אום פרייטאָג, ווען ביי פּראַוואָסלאַווניע איז פאַסט און מען טאָר קיין פלייש ניט עסען, פלעגט ער יאָ עסען פליישיגס, אויף וואָס איך האָב איהם אפילו אויפמערקזאַם געמאַכט מיט שפּאַס.

„און אַ מלחמה פלעגט ער זיך פערענטפערן, מעג מען עובר זיין!“

מישטיינס געזאָגט, אַ שענע מלחמה האָט ער געפיהרט אין מאָסקווע!

איך האָב מיר געטראַכט: „פּיעס, זויף, טהו וואָס דו ווילסט, אַבי זיי נאָר ניט קיין שפּיאָן און לאָז אינז רוהיג לעבען“.

דער גלאָזשער האָט זיך גאָרניט געשעמט און האָט איהם באַלד פּי, אָנהויב פאַרגעלייענט א קאַזאַצקע נאָטאַציע.

„ווילסטו, גוטער ברודער, האָט ער צו איהם געזאָגט, לעבען מיט אונז אַלעמען בשלום, זאָלסטו זיך ניט פאַרנעהמען מיט פּליאָטקעס, אויב ניט, טראָג זיך בעסער באַלד אָב פון דאַנען".

דער אַלטער האָט צוגעזאָגט צו זיין גוט און פרום און איז ביי אונז געבליבען.

צרות פלעגט דער אַלטיטשקער האָבען נאָר מיט זיין געלד, ווייל אויסגעבען פלעגט ער ווייניג און ביי איהם פלעגט זיך צונויפזאַמלען א גרעסערע סומע. ביי זיך האַלטען דאָס געלד האָט ער מורא געהאַט, ווייל, לויט דעם רוסישען אוסטאַוו, טאָר קיין מאָנאַך ביי זיך קיין געלד ניט האָבען, ניט נאָר ביי זיך, נאָר אפילו אין באַנק אויף זיין אייגענעם נאָמען ניט אריינלעגען. מען קען ביי א מאָנאַך באָרגען געלד און ניט אָבגעבען, מען קען ביי איהם גנב'ענען דאָס געלד און ער טאָר וועגען דעם ניט רעדען אפילו. דעריבער פלעגט ער תמיד בעטען ביי אונז אַלעמען, יעדערער זאָל האַלטען ביי זיך א טייל פון זיין פערמעגען. אָט זעהט איהר שוין, אז ניט אַלעמאָל איז גוט צו האָבען געלד.

דערווייל זענען שוין אריבער דריט-האַלבען חדשים און מיר פאַרמירען זיך נאָך אַלץ, מיר ברענגען אין אָרדנונג אונזער ווירטשאַפט און א ווירטשאַפט איז עס געווען ניט קיין קליינע.

איך בין געווען דער הויפּט-עצה-געבער, ווייל איך בין דאָך שוין געווען א מופלג אין הלכות פראָנט, איך האָב דאָך שוין פּראַקטיש געוואוסט דאָס גאַנצע לעבען פונ'ם פראָנט מיט אַלע קלי-פעלער. מיר האָבען געקויפט אַלזאָ א ספּעציעלע אויוועז, כדי מיר זאָלען קענען קאָכען אפילו אין פרייען פעלד, מיר האָבען בעזאָרגט פאַר אונז גוטע פּלאַטקעס, אָנגעקויפט א מאַסע פערשידענע קאָנסערווען, א גאַנצען סקלאַד פון פערשידענע משקאות און מיר האָבען געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען מען וועט אונז הייסען פאָהרען.

דער פּסח איז שוין געווען גאָר נאָהענט און אין מאָסקווע האָט מען געקענט מאַכען א פּסח ניט ערגער, ווי אין די אַלטע, גוטע צייטען אין וואַרשאַ, אויף „זאַראַדיע" (דאָס איז דער אַלט-יידישער קוואַרטאַל) האָט איהר געקענט קריגען, וואָס נאָר דאָס האַרץ האָט געגלוסט: מצה, וואורשט, שמאַלץ, צוקערקעס, שאָקאָלאַד, ביסקוויט, איינגעמאַכטס, טייגלעך — אַלץ כשר לפּסח.

און איך האָב מיך טאַקי מתעסק געווען מיט דעם פּסח מעהר, ווי מיט דער פאַרמירונג פון אונזער לאַזאַרעט.

אין מיטען דרינען אָבער קומט פּלוצים אָן א בעפעהל פון פּאָליציי, אז מיינע שווינגערעלטערן, וואָס האָבען געוואוינט מיט מיר צוזאַמען אין מאָסקווע, זאָלען אין משך פון א מעת-לעת ארויספאָהרען, ווייל זיי האָבען ניט קיין פּראַוואָזשיטעלסטוואָ. דאָס איז געווען א קאַזאַצקער יושר! איך האָב געמאַכט א ליאַרם, בין באַלד אוועקגעגאַנגען צום גראַדאָנאַטשאַלניק און האָב איהם געזאָגט: „ס'הייסט עפּעס, איך בין דאָך אין מיליטער-דינסט, איך דאַרף געהען אויפ'ן פראָנט און מיינע עלטערן, וועלכע וואוינען מיט מיר צוזאַמען, ווערען ארויסגעשיקט? דאָס איז דאָך געגען געזעץ!...

א פּנים, מיין ליאַרם האָט געהאַט א ווירקונג און דער גראַדאָנאַטשאַלניק האָט ערלויבט, אָבער נאָר אויף איין חודש, מיינע שווינגערעלטערן צו בלייבען אין

מאסקווע. אויסערדעם האב איך נאך דערפעשירט וועגן דעם ענין צום אינערן־מיניסטער, וועלכער האט טעלעגראפיש אינגאנצן אבגעשטעלט די פעראָרדנונג פון מאסקווער פאליציי.

אבער קיין פארמירונג קען איינציג נים דויערן, און אונזער לאזארעט איז פארטיג געווארען פונקט דעם ערשטען טאג פסח. איך האב מיר אפילו שטארק געסטארעט אבצוציהען די פארמירונג ביז'ן סוף פסח, דאס האט זיך מיר אבער ניט איינגעגעבען. טאקי נאך דעם־זעלבען טאג איז געווען ביי אונז א סמאטר און מיר האבען בעקומען א ידיעה, אז אין א טאג צוויי ארום וועלען מיר מוזען אבפאהרען פון מאסקווע אויפ'ן פראנט — אויף וועלכען, איז נאך ניט בעוואוסט. עס זענען געווען פערשידענע קלאנגען, אז מיר וועלען געהען אונטער ריגא און אפשר גאר אויף דעם קאווקאזער פראנט, דעם לעצטען מארשרוט האט קיינער פון אונז ניט געוואלט, מחמת עס וואלט געווען שוין צו וויים פון דער היים.

דעם ערשטען טאג חוה"מ פסח האבען מיר בעקומען א פאפיר, אין וועלכען עס איז געזאגט געווארען, אז איינער פון אונזערע לאזארעטען (אין יעדער דיוויזיע געפינען זיך צוויי לאזארעטען, איינער א חירורגישער און דער צווייטער פאר אינערע קראנקהייטען; אונזער לאזארעט איז געווען פאר אינערע קר.) וועט די טעג אוועקגעשיקט ווערען אונטער ריגא און דער צווייטער וועט געהען קיין פינלאנד אין דער שטאדט קואפיא, וועלכער לאזארעט עס דארף געהען דא אדער דארטען איז ניט געזאגט געווארען.

די מעשה איז מיר באלד ארויין אין נאז און איך זאג צו מיין גלאוונעם, אז ס'וואלט געווען א יושר, אז טאקי אונזער לאזארעט זאל געהען קיין קואפיא און בעת מעשה האב איך איהם איבערצייגט ווי גוט עס וועט אונז זיין אין פינלאנד, א סך בעסער און זיכערער, ווי אונטער ריגא און מען מוז זעהען תיכף א דורכפיהרען דעם ענין. ווי אזוי אבער? האב איך איהם געגעבען אזא עצה:

„לאמיר טאקי באלד, נאך איידער ד'ער ערשטער לאזארעט וועט זיך בעווייזען ארומצוקוקען, ביידע אוועקפאהרען צו נאטשאלסטווא און אזוי זאגען: היות, אז אונטער ריגא זענען דאך דא שלאכטען, דארף מען דאך מסתמא דארטען האבען א חירורגישען לאזארעט און מיר האבען דארטען גאר ניט וואס צו טהון; אין פינלאנד אבער זענען דאך קיין שלאכטען ניטא, הייסט עס, אז דארטען דארף געשיקט ווערען אונבעדינגט אונזער לאזארעט פאר אינערע קראנקע".

מיר האבען ניט לאנג געטראכט און זענען טאקי באלד אוועקגעפאהרען צו נאטשאלסטווא. נאך לאנגע וכוחים, האבען מיר בעקומען א שריפטליכען בעפעהל זיך ארייןצוזעצען מארגען אין וואגאנעס און פאהרען קיין קואפיא.

„הורא!" האט אויסגעשריען מיין קאזאק, קומענדיג צוריק אהיים; ער האט געמאכט א גרויסען לחיים, דער פאפ איז ניט אבגעשטאנען און מיר האבען זיך מיט גרויס התמדה גענומען קלויבען אין וועג אריין.

ווען דער ערשטער לאזארעט האט זיך דערוואוסט פון דער מעשה, זענען דארטען אלע געווארען אויף אונז מלא חמה. „איהר האט ביי אונז ארויסגעחאפט פינלאנד!" האבען זיי געשריען. עס האט אבער גאר ניט געהאלפען; דער

בעפעהל איז שוין געווען אונטערגעשריבען.

דעם צווייטען טאג חוה"מ פסח זענען מיר פון מאסקווע אבגעפאהרען אין דער ריכטונג צו פעטערבורג.

אמת, ס'האט זיך ניט געוואלט אוועקפאהרען פון דער היים, אין מיטען פסח נאך דערצו, און דער הויפט האט זיך ניט געוואלט אוועקווארפען מאסקווא, אבער דער איינציגער אבשיער פון דער פאמיליע איז געווען א לייכטער, זאגאר א פרעהליכער, ווייל מיר זענען דאך ניט געפאהרען עקזילט, מיר זענען דאך געפאהרען אין א קולטורעל לאנד, קיין אויסלאנד קען מען זאגען און מען האט דאך געקענט אהינצו ארויבברענגען די פאמיליע אויך, הכלל, ניט געזארגט! דער טווערער גובערנאטאר האט שוין אונז איינמאל פערשאלטען!

מען האט מיר מיטגעגעבען פון דער היים א זעקעל מיט מצות און אנדערע פסח'דיגע מאכלים. און איך בין געזעסען אין וואגאן מיט מיין גאנצער חבריא און האב געקנאקט מצה. מיין קאזאק, מיינע קאלעגען און אפילו דער אלטיטשקער פאפ האבען מיר כסדר געהאלפען קנאקען און צווישען אונז האט געהערשט א לעבעדיגע שטימונג: די פראגע וועגען יודיש־רוסישע בעציהונגען איז ביי אונז אין וואגאן געלעזט געווארען...

אין א מעת לעת ארום זענען מיר אנגעקומען קיין פעטערבורג. מיין חברה איז אין א פאר שעה ארום געפאהרען ווייטער, קיין פינלאנד און איך האב מיך אבגעשטעלט ביז איבער פסח אין פעטערבורג, וואו איך האב געהאט קרובים און א סך בעקאנטע.

פעטערבורג איז מיר געווען ניט פרעמד, ווייל איך האב באלד נאך מיין ענדיגען די אוניווערזיטעט געארבייט דארטען צוויי יאהר אין שפיטאלען, נאך פאר דער יאפאנישער מלחמה.

דאס איז א ניי־מאדישע שטאדט מיט גרויסע און ברייטע גאסען, לויט א רעגולערען פלאן, וואו מען קען זיך גאנץ לייכט אריענטירען, נאר וואו ס'פעהלט די מאסקווער געמיטליכקייט. דאס איז א קאזארמע ־ שטאדט, א שטאדט פון טשינאווניקעס.

פעטערבורג האט ניט קיין לופט, קיין זון, קיין גרינס; אין דער הינזיכט איז זי פונקט דער היפך פון מאסקווע. דא איז שטענדיג נאס, ווילגאטנע, בלאטיג. אפילו זומער געהט מען דארטען אין קאלאשען...

פאר דאקטוירים איז פעטערבורג א גן־עדן, ווייל כמעט אלע הוסטען תמיד, אלע זענען פערקאטערט.

די גאסען זענען פערזייהט מיט קעלערדער־שאלעכטס, פונקט ווי אין מאסקווע. און פונדעסטוועגען לעבט זיך אין פעטערבורג אויך ניט שלעכט. די ברייטע רוסישע נאטור וויזט זיך דא אויך ארויס.

יודעלער, וועלכע זענען זיך ווערענד דער מלחמה אויך אין פעטערבורג אנגעפאהרען מאסענווייז האבען זיך דא געפיהלט אפילו בעסער, ווי אין מאסקווע, ווייל מיט פראוואזשיטעלסטווא איז דא אלע מאל געווען א סך לייכטער.

דער עולם, די רוסען הייסט עס, האט דא פון מלחמה אויך ווענייג געהאלטען. מען האט דא געהוליעט ניט ווענייגער, ווי אין מאסקווע. איך האב געקוקט אויף די הוליאנקע און האב מיר געטראכטי „הוליעט, הוליעט, איהר וועט זיך דערהוליענען!“

מוצאי יום טוב האב איך מיך אריינגעזעצט אין א פאסאזשיר צוג און בין

אוועקגעפאהרען אין די ריכטינג צו פינלאנד, קיין קאפיא.

אט דא איז ערשט געווען פאר מיר דער ווירקליכער גן עדן; אט דא האט זיך געלעבט אזוי גוט, אז די מלחמה האט געקענט געדויערן פון מיינעטוועגען דאטש נאך א יאהר צוואנציג.

## כג.

שוין אויף דעם פינלענדישען וואקזאל אין פעטערבורג האט זיך געשפירט עט־וואס אויסלענדישעס. אימעטום זענען אויפשריפטען אויף רוסיש און פיניש. די וואגאנעס זענען אויך גאר אנדערע. אפילו דער פייף פון לאקאמאטיוו איז געווען אן'אייראפעאישער, א קולטורעלער.

אין מיין וואגאן איז געווען אנגע־שטאפט, מחמת דאס רוב פאסאזשירען זענען געפאהרען אויף דאטשע.

אויף דער סטאנציע ביעלאאסטראוו איז די גרעניץ צווישען פינלאנד און רוסלאנד. דא איז געווען דיזעלבע פראצעדור, ווי אויף אלע רוסישע גרעניצען אין די בעסטע צייטען. א ברייטער און געזונטער רוסישער זשאנדארם האט קאנטראלירט די דאקומענטען, ס'איז געווען א ליכטע רעוויזיע פון די זאכען און מיר זענען ווייטער געפאהרען.

און וואגאן איז געווארען פרייער. אין א פאר שעה ארום איז דער צוג אנגעקו־מען קיין וויבארג.

דאס איז א גרעסערע פינלענדישע שטאדט, וועלכע איהר מוזט געדענקען נאך פון דער צייט פון דער צווייטער רו־סישער דומע, ווען דארטען האבען זיך צוזאמענגעקליבען די פונאנדערגעטריבענע דעפוטאטען און האבען ארויסגעגעבען דעם בעריהמטען אזוי־גערופענעם „וויבארגער אויפרוף".

אט דא האב איך אנגעהויבען צו פיה־לען, אז איך בין טאקי אין אויסלאנד. די קולטור האט מען געזעהן אין יעדעם ווינ־קעלע שוין אויפ'ן וואקזאל. דער וואקזאל אליין, קענטיג א שפאגעל נייער, איז א פראכטפולע געביידע, געבויט לויט'ן מא־דערנסטען סטיל, דער ווארטע־זאל איז זעהר גרויס, מיט הויכע, ברייטע פענ־סטער, ס'איז ליכטיג, ציכטיג אומעטום.

איך האב מיט פערוואונדערונג געקוקט אויף די אונגאטירליך ריינע גלעזער אויפ'ן בופעט, אויף די שניי־ווייסע טיש־טיכער, האנטטיכער, סערוועטען... קיין גרויע שיטעלען, קיין היימלאזע זעהט מען נישט.

מיר פאהרען ווייטער. איך קוק מיט גרויס נייגיריגקייט אויף אלע זייטען. איך אינטערעסיר מיך מיט דעם נייעם לאנד, וועגען וועלכען איך האב אזוי פיעל גע־הערט און געלעזען.

דא איז נאך געווען ווינטער (דעם 23 אפריל). איך זעה כסדר וועלדער און בערגלעך, בעדעקטע מיט שניי. דער הי־מעל איז פערוואלקענט. קיין פעלדער און דערפער האב איך אונטערוועגס כמעט נישט געזעהן. די נאטור שיינט צו זיין א הארבע, אן'ערנסטע, כמעט א טרוי־עריגע...

פון צייט צו צייט פלעגט זיך דער צוג אבשטעלען אויף קלענערע סטאנציעס אזוינע ריינינקע, שטילע — א מחיה!

אויף דער סטאנציע קאוואלא האב איך גענומט איבערשטייגען אין אן'אנ־דער צוג און פאהרען פון דארטען צו צפון־צו. איך האב געגעבען א דעפעש צו מיין גלאווינעם, מען זאל מיך ערווארטען אין קאפיא.

דעם 24 אפריל בין איך אהינצו אנגעקומען. אויפ'ן וואקזאל האבען מיך מאקי ערווארטעט אלע מיינע קאלעגען, וועלכע האבען מיר באלד געמאלדען, אז אונזער נייער מושב איז גאר נישט קיין שלעכטער, אז ס'האט געלוינט צו קומען אהער.

מען האט מיך צוגעפירט צום האטעל „האספיץ“.

— „אט דעם גאנצען האטעל — זאגט צו מיר דער גלאוונער — האט די שטאדט־פערוואלטונג אבגעגעבען אין אונזער רשות; פאר דיר, איזאאק, איז פערטיג א צימער“.

איך קאן אייך מיט ווערטער נים איבערגעבען, ווי שען און ווי ריין ס'איז געווען יעדעס צימער! ס'האט אויסגעזעהן, ווי א קליינער סאלאן. אין יעדען צימער איז געווען א וואשטיש מיט וואסערלייטונג. דאס בעטגעוואנד איז געווען אויסערארדענטליך ווייס. אזא ווייסקייט פון וועש האב איך ביז דעמאלט געזעהן אין די ערשטקלאסיגע האטעלען אין דייטשלאנד.

פון דער ערשטער מינוט אן האב איך מיך אנגעהויבען צו פיהלען אין קאפיא ווי ערגיץ־וואו אין א דייטשען ווינטער־קוהארט.

מיינע קאלעגען, וועלכע זענען ביז דעמאלט קיינמאל נישט געווען אין אויסלאנד, זענען געווען אויסער זיך פון דער ארדנונג און פון דער ריינקייט, וואס ארום אונז האט געהערשט.

מעהר פון אלעמען איז געווען צופריעדען אונזער אלטמיטשקער פאפ. ווייסט איהר פארוואס? ווייל אין רעסטאראן, וואו מיר האבען געגעסען, איז געשטאנען א גרויסער טיש מיט פערשיעדענע מאכלים, פון וועלכע יעדער גאסט האט געקאנט נעהמען, וויפיעל זיין הארץ האט געגלוסט און וויפיעל זיין מאגען האט געקאנט פערנעהמען. ער פלעגט זיך אנלעגען אזוינע פולע טעלערס און אזוי פיעל מאל, אז מיר האבען איהם אויפמערקזאם געמאכט, דאס עס פאסט נים פאר די פינלענדער אזוי פיעל צו פרעסען. עס האט איהם אפילו שטארק געקרענקט די מעשה, אבער ער האט געמוזט ערפילען די תקנות פון באן־טאן.

נאכ'ן ערשטען מיטאג זענען מיר אלע ארוים אין גאס, כדי צו בעקוקען די שטאדט.

קאפיא ליעגט געגען ווייט אויף צפון און דאס האט מען דא שטארק געשפירט, ווייל דא איז נאך געווען ווינטער, ווערענד אין מאסקווא איז אין דערזעלבער צייט שוין געווען ווארים. ארום דער שטאדט געפינען זיך געגענד הויכע בערג און זי איז פון דריי זייטען ארומגערינגעלט מיט אזערעס, וועלכע זענען נאך געווען פערפרארען.

בכלל האט קאפיא געמאכט אן'איינדרוק פון א שענעם, קליינעם דייטשען שטעדטיל. די קולטור האט דא געשפירט, קאן מען זאגען, פון יעדען ציגעל.

דאס רוב הייזער זענען דארטען הילצערנע, אבער יעדעס הויז איז געבויט מיט א געוויסען געשמאק, מיט א סטיל.

די גאסען זענען זעהר ריין, אויסערארדענטליך ריין.

אויף דער הויפטגאס האבען זיך, צווישען אנדערע געשעפטען, געווארפען אין די אויגען זעהר גרויסע בוכהאנדלונגען מיט א מאסע ביכער אין דער פינישער און שוועדישער שפראך. אזש צעהן בוכהאנדלונגען האב איך איבערגעצעהלט, און דאס איז אין א שטעדטיל, וועלכע רעכענט נישט מעהר ווי 10,000 איינוואוינער!

וואונדערבאר זענען די געביידעס פון

לערער־אנשטאלטען. און אזא פיצעל שטעטיל געפינען זיך צוויי גימנאזיעס, א טעכנישע הויכשולע, צוויי סעמינאריעס און א מאסע פאלקסשולען...

שוין באלד דעם ערשטען טאג האבען מיר געזעהן, אז מיר זענען אין א לאנד פון הויכער קולטור.

אפילו וואס אנבעלאנגט נאטשאלסטווא איז דער ענין אויך געווען קולטורעל, ווייל מיר האבען דא גאר קיין נאטשאלסטווא נישט געהאט.

נישטא קיין אינקוויזיטארען!

איין איינציגען פאסיווען נאטשאלניק האבען מיר אין קאפיע יא געהאט. דאס איז געווען דער גובערנאטאר.

זייענדיג שוין אנגעלערנט אין טווער האבען מיר זיך גאר נישט געוואלט חבר'ן מיט גובערנאטארען. אבער מיין גלאווניער האט מיך האך אוועקגעשלעפט צו איהם, זיך פארשטעלען.

מיר האבען זיך אויסגעפוצט אין עסיג און אין האניג און זענען אוועק מיט גרויס הארץ־קלאפעניש, ווייל מיר האבען האך נישט געוואוסט, מיט וואס פאר א חיה מיר וועלען האבען צו טהון. ער איז האך געווען א רוסישער טשינאווניק!

דער גובערנאטאר האט געוואוינט אין א שיינעם שלאָס. פון ערשטען מאמענט אן זענען מיר געווען ערשטוינט: מיר האבען ביי איהם אין פאדער־שטוב נית געזעהן קיין שום פאליציאנט, קיין זשאנדארם... אונז האט געעפענט די טהיר א גאנץ געווערהנליכע דיענסט־מיידעל, וועלכע האט צוגענומען אונזערע וויזיט־קארטען און האט אונז אריינגעפיהרט אין א פראכטפולען זאל. אין א רגע ארום קומט צו אונז ארויס אן'אלטער גענעראל, אין רוסישער אוניפארם, רעדט רוסיש מיט א פיניש־שוועדישען אקצענט (עס איז געווען א שוועד), בעגריסט אונז גאנץ העפליך און בעט אונז צו זיך אין קאבינעט. ער הערט אויס די געשיכטע פון אונזער אהערקומען, הייסט דערלאנגען שווארצע קאווע מיט פערשיעדענע ליקערן, עפיס גאר מענשיש... מיין קאזאק קוקט אויף מיר, איך — אויף איהם, און איך שפיר אן זיין בליק, אז ער וויל מיר זאגען:

— „וואס מיינסטו עפיס, איסאאק, וועגען אזא קבלת־פנים!"

אונזערע אקציעס שטעהען גוט! ס'איז נישט דער טווערער המן!

פאר'ן אוועקגעהן בעט דער גובערנאטאר, זעהר קארעקט, דעם גלאוונעם, ער זאל אכטונג געבען, אז אונזערע סאלדאטען זאלען תמיד זיין ריין אנגעטהון, זיך האלטען קאיאל און ד. גל. אגב האט ער אינז דערציילט זעהר א כאראקטעריסטישען שטריך פון די פינלענדער: דהיינו: מיט א פאר טעג צוריק איז צו איהם געקומען א דעפוטאציע פון די היגע איינוואוינער, וועלכע האט איהם אנגעוויזען, אז די סאלדאטען פונם פאלק, וואס שטעהט אין קאפיא, בעת זיי פידרען איבערן שטאדט ברויט און וואגענס, זיצען זיי, די סאלדאטען הייסט עס, אויפ'ן הוילען ברויט, וועלכער איז אפילו נישט בעדעקט; זיי בעטען איהם, דעם גובערנאטאר, אז אזעלכעס זאל מעהר נישט פארקומען, מחמת דאס איז נישט היגיעניש און דער עולם קאן עס נית ליידען...

מיר האבען צוגעזאגט דעם גובערנאטאר, אז פון אונזערע סאלדאטען וועלען די איינוואוינער קיין עגמת־נפש נית האבען.

ארויסגעהענדיג, איז מיין אלטער געווען אויסער זיך פון דער אויפנאהמע און פון דער קולטור, וואס ארום איהם איז געווען. ער האט מיר אפען ארויסגעזאגט זיין מיינונג:

— „יאָ, מיר, רוסען, שטעהען נאָך גאַנץ ווייט פון דער אייראָפּעאישער קולטור!"

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט די שטאָדט־פערוואַלטונג בעשטימט פאַר אונזער לאַזאַרעט זעהר אַ שעהנע און בעקוועמע פאָלקס־שולע, וועלכע איז בעשטאַנען פון 12 גרויסע, ברייטע צימערן. נאָכמעהר: מען האָט אונז געמאַכט אין משך פון 5 טעג 150 איינפאַכע, אָבער מאַסיווע האָלצערנע בעטלעך און טישלעך פאַר די קראַנקע סאָלדאַטען.

עס איז געווען צו בעוואונדערן, ווי שנעל און ווי קולטורעל דאָס אַלץ איז צוגעגאַנגען! און ערגיץ אויפ'ן רוסישען פראָנט האָבען מיר אַזעלכעס ניט געזעהן מצד די שטאָדט־פערוואַלטונגען.

איך מוז זאָגען, אַז די אַרומיגע קולטור האָט גאָר אין אַ קורצער צייט שטאַרק געווירקט אויף די סאָלדאַטען. מען פלעגט ניט טרעפען אויף דער גאַס קיין אָבגעריסענעם; מערקווירדיג, אַלע סאָלדאַטען האָבען געטראָגען געפּוצטע שטיוועל...

אינדער אונזער לאַזאַרעט האָט געעפענט זיין טעטיגקייט האָב איך גענומען, ווי מיין שטייגער איז געווען, שטודירען דאָס פינלענדישע לעבען.

שווער איז געווען מיט דער שפּראַך, ווייל די פינלענדער האָבען בשום־אופן ניט געוואָלט פערשטעהן קיין רוסיש (און אַלע שיכטען פון דער בעפעלקערונג האָט געהערשט אַ גרויסע שנאה צו רוסלאַנד). מיט דייטש האָט מען יאָ געקאָנט דורכקומען, אָבער דער עולם האָט מורא געהאַט צו רעדען. דעריבער האָב איך געקויפט אַ ווערטערבוך און האָב מיך גענומען צום לימוד: דאָס איז געווען נישט לייכט, ווייל די פינישע שפּראַך איז זעהר אַ שווערע, זי האָט אַ סך עהנליכעס צו... יאַפּאַניש! עס וועט מיר טאַקע שפּעטער אויסקומען גענויער צו פערגלייכען די ביידע פעלקער, וועלכע האָבען אַ סך געמיינזאַמעס.

אין פינלאַנד הערשען איינגענטליך 2 שפּראַכען: די שוועדישע און די פינישע. די ערשטע איז די שפּראַך פון דער אינטעליגענץ און די צווייטע פון המון. אין די לעצטע יאָהרען איז אָבער די נאַציאָנאַלע בעוועגונג געוואָרען זעהר שטאַרק און די אמת'ע פינלענדער האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעפרייען פון דער שוועדישער שפּראַך. עס הערשט אין פינלאַנד אַ געוויסער אַנטאַגאָניזם צווישען די אַזוי־גערופענע שוועדאָמאַנען און אמת'ע פינלענדער.

אין קואָפּיאָ האָט מען גערעדט נור פיניש.

דערווייל האָט זיך ביי מיר צופלאַקערט מיין פינטעלע יוד און איך האָב בעשלאָסען, אַז איך מוז אין קואָפּיאָ געפינען אַ יודען. איך האָב געוואוסט, אַז אין פינלאַנד טאָרען קיין יודען נישט וואוינען, אַז אין עטליכע שטעדט, ווי העלזינגפאָרס, וויבאָרג, אָבאָ און טאַמערפאָרס וואוינט אַ קליין הייפעל יודען, וועלכע פערנעהמען זיך אויסשליסליך מיט דעם קליידער־האַנדעל, אָבער פונדעסטוועגען, טראַכט איך מיר, איז דען דאָ אויף דער וועלט אַ ווינקעל, וואו עס זאָל ניט פערוואָגעלט ווערען אַ יודישע נשמה?

איך האָב אָבער קיין איין איינציגען יודען אין קואָפּיאָ נישט געפינען!

אַ שטאָדט אָהן יודען!

ע! ס'קאָן נישט זיין! איך האָב גענומען גוט שטודירען די שילדען אויף די גאַסען און איך האָב געפּאַקט!... לעאָ זימענס!

אָ! דאָס איז געווים אַ יהודי!

איך פויל מיך נישט, געהדאריעו און געשעפט, בעקען מיך מיט דעם בעל־הבית. פינניש רעדען האב איך נאך נישט געקענט. אהער, אהין, איך האב גאר גענומען רעדען מיט איהם דייטש. ער האט מיך פערשטאנען.

ביני־לביני פרעג איך איהם פשוט:

— „זאג נור, גוטער ברודער, ביזט א יודי?“

ה' לעא איז רויט געווארען און האט זיך מיר מודה געווען, אז ער איז א משומד. זעהט איהר שוין, איך האב דאך געפאקט א יודען. אמת, א משומד, אבער, ווי זאגט דער פסוק: ישראל אף על פי שחטא, ישראל הוא...

# כד

ס'איז שוין אריבער א וואך צייט, און מיר פיהלען זיך אין קואפיא ווי אם בעטען. שטעלט אייך פאר מיין פערוואונדערונג, אז פלוצים, ווען דער גלאוונער איז אין האטעל נישט געווען, דערלאנגט מיר דאס דיענסטמיידעל פון האטעל דעם גובערנאטאר'ס א וויזיט־קארטע. איך בין געווארען א פערטומעלטער. איך געה איהם אקעגען און בעגריס איהם. ס'האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער איז געקומען צו אונז מיט א קאנטרוויזיט.

ליעבער גאט, טראכט איך מיר, איז וואס פאר א וועלט לעב איך דא איצינד? גובערנאטארען קומען גאר מיט וויזיטען צו אזוינע קליינינטשקע מענשעלעך, ווי מיר זענען. נישט אנדערש, ווי א פערקעהרטע וועלט!

איך שיק באלד נאך מיחאאיל ניקאלאיעוויטש'ן (אזוי האט געהייסען דער גלאוונער). ער איז תיכף געקומען און איז גאר צושמאלצען געווארען פון דעם אויסערגעוועהנליכען וויזיט. דא מוז איך נאכאמאל דערמאהנען, אז מיחאאיל ניקאלאיעוויטש איז בכלל געווען א ליעבער מענש, ער פלעגט אלעמען אויפנעהמען גאנץ הערצליך און א גובערנאטאר — געווים!

מען האט באלד געהייסען דערלאנגען קאווע, פערשיעדענע ליקערן, — מען האט זיך דאך געמוזט רעוואנזשירען.

דער גובערנאטאר איז אפגעזעסען ביי אונז א רעכטע ווילע, האט זיך גאנץ געמיטליך אונטערהאלטען און צום סוף האט ער דעם גלאוונעם און מיך פערבעטען צו זיך אויף א באל, וואס ער האט בדעה צו געבען אין א טאג צוויי ארום לכבוד א יאפאנישען אפיציר, וועלכער איז געקומען קיין קואפיא, אלס אינסטרוקטאר.

ס'איז ווערטה צו בעמערקען, אז דער פאלק, וואס איז געשטאנען אין קואפיא, איז געווען א ניי־פארמירטער, און די סאלדאטען האבען בעקומען יאפאנישע ביקסען. שוין א חדשים דריי האבען זיי די דאזיגע ביקסען געטראגען און האבען נישט געהאט קיין אהנונג, ווי זיך מיט זיי צו בעגעהן. די אפיצירען האבען אויך נישט געוואוסט די קאנסטרוקציע פון די יאפאנישע ביקסען. אי, וואס מען האט פלוצים געקאנט דעם פאלק ארויסרופען אויף פאזיציע זיך שלאגען מיט'ן שונא — ווענען דעם האט די אויבערמאכט, ווי ס'ווייזט־אויס, ווייניג געטראכט.

ענדליך איז אבער דער יאפאנישער אינסטרוקטאר דאך געקומען.

די אויפנאהמע פון דעם דאזיגען יאפאנישען אפיציר ביים גובערנאטאר איז געווען זעהר א שיינע. מיחאאיל ניקאָ־

לאַיעווישׂ'ן האָט זיך בײַ'ן לעצטען מאָמענט נישט געגלויבט, אַז ער איז טאַקע באמת פערבעטען צום גובערנאַטאָר אויף אַ באַל.

מיר האָבען זיך ביידע אויסגעפוצט און זענען אַוועק. דאָרטען איז געווען אַ מאַן צוואַנציג: עטליכע גענעראַלען, פּאָלקאָווניקעס, טשינאָווניקעס. ס'זענען צווישען די געסט געווען פינלענדער, רוסען, איין ייד (איך, הייסט עס) און איין פּאָליאַק, אַ פּאָלקאָווניק. די שטימונג אויף דעם באַל איז געווען זעהר אַ געמיטליכע, אָן פּריצע, אָהן שׂנאה, אָהן קנאה...

איך האָב מיר דעמאָלט געטראַכט: ליעבער גאָט, צוליעב וואָס קריגען זיך מענשען, פאַרוואָס וויל איינער אויפפרעסען דעם צווייטען, לשם מה עקזיסטירט איבערהויפּט דער געוואַלדיגער אַנטאַגאָניזם צווישען פערשידענע אומות? מען קאָן דאָך לעבען בשלום! אָט זענען זיך דאָ, למשל, צונויפגעקומען צום ערשטען מאָל און לעבען פערשידענע מענשען, פאָרשטעהער פון 4 גאַנץ פערשידענע אומות, און קיינער קריגט זיך נישט! האָט דען איז טווער געקאָנט עטוואָס עהנליכעס פאָרקומען?

---

די טעג זענען זיך דערווייל געלאָפען. אונזער לאַזאַרעט האָט פונקציאָנירט, מיר האָבען דאָרטען גאַנץ געשמאַק געאַרבייט. די פרייע צייט האָב איך בענוצט, זיך אַלץ מעהר צו בעקענען מיט דעם אַלטעגליכען, אינטערעסאַנטען לעבען פון די פינלענדער. יעדען טאָג פלעג איך בעקומען אַלץ נייע בעווייזען, וואָס פאַר אַ קולטורעל לאַנד דאָס איז און ווי ווייט מיר שטעהען־אָב פון פינלאַנד בנוגע צו דער קולטור.

דער פינלענדער גופא איז אַלע מאָל ערנסט, קאַלט, פערמאַכט אין־זיך, האָט פיינט פיעל צו רעדען. דאָס גאַנצע לעבען ביים פינלענדער איז דער ספּאָרט. יעדער סעזאָן האָט זיין ספּאָרט. ווינטער, למשל, אַזוי ווי עס איז איצט געווען, קאָן מען טרעפען אויפ'ן גאַס קליין און גרויס, יונג און אַלט, מיט לאַקשווועס, מיט ליזשעס (דאָס זענען אַזוינע לאַנגע, שמאָלע, עטוואָס אויסגעבויגענע ברעטלעך, וועלכע מען טהוט־אָן אויף די פיס און מען לויפט זעהר שנעל איבער דעם שניי), מיט קליינע שליטעלעך...

ווער ס'האָט נור אַ ביסעל פרייע צייט, דער גליטשט זיך, לויפט מיט ליזשעס איבער בערג און טהאָלען, פליהט אַרונטער פון אַ באַרג אויף אַ קליינעם שליטעלע.

דאָס לעצטע בילד האָב איך בעטראַכט מיט גרויס נייגיריגקייט. ביז יעצט האָב איך עס נור געזעהן אין קינעמאַטאָגראַף.

אונטער דער שטאָדט געפינט זיך אַ געניג הויכער באַרג „פּויאָ". פון שפּיץ באַרג־אַראָב ציהט זיך אַ ברייטער זיגזאַג־פאָרמיגער וועג פון שניי.

דאָס גרעסטע פערגניגען פאַר אַ ספּאָרטסמאַן איז זיך אַריינצוזעצען אין אַ קליין שליטעלע און זיך אַ לאָז טהון פון אויבען־אַראָב...

מיינע יונגערע קאָלעגען האָבען מיר גענומען איינרעדען, איך זאָל מיך אויך אַריינזעצען אין אַזאַ שליטעלע. איך בין אפילו נישט קיין גרויסער ליעבהאָבער פון שטאַרקע איינדריקע, איך האַלט זיך אָבער ביי דעם סיסטעם, אַז מען דאַרף אַלץ אין לעבען פרובירען... הכלל איך האָב מיך אַ לאָז געטהון זאַלבעצווייט מיט אַ קאָלעגע. מילא, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, נאָכאַמאָל וועט מיר שוין קיינער נישט איינרעדען דאָס צו ווידערהאָלען... ווען איך בין געפלויגען פון אויבען־אַראָב האָב

איך געמיינט, אַז די נשמה פליהט בײַ מיר אַרויס. עס האָט מיר אַזוי געקיצעלט אונטער'ן האַרצען, אַז איך האָב געמיינט, דאָס איך פליה אין אַנ'אָבגרונד...

גליקליך בין איך געווען, ווען איך בין שוין געווען אונטען. איך האָב געפיהלט, אַז דאָס בלוט צירקולירט בײַ מיר קרעפטיגער, אַז איך לעב, און איך האָב פערשטאַנען, פאַרוואָס די פינלענדער האָבען ליעב אַט אַ דעם ספּאָרט בפרט און אַלע איבעריגע מינים ספּאָרטען בכלל, פאַרוואָס זיי געהען אַפילו אום ווינטער לײַכט אָנגעטהון, זיי טוליען זיך נישט...

דער קלימאַט איז אין פינלאַנד זעהר אַ שעדליכער. ער איז אַ שאַרפער, אָבער אַ פײַכטער. דער ווינטער געדויערט דאָרטען גאַנצע נײַן חדשים, דער זומער ניט קיין פולע דרײַ. אַזאַ קלימאַט איז אַ גוטער באָדען פאַר שווינדזוכט, וועלכע איז טאַקע אין פינלאַנד שטאַרק פערברייטערט. און כדי צו בעקעמפּפען די דאָזיגע שרעקליכע קראַנקהייט, כדי צו שטאַרקען און פעסטהאַרטעווען דעם קערפּער, פערנעהמען זיך כמעט אַלע פינלענדער מיט כל המינים ספּאָרטען.

אויסערדעם איז דאָס גאַנצע לעבען פון די פינלענדער דורך-און-דורך היגיעניש און קולטורעל. די ריינליכקייט אומעטום איז אוננאַטירליך. דערצו טראָגט אַלץ, דאָס גאַנצע לעבען, אַ דעמאָקראַטישען כאַראַקטער אין פולען זין פון דעם וואָרט. דאָס קאָן מען בעמערקען אויף שריט און טריט. דאָרט וואַרפט זיך ניט אין די אויגען דער אויסערגעוועהנליכער לוקסוס, דאָס פוסטע, יום-טוב'דיגע לעבען פון אַ געוויסען קלאַס מענשען. אין קאָפּיאַ, למשל, האָב איך נישט געטראָפען קיין אויסערגעוועהנליך אויסגעפוצטען גביר, איך האָב אָבער אויך ניט געטראָפען קיין אָבגעריסענעם אָרימאַן. איך האָב ניט געזעהן אין קאָפּיאַ קיין איינציגען קאַראַקולענעם אָדער פּאָקענעם זשאַקעט, קיין שטרויס-פעדערן, קיין משונה'דיגע היט, קיין בריליאַנטען... נישטאָ אין קאָפּיאַ קיין צוויי מינים דראָזשקעס, בעסערע און ערגערע... אַלע זענען גלײַך און גוט!

דערפאַר אָבער האָב איך דאָרטען געזעה אַ סך ביבליאָטעקען, אַ סך שקאָלעס, אַ מערקווירדיגען שפּיטאָל, וועלכען איך וועל שפּעטער בעשרייבען, אַ מאַסע טורן-פעראיינען... איך האָב געזעהן אַזאַ ציכטגקייט און שענקייט אין פערשיעדענע וואוינונגען, אַז ס'איז געווען אַ ברכה צו מאַכען.

איך בין געווען בײַ אַ שניידער, בײַ אַ שוסטער, בײַ אַ דאָקטאָר, בײַ אַנ'אַפּטייקער, בײַ אַ פּראָסטען אַרבייטער — בײַ אַלעמען זענען די וואוינונגען (אַפילו פון איין [צימער), דאָס בעטגעוואַנד ריין, שען, מיט אַ געוויסען קולטורעלען געשמאַק.

איך האָב ניט געזעהן, אַ עמיצער זאָל שפּײַען, חראַקען אויף דער גאַס, אויף טרעפּ, אין דער וואוינונג, אין אַ בית-תפלה (בײַ אונז איז טאַקי אויך פונקט אַזוי, ניט אמת, בעזונדערס אין אַ בית-מדרש?). ווען אַ פינלענדער וואָלט בעמערקט, אַז ס'שפּײַט ווער ערגעץ וואו, וואָלט ער געמאַכט דעם גרעסטען סקאַנדאַל. וואָלט ער דען ניט רעכט געהאַט?

קיין זאַך פערשפּרייט ניט אַזוי די שווינדזוכט, ווי דער ליחגת, וואָס ווערט פערטריקענט און שוועבט אין דער לופט.

אין קנאַפּיאַ ערשיינען דרײַ טעגליכע צייטונגען. אַלע פינלענדער קענען לעזען און שרייבען. נישטאָ קיין אַנאַלפאַבעטען, קיין עם-הארצים, הייסט עס.

צווישען אַלע פינלענדער הערשט אַ גע

וויסע אינערליכע דיסציפּלין און א שטאַרקע עהרליכקייט. נישטאָ קיין גנבים! האָט איהר, למשל, פערלאָרען א פּאָרטמאָנעטקע מיט געלד, זייט זיכער איהר וועט זי געפינען אין דער פּאָליציי. די טורמעס פּוסטעווען כמעט.

ווערענד דער מלחמה איז אין פינלאַנד גע'אסר'ט געוואָרען צו עסען פליישׁ צוויי מאָל אין דער וואָך. קיין איינציגער פינלענדער, אפילו דער רייכסטער, האָט זיך ניט ערלויבט צו קויפען און צו עסען פליישיגס אפילו אין זיין פּריוואַטוואוינונג די פערבאָטענע טעג. וועגען רעסטאָראַנען איז דאָך שוין נישטאָ וואָס צו רעדען.

איז איינמאָל אַרוים אזא אלגעמיינע תקנה, וועט זי קיינער ניט עובר זיין.

איך בין געזעסען אמאָל אווענדס אין א רעסטאָראַן. ס'איז געווען שוין א פּאָר מינוט נאָך עלף. כ'זעה, א גאַסט בעקומט א פלעשעל ביער. איך רוף צו די קעלנער'ין און בעט ביי איהר אויך א פלאַש ביער.

— „ענטשולדיגט, ענטפערט זי, ביי אונז איז ערלויבט צו פערקויפען ביער נאָר ביז עלף ביינאַכט“.

— „סטייטש, זאָג איך, אָט האָט איהר דאָך נאָר וואָס דערלאַנגט יענעם גאַסט ביער?“

— יאָ, יענער גאַסט האָט זיין ביער בעשטעלט נאָך פאַר עלף“.

און איך האָב קיין ביער ניט בעקומען. דער קליינער פאַקט פון אזא, ווי איך רוף עס, אינערליכער דיסציפּלין איז מיר שטאַרק געפעלען געוואָרען. ביי אונז, מיין איך, וואָלט איך שוין יאָ געקריגען א פלעשעל ביער ביי דזעלבע בעדינגונגען. ס'איז מיר שטאַרק געפעלען נאָך א שטריך פון'ם פינלענדישען לעבען: דאָרטען שעמט זיך קיינער ניט מיט קיין שום ארבייט, יעדערער טהוט זיין זאַך ערנסט, מיט א געוויסער מענשענווירדע.

אָט, למשל, ביי אונז אין האָטעל איז געווען א דיענסט־מיידעל, וועלכע פלעגט וואַשען די פּאָדלאָגעס, דערלאַנגען צום טיש, פיהרען די געשעפטס־ביכער. און דאָס דיענסט־מיידעל איז געווען א סטודענטקע פון דער העלסינגפאָרסער אוניווערזיטעט: ווינטער פלעגט זי שטודירען און אין אַפּריל פלעגט זי אויפ'ן גאַנצען זומער קומען אהערצו כדי צו פערדיענען אויף חיונה... זי האָט זיך גאָרנישט געשעמט מיט איהר „שוואַרצער“ ארבייט, און מען האָט זיך מיט איהר אויך ניט געשעמט... פּונקט אזוי ווי ביי אונז, להבדיל...

---

ליינענדיג מיינע זכרונות וועגען מיין סלוזשבע אין פינלאַנד, וועט איהר, געעהרטע לעזער, זיך טראַכטען: „א שיינע מלחמה האָט ער דאָרטען, דער דאָקטאָר אין פינלאַנד, מישטיינס געזאָגט, געפיהרט אויך מיר א מלחמה אָהן שיסעריי, אָהן שראַפּנעלען, אָהן טשעמאָדאַנען, אָהן עראָפּלאַנען, אָהן לויפענישען, אָהן גיפטיגע גאַזען!“...

איך וועל אייך אָבער באַלד בערוהיגען און וועל אייך זאָגען, אז אונטער קואָפּיאָ האָט מען אויך געגראָבען אָקאָפּעס, אז מיר זענען געווען גאָר נאָהענט פון דער פּאָזיציע... אין יענער צייט זענען די רוסיש־שוועדישע בעציהונגען געווען שטאַרק פערשאַרפט און רוסלאַנד און רוסלאַנד האָט געמוזט האַלטען אין פינלאַנד מיליטער, גראָבען אָקאָפּעס און ד. ג. איצט זעהט איהר שוין, אז איך בין געווען אויפ'ן סאַמע פראָנט (וואו דער טווערער גובערנאַטאָר האָט אונז מיט

אַזאַ אומפּעטע געוואַלט אַרויסשטיפּען) און איהר וועט מיר ניט חושד זיין, אַז איך האָב מיך געוואָלט אַרויסדרעהען פון דער פּאָזיציע. הלמאי איז גראָד אונזער דיוויזיע אויסגעקומען צו קעמפּפען אין פינלאַנד, דאָס זעהט איהר איז שוין געווען אַ גאָט'ס זאַך.

---

## כה.

כדי זיך נאָהענטער צו בעקאָנען מיט דעם פינלענדישען אויסעראָרדענטליך אינטערעסאַנטען קולטורעלען לעבען, האָב איך, ווי איך האָב שוין אַמאָל דערמאָהנט, גענומען לערנען די פינישע שפּראַך. דער למוד איז געווען ניט קיין לייכטער, ווייל די שפּראַך איז נאָך ניט ענליך צו קיין אייראָפּעאישען לשון; זי האָט אויך קיין שום שייכות ניט צו די אַלטע שפּראַכען, ווי לאַטייניש און גריכיש.

די פינישע שפּראַך מאַכט דעם איינדרוק פון אַן אַזיאַטישער מזרח־שפּראַך. איך האָב געהאַט אין קואָפּיאָ אַ בעקאַנטען רוסישען אָפיציר, אַ גרויסען שפּראַך־קענער. ער האָט גוט פערשטאַנען יאַפּאַניש און איצט האָט ער געלערנט פיניש. ער האָט מיר געוויזען אַ העפט, וואו ער האָט געהאַט פערצייכענט אַ מאַסע פינישע ווערטער, וואָס האָבען דעמזעלבען שורש און דיזעלבע בעדייטונג, ווי יאַפּאַנישע ווערטער.

אַט דער פאַקט בעווייזט, ווי ריכטיג ס'איז די מיינונג פון די געלעהרטע, אַז די פינישע אומה האָט איהר אָבשטאַמונג פון דער מאָנגאָלישער ראַסע, פון מזרח־אזיען.

דאָ מוז איך בעמערקען, אַז דער פינלענדער איז בכלל ענליך צום יאַפּאַנער, און יאַפּאַן הערשט דיזעלבע אַלגעמיינע ריינקייט, די זעלבע פּינקטליכקייט, דיזעלבע ערנסטקייט; דער יאַפּאַנער איז אַזוי ווי דער פינלענדער קאַלט, פערמאַכט אין זיך, שווייגעדיג, בעגנוגענט זיך מיט קליינינקייטען. אין יאַפּאַן זענען אויך ניטאָ קיין אַנאַלפאַבעטען. ביידע אומות ליבען זייער פאַטערלאַנד מיט אַלע אברים.

סוף חודש האָב איך שוין אַביסעל געפּלאַפּערט פיניש. איך האָב מיך איבערצייגט, אַז קיין שווערע שפּראַכען עקזיסטירען גאָר ניט פאַר דעמיעניגע, ווער ס'וויל די אָדער יענע שפּראַך קענען לערנען. איך געדענק, אַז אין דער יאַפּאַנישער מלחמה, בעת איך בין געווען אַ לענגערע צייט אין חינא, האָב איך מיר אויסגעלערנט אפילו חינעזיש רעדען. מען דאַרף נאָר אַביסעל געדולד און אַ קאַפּיטשקע חשק.

און אויב די פינלענדער האָבען שטאַרק פיינד געהאַט רוסען בכלל און אַלץ, וואָס האָט געשמעקט מיט רוסיש, פלעגט מען מיך, אַ דאַנק מיין פינישרעדען, אויפנעהמען מיט רעספּעקט און איך האָב בעקומען פיעל בעקאַנטע נאָך אין אַ קורצער צייט.

די טהירען פון אַלע אינסטיטוציעס זענען געווען פאַר מיר אָפען. איך האָב, למשל, אין קואָפּיאָ בעקוקט דעם שטאָדטישען שפּיטאָל. וואונדערבאַר! איך קען מיט ווערטער ניט איבערגעבען מיין איבערראַשונג! מיט אַזאַ שפּיטאָל האָט זיך אפילו בערלין ניט געקענט שעמען, ניט נאָר אַזאַ קליין נעסט, ווי קואָפּיאָ.

כדי צו אונטערשטרייכען דעם קאָנטראַסט צווישען אונזערע שפּיטאָלען און די פינלענדישע, האַלט איך פאַר מיין חוב גענוי צו בעשרייבען דעם שפּיטאָל פון קואָפּיאָ.

שוין דאָס געביידע אַליין פון אויסען

מאַכט אַ טיפֿען איינדרוק. ס׳זעהט אויס, ווי אַ פּרעכטיגער פּאַלאַץ! און איינוואוינער? ניטאָ קיין ווערטער! די ווענד בלישטשען, ווי שפּיגלען. איך האָב מיר פּשוט געשעמט צו טרעטען מיט מיינע גראָבע שטיוועל אויף די גלאַטע, אויסערגעוועהנליך ריינע פּאָדלאָגע. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב אַ פּנים פֿון אַ דאָרפֿס־יונג, וואָס איז פּלוצים אַריינגעפֿאַלען אין אַ קעניגליכען שלאָס.

איך בין אַ דורך די פּאַלאַטעס, וואו די קראַנקע ליגען. וואָס זאָל איך אייך זאָגען? אין דעם שענסטען, אין דעם רייכסטען סאַנאַטאָריום, קען מען אַזאַ געלעגער ניט בעקומען. דאָס בעטגעוואַנד, די וועש זענען ווייס, ווי אַלאַבאַסטער, אומעטום, און יעדען ווינקעלע, איז ריין, ריין און נאָכאַמאָל ריין.

אין שפּיטאָל געפֿינען זיך צוויי אָפּעראַציאָנס־זאַלען, איינגעאָרדענט לויט די לעצטע תּקנות פֿון מעדיצין, היגיענע און טעכניק, דאָרטען געפֿינט זיך אַ פּראַכטפֿולער רענטגען־קאַבינעט, אַ קאַבינעט פֿאַר עלעקטריזאַציע און מאַסאַזש, אַ וואַסער־אַנשטאַלט (הידראַטעראַפּיע), אַ פּראַכטפֿולעס לאַבאָראַטאָריום פֿאַר אַנאַליזען, אַ רייכע ביבליאָטעק...

און דאָס אַלץ פֿערמאָגט אַ שפּיטאָל כּל הכּל פֿאַר 100 קראַנקע! היינט, ווי ווערען דאָרטען די קראַנקע געפֿלעגט! מ׳שטיינס געזאָגט, אַקוראַט, ווי אין די וואַרשאַווער שפּיטאָלען אַפֿילו אין די בעסערע ציימען, נאָר אַ קאַפּיטשקע אַנדערש, דהיינו: די קראַנקע בעקומען מילך לרוב, אייער, פּוטער, אַ געשמאַקען מיטאָג.

פֿאַר די לייכטע קראַנקע געפֿינען זיך אין שפּיטאָל ספּעציעלע שפּייז־צימערן מיט שיינע מעבעל, מיט בלומען, ניט בילדער אויף די ווענד...

מען פֿערגעסט בנאמנות, אַז מען איז אין אַ שפּיטאָל.

און דאָס אויסזעהען פֿון די פֿלעגערינען! ווי איינפֿאַך, אָבער ווי שען און ריין זיי זענען אָנגעטהון, מיט וואָס פֿאַר אַ מענשען־ווירדע און איבערגעבענקייט זיי ערפֿילען זייער שווערען חוב! אומעטום הערשט אַ שטרענגע דיסציפּלין.

בראָש פֿון דעם שפּיטאָל שטעהט אַ פּראָפֿעסאָר, וועלכער האָט מיך טאַקי אַרומגעפֿיהרט און מיר אַלץ ערקלערט מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט, גערעדט האָבען מיר דייטש.

דער פּראָפֿעסאָר איז אין שפּיטאָל ווי אַ זעלבסט־הערשער. דער פּערסאָנאַל ציטערט פֿאַר זיין בליק און דעריבער הערשט טאַקי אין שפּיטאָל די גרעסטע אָרדנונג און פּינקטליכקייט.

דער זעלבער פּראָפֿעסאָר איז אַן אויסגעצייכענטער כירורג, אַ געניטער פֿרויען־אַרצט, אַן אויגען־דאָקטאָר, אַ גוטער אינערליכער דאָקטאָר, מאַכט אַליין אַלע רענטגען־אונטערזוכונגען און ד. ג. כּל בו איז אין איהם! צו הילף האָט ער נאָר איין יונגערען דאָקטאָר.

ס׳איז געווען פֿאַר מיר פֿון וואָס אַרויסצונעהמען אַ מוסר השׂכּל אַזוי איך פֿלעג טאַקי גאַנץ אָפֿט אַריינקומען אין שפּיטאָל און טאַשען פֿון דעם פּראָפֿעסאָר׳ס קענטעניסען.

אין אַ ספּעציעלען הויז נעבען שפּיטאָל איז געווען אַ לאַזאַרעט פֿאַר 80 רוסישע קראַנקע סאָלדאַטען. אך, ווי האָט מען זיי אויפֿגעפּאַסט. ווי זענען זיי געלעגען! אויף דור דורות וועלען זיי האָבען צו דערציילען, ווי מען איז זיך

מיט זיי בעגאנגען, וואס זיי האבען געגעסען, און ווי מען האט זיי קורירט!

צוקוקענדיג זיך צו דעם שפיטאל און צו דער ארדנונג דארטען האב איך מיך דערמאהנט אן מיין היים, אין ווארשא, הייסט עס.

פאר מיינע אויגען זענען אריבער די בילדער, ווי איך פלעג אמאל פארשלאגען א קראנקען ארימאן, נאטירליך, צו געהען אין שפיטאל אריין אויף קוראציע. ווי האט זיך דער ארימאן געבעטען, מען זאל איהם נאר אין שפיטאל ניט שיקען! דאס ווארט שפיטאל פלעגט ארויסרופען א פערצווייפלונג.

—„בעסער שטארבען אין דער היים, פלעגט מען מיר אפט זאגען, איידער צו געהען אין שפיטאל“.

כ'מיין חלילה ניט צו קריטיקירען די שפיטאל פערוואלטונגען, ניט זיי זענען געווען שולדיג און זענען שולדיג דערין, וואס דער המון וויל ניט געהען אין שפיטאל אריין.

און דא, אין פינלאנד, איז פונקט פערקעהרט. דער רייכסטער וועט ניט האבען אין דער היים אזא פלעגע און אזא מעדיצינישע הילף, ווי אין די פינלענדישע שפיטאלען. און דעריבער, ווען ס'טרעפט ביי עמיצען א דיערנסטע קראנקהייט אדער מען דארף מאכען אן אפעראציע, געהט ער באלד אריין אין שפיטאל, צו וועלכען ער האט א געוואלדיגען צוטרוי.

איך האב געפרעגט ביים פראפעסאר, ווי עס האלט אין פינלאנד מיט אנשטעקענדע קראנקהייטען?

—„זעהר זעלטען זעהט מען ביי אינז אנ'אנשטעקענדע קראנקהייט, אויסער שווינדזוכט“, האט מיר דער פראפעסאר געענטפערט.

און באמת ביי אזא קלאסישער ריינקייט אומעטום, אויף שריט און טריט, קענען אנשטעקענדע קראנקהייטען קיין קיום ניט האבען.

דער גרעסטער שונא פאר פערשידענע באצילען איז חאך די ריינקייט און דעריבער הערט מען אין פינלאנד ניט פון קיין שום עפידעמיעס.

די פינלענדישע דאקטוירים פאהרען קיין רוסלאנד, כדי זיך צו בעקענען מיט דעם טיפוס, מיט פאקען און ד. ג.

איך האב נאך בעקוקט אונטער קואפיא א גרויסען שפיטאל פאר משוגעים. און ווידער געפין איך קיין ווערטער ניט, מיט וועלכע איך וואלט געקענט איבערגעבען די שיינקייט, די ריינקייט, די ארדנונג פון אט אדעם שפיטאל. דאס איז דאס לעצטע ווארט פון וויסענשאפט און קולטור! פאר אלע גייסט־קראנקע געפינט זיך אלעמאל פלאץ. ניטא קיין משוגעים, וואס זאלען לויפען איבער די גאסען! ניטא קיין שטאדט־משוגעים! און ביי אינז? יעדע שטאדט און שטעדטיל האט זיך איהר משוגע'נעם, וואס לויפט איבער די גאסען און איז א שפיעלצייג פאר קינדער, ניט אזוי?

איך האב בעזוכט א פאלקס־סאנאטאריום פאר לונגען־ליידענדע, וואס געפינט זיך א ווערסט 8 אונטער קואפיא אין א סאסנאווען וואלד.

וואס זאל איך אייך זאגען? דאס שענסטע סאנאטאריום אין דעם רייכסטען קוראָרט אין דייטשלאנד זעהט ניט בעסער אויס. ארים און רייך, אלע קראנקע געפינען דארט די בעסטע פלעגע. און ניט איינער ווערט געראטעוועט.

איך האב מיך נאכאמאל אריבערגעטראגען מיט מיינע רעיונות צו זיך אהיים, איך האב מיך דערמאהנט אין דער מאסע לונגען־ליידענדע ביי אינז און דאס הארץ האט מיר פערקלעמט פאר קנאה.

איך בין געווען אין ווארשא דאקטאר פון בקור חולים הכללי, צו מיר פלעגען זיך ווענדען מאסען לונגען־קראנקע ארמעלייט. מיט וואס האב איך זיי געקענט העלפען? מיט א רעצעפט? צי האב איך געהאט די מעגליכקייט צו שיקען תיכף ומיד חאטש איינעם פון זיי אויף די פרישע לופט? ווייפיעל מיה, מאטערניש און לויפעניש האט געקאסט ביז ס'האט זיך איינגעגעבען אמאל אין א יובל ארויסצושטופען א קראנקען קיין אטוואצק!... און וואס האט דער אומגליקליכער דארטען געהאט פאר א פלעגע? ווער האט אויף איהם געקוקט?... די געזעלשאפט? ניין! זי האט פערמאכט די אויגען און ניט געוואלט אריינקוקען אין תוך פון די צרות...

טויזענד צדקה חברות זיינען געווען אין ווארשא און דער נויטבעדערפטיגער האט געליטען הונגער און קעלט, ניט געהאט די מעגליכקייט זיך צו ראטעווען בעת אן ערנסטער קראנקהייט.

און דא, אין פינלאנד, זענען קיין צדקה־חברות גאר ניטא און פאר אלעמען געפינט זיך אלץ...

ווייסט איהר פאר וואס דאס איז? דערפאר, וואס אין פינלאנד שטעהט די קולטור אויף זעהר א הויכער מדרגה, דערפאר, וואס די געזעלשאפט איז דורך און דורך דעמאקראטיש, דערפאר וואס די געזעלשאפט פערשטעהט, אז, אבגימענדיג דעם אנבעמיטעלטען פון פערשידענע קראנקהייטען, פון שנאדערייען, פון הונגער און נויט, היט זי אויך זיך אב פון אזוינע צרות.

ביי אונז וועט נאך א פנים לאנג גע־דויערן ביז מיר וועלען דערגעהען צו אזא קולטור, ווי פינלאנד.

---

## כו.

שוין פינף וואכען זיצען מיר רוהיג אין קואפיא. ס'איז שוין מאי און דא איז נאך אלץ קאלט. ס'פאלט אפט שניי. די אזערעס זענען נאך האלב פערפרארען.

איך און דער גלאוונער האבען גענומען טראכטען, אז ס'וואלט געווען א יושר אראבצוברענגען אהער אונזערע פאמיליעס. זאלען זיי אויך געניסען פון דער מלחמה!

פלוצים אבער האבען אונזערע זיסע חלומות געפלאצט! עס איז אנגעקומען א דעפעשע, אז דער פאלק פון אונזער דיוויזיע, וואס שטעהט אין קואפיא זאל תיכף ומיד ארויספאהרען אונטער רינא. דאס איז געווען א סימן, אז אונזער דיוויזיע הויבט זיך אן צו בעוועגען, הייסט עס, אז אונז וועט מען אויך ניט לאזען אזוי רוהיג שטעהען און מיר קענען אויך יעדען טאג ארויסגערופען ווערען.

ס'איז אונז געווען א שאד. מען האט זיך דאך שוין אזוי גוט איינגעלעבט אין קואפיא, וואו אונז האט קיין שום נאטשאלסטווא ניט געפייניגט, וואו מיר האבען אזא גרויסע הנאה געהאט פון דער קולטור און אין מיטען דערינען, נא־דיר, שלעפ דיך ווייטער איבער דער וועלט! כ'ווייס? אפשר הויבט גאר אן מקוים צו ווערען דעם טווערער גובערנאטארס קללה?

אבער, אז גאט וויל, זאגט מען, שיסט א בעזים! מאכט זיך גאר א מעשה מיט א פערד! וואס פאר א שייכות, דאכט זיך, קען האבען איין בידנע פערדיל, אז א לאזארעט זאל בלייבען אין קואפיא אדער ער זאל גע־

העז אויפ'ן פראנט?

הערט זשע: בשעת מיר זענען אזוי אלע געזעסען מיט די נעזער אראבגעלאזען אין ערוואַרטונג, אז אט־אט קומט א דעפעש און מיר דארפען פערלאזען דאס שען, קולטורעל לאנד, האט מען געמאלדען דעם גלאוונעם, אז ס'איז קראנק געווארען א לאזארעט־פערד. איך בין אוועק מיט'ן גלאוונעם צו דער קראנקער בהמה: דאס פערד הוסט שטארק, מיר מעסטען די היץ (אויף א מלחמה, פערשטעהט איהר מיך, קומט אוים אמאל א מענשען ־ דאקטאר צו מעסטען היץ ביי א פערד אויך!). יא! ס'האט ווארימקייט!

מען רופט שנעל א פינישען וועטערינאר, ער בעטראכט דאס פערד, שאקעלט מיט'ן קאפ און זאגט:

—„דאס איז זעהר אנ'אנשטעקענדע לונגען־ענטצינדונג, מען מוז דאס פערד אבזונדערען פון די אנדערע“.

מיר האבען אזוי געמאכט און תיכף דעפעשירט וועגען דעם קיין וויבארג אין ארמעע־שטאב.

אין א טאג צוויי ארום קומט אראב צו אונז א וועטערינאר פון שטאב.

ער בעקוקט דאס קראנקע פערד, אונטערזוכט די איבעריגע פערד און זאגט, אז דאס פערד האט טאקי אנ'אנשטעקענדע לונגען ־ ענצינדונג און לויט דעם אוסטאוו מוזען די איבעריגע פערד אויסהאלטען א קאראנטין פון 6 וואכען, ד. ה. אז מיר טארען זיך ניט דיהרען פון ארט גאנצע 6 וואכען.

וואס זאגט איהר ניט צו אזא מין געשיכטע? מיר זענען אלע אויפגעשפרונגען פון שמחה. מען האט געמאכט, און טאקי צוזאמען מיט דעם וועטערינאר פון שטאב, אנ'ארענטליכע כוסה...

ס''הייסט עפעס? גאנצע זעקס וואכען וועלען מיר דאך שוין געווים רוהיג בלייבען אין קאפיא, אונזער חלום הויבט־אן דערפילט צו ווערען: מען דארף אראבברענגען די פאמיליע אהערצו.

איך האב בעשלאסען באלד צו פאהרען קיין מאסקווע.

מיכאאיל ניקאלאיעוויטש האט קיין צוויי ווערטער ניט גערעדט, האט מיר באלד ארויסגעגעבען די נויטיגע דאקומענטען און איך בין אוועקגעפאהרען.

מיט דער פינלענדישער באהן בין איך ביז פעטערבורג געפאהרען, ווי אנ'אייראפּעער. אבער אין פעטערבורג האט זיך שוין געווארפען אין די אויגען די גרויסע אונארדנונג, וואס האט אלץ מעהר און מעהר אנגעהויבען צו הערשען אויף די רוסישע וואקזאלען, אין די וואגאנעם... קיין בעשטימטע צייט אבצוגעהען האט דער צוג ניט געהאט. אז ס'איז געזאגט געווארען 7 פארנאכט, האט דער צוג געקענט אבגעהען 11 אדער 12. איך קען ניט פערגעסען אנ'אנעקדאט, וואס האט אין יענע צייטען קורסירט וועגען דער ארדנונג אויף די רוסישע באהנען, דהיינו: א שווייצארישער בירגער האט געדארפט פאהרען פון דער שווייץ קיין רוסלאנד איבער דייטשלאנד און פינלאנד. בעת ער איז געקומען אויף די דייטשע גרעניץ, האט ער געפרעגט, ווען געהט דער צוג אב קיין בערלין?

„5 אוהר, 23 מינוטען 32½ סעקונדע נאכמיטאג“, איז געווען די תשובה.

—„וואס איז די מעשה, וואס איצט געהען דא אב די צוגען אזוי פינקטליך צו דער סעקונדע אפילו?“ פרעגט דער שווייצאר.

—יא! עס איזט יא קריעגעס־צייט, מוסס־דאך אללעס פינקטליך זיין!" האט מען איהם געענטפערט.

מיט א צייט שפעטער איז ער געקומען דורך פינלאנד קיין פעטערבורג.

אויף דעם פעטערבורגער וואקזאל האט ער געפרעגט, ווען געהט אב דער צוג קיין מאסקווא?

—„6 דעם זייגער און אפשר 7 אדער 8, עס איז כלל אונבעשטימט, אבער אויפ'ן וואקזאל מוז מען זיין ניט שפעטער ווי 6", זאגט מען איהם.

—„וואס איז די מעשה, וואס די צוגען געהען דא אב אזוי ניט פינקטליך?" פרעגט דער שווייצאר.

—„גאר פשוט, ווייל עס איז דאך קריעגס־צייט, קען מען דען רעדען פון פינקטליכקייט?"

איך האב טאקי אבגעווארט אויף דעם פעטערבורגער וואקזאל א שעה 5 און נאכדעם האב איך מיט גרויס מאטערניש בעקומען א שטיקעל פלאץ אויף א באנק און האב דערפאר אויך געדאנקט גאט, ווייל אלע וואגאנעס זענען געווען אזוי פערפאקט, אז מען האט פשוט ניט געקאנט אטהעמען.

עס האט געפינטעלט אין די אויגען פון דער מאסע גרויע שינעלען אין די וואגאנעס, אויף אלע וואקזאלען. איך האב שוין דעמאלט געפרעגט א קשיא, ווער פון די סאלדאטען זיצט אין די אקאפעס, אז אזא מעגע פאהרט אהין און אהער?

איך בין ווידער אין מאסקווא, איך בין ווידער גאר אין אנ'אנדער וועלט! אין קאפיא איז נאך געווען האלב־ווינטער און דא איז דער פריהלינג אין זיין פולער פראכט.

אין דער לופט האט זיך דא אבער געשפירט די פרעליודיע פון די גרויסע געשעהענישען, וואס זענען אין רוסלאנד פארגעקומען אין דעם 1917 יאהר. עס האבען זיך אנגעהויבען מאסען־שטרייקען. אין מאסקווא האבען געשטרייקט די טראמווייען. פונ'ם פראנט האט מען אויך ניט געהערט קיין פרעהליכע ידיעות; דער גאנצער רעגירונגס־אפאראט האט זיך אנגעהויבען צו שאקלען און פונדעסטוועגען, ניט קוקענדיג אויף די אלע צרות, האט די רעגירונג געהאלטען אין איין פערפאלגען און שיקאנירען יודען.

מיין פרוי האט מיר איבערגעגעבען זעהר א חאראקטעריסטישע געשיכטע: מיין בן־יחיד האט געדארפט אנקומען אין גימנאזיום. זי האט דערלאנגט אלע פאפירען, מיין „יחוס־בריעף", ד. ה. מיין פארמולאר, אין וועלכען ס'זענען געווען אויסגערעכענט אלע מיינע מעשים טובים. א טאג פאר'ן עקזאמען איז זי געקומען אין גימנאזיום געוואהר ווערען, צי די פאפירען זענען אין ארדנונג? ווי גרויס איז אבער געווען איהר פערוואונדערונג, ווען מען האט איהר געזאגט, אז ס'פעהלט נאך א דאקומענט, אהן וועלכען מיין זוהן קען ניט צוגעלאזען ווערען צום עקזאמען. וואסער דאקומענט? בנאמנות א חרפה צו זאגען! א שיין פון דער פאליציי, אז דאס 9־יאהריגע יונגעל האט פראוואזשיטעלסטווא אין מאסקווע.

—„סטייטש, טענה'ט מיין פרוי, מיין מאן איז דאך אויף דער מלחמה, ער פערגיסט זיין בלוט פאר דעם פאטערלאנד, ער האט מלחמה־ארדענס און דאס גיט פראוואזשיטעלסטווא ניט נאר פערזענליך מיר, נאר מיין גאנצער הויזגעזינד, וואס איז דאך אזוי קלאר, צו וואס זשע דארף מען נאך א ספעציעלען שיין פאר מיין זוהן?"

דאָס זענען אָבער געווען אַלץ פּוסטע ווערטער, מען האָט געמוזט ברענגען אַ שיין.

מיין פרוי איז באַלד אַוועק צום גראַדאָנאַטשאַלניק. דאָרטען האָט מען איהר געזאָגט, זי זאָל קומען אין אַ טאָג דריי ארום ביז מען וועט מאַכען די נויטיגע ספּראַווקעס. דאָס איז שוין געווען צו פיעל! זי האָט פּערזענליך געוואָלט רעדען מיט'ן גראַדאָנאַטשאַלניק. מען האָט זי געפּרובט ניט צוצולאָזען. מיינע האָט זיך אָבער פּערעקש'ענט און אַז זי וויל, זאָגט שלום עליכם, איז פּערפאַלען, ס'מוז געשעהען!

דער גראַדאָנאַטשאַלניק האָט זי אָנגענומען. זי האָט איהם מיט גרויס אויפרעגונג ערקלערט די נישטיגע מעשה מיט מיין זוהנ'ס פּראַוואָזשיטעלסטוואָ. ער האָט זי בערוהיגט און האָט תיכף ומיד געהייסען אַרויסגעבען דעם נויטיגען שיין.

וויפיעל עגמת נפש האָט זי אָבער דערביי געהאַט? ווי האָט דאָס בלוט געקאָכט?

אַ טאָג 4 האָב איך פּערבראַכט אין מאָסקווע און בין מיט מיין פאַמיליע דעם 2-טען יוני 1916 אַוועקגעפאָהרען צוריק קיין קואָפּיאָ.

אויפ'ן וואָקזאַל האָט מיך ערוואַרטעט מיכאיל ניקאָלאַיעוויטש. אין קואָפּיאָ איז נאָך געווען קאַלט; עס האָט כסדר גערעגענט. דער איין אויף די אָזערעס האָט אָנגעהויבען פּלאַצען. מען האָט קוים-קוים געזעהען אַ שפּראָצעלע אויף די ביימער. קענטיג, אַז דער זומער האָט דאָ, אין צפון-פינלאַנד אַ שווערע געבורט. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז די נאַטור קוועטשט זיך און קוועטשט ביז זי בעפרייט זיך פון דער קעלט, פּונ'ם איינ און פונ'ם שניי. נישטאָ דער מאַכל פון אונזער פרייהייט. מען האָט געקענט שפּירען, אַז דאָ וועט זיין מיט איינמאָל אַן איבערגאַנג פון ווינטער צום זומער, אָהן אַ צווישענצייט.

---

# כז.

ערשט פון דעם 10-טען יוני האָט זיך די פינלענדישע נאַטור אָנגעהויבען אויף אַן אמת צו בעפרייען פונ'ם ווינטער. די זון האָט שוין אָנגעהויבען ווי געהעריג צו וואַרימען. די ביימער האָבען אָנגעהויבען בליהען, עס האָט זיך געהערט אין דער לופט דער געזאַנג פון פייגעלעך.

די אָזערעס אַרום קיאָפּיאָ האָבען אויך אָנגעהויבען צו ווערען לעבעדיג.

אין דעם האַפען האָבען זיך בעוויזען גרויסע שיפען, קלענערע, מאָטאָר-שיפלעך און סתם — לאָדקעס אָהן אַ צאָהל.

דאָ איז ווערט צו בעמערקען, אַז כמעט יעדע הויזגעזינד האָט אין קואָפּיאָ געהאַט איהר איינענע לאָדקע.

די נאַטור אַרום קואָפּיאָ האָט אָנגעהויבען צו בעקומען אַ בעזונדערע פּראַכט. ענדע יוני איז שוין געווען קאָמפּלעט זומער. וואָס אַ טאָג פלעגען מיר אַלץ מעהר בעוואונדערן די שיינע אומגעגענד פון קואָפּיאָ.

הינטער דער שטאָדט געפינט זיך זעהר אַ שיינער פּאַרק. דאָס איז איינענטליך אַ קאָסנאָווער וואַלד, אַרומגערינגעלט פון דריי זייטען מיט אָזערעס. דער בלויער — בלויער הימעל, די הויכע סאָסנעס און דאָס בלישטשענדע וואַסער אַרום האָט אויסגעזעהען ווי אַ גן-עדן.

אין דעם דאָזיגען שטאָדט-פּאַרק איז געווען אַ האַלע פאַר מוזיק, אַ פּלאַץ פאַר פוטבאָל, פאַר לוין-טעניס, פאַר פערשיעדענע מינים ספּאָרטען אד"ג.

אומעטום פּראַכטפולע וועגען און ווע-

געלעד, אלץ אין דער גרעסטער ארדנונג, אלץ אזוי קולטורעל, שיין...

דער בארג „פודזשי", וועגן וועלכן איך האב שוין פריהער אמאל געשריבען, האט אויך בעקומען אנ'אנדער מראה: פון אונטען ארויף האט געפיהרט זעהר א שענער און בעקוועמער וועג, בעזעצט פון ביידע זייטען מיט סאסנעס. ערד זעהט מען גארנישט, נאר שטיינער, שטיינער און שטיינער.

אויף דעם שפיץ בארג שטעהט א הויכער טהורם. מיר זענען ארויף... קיין ווערטער צו בעשרייבען דאס צויבער־בילד פון טהורם אראב האב איך ניט.

דא האט מען ערשט געקענט זיך איבערצייגען, אז פינלאנד איז טאקי באמת דאס לאנד פון „טויזענד אזערעס", ווי מען רופט עס. די פאנאראמא, וואס האט זיך געעפענט פאר אונזערע אויגען איז געווען וואונדערבאר. אויף א גרויסען שטח ארום האבען געבלישטשעט אזערעס מיט הונדערטער גרעסערע און קלענערע אינזעלעך, בעדעקטע מיט סאסנאווע וועלדלעך. ס'פלעגט זיך גארניט וועלען זיצען אין דערהיים.

באלד נאך דער ארבייט אין לאזארעט פלעגען מיר זיך לאזען שפאצירען צו־פוס, אדער רייטענדיג.

מיכאאיל ניקאלאיעוויטש איז געווען א פערברענטער פיש־פאנגער. ער פלעגט אוועקגעהן פישען אויף צוויי־דריי מעת־לעת; ער פלעגט מיטנעהמען מיט זיך א פאלאטקע, אלע כלי־זיין צום פאנגען פיש, עסענווארג און א שטאף ביסעל בראנפען.

און מיינט איהר אפשר, אז ער פלעגט א סך פיש פאנגען? זעלטען ווען עס האט ביי איהם געפיקט.

איינמאל איז ער צוריקגעקומען פון אזא עקספעדיציע און האט זיך בערוהמט אז ער האט דארטען געגעסען זעהר א געשמאקע פיש־יויך.

— „וויפיעל האט איהר בעצאהלט פאר די פיש?"—פרעג איך איהם מיט א געלעכטער.

— „א קליינינקייט! איינגאנצען א מארק האב איך בעצאהלט א פינלענדישע פויער פאר זיבען פיש".

ער האט מיך אויך איינגערעדט זיך מתעסק צו זיין מיט דעם פיש־פאנגען כפארט און איך בין טאקי אויך געווארען א פערביסענער פישער: כמעט אלע טאג פלעג איך, מיין פרוי או מיין בן־יחיד ארויסגעהן מיט לאנגע שטעקענס אויפ'ן ברעג אזערע אין פארק און מיר פלעגען דארט אפזיצען שעה'ן לאנג.

אז ס'פלעגט אמאל אן א יובל פיקען א קליין שלייענדעל, איז מען געווען מלא שמחה.

א גאנץ איינגעארטיג לעבען איז געווען אויף די אזערעס אין קואפיא.

עס איז געווען אינטערעסאנט צו שטעהן אין דעם האפען און צוקוקען ווי פונקט 8 א זייגער אין דער פריה, צו דער מינוט פלעגען א סך גרעסערע און קלענערע דאמפפער אבגעהן שטראהלענווייז אין פערשיעדענע ריכטונגען און פונקט 2 דעם זייגער נאכמיטאג פלעגען אנדערע דאמפפער אנקומען.

איך האב שוין פריהער דערמאהנט, אז יעדע פאמיליע, אפילו יעדער פויער, האט אנ'איינגענע לאדקע.

אלזא יעדען פארנאכט, ד. ה. נאך דער ארבייט פלעגט זיך גרויס און קליין, יונג און אלט א לאז־טהון אויפן וואסער. אבער זעהר כאראקטעריסטיש איז דער פאקט, אז קיין געזאנג פלעגט מען נישט הערען; קענטיג, אז יעדער פינלענדער האט זיין הנאה ביי זיך מיט'ן אין הארצען בעהאלטען.

מיך פלעגט זעהר אפט איינלאדען אויף

זײן מאטאר־שיפעל דער פראפעסאר פון קואפּיער שפּיטאל, וועלכען איך האב פריהער אמאל דערמאהנט. דער דאזיגער פּראפעסאר איז געווען א מאדנער טיפּ. און איהם האט זיך אבגעשפּיגעלט דער ריכטיגער פינלענדער.

ער איז געווען איינציגער אליין אויף דער וועלט. ער האט ניט געהאט קיין פאמיליע און קיין שום קרובים. ער האט שטארק ליעב געהאט איינזאמקייט; ער האט פיינט געהאט געזעלשאפט, דאס איז געווען א ריכטיגער פרוש.

איינמאל האט ער, צו מיין גרויס פערוואונדערונג, פערבעטען מיך און מיין הויזגעזינד צו זיך אויף דאטשע. דערמאלט האב איך נאך ניט געוואוסט, אז ער איז אזא איינזאמער מענש.

צו דער בעשטימטער צייט האט ער אונז ערווארט אויף זיין מאטאר־שיפעל אינ'ם האפען. ער האט אונז פארגעלעגט קודם־כל צו מאכען א שפּאציר־פאהר איבער די אזערעס.

עס איז שווער צו בעשרייבען דעם טיעפען איינדרוק, וואס דער שפּאציר האט אויף מיר געמאכט.

א שעה דריי האבען מיר זיך שנעל געטראגען איבער'ן וואסער, מיר זענען געפאהרען ווייט־ווייט. אונטערוועגס זענען מיר פארבייגעפאהרען פארביי א מאסע גרעסערע און קלענערע אינזלען, וועלכע בעשטעהען אלע פון לויטער שטיינער און זענען בעדעקט מיט סאסנאווע וועלדער.

אויף א סך אינזלען האבען מיר געזעהן איינצעלנע, זעהר שענע הייזלעך, דאס זענען דאטשעס, וואוהין עס פאהרען ארויס אויף דעם קורצען זומער די איינוואוינער פון קואפּיא.

כאראקטעריסטיש איז אבער געווען, אז אויף אנ'אינזעל האט געוואוינט נור איין פאמיליע.

קיין בעארבייטעטע פעלדער, קיין לאנקעס האט מען אין ערגיץ נישט געזעהן.

דער פּראפעסאר האט אונז דערצעהלט אז אין צפון־פינלאנד קען מען, אויסער קארטאפעל, קיין זאך נישט פערזייהען. אויב עס געפינען זיך יא ערגיץ־וואו בעארבייטעטע פעלדער, האבען די פינלענדער געבראכט פון דרום ערד און בעדעקט מיט איהר די שטיינער. „די פינלענדישע פויערים, זאגט ווייטער דער פּראפעסאר, בעשעפטיגען זיך דאס רוב מיט פיה־צוכט און מיט דער מילך־ווירטשאפט. קיין דערפער זענען ביי אונז נישטא. יעדער פויער וואוינט דארטען, וואו זיין שטיקעל ערד געפינט זיך. די גאנצע מילך־ווירטשאפט ווערט געפיהרט ראציאנעל. אלע פויערים גיבען אב זייער מילך דעם קאאפּעראטיוו, אויף אזא אופן: יעדען טאג טראגט יעדער פויער ארויס זיינע קאנען מילך אויף א בעשטימטען ארט ביי א שאסיי, אדער ביי א דארפס־וועג, שטעלט עס רוהיג אוועק און געהט צוריק א היים. שפּעטער פאהרט דורך א ספּעציעל־מילך־זאמלער, וועלכער נעהמט צו אלע ארויסגעשטעלטע קאנען מילך און ברענגט זיי אין דער קאאפּעראטיוו־מאלקעריי. אין איהר מעגט זיין גאנץ זיכער, אז קיין טראפּען מילך וועט נישט בלייבען אי־סען, דער פויער וועט בעקומען ריכטיג בעצאהלט פאר זיינע מילך“.

און נאך אינטערעסאנטע זאכען האט אונז דער פּראפעסאר דערצעהלט.

נאך א דריי־שעה'דיגען שפּאציר זענען מיר צוגעפאהרען צו א קליין אינזעלע.

— „אט דא איז מיין זומער־וואוינונג!“ זאגט דער פּראפעסאר.

מיר געהען ארויס און בעמערקען, אז אויפ'ן סאמע ברעג שטעהט א קליין, ווייס ציכטיג הייזעל.

— „דאס איז מיין באד־שטוב מאכט

אונז אויפמערקזאם דער פראפעסאר, אפשר ווילט איהר עם בעקוקען?“

— גאנץ גערן!

און מיר זענען אריין אינוועניג, און איך האב ווידעראמאל קיין ווערטער נישט צו בעשרייבען דאס באד־שטיב. דארט איז געווען א שוויץ־באד און א וואנע־צימער. אלץ ווייס, ריין, שען... איך האב איהם שטארק מקנא געווען.

— יעדען טאג — זאגט ווייטער דער פראפעסאר (א מאן פון קרוב 60) — זעקס א זייגער אין דער פריה נעהם איך א שוויץ־באד און תיכף דערנאך ווארף איך מיך גלייך אין אזערע אריין, ערקלערט ער אונז.

— „מאלאדיעץ! טראכט איך מיר, אזוינע זאכען האב איך אויך ליעב“.

נישט ווייט פונ'ם ברעג אין א וועלדעל איז געשטאנען זעהר א שעהנע ווילא.

דער פראפעסאר האט אונז פערבעטען אויף די ווערא־נדע, האט געהייסען דערלאנגען כבוד.

מיר האבען זיך דערוואוסט, אז דער פראפעסאר לעבט זיך גאנץ איינזאם, אז דער גרעסטער תענוג זיינער איז נאך דער שפיטאל־ארבייט צוריקצוקומען א היים און צו לעזען.

— „יעדען טאג נאך־מיטאג — דערצעהלט ער — פאהר איך ארויס אויף דער אזערע איינער אליין אין מיין מאטאר־שיפעל און פיהל מיך גליקליך אויף דער פרייער נאטור, אהן מענשען“.

איך האב געהאט מיט זיך א פאטאגרא־פישען אפאראט. איך האב געמאכט עט־ליכע אינטערעסאנטע אויפנאהמעס, האב הערצליך געדאנקט דעם פראפעסאר וועלכער האט אונז אבגעפיהרט צוריק קיין קואפיא.

לאנג, לאנג וועל איך, דוכט זיך, געדענקען די אפטע נסיעות איבער די פינלענדישע אזערעס.

## כח.

ס'זענען שוין אריבער גאנצע פיער „פעטערבורגער“... 

ס'זענען שוין אריבער גאנצע פיער „פעהרישע“ וואכען, ד. ה. פיער וואכע זיצען מיר צוליעב אונזער קראנקען פערד אין קואפיא. צו אונזער בעדויערן זענען אונז נאך צוויי וואכע געבליבען, נישט מעהר.

דער בורא עולם האט זיך אבער ווי־דער אויף אונז מרחם געווען און ס'איז קראנק געווארען א צווייט פערד אויף דיזעלבע אנשטעקענדע קראנקהייט, וואס דאס ערשטע. ס'האט זיך אנגעהויבען א נייע סחרה: ס'איז ווידער אמאל ארויס־געדפען געווארי פונ'ם שטאב א וועטע־רינאר און ווידער אמאל האבען מיר בע־קומען א בעפעהל צו צעהלען נייע 6 וואָ־כען ספירה פון דעם טאג אן, וואס דאס צווייטע פערד איז קראנק געווארען.

מהיכה־תיתי, מען האט געמוזט מען צעהלען די טעג.

און ס'זענען טאקי געווען זעהר אינ־טערעסאנטע טעג.

איך מוז דא בעשרייבען א זעהר אינ־טערעסאנטע, אויסערארדענטליך שעהנע און וואונדערבארע נאטור־ערשיינונג, וועלכע איז וואס מעהר צו צפון־צו אלץ שענער און גרויסארטיגער.

דאס זענען די אזוי־גערופענע „ווייסע נעכט“.

ווער ס'איז געווען אמאל זומער־צייט אין פעטערבורג, דער האט א ידיעה פון דער נאטור־ערשיינונג. אבער אין פע־טערבורג איז די ערשיינונג נישט אזוי פרעכטיג, ווי אין קואפיא.

ווער ס'האט איינמאל דאס בילד פון די „ווייסע נעכט“ בעטראכט, דער וועט עס קיינמאל נישט פערגעסען.

שטעלט אייך פאר, אז אני משך פון

דעם גאַנצען זומער, ד. ה. קנאַפּע דריי חדשים, לעבט איהר אין אַ לאַנד, וואו קיין נאַכט איז נישטאָ. פון אַנהויב זומער געהט די זון אונטער וואָס אַ טאָג, אַלץ שפּעטער און געהט=אויף אַלץ פריהער אוי פריהער; אָבער ס'בלייבט נאָך דער זון=אונטערגאַנג אַ מאָדנער העלער שיין און ס'איז אַזוי ליכטיג, אַז מען דאַרף גאָר קיין לאָמפּען נישט אָנצינדען, מען קאָן לעזען און שרייבען.

דער הימעל, די אָזעריעס, די בערג, די וועלדער און בכלל די גאַנצע נאַטור איז ווי פער'כישופ'ט, זי האָט עפּיס אַ מאָדנעם זילבער=גלאַנץ, וועלכער ווירקט זעהר בערוהיגענד אויף די נערווען. די ערשטע צייט פלעגט מיר נישט קאָנען שלאָפען. ס'האָט אויסגעזעהן קאָמיש: געה אין מיטען העלען טאָג (אפילו 12 ביינאַכט), טהו דיך אויס און לעג דיך שלאָפען!

מען האָט זיך אָבער צוגעוועהנט.

איך קאָן נישט פערגעסען אונזערע אָפטע שפּאַציר=גענג אין'ם פּאַרק ביז גאַנץ שפּעט, ווען קיינער איז שוין אין פּאַרק נישט געווען. ס'האָט זיך פּשוט נישט געוואָלט אַהיים=געהן.

איינמאָל, שפּאַצירענדיג מיט מיין פרוי גאַנץ אַליין אין'ם פּאַרק, האָבען מיר זיך פערטיעפט אין זכרונות. מיר האָבען זיך דערמאָנט אָן אונזערע קרובים און גוטע בעקאַנטע.

דעמאָלט האָבען מיר געהאַט ידיעות, אַז אין וואַרשאַ איז שלעכט, אַז מען געהט דאָרטען אוים פון הונגער...

— „און אונזערע קרובים און בעקאַנטע, — טראַכטען מיר זיך, — מיזען אודאי מיינען, אַז מיר ליידען אויך צרות, אַז מיר ווערען אויך, נעביך, פערשוואַרצט; און ווי ווייט זענען מיר אייגענטליך פון זיי? גאָר נאָהענט. אַנדערט=האַלבען מעת=לעת און מיר קאָנען קומען קיין וואַרשאַ. אין דער אמת'ן אָבער זענען מיר דאָך אַזוי ווייט! צווישען אונז געפינען זיך דאָך אַזוי פיעל אָקעאַנען, אַזאַ מאַסע שטעכעדיגע דראָטען, אַזאַ ים האַרמאַטען, ביקסען, פּולעמיאָטען"...

מיר זענען אריין אין אַזאַ עקסטאַז, אַז מיר האָבען אָנגעהויבען צו זינגען אַלע יודישע לידער אוי לידלעך, וואָס מיר האָבען צוזאַמען מיט אונזערע בעקאַנטע געזונגען אויף די זומער=וואוינונגען, און... מיר האָבען זיך שטאַרק פונאַנדערגעוויינט פון בענקעניש.

אָבער די „ווייסע נאַכט" מיט איהר זילבערנעם שיין האָט אונז באַלד בערוהיגט און געגעבען האָפנונג, אַז גאָר אין גיכען וועט קומען די גליקליכע צייט און מענשען וועלען אויפהערען צו זיין חיות, אַז זיי וועלען אויפהערען צו פערגיסען זייער אייגען בלוט און ס'וועט ווערען אויף דער וועלט אַזאַ שענער שלום, ווי שען גאָט'ס וועלט איז.

בערוהיגט און צופרידענע זענען מיר אַוועק אַהיים.

נאָך אַ שענערע ערשיינונג, ווי די „ווייסע נעכט" קאָן מען בעטראַכטען אַ ווייאָרסט 150 צו צפון=צו פון קאָזאַפּיאַ. דאָס איז אין אַ קליין פינלענדיש שטעטיל קאַיאַנאַ, וואו ס'ענדיגט זיך די פינלענדישע באַהן און פון וואַנען ס'הויבט זיך אָן די ריכטיגע „פּאָלאַרישע" נאַטור.

אונטער קאַיאַנאַ געפינט זיך אַ באַרג, אויף וועלכען ס'שטעהט אַ קליינער האָטעל. אַהין מיטען יולי פאָהרען זיך דאָ צונויף אַ סך טוריסטען, כדי צו בעטראַכטען, ווי גאַנצע דריי מעת=לעת נאַכאַנאַנד געהט די זון גאָר נישט אונטער. דאָס בילד איז וואונדערבאַר!

אין קאַיאַנאַ קאָן מען שוין טרעפען די עסקימאָסען; דאָס זענען די איינ=

וואוינער פון די פּאָלאַר-לענדער. זיי קומען אהינצו צופאָהרען אויף הירשען און פערקויפען דאָרטען בערען-פלייש, הירשען-פלייש און פערשידענע קלייניגקייטען, וואָס זיי ארבייטען אליין אויס.

---

ווייטער איז ווערטה צו בעשרייבען די פערשיעדענארטיגע מינים ספּאָרטען, מיט וועלכע די פינלענדער זענען זיך מתעסק אין דער זוממער-צייט.

יעדען זונטאָג און יעדען יום-טוב קומען-פאָר אין'ם פּאַרק פון קאַפּיאָ אויף א ספּעציעלען פּלאַץ פערשיעדענע ספּאָרט-שפּיעלען: וועט-לויפעניש (ביז 20 קילאָמעטער), אלט-גריכישע גימנאַסטיק, דיסק-וואַרפעניש, פוס-באָל-שפּיעל און אנדערע.

דער איינטריטס-פּרייז איז זעהר ביליג. ס'איז דאָ נור איין איינגאַנג, ארום און ארום איז קיין צוים נישטאָ, מען קאָן קומען אהן א בילעט, קיינער וועט נישט קאָנטראָלירען.

און פונדעסטוועגען וועט קיינער זיך נישט ערלויבען צו קומען אהן א בילעט, ווייל יעדערער פערשטעהט, אז די גראָשענס גיבען די מעגליכקייט אויסצוהאַלטען די ספּאָרט-געזעלשאַפט.

ס'איז שען געוועזען צו זעהן, ווי דער גאַנצער עולם, גרויס און קליין, זענען פעראינטערעסירט מיט דעם גאַנג פון פערשיעדענע ספּאָרט-שפּיעלען.

בעזונדערס אינטערעסאַנט זענען די ספּאָרט-פאָרשטעלונגען אויפ'ן וואַסער.

אויף דער אָזערע געפינט זיך א ספּעציעל בעדעל מיט א 4-שטאָקיגען טורעם. יעדען זונטאָג גיט דאָרטען די שווים-שולע א פאָרשטעלונג, אין וועלכער עס נעהמען אנטייל דערוואַקסענע מענשען און קליינע קינדער: יונגלעך און מיידלעך פון 5 יאָהר אָן.

דער לעהרער פון דער שווים-שולע און עטליכע בעסערע שילער ווייזען גבורות, ההיינו: זיי וואַרפען זיך אַרונטער פון דעם העכסטען שטאָק פון'ם טורעם גלייך אין וואַסער אריין. דאָס אריינוואַרפען זיך גופא קומט-אויס זעהר פּלאַסטיש, שען, מיט א געוויסען קולטורעלען געשמאַק. יונגערע שילער און שילערינס וואַרפען זיך אַרונטער פון'ם דריטען, צווייטען און ערשטען שטאָק.

אויסערדעם, ווערען געמאַכט קאָמישע פּאַסאַזשען אויפ'ן וואַסער אין א לאָדקע, וועלכע קעהרט זיך איבער און אלע פאַלען-אריין אין די אָזערע און ד. גל.

איהר זאָלט אָבער נישט מיינען, אז נור דער פערמעגליכער קלאַס האָט אין פינלאַנד א מאָנאָפּאָל אויף די אלע ספּאָרטען, ניין! די ספּאָרטען זענען צוגענגליך פאַר א ל ע מ ע ן. א ל ע גענייסען פון דער קולטור!

---

אויסער אונזער שפּיטאַל-ארבייט האָבען מיר נאָך געפיהרט קורסען פאַר די אַזוי-גערופענע „ראַטנע פעלדשערס". דאָס זענען געוועזען צוויי-חדשים-קורסען, אויף וועלכע מען פלעגט צושיקען די פעהיגסטע סאָלדאַטען פון אונזער דיוויזיע. א יודישער סאָלדאַט, האָט געמעגט זיין אנ'עלוי, פלעגט בשום אופן ניט האָבען די זכיה אריינצופאַלען אין אזא אוניווערזיטעט!

נישט קוקענדיג אָבער אויף אלע גזירות און חדיפות, האָט איינער א רוסישער דאָקטאָר פון א פּאָלק דאָך צוגעשיקט צו אונז א יודישען סאָלדאַט.

ער איז ביי אונז געוועזען דער בעסטער תלמיד; ער פלעגט לערנען מיט די איבעריגע סאָלדאַטען און האָט דעם עקזאַ-

מען אויסגעהאלטען בעסער פון אלעמען. וואס איז אבער געווען דער סוף? אלע ניי־געבאקענע פעלדשערס האט נאטשאלסטווא בעשטימט אין פאלקען פאר פעלדשערס און דאס יודעל האט מען געשיקט אין ראטע צוריק. נאכמעהר דער דאקטאר, וואס האט איהם געשיקט אין אוניווערזיטעט אריין, האט נאך בעקומען א גרויסען פסק פאר זיין „שעדליכער" טעטיגקייט.

מיין מיכאאיל ניקאלאיעוויטש איז געווען פון דער געשיקטע אויסער זיך, ווייל ער האט גוט געקענט דעם דאזיגען סאלדאט און האט זיך אליין איבערצייגט אין זיינע פעהיגקייטען.

דערהווייל זענען זיך אריבער נאך 4 „פערדישע" וואכען און מען האט שוין אנגעהויבען שטארק צו שמועסען, אז נאך אין גיכעי וועלען מיר שוין א־וועקגעהן פון קאפיא אויפ'ן פראנט. ס'זענען געפלויגען פאפירען אהער און אהין. מען האט זיך גענומען גרייטען צום פאחאד.

ס'איז שוין געווען אנפאנג אויגוסט. און אין מיטען דערינען ווערט אונז קראנק איהרינט פערד.

מען האט ווידער דעפעשירט אין שטאב, ס'איז ווידער אראבגעקומען א וועטערינאר, אבער דא האט שוין דאס פערד נישט געהאלפען. דער שטאב האט עובר געווען די פערדישע סטאטוטען, ער האט געגעבען א בעפעהל, אז מיר זאלען איבערלאזען דאס קראנקע פערד אין קאפיא און זיך קלייבען אין וועג אריין אחוז מניעות.

איך האב טאקע באלד עקספעדירט מיין פאמיליע קיין מאסקווע און אין א פאר טעג ארום האבען מיר זיך היים בעזעגענט מיט דעם שענעם לאנד, מיט זיין הויכער קולטור און דעם 8־טען אויגוסט 1916 זענען מיר אבגעפאהרען פון קאפיא קיין וועגדען (אונטער ריגא).

---

# כט.

און ס'האט זיך ווידער ביי אונז אנגעהויבען א קינעמאטאגראפיש לעבען.

דעם 6־טען אויגוסט 1916 זענען מיר אנגעקומען קיין וועטרען. דאס איז א קליין שטעדטיל אין ליפלאנד, נ:ט וויים פון ריגא.

איך בין אין א נייעם לאנד, איך זעה נייע מענשען, כ'הער א נייע שפראך — לעט. ש.

טאר איידער איך האב געהאט צייט זיך ארומצוקוקען און זיך געניער צו בעקאנען מיט אונזער נייעם ומקום מנוחה, האט מען געדארפט געפינען א דירה. אין דער שטאדט גופא איז פאר אונזער לאזארעט קיין פלאץ נ:ט געווען. נאטשאלסטווא האט אבגעגעבען אין אונזער רשות א דאטשע „ציריל", וואס געפינט זיך א ווערסט אדערטהאלבען אונטער וועגדען.

די דאזיגע דאטשע האט געהערט איינער א באראנעססע פאן ז....

זי האט געוואוינט אין א שענעם פאלאץ און פאר אונז האט זי אבגעגעבען א הייזעל, פון וועלכען זי האט פריהער געהייסען ארויסטראגען אלץ, וואס דארטען איז געשטאנען, זי האט אונז, הייסט עס, מכבד געווען מיט נאקעטע ווענד.

צו זיך האט די באראנעססע קיינעם פון אונז נ:ט צוגעלאזען, קענטיג, אז זי איז געווען אויף אונז שטארק ברוגז, זי האט געקוקט אויף אונז, ווי אויף היישעריקען.

איהר קאמערדינער האט פאר אביסעל משקה אונז דאס אלץ דערצעהלט

און האט צוגעגעבן, אז זיין בעל־הבית'טע האט פיינט רוסען און אלץ, וואס שמעקט מיט רוסיש און בכלל איז זי פון דער נאטור זעהר א שלעכטע און א קארגע.

מיר האבען בעקומען 8 צימערן אהן א טיש, אהן א באנק, אהן א בעט. עס איז אונז געווען זעהר אונבעקוועם זיך איינצוארדנען תאמש ווי ס'גיט אין.

מיר האבען גענומען זוכען מיטלען, ווי אזוי ארויסצוקריגען פון דער בארא־נעססע אביסעל מעבעל.

—„נו, איסאאק, זאגט צו מיר איינמאל מיכאיל ניקאלאיעוויטש, דו ביזט דאך שוין א געניטער פראקטאוויק, וויז גבורות און קריעג ארויס פון דער מכשפה אביסעל מעבעל פאר אונז!"

איך האב גענומען קוועטשען דעם שטערן און ענדליך האב איך דאך וואס אויסגעקוועטשט.

איך האב געוואוסט, אז די בארא־נעססע איז א דייטשקע און דייטש... לאזט מיך!

עטליכע טעג נאכדער האב איך גע־פרובט צו בעקומען אנ'אוידיענץ ביי דער בארא־נעססע, ס'איז מיר אבער ניט געלונגען.

דעמאלט האב איך גענומען מיינע א ווארשאווער וויזיט־קארטע, וועלכע איז געווען געדרוקט מיט לאטייניש, ד. ה. אויך דייטשע אותיות, האב אנגעשריבען א פאר ווערטער אויף דייטש, אז איך וויל מיך מיט איהר א דורכשמועסען.

זי האט מיך אנגענומען, וואס זאל איך אייך זאגען? איך האב אנגעהויבען צו רעדען הויך־דייטש. איך האב איהר ערקלערט, אז דער ציעל פון מיין וויזיט איז צו בעקומען פון איהר עטליכע טישלער, א פאר בעטלעד און שטוהלען. איך האב איהר פערזיכערט, אז זי וועט אלע איהרע חפצים צוריקבעקומען גאנצערהייד און ד. ג.

איך האב גערעדט זעהר זיס פונקט אזוי ווי יענער פוקס, וואס האט מיט זיינע זיסע ווערטער אויסגענארט ביי דער קראה איהר שטיקעל קעז.

תחילת האט די בארא־נעססע געזאגט, אז זי האט קיין שום פרייע מעבעל ניט. ענדליך האט זי זיך אבער אונטערגעגעבען און צוגעזאגט צו געבען א טישעל, א בייקעל און א בעטעל נאר פאר מיר. דאן האב איך איהר געזאגט, אז איך האב נאך א קאלעגע, א דייטש, וועלכער דארף אויך א בעטעל, זי האט געהייסען ארויסגעבען צוויי בעטלעד... מיט איין ווארט ביסלעכווייז האב איך פון איהר ארויסבעקומען אלץ, וואס מיר האבען געדארפט.

זי האט אפילו מיך און מיין קאלעגע, דעם דייטש, איינגעלאדען איינמאל צו זיך אויף קאווע.

אזוי ארום האבען מיר זיך איינגעארדענט גאר ניט שלעכט.

איך האב גענומען שטודירען דאס ניילאנד. איך האב בעמערקט, אז דא, אין ליפלאנד איז די קולטור נידעריגער, ווי אין פינלאנד, אבער זי איז א סך העכער ווי ביי אונז. דא הערשט אויך איבעראל ריינקייט, די דערפער זענען שיין און ריין. אומעטום געפינט איהר עלעקטריש ליכט און טעלעפאנען. די שאסייען זענען גרויסארטיג.

די לעטישע שפראך איז ניט לייכטער, ווי די פיננישע, איך האב אבער געהאט ווייניג חשק זיך מיט איהר צו פערנעהמען, ווייל אלע האבען פערשטאנען רוסיש. דייטש האט מען מורא געהאט צו רעדען.

די געגענד ארום ווענדען איז זעהר א

שענע: בערג און וועלדער. די נאטור און די לופט איז דא פיעל ווייכער, ווי אין פינלאנד.

דאס שטעדטיל ווענדען איז אויך גענוג שען. דארטען געפינען זיך פיעל מאדערנע הייזער.

וואס אנבעלאנגט יודען, וואוינען אין ווענדען אנ'ערך 60—80 פאמיליעס, ניט מעהר. א טשאלענט האב איך דארטען יא געפאקט.

פמעט זעקס וואכען האבען מיר זיך גאנץ רוהיג געלעבט אינטער ווענדען. דעם 20 אויגוסט 1916 איז פלוצים געקומען א בעפעהל, אז מיר זאלען זיך תיכף ומיד איינפאקען, זיך ארייינזעצען אין וואגאנעס און פאהרען. וואוהין? דאס האט קיינער ניט געוואוסט. אפילו פון הינטען ארום שטאב האבען מיר קיין שום ידיעות וועגען אונזער ריכטונג ניט געקענט בעקומען.

אגב זענען יא געווען קלאנגען, אז מיר וועלען געהן קיין דווינסק, ד. ה. אויפ'ן צפון־פראנט. מיר האבען באלד אנגעהויבען פלאנעווען, אז דאס וואלט פאר אונז געווען גאנץ גוט, מיר וואלטען געווען נאהענט פון מאסקווע, פון דער היים, הייסט עס. און מיר זענען טאקי געפאהרען פון ווענדען איבער פסקאוו קיין דווינסק. אבער פון דווינסק האט מען אונז ווידער געשלעפט איבער וויטעבסק, ארשא קיין מאהילעוו.

—„א! מיר געהען געוויס אויפ'ן מערב־פראנט!" זענען מיר זיכער.

מען פיהרט אונז אבער ווייטער קיין זשלאבין און פון זשלאבין איבער א נייער, נאך ניט אינגאנצען פארטיגער פאראלער אייזענבאהן, קיין קאלינקאוויטשי.

און מיר ווייסען אלץ ניט, וואוהין מען פיהרט אונז? נאטשאלסטווא האט קונציג בעהאלטען דעם סוד.

אונטערוועגס האב איך געהאט א מאדנע בעגעגניש, וואס קען פאסירען נור אין אזא מלחמה־צייט, ווען די גאנצע וועלט איז צוהודערט און מענשען בעוועגען זיך אהין און אהער.

אויף א קליינער סטאציע קומט ארייין צו אונז אין וואגאן א יונגער אפיציר און בעט מען זאל איהם ערלויבען צו פאהרען מיט אונז צוזאמען ביז בערדיטשעוו.

מיר האבען איהם נאטירליך ערלויבט. שפעטער האב איך זיך מיט איהם פונאנדערגערעדט. ער האט דערצעהלט, אז ער דינט אין דער 76־טער דיוויזיע.

—„און איך האב אין אנפאנג פון דער מלחמה געדינט אין דער 75־טער דיוויזיע" רוף איך מיך אב.

—„אך! די 75־טע דיוויזיע קען איך, ווייל דארטען איז מיין פאטער געווען קאמאנדיר פון א פיעכאטנעם פאלק" זאגט דער אפיציר.

—„פון וועלכען פאלק?" פרעג איך.

—„פון דעם 299־טען, דובנער פאלק!" ענטפערט דער אפיציר.

—„אין דעמזעלבען פאלק בין איך טאקי געווען דאקטאר; צי איז ניט אמאל פאלקאווניק וו—סקי געווען אייער פאטער?" פרעג איך איהם ווייטער.

—„יא, איך בין זיין זוהן און מיר ווייסען ניט, וואו ער איז אהינגעקומען?"

און איך האב איהם דערצעהלט די מעשה, ווי אזוי זיין פאטער איז שווער פערוואונדעט געווארען אונטער פיליצא און ווי ער איז אין זשאכנאוויעץ געשטארבען, די זעלבע מעשה, וועלכע איך האב אין אנהויב פון מיין ערצעהלונג.

אויב איהר געדענקט, בעשריבען.

דער אפיציר איז פון מיין ערצעהלונג געווען זעהר גערירט, ווייל דאס איז אייגענטליך געווען דער לעצטער גרוס פון זיין פאטער.

—„מיין מוטער, זאגט דער אפיציר, איז איבערצייגט, אז דער פאטער איז אריינגעפאלען אין פלען און זי האפט אלץ, אז זי וועט קריגען פון איהם א ידיעה. יעדענפאלס בין איך זעהר צופרידען, וואס איך ווייס דעם אמת, און וואס איך ווייס, וואו מיין פאטער איז בעערדיגט? איך דאנק אייך זעהר, ה' דאקטאר!"

און בערדיטשעוו האבען מיר זיך געזעגענט און מיר זענען ווייטער געפאהרען, נאך אלץ, ניט וויסענדיג וואוהין?

מיר זענען א דורכגעפאהרען קאזאטין, ווינניצא, זשמערינקא...

—„מיר פאהרען אויפ'ן דרום-פראנט, ניט אנדערש", טראכטען מיר זיך.

אבער מען האט אונז געבראכט אויף די סטאציע ראזדיעלנאיא, פון וועלכער איין ליניע געהט קיין אדעס און די צווייטע קיין קישינעוו—רומעניען.

דא איז ארויס א קלאנג, אז מען וועט אונז פיהרען קיין אדעס, וואו מען וועט אונז ארויפזעצען אויף שיפען און פיהרען קיין באטום און פון דארטען אויף דעם קאווקאזער פראנט. דאס האט אונז גאר ניט געשמעקט, ווייל קיין קאווקאז האט קיינער פון אונז ניט געהאט קיין חשק צו פאהרען.

דער קלאנג איז אבער געווען א פאלשער, מען האט אונז געפיהרט פון ראזדיעלנאיא צו רומעניען צו.

וואס דרום'ער מיר זענען געפאהרען, איז געווען אלץ הייסער. מיר זענען געפאהרען דורך בעסאראביען. ארום און ארום האבען מיר געזעהען נאר סטעפעס, קיין בוימעלע אויף א רפואה. און בענדער האבען מיר זיך פערהאלטען אויף א גאנצען מעת לעת. מיט גרויס נייגיריגקייט האב איך גענומען בעטראכטען דאס חרום-לעבען, וועלכעס האט א באזונדערען קאלאריט.

ל

די שטאדט בענדער פערנעהמט א גרויסען שטח. שוין פון דעם גאסען-לעבען האב איך איינגעזעהען, אז דאס רוב בעפעלקערונג זענען אחינו בני ישראל. איך האב געהערט יודיש רעדען מיט א גראבען אקצענט, מיט א הארטען קאמעץ, למשל: „טאטע, מאמע, גוט שבת". די פנים'ער זענען ביי אלעמען טונקעל-ברוין, אבגעברענט פון דער הייסער זון.

עס איז געווען אזא געדיכטער שטויב, אז מען האט געקענט, ווי מען זאגט, שניידען די לופט מיט א מעסער. ס'איז ניט געווען מיט וואס צו אטהעמען און איך האב מיך געוואונדערט, ווי אזוי קענען מענשען לעבען אין אזא אטמאספערע? דער מענש איז אבער אייזען-שטארק און פאסט זיך צו צו אלע לעבענס-בעדינגונגען. איך האב בעמערקט, אז די גרעסטע געשעפטען זענען יודישע. מיר זענען ארויס אויפ'ן מארק, וועלכער פערנעהמט כמעט א האלבע שטאדט. גאט מיינער, וואס פאר א מאסע פרעס-מאטעריאל! גאנצע בערג ארבוזען, דיניעס, ווינטערויבען, פאמידארען, באקלאזשאנעס, טויזענדער עופות מכל המינים... קענטיג, אז דא קען מען ביליג לעבען און גוט אריינרייבען די סעודה!

איך האב מאקי מיין גלאוונעם און די איבעריגע קאלעגען מיט אונזער אל-

טיטושקען פאפ אוועקגעפיהרט אין א יידישען רעסטאראן, וואו מיר האבען געקריגען טאקי דאס גוטע שטיקעל פיש, די טייערע יוד, א פראכטפולען צימעס פון קאבאק און א ים קנישעס (דאס זענען ספעציעלע דרום-מאכלים).

מיר האבען זיך ארענטליך אנגעגעסען און געטרונקען דערביי א פאר גוטע גלעזער ווין, האבען גאר שיטער בעצאהלט פאר די גאנצע מאהלצייט און זענען אוועק צוריק אויפ'ן וואקזאל.

פון בענדער זענען מיר געפאהרען קיין רעני. דאס איז א קליין שטעדטיל אויף דער רוסיש-רומענישער גרעניץ. דאס שטעדטיל שטעהט אויפ'ן ברעג פון דער דאנאו.

אונזער צוג האט זיך אבגעשטעלט ווייט פונ'ם האפען און דא האבען מיר זיך גלייך אנגעהויבען אויסלאדעווען פון די וואגאנעס.

פאר אונז זענען געווען בעשטימט אזוינע גרויסע לאדקעס, אדער „בארזשעס“, אויף וועלכע מיר האבען געדארפט אריבערפיהרען אונזערע פערד, וואגענעס און מענשען.

דאס איבערלאדעווען האט געדויערט א שעה 8 און איך האב געהאט די מעגליכקייט צו בעטראכטען דעם האפען, וועלכער איז געווען זעהר בעלעבט, דארטען זענען געשטאנען א מאסע בארזשעס און דאמפף-שיפען, צווישען וועלכע ס'האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין שיינקייט און רייכקייט א דאמפף-שיף מיט דעם נאמען „רוס“.

דאס דאזיגע שיף איז געווען בעריהמט אויף דעם גאנצען רומענישען פראנט, ווייל אויף איהם איז געווען די הויפט-קווארטיר פון דעם בעוואוסטען אדמיראל וועסיאלקין, א-ער פון דעם „פרעהליכען אדמיראל“, ווי מען פלעגט איהם רופען.

דערזעלבער אדמיראל וועסיאלקין איז געווען א שם דבר. ער איז געווען דער הויפט-נאטשאלניק איבער דער גאנצער דאנאו און איבער אלע שטעדט, וואס זענען ביי דעם דאזיגען טייך געלעגען. ער איז געווען דעם קייזער ניקאלאי'ס א קרוב און מען האט געציטערט פאר זיין בליק.

ער האט געהאט א סך משוגעת'ן, ס'האט זיך איהם, למשל, פלוצים פערגלוסט צו מאכען ביי רעני א שפאגעל נייעם פארק פאר זיינע געסט, און מען האט געמאכט! ווען ער פלעגט בעזוכען טיילמאל א שפיטאל, אדער א מיליטערישע אבטהיילונג, פלעגט ער שרייען, זידלען אהן א שיעור, נאך מעהר, ווי דער בעריהמטער פרינץ אלדענבורסקי, און דערביי איז ער תמיד געווען ניט אין גאנצען ניכטער.

ביי זיך אויפ'ן שיף פלעגט ער אלע פאר טאג איינארדנען בעלער, טאנץ-אבענדען און די געוואונשטע געסט זענען דארטען געווען בארימהערציגע שוועסטער. ער האט געשלעפט מיט זיך ארטיסטען און ארטיסטקעס. ס'איז געווען ליהודים!

עס וועט מיר נאך אויסקומען צו דערמאהנען דעם פרעהליכען אדמיראל.

שפעט אין אווענד איז אונזער טראנספארט געווען פארטיג, ער איז בעשטאנען פון 7 בארזשעס, וועלכע זענען געווען צוזאמענגעבונדען מיט אייזערנע שטריק. געצויגען האט דעם טראנספארט א קליינער בוקסיר-שיף.

אט אויף דעם בוקסיר האב איך מיך איינגעארדענט, דער גלאוונער, מיינע יונגערע קאלעגען און דער פאפ. דריי מעת לעת אהן אויפהער זענען מיר געפאהרע

איבער דער דאנאו און די נסיעה וועל איך קיינמאל נית פערגעסען.

די דאנאו איז 4 מאל ברייטער, ווי די ווייסעל ביי ווארשא און האט זעהר שענע ברעגעס.

כמעט די גאנצע צייט זענען מיר געזעסען אויבען אויף דער פאלובע און איך האב מיט גרויס נייגיריגקייט געקוקט אויף דעם לאנד פונ'ם קלאסישען אנטיסעמיטיזם, ד. ה. אויף רומעניען. צייטענווייז פלעגען מיר זינגען רוסישע וואלגא-לידער און צווישען אונזער קאמפאניע האט זיך געשפירט א שטארקע איינציגקייט און פריינדשאפט, אזא פריינדשאפט, וועלכע בלייבט אויף אייביג.

דעם 29-טען סעפטעמבער 1916 האבען מיר זיך דערנעהנטערט צום ציעל פון אונזער נסיעה, צו טשערנאוואדי. פון דערווייטעס האבען מיר בעוואונדערט די גראנדיעזע בריק איבער דער דאנאו, וואס געפינט זיך ביי טשערנאוואדי. דאס איז די גרעסטע און שענסטע בריק אויף דער גאנצער דאנאו.

מיר האבען נאך נית בעוויזען צוצוגעהען צום ברעג, ווי מיט איינמאל זעהען אנגעפלויגען עטליכע דייטשע אעראפלאנען און מען האט אנגעהויבען צו שיסען פון אויבען באמבעס און שארפע טשוועקעס אזוי אז מיר האבען פשוט נית געוואוסט, וואו זיך צו בעהאלטען. פאר מיינע לייט איז עס געווען די ערשטע פראנט-בעגעגעניש, דעריבער איז ביי זיי די פאניק געווען זעהר שטארק. דערהויפט האט די מעשה שטארק געווירקט אויף אונזער אלטיטשקען פאפ. אגב האט ביי מיר אויך געקלאפט גענוג דאס הארץ.

ביים ברעג איז שוין געשטאנען פון פריהער א טראנספארט מיט פיעחאטנע סאלדאטען פון אונזער דיוויזיע. אט אין דעם טראנספארט זענען טאקי געפאלען עטליכע באמבעס און האבען חרטען געמאכט א שטארקען רושם; א סך פערד געהרג'עט, א סך סאלדאטען פערוואונדעט. און דאס אלץ האבען מיר געזעהען מיט אונזערע אייגענע אויגען, מיר זענען געשטאנען אין גרויס אימה.

צום גליק האט מען פונ'ם ברעג אנגעהויבען צו שיסען אין די אעראפלאנען און זיי זענען אין גיכען נעלם געווארען.

עס איז אונז געווארען לייכטער אויפ'ן הארצען און מיר האבען מיט גרויס אימפעט גענומען זיך שנעל אויסלאדעווען פונ'ם טראנספארט אויפ'ן ברעג. ס'איז שוין געווארען נאכט און מיר האבען מעהר פאר קיין אעראפלאנען קיין מורא נית געהאט.

שפעט אין דער נאכט זענען מיר געווען פארטיג צום פאחאר. און מיר האבען טאקי בעקומען א בעפעהל תיכף ומיד צו געהן קיין מעדזשדיא.

שטעלט אייך אבער פאר, אז קיין קארטע האבען מיר נית געהאט, אפילו קיין קאמפאס. די רומענישע שפראך איז פאר אונז געווען נאך פרעמד. וואס זשע טהוט מען? ווי אזוי הויבט מען אן צו געהען? איך בין אבער געווען שוין אן אלטער פראנטאוויק און האב טאקי באלד געפונען אן עצה. איך בין צוגעגאנגען צו א רומענישען בעאמטען און האב זיך מיט איהם פונאנדערגערעדט אויף פראנצויזיש. ער האט מיר אויף א פאפיר אנגעצייכענט דעם מארשרוט ביז מעדזשידיא, וועלכע איז געווען א ווערסט 20 פון טשערנאוואדי צו דרום צו.

און מיר האבען אנגעהויבען צו שפרייזען איבער רומעניען.

אזוי ווי ביי טאג איז געווען זעהר הייס, אזוי איז ביי דער נאכט געווען

זעהר קאלט. פאר מיר זענען אזעלכע נאכט־מארשען געווען ניט ניי, אבער מיינע קאלעגען האבען פון באלד גענומען קרעכצען. כמעט די גאנצע נאכט זענען מיר געגאנגען צו פוס, ווייל צו געהען איז געווען פיעל ווארימער, ווי צו זיצען אין א ברימשקע אדער רייטען.

א גליק איז געווען, וואס מיר זענען געגאנגען איבער א שאסיי און אונזערע פערד האבען לייכט געצויגען די שווערע וואגענס.

ארום 6 פארטאג האט זיך פון דערווייטענס בעוויזען א שטאדט מיט הויכע טורעמס, מיט מינארעטען, וואס האט געמאכט דעם איינדרוק פון א מאהמעדאניש—אזיאטישע דרום־שטאדט. דאס איז געווען מעדזשידיא.

דער רוסישער קאמענדאנט האט באלד בעשטימט פאר אונז וואוינונגען און מיר האבען זיך א פאר שעה אבגערוהט.

איך האב ניט געקענט לאנג ליגען, ווייל מיך האט געצויגען אין גאס ארויס, איך האב געוואלט זעהן דאס לעבען און די מענשען פון דעם נייעם לאנד.

צעהן א זייגער אין דער פריה איז שוין געווען זעהר הייס, די לופט איז געווען פול מיט שטויב. די שטאדט איז געווען, ווי אויסגעשטארבען, קענטיג, אז דאס רוב איינוואוינער זענען אנטלאפען, א סך געשעפטען זענען געווען פערמאכט און די, וואס זענען געווען אפען, זענען געווען כמעט פוסט.

צווישען דער בעפעלקערונג האב איך בעמערקט טערקען מיט רויטע פעסקעס און מיט ווייסע טשאלמעס אויף די קעפ. איך האב געזוכט יודען. כ'האב בעמערקט א סך שילדען מיט יודישע נעמען און איך בין טאקי צו איינעם ה' ציפ—ן אריינגעגאנגען און האב מיך מיט איהם פונאנדערגעשמועסט אויף מאמע־לשון. איך האב אויסגעהערט א לאנגע מגילה פון צרות, וואס יודען לײדען אין רומעניען מיט הונדערט פראצענט מעהר, ווי פאר דער מלחמה.—דאס זענען געווען פאקטען און בילדער וועלכע איך האב שוין איבערגעלעבט און אנהויב מלחמה אין פוילען.

—„אונזערע פאמיליעס האבען מיר אלע פון דאנען ארויסגעשיקט, ס'זענען דא געבליבען גאר עטליכע מנינים מאנסבילען, זאגט ער צו מיר, אונזער לאגע איז בכלל שרעקליך, מיר לײדען פון דער רוסישער מאכט און נאך מעהר פון דער רומענישער“.

## לא.

דריי טעג זענען מיר געשטאנען אין מעדזשידיא. מיט דעם אלגעמיינעם רומענישען לעבען האב איך ניט געהאט די מעגליכקייט זיך צו בעקאנען, ווייל אין דער שטאדט איז ווייניג ווער געבליבען, ווי איך האב שוין פריהער דערמאהנט.

דערפאר אבער האב איך מיט גרויס אינטערעס געקוקט אויף דעם רימענישען חיל. ס'האט זיך געווארפען אין די אויגען דער אויסערליכער קאנטראסט צווישען דעם רומענישען אפיציר און דעם רימענישען סאלדאט. וועהרענד די אפיצירען זענען תמיד געווען אויסגעפוצט, מיט די וואנסעס ארויף, אפילו אביסעל אונטערגעפארבט די בעקלעך, זענען דאס רוב סאלדאטען ארומגעגאנגען אבגעריסען, כמעט בארוועס, אין לאפטשעס אנשטאט שטיוועל, האבען געהאט טרוקענע, אויסגעדארטע פנים'ער.

מיר האבען זיך ניט געקענט איינהאל־

טען פון געלעכטער, זעהענדיג די רומענישע קאוואלעריע. שטעלט אייך פאר קליינע, הארינקע פערדעלעך, אויף וועלכע ס'זיצען סאלדאטען און זייערע פיס דערגרייכען כמעט ביז צו דר'ערד. ס'האט זיך געוואלט א געשריי טהון צום קאוואלעריסט:

— „שוטה, נעהם בעסער דאס פערדיל אויף די פלייצעס, וועט אייך ביידע זיין פיעל לייכטער זיך צו בעוועגען!“

א רומענישער קאוואלעריסט האט אויסגעזעהן פונקט ווי דאן־קיכאט אויף זיין ראסינאנט.

א שמייכעל פלעגט ביי אונז ארויסרופען די רימענישע ארטילעריע: און די הארמאטען זענען געווען איינגעשפאנט גרויסע אקסען, וועלכע פלעגען זיך בעוועגען גאנץ פאוואלי. איך האב נאר געפרעגט איין קשיא: ווי אזוי וועט אזא מין ארטילעריע בעוויזען צו אנטלויפען פונ'ם שונא) בעת מען וועט דארפען. און אז מען וועט בעשטימט דארפען, איז ביי אונז אלעמען קיין ספק ניט געוועזען.

צווישען דעם רומענישען און רוסישען מיליטער האט זיך באלד פון אנהויב געשפירט א געוויסער דיסאנאנס. די רומענישע אפיצירען פלעגען ניט בעגריסען די רוסישע און האבען געקוקט אויף זיי מיט א מין פעראכטונג.

מיר האבען באלד איינגעזעהען, אז דער שידוך רוסלאנד — רומעניען איז ניט קיין באסענדער און צו גוטס וועט אזא שידוך ניט ברענגען.

ווי ווייט קורצזיכטיג ס'זענען געווען די רעגירונגען, סיי אין רוסלאנד, סיי אין רומעניען קען מען ארויסזעהען פון דעם פאקט, אז אקעגען דעם שטארקען שונא האבען ביידע שותפים ארויסגעשטעלט ניט מעהר, ווי פיער דיוויזיעס; דהיינו, אונזערע, ד. ה. די 115־טע, די 61־טע, איין סערבישע דיוויזיע (דאס איז געווען א דיוויזיע צוזאמענגעשטעלט פון די עסטרייך־סערבישע געפאנגענע) און איין רומענישע דיוויזיע מיט איהר „אקסענער“ ארטילעריע.

די פאזיציע איז געווען ניט ווייט פון מעדזשידיא, ווייל ס'האט זיך געהערט אנ'אפטע און שטארקע הארמאטען־שיסעריי.

אויפ'ן דריטען טאג האבען מיר בעקומען א בעפעהל צו געהען אין א דארף מאמאד — קויוס, א וויארסט 12 פון מעדשידיא צו דרום צו. דארטען האבען מיר געדארפט נאך דעמזעלבען טאג עפענען אונזער לאזארעט.

דער וועג איז געווען זעהר א שווערער, א זאמדיגער. מיר זענען געגאנגען בארג ארויף און בארג אראב. ארום און ארום קיין בוימעלע, קיין דארף. די היץ איז געווען אוננאטירליך (דאס איז געווען פאר ראש השנה תרע"ו). ס'איז ניט געווען, וואו זיך צו בעהאלטען פון די פלאמענדע זונען שטראהלען, וואו זיך אבצורוהען א רגע.

די 12 וויארסט זענען געווען שווערער, ווי 40 וויארסט אין אונזערן קלימאט.

מיין אויפמערקזאמקייט האבען צוגעצויגען גרויסע סטאדעס שעפסען, וועלכע האבען זיך געפאשעט אין דער סטעפ ארום. דאס האט אויסגעזעהן, ווי א ביבלישע בילד.

פערשוויצטע, מיט שווארצע פנים'ער פונ'ם שטויב זענען מיר ענדליך דערקראכען ביז דעם דארף מאמאד—קויוס.

דארטען איז געווען אויך די שטאבקווארטיר פון אונזער דיוויזיע, וועלכע האט זיך גאנץ ברייטליך איינגעארדענט אזוי, אז פאר אונז איז אין דעם

זעהר גרויסען דארף כמעט קיין פלאץ ניט געבליבען. מיט גרויס מאטערניש האבען מיר זיך ענדליך ווי ס'ניט איז איינגעארדענט.

די ארטיגע בעפעלקערונג (די פראווינץ האט געהייסען האבראדזשא) איז צו אונז געווען גאר ניט לאסקאווע. דאס רוב אפיצירען פלעגען טאקי אהן צערעמאניע ארויסווארפען די אייגענטימער פון זייערע דירות און אליין זיי פערנעהמען. מיר האבען אבער געהאנדעלט קולטורעל און האבען זיך בענוגענט מיט קליינע, ניט אינגאנצען בעקוועמע דירות און די אייגענטימער האבען מיר ניט געטשעפעט.

אונזער לאזארעט האבען מיר געעפענט אין פאלאטקעס און מיר האבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט.

און ארבייט איז באלד פון אנהויב געווען לרוב. עס האבען אנגעהויבען קומען טראנספארטען מיט פערוואונדעטע און דערהויפט קראנקע, צווישען וועלכע עס זענען געווען א סך חאלערא-קראנקע.

און ס'איז קיין וואונדער ניט געווען, פאר וואס די חאלערא-עפידעמיע האט דארטען אזוי שנעל פראגרעסירט?

די קראנקע אפיצירען און סאלדאטען האבען דערצעהלט, אז ס'קומט זיי אויס צו קעמפפען ביי אונמענשליכע בעדינגונגען: אין די אקאפעס איז שרעקליך הייס, ס'איז ניטא, וואו זיך צו בעהאלטען פון דער ברענענדער זון און ביי דער נאכט איז קאלט און ס'איז ניטא מיט וואס זיך צודעקען.

קיין ביסעל וואסער קען מען ניט געפינען אין דער גאנצער פאזיציע-געגענד; וואסער ברענגט מען אין פעסער אויס פון דעם דארף. איהר קענט זיך פארשטעלען, ווי ריין און ווי געשמאק דאס וואסער איז!

אגב איז ביי אונז אין דארף דאס וואסער געווען זעהר שלעכט.

דאס ביסעל געקעכץ פלעגען די סאלדאטען אין די אקאפעס אויך בעקומען ביי דער נאכט, ווייל בייטאג קען מען די נאז ניט ארויסשטעקען פון די אקאפעס: די געגענד ארום איז אין גאנצען נאקעט, ווי א וויסטעניש.

אונזער דארף, די פאזיציע, דער מאנגעל אין וואסער, די עפידעמישע קראנקהייטען האבען מיר דערמאהנט די מאנדזשוריע: דארטען, ווערענד דער יאפאנישער מלחמה איז פונקט אזוי געווען.

ווי האבען מיר געהאלטען אונזערע קראנקע? אקוראט אזוי, ווי אין אנהויב פון דער מלחמה אין פוילען: מען פלעגט זיי אוועקלעגען פשוט אויף שטרוי — דאס זענען געווען בילדער, וואס איך האב שוין אמאל בעשריבען, דער מאנגעל אין קראנקען-טראנספארט איז געווען דער זעלבער. דער רעזולטאט פון אזא ווירטשאפט איז געווען דער, אז קראנקע פלעגען טאג-טעגליך פאלען, ווי פליגען... וויפיעל מאל האבען מיר דערמאהנט דאס שענע און ריינע פינלאנד!

דער דייטש האט א פנים געוואוסט, אז אונזער שטאב-דיוויזיע געפינט זיך אין מאמאד-קויום. דעריבער פלעגען טאקי דייטשע אעראפלאנען יעדען טאג אהין מאכען א וויזיט און ווארפען באמבען. פונקט אין געבײדע פון'ם שטאב: פארבייפאהרענדיג אבער זענען געפאלען באמבעס נעבען אונזער לאזארעט און האבען עטליכע סאלדאטען געהרג'עט און א סך פערוואונדעט.

פאר אונזערע נערווען זענען אזוינע וויזיטען געווען א קנאפער מאכל.

דערווייל האט זיך אונטערגערוקט ראש השנה.

אין מאמאר=קיויום זענען קיין יודען ניט געוועזען און מיר האט זיך שטארק פערגלוסט צו פערברענגען ראש השנה אין א יודישער סביבה. אלזא בין איך צום ערשטען טאג יום טוב בעגינען אוועקגעריטען קיין מעדזשידיא. איך בין אריין צו מיין בעקאנטען ה' ציפ—ן און האב איהם געפרעגט, צי געפינט זיך אין מעדזשידיא א שוהל, אדער א מנין?

—„ניין, ה' דאקטאר, ענטפערט מיר מיין בעקאנטער, מיר האבען אלע אונזערע ספרי=תורות פון דאנען ארויסגעפיהרט, נאר דא, אין א הויז האבען זיך צונויפגעקליבען עטליכע מנינים יודיש=רוסישע סאלדאטען, וועלכע דאווענען אהן א ספר און אהן א שופר, אויב איהר ווילט, קענען מיר באלד אהינגעהען".

איך האב איינגעשטימט און מיר זענען אוועק. איך האב געטראפען א מאן 25 סאלדאטען, וועלכע האבען גאנץ הייס געדאווענט.

איך האב בעמערקט, אז דא, אין מעדזשידיא, פון וואנען כמעט אלע יודען זענען זיך צולאפען, וועט דאך קיינער ניט פערבעטען צו זיך א יודישען סאלדאט אויף יום טוב.

דעריבער איז מיר איינגעפאלען א געדאנק צו מאכען א מאהלצייט דא, אין מנין גופא און טאקי באלד נאכ'ן דאווענען, איך האב פארגעלעגט דעם ה' ציפ—ן, מיר זאלען ביידע נעהמען אויף אונז די קאסטען און שיקען ברענגען א 10 פלאשען וויין, עטליכע לאבענס ברויט, געברויטערטע פישלעך (וועלכע מען האט חעמאלט געקענט קריגען אין מעדזשידיא), ברינזע (דאס איז אזא געזאלצענער שעפסען=קעז) און מאכען א סעודה פאר די מתפללים.

דער ה' ציפ—ן האט מסכים געווען, מען האט באלד געבראכט די אלע מאכלים, מיר האבען זיך אלע ארומגעזעצט ארום טיש, יעדערער האט ארויסגעצויגען זיין טעפעל און מען האט געמאכט קדוש בקול רם.

אט א דעם ראש השנה'דיגען מיטאג וועל איך, דאכט זיך מיר, אין לעבען ניט פערגעסען. עס האט געהערשט צווישען אונז אלעמען אזא רוהיגע שטימונג, אז איך קען עס אייך גאר ניט איבערגעבען. אויב די מיינע ווערטער וועלען אריינפאלען אין די אויגען פון איינעם, וואס האט אנטייל גענומען אין דעם דאזיגען מיטאג, וואלט איך איהם געבעטען, ער זאל זיך אפרופען. ס'קען זיין, אז צווישען די אנטיילנעהמער פון דער מאהלצייט זענען געווען פארשטייהער פון פערשיעדענע פארטייען, אבער ביי דעם טיש האבען מיר זיך אלע פעראייניגט אהן מחלוקת, אהן חלוקי=דעות; מיר האבען אלע געשפירט, אז ביי אונז אלעמען קלאפט דאס יודישע הארץ אין איין טעמפא.

## לב.

אונזער שטאב דיוויזיע האט זיך באלד אריבערגעטראגען אין אנ'אנדער דארף, נאהענטער צו דער פאזיציע און איך האב בעמערקט א מערקווירדיגען פאקט: ווי נאר דער שטאב איז אוועק פון מאמוד=קיויום, אזוי האבען די דייטשע אעראפלאנען אויפגעהערט אהין צו פליהען. אגב האבען מיר ארויסגעהאנגען איבער אונזער שפיטאל זעהר גרויסע פאהנען מיט'ן רויטען קרייז און אפילו אויף עטליכע דעכער פון נעבענביי'איגע הייזער האבען מיר אויסגעמאלט

רויטע קרייצען אויף ווייסע פעלדער.

אזוי ארום זענען מיר רואיג געזעסען און האפען רואיג געארבייט. איך האב גענומען, ווי מיין שטייגער איז געווען, שטודירען דאס רומענישע דארפס-לעבען

קודם כל האב איך בעמערקט, אז איך האב צו טהון מיט א גאנץ פינסטערער מאסע; ארום און ארום זענען געווען אנאלפאבעטען, ד. ה. קיינער פון די פויערים האט ניט געקענט ניט ליינענען און ניט שרייבען.

מיר איז געווען א חידוש, אז אין אזא גרויסען דארף איז ניט געווען קיין איין צערקווע און קיין פאפ, חאטש די רומענער זענען פראוואסלאווע. ס'האט זיך געמאכט א מעשה, אז ביי איינער א פרוי איז געשטארבען א קינד, האט זי זיך געווענדט צו אונזער אלטיטשקען באטי'קע, ער זאל מקבר זיין איהר קינד.

קיין ארימקייט האב איך ביי אונז אין דארף ניט געזעהען; פערקעהרט, איך האב בעמערקט, אז כמעט יעדעס פויערש הויז בעשטעהט פון צוויי גרויסע צימערן, צווישען וועלכע ס'געפינט זיך א גרויסער פארהויז.

זוכענדיג פאר אונז דירות האבען מיר פעסטגעשטעלט, אז כמעט אומעטום זענען די צווייטע צימערן פול געפאקט מיט תבואה אזוי, אז מיר האבען געהאט גרויס מיה ביז מיר האבען אונזערע צימערן לעדיג געמאכט.

קוקענדיג אויף די אנגעהויפטע מאסע תבואה האבען מיר זיך געטראכט:— „א, דא וועט דער דייטש געפינען א מאסע פרעס-מאטעריאל".

און באמת טאקי איז די פראווינץ זאמבורדזשא אלע מאל געווען די הויפט-שפייזערין פון רומעניען און ביי דער גרעסטער בעמיהונג איז רומעניען אפילו צוזאמען מיט רוסלאנד ניט געווען בכח ארויסצופיהרען פון דארטען די גאנצע תבואה און אז דער דייטש וועט דאס אלץ צונעהמען, איז ביי אונז קיין ספק ניט געווען.

ברויט פלעגט מען זעלטען ווען זעהען ביי א פויער. אנשטאט ברויט ווערט דארטען פערקאכט א „מאמאליגע", ד. ה. אזא געדיכטע קאשע פון קוקורוזע מעהל, וועלכע ווערט נאכ'ן קאכען שטייף און די בעל-הבית'טע שניידט די מאמאליגע פונאנדער מיט א דינעם פאדים און גיט יעדען זיין פארציע. די דאזיגע מאמאליגע מוז מען עסען הייסערהייד מיט א מין פעטס אדער מיט ברינזע.

שפעטער האב איך געזעהען, אז אין יודישע הייזער ווערט אויך אפט געגעסען אזא מאמאליגע. מיר האט מען אבער בשום אופן ניט געקענט איינרעדען, איך זאל פערזוכען דעם מאכל.

בהמות און דערהויפט שעפסען האב איך בעמערקט זעהר פיעל ארום, פלייש האט אונז קיינמאל ניט געפעהלט; די מילך-פראדוקציע שטעהט אבער דא אויף זעהר א נידריגען מצב. פוטער פלעגט מען ניט קענען בעקומען.

וועגען דעם אינערליכען לעבען פון דעם ריין רומענישען פויער קען מען זאגען, אז ער לעבט זעהר שמוציג, אין די וואוינונגען שפירט זיך א מאדנער שווערער גערוך מיט אזא מין זויער-קייט.

איינמאל בין איך געפאהרען צו גאסט צו מיינעם א קאלעגע, א יודישען דאקטאר אין א דארף קאטשעמיאקי, א ווירסט 8 פון מאמוד-קויום.

ארייננפאהרענדיג אין דאס דאזיגע דארף האב איך מיך שטארק פערוואונדערט: עפעס בין איך גאר אין אנ'אנדער לאנד! כ'זעה שענע בוימער, זעהר שענע הייזער מיט גערטלעך נעבענביי,

ברייטע, שיינע, טיילווייז ברוקירטע גאַסען, כ'זעה א שיינע און א גענוג גרויסע שקאָלע.— וואו בין איך דאָ?

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז א דייטשע קאָלאָניע. איך האָב מיך באַלד פֿאַנאַנדערגערעדט מיט מיין קאָלעגעס בעל־הבית, דאָס איז געווען א טיפּישער אַלטער דייטש מיט א לאַנגע ליולקע. גערעדט האָבען מיר דייטש, דעם קאָלאָניסט'ס „דייטש" איז געווען גאַנץ עהנליך צו אונזער מאַמע־לשון. פֿון דייטשלאַנד האָט ער קיין שום אַהנונג ניט, אָבער דאָס גאַנצע לעבען זיינס איז איינגעאָרדענט לויט דעם דייטשען מוסטער, אַלע קאָלאָניסטען קענען ליינען, שרייבען, איך האָב ביי איהם געפֿינען עטליכע מלחמה־נומערן פֿון דער דייטשער „אילוסטרירטער צייטונג", וועלכע האָבען ביי מיר אַרויסגערופֿען א בעזונדערן אינטערעס, ווייל אין די דאָזיגע צייטונגען זענען געווען בילדער, ווי אַזוי די דייטשען זענען אַריין אין וואַרשאַ אין דעם 1915־טען יאָהר.

ניט ווייט פֿון דער דייטשער קאָלאָניע געפֿינט זיך א דאָרף, וואָס איז בעזעצט מיט בולגאַרישע קאָלאָניסטען...

און איך האָב איינגעזעהען, אַז קיין עכט רומעניש פֿאָלק איז גאָר ניטאָ. גאַנץ רומעניען איז פֿערזייהט מיט מאַסען דייטשע, בולגאַרישע, טערקישע און זאָגאָר רוסישע קאָלאָניעס (וועגען די קאָלאָניעס וועט מיר נאָך שפּעטער אויסקומען צו רעדען).

לויט דער היסטאָריע זענען די רומענער גופא אייגענטליך אויך געסט אין רומעניען, ווייל אין די אַלט־רוימישע צייטען פֿלעגען די רוימישע קיסרים פֿערשיקען קיין רומעניען די שווערע פֿערברעכער אויף א מין קאַטאָרגע, און איבערהויפּט איז רומעניען געווען א לאַנד, וואו פֿערשיעדענע פֿעלקער פֿלעגען זיך קאָלאָניזירען.

דאָס קען מען אויך אַרויסזעהען פֿון דער רומענישער שפּראַך, וועלכע איך האָב גענומען לערנען און וועלכע איז פֿאַר מיר געווען זעהר לייכט. דאָס איז א מין מיש־מאַש פֿון ראָמאַנישע און סלאַווישע דיאַלעקטען.

פֿאַר דעם אויער פֿון א פּאָלאַק קלינגט די רומענישע שפּראַך זעהר אָנגענעהם, ווייל נעבען א פֿראַנצויזישען אָדער א איטאַליענישען אויסדרוק הערט איהר נאָך רוסישע ווערטער, למשל: „סלאַווא דאָמנולי!" הייסט גאָט צו דאַנקען, „באַגאַט" הייסט רייך, „טשאַשקאַ" א טעפּעל און ד. ג.

---

א ווערסט 40 פֿון מאַמאַד־קויום געפֿינט זיך א רומענישער פּאָרט קאָנסטאַנצאַ. איך האָב געהערט, אַז דאָס זאָל זיין זעהר א שיינע שטאָדט אויפ'ן ברעג פֿון דעם שוואַרצען ים.

ניט לאַנג טראַכטענדיג בין איך ערב סוכּות אַהינצו אַוועקגעפֿאָהרען מיט דער באַהן. קאָנסטאַנצאַ האָט טאַקי געמאַכט אויף מיר זעהר א טיעפֿען איינדרוק. קודם כּל דער שטראַנד איז וואונדערשען. אויפ'ן ברעג פֿונ'ם ים שטעהען זעהר רייכע און פּראַכטפֿולע ווילעס און זעהר א שיינעם קאַזינאָ, וואו מען שפּילט אין רולעטקע, דאָס דאָזיגע קאַזינאָ איז א קאָפּיע פֿון דעם בעריהמטען קאַזינאָ אין מאָנטע—קאַרלאָ. איצט איז דאָרטען געווען א שפּיטאָל פֿאַר פֿערוואונדעטע רומענישע סאָלדאַטען. איך בין אַריין אין שפּיטאָל און האָב איהם בעקוקט. וואָס זאָל איך אייך זאָגען, אַזאַ שמוץ, אַזאַ אונאָרדנונג האָב איך אפילו ביי אונז אין רוסלאַנד ניט געזעהען!

פֿון דעם ים גופא האָב איך ניט גע־

קענט אָפּרײַסען מײַנע אױגען און איך בין לאַנג לאַנג געזעסען אױפ'ן שטראַנד.

דערנאָך בין איך אַװעק בעקוקען די שטאָדט, װעלכע האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פון א מזרחד מאַחמעדאַנישע שטאָדט. איך האָב געזעהען א סך מעטשעטען, ד. ה. מאַחמעדאַנישע קלױסטערס, די גאַסען זענען געװען פול מיט טערקען, גריעקען, אַראַבער, בולגאַרען, עס האָבען זיך געהערט פערשידענע לשונות.

איך האָב געזוכט יודען און האָב געפונען א היפּש ביסעל. א סך שילדען מיט יודישע נעמען... מיר איז געפעלען געװאָרען די פאַמיליע שפּירא בין איך טאַקע אַרײַן צו דעם ה׳ שפּירא. איך האָב מיך פאָרגעשטעלט און האָב מיט איהם אָנגעהױבען צו רעדען מאַמע-לשון. מײַן נײַער בעקאַנטער האָט אױף מיר אױסגעגלאָצט א פּאָר אױגען... ער האָט ניט געװאָלט גלױבען, אז איך בין א דאָקטאָר.

— „סטײַטש — זאָגט ער — א דאָקטאָר זאָל רעדען פּראָסט יודיש, מערקװירדיג, בײַ אונז קען עס קײנמאָל נישט טרעפען, אונזערע יודישע דאָקטױרים שעמען זיך צו רעדען יודיש און האַלטען זיך בכלל װײַט פון יודישקײט. זײ מאַסקירען זיך, װי זײ קענען און פײַנד האָט מען זײ נאָך מעהר װי אונז".

אהאַ! טראַכט איך מיר, אָט האָב איך א נײַע סעריע אַסימילאַטאָרען פון דעם אַלטען, מיר גוט בעקאַנטען טיפּ.

הער ה׳ שפּ. האָט מיך באַלד בעקאַנט געמאַכט מיט זײַנעם א גוטען פרײַנד ה׳ מ., װעלכער האָט מיך שױן ניט אָבגעלאָזען און האָט מיך גענומען צו זיך אַהײם.

זיצענדיג בײַם יום-טוב-טיש האָט מיר מײַן בעל-הבית אָנגעהױבען דערצעהלען מעשה׳לעך װעגען אביסעל רדיפות, פערפאָלגונגען און שיקאַנען פון יודען אין רומעניען! איך האָב אױסגעהערט אַלטע געשיכטען, װעלכע זענען פאַר אונז יודען שטענדיג נײַ.

— „װי שװער, זאָגט ה׳ מ., קומט זיך אָפּ צוגעבען א קינד אין גימנאַזיום! װי פערשװאַרצט װערען יודען אין מיליטער, װאו קײן יוד טאָר ניט זײַן קײן שרײַבער קײן פעלדשער — אַלע יודען װערען געשיקט גלײַך אין די אָקאָפּעס אַרײַן; אפילו יודישע דאָקטױרים זענען אױך ניט גלײַכבערעכטיגט און זענען האַלב-אָפיצירען, האַלב — סאָלדאַטען, בעקומען זעהר א קלײנע פּענסיע און מען שיקט זײ אין די געפעהרליכסטע ערטער אױפ'ן פראָנט. הײַנט װאָס שטעהען מיר אױס פון דער פּאָליציי און פון דער זשאַנדאַרמעריע, מען לעבט אין טױט-שרעק, מען האַלט אונז אַלעמען פאַר שפּיאָנען, אָבװאָהל די רומענישע בולגאַרע׳, גריעקען און אַנדערע פערנעהמען זיך טאַקי מיט׳ן אמת׳ן שפּיאָנאַזש.. שרעקליך איז אונזער לאַגע!

יאָ, די אַלע פאַקטען האָב איך דאָך אײגענטליך שױן געזעהן בײַ אונז אין רוסלאַנד, אָבער דאָ איז די אַטמאָספערע געװען פיעל שװערער..

אױף מאָרגען אין דער פריה, ד. ה. דעם ערשטען טאָג סוכות, האָב איך געפרעגט מײַן בעל-הבית, צי געפינט זיך אין קאָנסטאַנצאַ א שוהל?

— „יאָ, צװײ שוהלען האָבען מיר, אײנע א ספרדישע, װאו עס דאַװנען די עספּאַניאָלען און אײנע א מתנגדישע װאו איך דאַװען". מיך האָט נאַטירליך מעהר אינטערעסירט די עספּאַניאָלישע שוהל און איך בין טאַקע אַװעק אַהינצו.

די שוהל איז א קלײנע, אָבער זעהר א שײנע, זי זעהט אױס װי א פאַנבאַניערקאַ.

סך הכל האָבען געדאַװענט ניט קײן גאַנצע צװײ מנינים.

דעם חזן האָב איך תחלת גאָרניט פֿערשטאַנען און האָב ניט געוואוסט וואו מען האַלט, שפּעטער האָב איך מיך שוין אָריענטירט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז דאָ זאָגט מען עברי לויט דעם ספרדישען נוסח, מיט דעם פתח אַנשטאָט דעם קמץ.

נאָכ'ן דאַווענען איז צו מיר צוגעגאַנגען דער חזן (דער חכם און דער שוחט אין איין פּערזאָן) און האָט מיך געפרעגט אויף העברעאיש, צי איך בין אַ יהודי? אונזערער אַ ייד וואָלט מסתמא געענטפערט, וואָס דען בין איך?

דערנאָך האָט ער מיך פֿערבעטען אין סוכה אַריין אויף קדוש. איך בין אַריין אין סוכה, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם שוהל־הויף, צוזאַמען מיט אַלע מתפּללים, דעם ערשטען קדוש האָט געמאַכט דער חכם, וועלכער האָט נאָכדעם מיך מכבד געווען מיט קדוש מאַכען. מען האָט פֿערביסען מיט חלה, מיט געדויכערטע פישלעך און מיט ווייַנטרויבען.

גערעדט האָב איך מיט דעם עולם האַלב העברעאיש און האַלב פראַנצויזיש. קיין דייַטש האָט קייַנער פון זיי ניט געקאָנט. זייער אַלטעגלייַכע שפּראַך איז געווען אַלט־שפּאַניש, אָדער עספּאַניאָליש.

איך האָב מיך דערוואוסט, אַז די גאַזיגע עספּאַניאָלען שטאַמען פון די יודען וואָס זענען זייַטער צייַט אַרויסגעטריבען געוואָרען פון שפּאַניען און האָבען זיך בעזעצט אויף די ברעגעס פון ים השחור.

די עספּאַניאָלען האַלטען זיך פאַר מיוחסים און לעבען ניט אינגאַנצען בשלום מיט די אַנדערע רומענישע יודען. צווישען זיי הערשט אַזאַ מין אַנטאַגאָניזם, ווי למשל, בייַ אונז אין וואַרשאַ צווישען די וואַרשאַווער יודען און די אַזוי גערופענע „ליטוואַקעס".

בייַ מייַן בעל־הבית האָב איך געהאַט נאָך אַ יום־טוב'דיגען מיטאָג מיט אַלע קלייַניגקייטען, איך האָב מיך איבערצייַגט, אַז ער און דאָס רוב אַנדערע דאָרטיגע יודען רעדען גוט פראַנצויזיש, דייַטש, רומעניש, יודיש, טערקיש און בולגאַריש.

פול מיט פֿערשיעדענע אייַנדריקע בין איך פון קאָנסטאַנצאַ צוריקגעפאָהרען קיין מאַמאָר־קויום.

---

## לג.

איך בין אַוועקגעפאָהרען אין גאַנצען אויף אַנדערטהאַלבען טעג און אין דער היים האָט מען שוין אויף מיר געוואַרט מיט אונגעדולד, מחמת ס'זענען אָנגעקומען אַ מאַסע חאָלערא־קראַנקע. מיר האָבען זיך מיט זיי קיין עצה ניט געקענט געבען.

פונ'ם פראָנט פלעגען מיר הערען, אַז אונזערע געשעפטען שטעהען גוט, אַז די בײדע רוסישע דיוויזיעס און דערהויפּט די סערבישע האַלטען זיך זעהר שטייף און ווייַזען גבורות, זיי לאָזען ניט דעם שונא ברעכען דעם פראָנט; דאַגעגען אָבער האָט אַ גרויסע בעאונרוהיגונג אַרויסגערופען די רומענישע דיוויזיע, וועלכע איז געווען ווייניג וואָס ווערט און אונזערע שטאַב־לייַט האָבען שטאַרק געצייטערט, אַז די רומענישע העלדען און די חאָלערא זאָלען זיך ניט פעראייניגען און ניט מאַכען אַ לאָך אינ'ם פראָנט. דערווייל אָבער איז וועגען לויפעניש קיין שום רעד ניט געווען. פערקעהרט, אינזער דיוויזיע האָט אפילו בעקומען אַ בעגריסונגס־טעלעגראַמע פון דער קייַזערין אַלעקסאַנדרא פיעדאָראָוונא נאָך דער ערשטער שלאַכט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך

פלוצים דערהאלטען א בעפעהל צו נעהמען וואסער־פראבעס פון אלע ברונעמס פון אונזער דארף און פאהרען קיין קאנסטאנצא אין א רומענישען לאבאראטאריום כדי דארטען פערזענליך צו אנאליזירען דאס וואסער בנוגע צו חאלערא־באצילען.

דאס איז געווען פונקט הושענה רבה, איידער מען האט מיר געבראכט אלע נויטיגע וואסער־פראבעס איז אריבער דער גאנצער טאג, איך האב בעשלאסען צו פאהרען קיין קאנסטאנצא פער אקס מארגען פאר טאג, ד. ה. שמיני עצרת. אבי האב איך געוואלט אונבעדינגט בעווייזען אין שוהל צו יזכור.

און איך בין טאקי ארויסגעפאהרען פון מאמוד—קויוס, צוזאמען מיט מיין דענשטשיק זעקס א זייגער אין דער פריה. א וויארסט צעהן זענען מיר געפאהרען איבער א שווערען, זאמדיגען וועג, איבער בערג; שפעטער אבער איז געווען א שאסיי, זעהר א בעקוועמער, די נסיעה איז געווען זעהר אנ׳אנגענעהמע, ווייל דער וועטער איז געווען פראכט פול.

ארום האלב עלף האב איך פון דערווייטענס בעמערקט די טורעמס פון קאנסטאנצא. פלוצים האט זיך אין דער לופט בעוויזען א גאנצע פלאטיליע דייטשע עראפלאנען, וועלכע האבען אנגעהויבען אהן צערעמאניע צו ווארפען פון אויבען באמבעס ארום אונז. ס׳איז געווען צו בעמערקען, אז די דייטשען האבען זיך געציעלט אין די גרויסע ציסטערנעס מיט נאפט און בענזין, וועלכע זענען געווען אויסער דער שטאדט און טאקי ביי אונז פון דער רעכטער זייט.

מיר האבען זיך ניט געוואוסט, וואו צו בעהאלטען? א פאר רומענישע אפיצירען זענען מיט זייער בריטשקע גע־פאהרען פראסט אין פעלד ארויין. איך האב איינגענטליך געוואלט פאהרען ווייטער, ווייל ס׳איז סיי ווי סיי ניט געווען, וואו צו אנטלויפען. דער יזכור האט מיך געצויגען אין שטאדט ארויין. אבער דער קוטשער און מיין דענשטשיק האבען זיך ענטזאגט ווייטער צו פאהרען און מיר האבען זיך אבגעשטעלט נעבען א הייזעל און מיר זענען ארויין דרינען.

ס׳איז שוין האלב־צוועלף, איך פיהל, אז כ׳וועל קומען נאכ׳ן דאווענען. קען איך דען עפעס אנדערש מאכען? ס׳איז דאך מלחמה־צייט.

— „ע, זאג איך צו מיין קוטשער, וואס ווערט זיין ווערט זיין, קריגסט אויף שנאפס, שנייד די פערד און לאמיר פאהרען, אין שטאדט איז דאך זיכערער, צייט א פיערטעל שעה זענען מיר דאך דארטען, פאהר!"

דער קוטשער האט זיך געלאזט איינרעדען, ער האט טאקי א שניט געטהון די פערד און מיר זענען ארום צוועלף דעם זייגער אריינגעפאהרען אין קאנסטאנצא.

מיין בעקאנטער מ... האט געוואוינט עק־שטאדט און איך האב איהם טאקי פון דערווייטענס דערזעהען פאר זיין טויער שטעהענדיג, איך בין באלד צו איהם צוגעפאהרען. ער האט זיך מיט מיר זעהר דערפרייט און האט זיך שטארק געוואונדערט, וואס איך האב אויסגעקליבען אזא משוגענ׳דיגען טאג צו פאהרען.

—„זאגט נאר מיר, זייט מוחל, פרעג איך איהם, צי וועל איך נאך קומען אין שוהל צו יזכור?"

—„א שווערע זאך, ווייל ביי די ספרדים איז שוין געווען נאכ׳ן דאווענען און ביי אונז איז שוהל—ווער ווייסט? פאהרט אריבער צום ה׳ שפירא, ער וואוינט ניט ווייט פון אונזער שוהל, וועט

ער אייך שוין אהינצו אוועקפיהרען".

איך בין טאקי באלד ווייטער געפאהרען, אבער די שטאדט איז געווען ווי אויסגעשטארבען, קיין לעבעדיגע נפש האט מען אין ערגיץ ניט געזעהען, אלע געשעפטען זענען געווען פערמאכט, ווייל דער שונא האט ניט געשאנעוועט די שטאדט גופא אויך און האט געווארפען דעם טאג א סך באמבעס.

שפירא'ס געשעפט איז אויך געווען צו, און וואו די מתנגדישע שוהל געפינט זיך, האב איך ניט געוואוסט. גאט האט אבער מסתמא געוואלט, אז איך זאל מקיים זיין די מצוה: כ'זעה, ס'קומט אן א שענער, גרוי־אלטער העור, קענטיג א בכבוד'ער יוד, איך פרעג איהם אויף פראנצויזיש, וואו דא איז די סינאגאגע און ערקלער איהם מיין וואונש. ער האט מיר געזאגט, אז ס'וועט שוין געווים זיין צו שפעט; אבער ער איז געווען זעהר פריינדליך, און איז מיט מיר גלייך געגאנגען אין שוהל אריין. און שטעלט אייך פאר א צופאל! אט אקוראט אין דעם מאמענט, וואס איך האב געעפענט די טהיר פון שוהל, האט דער חזן אנגעהויבען צו זאגען יזכור... איך בין ניט פרום, איך האלט ניט פון זאבאבאנעס, אבער דער פאל האט אויף מיר געמאכט א טיעפען איינדרוק.

נאכ'ן דאווענען בין איך אוועק צוריק צום ה' מ., וועלכער האט צו זיך פערבעטען מעהרערע זיינע בעקאנטע און מיר האבען זעהר געמיטליך פערבראכט א פאר שעה ביי א גלעזעל וויין.

שפעטער בין איך אוועק בעקוקען דעם רושם, וואס דער שונא האט מיט זיינע אעראפלאנען געמאכט אין שטאדט. עס זענען חרוב געווארען כמעט אויסשליסליך רעגירונגס־געביידעס און דער קעניגליכער פאלאץ. שרעקליך האט אויס־געזעהען דאס שענע קאזינא אויף דעם ברעג פונ'ם ים. ס'איז כמעט אינגאנצען צושטערט געווארען.

די איינוואוינער זענען ארויסגעקראכען פון די קעלערס און זענען ארומגעגאנגען אין די גאסען צושראקענע.

דעם אנדערן האלב'ען טאג האב איך געארבייט אין לאבאראטאריום און האב פעסטגעשטעלט, אז אין דאס רוב ברונעמס פון מאמור־קיום איז דאס וואסער פערדארבען דורך חאלערא־וויבריאנען.

איך האב בעשלאסען צו פערברענגען אין קאנסטאנצא שמחת־תורה אויך. מיך האט זעהר אינטערעסירט, ווי אזוי עס געהט צו די הקפות־צערעמאניע ביי די ספאניאלען.

איך בין אוועק באלד אין דער פריה צו זיי אין שוהל און האב מיטגענומען מיין פאטאגראפישען אפאראט. איך האב דארטען ווידער געטראפען א קליינעם היפעל מתפללים, שוין מיינע אלטע בעקאנטע. דער חכם האט מיר געגעבען א הכשר צו פאטאגראפירען די שוהל און דעם עולם מיט די ספרי־תורות אין די הענד בשעת די הקפות. די דאזיגע פאטאגראפיעס האב איך איצט ביי מיר אין מיין מלחמה־אלבום.

געהענדיג פון שוהל צוריק צום ה' מ., האב איך פלוצים מיט א מאדנעם אינערן הינגען געפיהל דערהערט א שטארקע הארמאטען־שיסעריי ארום קאנסטאנצא, וועלכע איז מיר נארניט געפעלען געווארען. אויפ'ן פראנט קענען יעדען מאמענט פארקומען שנויים און איך האב שוין בעשלאסען ניט צו ווארטען און גלייך צוריקפאהרען קיין מאמור־קויום. דאס הארץ האט מיך אהינצו צוריקגעשלעפט.

און טאקי דער ה' מ. האט מיר אנגעגעבען א קלאנג, אז די רומענער עוואקואירען אין גאאיילעניש קאנסטאנ־

צא און אז דאס רוסישע חיל מאכט אויך פּיס.. מיר איז געוואָרען גאר קאלעמוטנע אויפ'ן הארצען: צי וועל איך בעווייזען צור צייט צו קומען צו מיין חבריא? 40 וויאָרסט איז אזא צייט איז א מהלך.

איך האָב אפילו שוין קיין מיטאָג ניט געגעסען און האָב געהייסען איינשפּאַנען די פערד. איך האָב נאר בעוויזען אָנצושרייבען א פּאר קורצע בריוועלעך אויף דייטש צו מיינע קרובים און בעקאנטע אין ווארשא און האָב געבעטען דעם ה' מ., אז ער זאָל שפּעטער ווען דער שונא וועט הייסט עס פערנעהמען קאנסטאנצא, זאָלען א געלעגענהייט די דאָזיגע בריעף מיינע צו עקספּעדירען. דאָס איז געווען א גוטער איינפאַל.

איך האָב מיך זעהר היים געזעגענט מיט דעם ה' מ. מיר האָבען אָבגערעדט זיך צו טרעפען ביי גוטע אומשטענדען נאך דער מלחמה אין בערלין.

איך האָב מיך אריינגעזעצט אין מיין ברימשקע און האָב געהייסען יאָגען די פערד מיט אלע כחות. אויפ'ן וועג האָב איך שוין געזעהן אז די מעשה איז ניט פרעהליך. ס'האָט געלעבט דער גאנצער שאסיי: מחנות סאָלדאטען זענען געגאנגען פון דער פּאזיציע, פעלד־לאזארעטען וואָס זענען געווען נאָהענט פון'ם פראָנט, זענען אויך אָבגעטראָטען. איך האָב געזוכט ידיעות וועגען מיין לאזארעט. מען האָט מיך פערזיכערט אז איך וועל איהם שוין געוויס ניט געפינען אין מאמור־קיום. איך בין געוואָרען שטארק אונרוהיג, ווייל די ערגסטע זאך איז אויף א מלחמה צו פערלירען די מיליטער־אָבטיילונג, וואו מען דיענט. וואָכענלאנג קאָן מען זי אמאָל זוכען. דערצו איז טאָג געוואָרען נאכט. ענדליך האָב איך דערזעהען פייערלעך פון אונזער דאָרף. גאט צו דאנקען, דאָס דאָרף איז נאָך ניט פער־נומען און מיינע האָבען געקענט אוועקגעהן ניט אנדערש ווי קיין מעדזשידיא.

איך פאָהר צו צו מיין וואוינונג. איך הער א גרויסען גערודער... איך בין גליקליך, דאָס זענען מיינע פערד און מיינע וואָגענס! ס'האָט זיך ארויסגעוויזען אז איך בין געקומען פּונקט צו דער צייט. אונזער לאזארעט איז שוין געווען איינגעפּאקט, די פערד זענען שוין געווען איינגעשפּאנט אין די וואָגענס און מיר זענען טאקי באלד אין דער נאכט אוועק צו מעדזשידיא צו.

---

## לד.

און עס האָט זיך אָנגעהויבען די ערשטע לויפעניש אויפ'ן רומענישען פראָנט! אלטע בילדער! כ'האָב שוין א סך אזוינע בילדער געזעהען און אליין איבערגעלעבט. פאר מיינע קאָלעגען איז עס אָבער געווען ניי און זיי האָבען זיך שטארק בעאונרוהיגט און האָבען אלץ מורא געהאט חלילה נישט אריינצופאלען אין פלען. זיי האָבען נאר אויף מיר געקוקט, ווי אויף א געניטען, פּראקטיצירטען לויפער.

זעהר שווער איז אונז געווען זיך צו שלעפען ביי דער נאכט, אין דער פינסטערניש. עטליכע מאָל זענען מיר פערקראָכען נאר אין אנ'אנדער ריכטונג. אין דער פריה זענען מיר ענדליך ווי עס איז דערקראָכען ביז מעהדזשידיא. די גאנצע שטאָדט האָט אויסגעזעהען, ווי א גרויסער לאגער. פון אלע זייטען זענען אדורכגעפאָהרען, אָדער ס'האָבען זיך אָבגעשטעלט פערשיעדענע רוסישע, סערבישע און רומענישע מיליטער־אָבטיילונגען. אין דער שטאָדט גופא איז כמעט קיינער פון די איינוואוינער נישט געבליבען.

אלע זענען זיך אין גרויס איילעניש צעלאפען. די געשעפטען זענען געווען פערקלאפט און פערהאקט.

מיר האבען זיך דערוואוסט, אז דער שונא האט דורכגעבראכען אונזער פראנט און טאקי אין דעם ארט, וואו עס איז געשטאנען די רומענישע דיוויזיע, אז אונזער דיוויזיע און די סערבישע האבען געהאט גרויסע פערלוסטען אין מענשען, אז אלע לויפען...

אונזער לאזארעט האט מען פערהאלטען אין מעדזשידיא און מען האט אונז געהייסען תיכף צו אנהויבען אונזער טעטיגקייט. פרייע דירות איז געווען לרוב אזוי, אז מיר האבען זיך באלד איינגעארדענט.

דער גלאזונער, איך און די צוויי יונגערע קאלעגען האבען בעקומען א שיינע וואוינונג פון א רומענישען אדוואקאט. אין דער וואוינונג איז נישט געווען קיין לעבעדיגער נפש. אלע שטוב־זאכען זענען געוועזען קענטיג, אז די פאמיליע האט זיך ארויסגעכאפט אין גרויס איילעניש: דער מיטאג־טיש איז נאך געווען געדעקט, אין די טעלער זענען נאך געלעגען פערשידענע ניט אויפגעגעסענע מאכלים, די בעטען זענען געווען ווארים. שטארק האט אויף מיר געווירקט א קליין ווינגעלע, פון וועלכען מען האט, ווי עס האט אויסגעוויזען, אט גאר נישט לאנג ארויסגעכאפט דאס קליין קינד פון אונטער דער ווארימער קאלדרע און מען איז מיט איהם געלאפען אין די וועלט אריין...

ווי נור מיר זענען אין דער דאזיגער דירה אריינגעגאנגען האב איך בעמערקט, אז ביי אונזערע דענשטשיקעס האבען זיך אנגעצונדען די אויגען, אז זיי זענען באלד צוגעגאנגען צו די שרענק און קאמארען און האבען פרובירט, צי זיי זענען געשלאסען? ביי זיי האבען זיך דערוועקט די אינסטינקטען פון מארודערען...

איך האב באלד געזאגט מיכאיל ניקאלאיעוויטש'ן, אז מען דארף שטרענג אכטונג געבען אויף אונזערע סאלדאטען, זיי זאלען קיין זאך נישט רירען. ער האט מיט מיר מסכים געווען. איך מוז דא בעטאנען, אז צווישען מיינע קאלעגען און צווישען אונזערע טשינאווניקעס זענען געווען סוביעקטען, וואס האבען אויך נישט געקענט גלייכגילטיג פארבייגעהן פארביי א שראנק, עס האט זיך זיי געוואלט ווייסען, וואס דארטען געפינט זיך? מיר, דאקטוירים, האבען דאך אבער געמוזט געהן צו אונזער ארבייט אין לאזארעט אריין.

און שטעלט אייך פאר, אז קומענדיג צוריק א היים צו מיטאג, האבען מיר שוין אונזער וואוינונג ניט דערקענט: א פאגראם־כוואליע איז דורך איהר דורכגעגאנגען. אלע שרענק זענען אפען, אלע שופלאדען לעדיג, אויפ'ן פארלאגע וואלגערט זיך וועש און אנדערע חפצים, וואס דער עולם האט נישט בעוויזען צוצונעהמען.

מיכאיל ניקאלאיעוויטש, זעהענדיג די מהומה איז געווארען צוקאכט, ווי א קאזאק קען צוקאכט ווערען. ער האט אנגעהויבען שרייען, טיפען מיט די פיס:

— „גזלנים, שרייט ער, — און אז דער שונא וואלט געמאכט אזא תל פון אייער האב און גוטס, וואלט אייך וואויל געווען? הא? מאמענטאל, זאלט איהר אפגעבען אלץ, וואס איהר האט אנגעראבעוועט!“

נאטירליך, האבען די סאלדאטען צוריקגעגעבען נאר א צעהנט־חלק דערפון, וואס זיי האבען צוגענומען, אויף מיר האט די מעשה אויך געמאכט א שווערען איינדרוק און איך האב געדרוקט די הענד

פון מיין גלאָווינעם פאַר זיינע ווערטער.

דאָ מוז איך דערציילן אַ כאַראַקטער־ריסטישן עפּיזאָד, וואָס האָט געטראָפן מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער: בעת מיר זענען געווען אין פּאָכאָד האָבן מיר גענעכטיגט ערגיץ אין אַ האָרפּס הייזל. מיר, דאָקטוירים, פלעגן תמיד וואוינען צוזאַמען אין איין צימער. איך פלעג, ווי מיין שטייגער איז געווען, אַלעמאָל אויפשטעהן פריהער פון אַלעמען. איינמאָל בין איך מיר אַזוי רוהיג אויפגעשטאַנען און, אַנטהוענדיג זיך, האָב איך בעמערקט אַז נעבן בעטעל פון מיין יונגערן קאָלעגע, ליגט אויף אַ בענקעל שניי־ווייסע וועש. פון טייערע לייננוואַנד, אָבער... מיט ראָזאַ־זיידענע שנירעלעך. די מעשה האָט מיך פעראינטערעסירט. שטילערהייד נעהם איך פונאַנדער אַ העמד... געוואַלד־געשריען, עס איז אָהן אַרבעל, עס איז דאָך אַ דאַמען־העמד! איך האָב באַלד פערשטאַנען, אַז דאָס העמד שטאַמט פון מעזשידיער שראַנק!

איך האָב אויפגעוועקט מיין צווייטען קאָלעגע אורבאַך און האָב איהם געוויזען אונזער הבר'ס וועש... און שטעלט אייך פאָר זיין לאַגע, בעת ער איז אויפגעשטאַנען... ער איז רויט געוואָרען פון חרפּה. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער איז טאַקי נעבוך געבליבען אָהן וועש און ער האָט געבעטען זיין דענשטשיק אין מעזשידיא נאָך, אַז ער זאָל נעהמען פאַר איהם אַ ביסעל וועש פאַר אונזער אָבפאָהרען. דער דענשטשיק איז אָבער געווען נים קיין גרויסער חכם און נים קיין קליי־נער נאַר. ער האָט געטהון פּונקט ווי זיין בעל־הבית האָט איהם געהייסען: ער האָט אַריינגעשטעקט זיין האַנד אין קאָמאָד און האָט בלא ראיה אַ כאַפּ געטהון אַ הע־פּעל וועש און אַצט האָט ער עס איהם דערלאַנגט...

צוויי טעג זענען מיר געשטאַנען אין מעדזשידיא. דער שונא האָט אונז נישט געלאָזט רוהען און האָט אונז ווייטער גע־טריבען. איך געדענק בשעת מיר זענען געגאַנגען פון מעדזשידיא האָט מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש בעמערקט, אַז זיין דענ־שטשיק, אַ טאַטער, טראָגט עפּיס אַ צו גרויסען זאַק אויף די פּלייצעס. ער האָט איהם אַ פרעג געטהון, וואָס ער האָט אינ'ם זאַק און האָט איהם געהייסען עפענען. וואָס מיינט איהר איז דאָרטען גע־וועזען? צוויי קישענס, דאַמען־קליידער, וועש, לעפעלעך, קעלישקעס און נאָך אַנ־דערע זאַכען, אַנגעראַבעוועטע אין אונזער וואוינונג! מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש האָט זיך פון דעם פּאַקט ווידער שטאַרק אויפגערעגט און האָט איהם געהייסען מיט מענטאַל צוריקצוטראָגען קיין מעדזשי־דיא און אַוועקלעגען די אַלע זאַכען אויף זייער אָרט! דער טאַטער האָט זיך אָנגע־הויבען צו בעטען און צו איבערצייגען זיין בעל־הבית, אַז סיי ווי סיי וועלען די זאַכען אַריינפאַלען צו די בולגאַרען אין די הענט, איז דאָך שוין גלייכער, אַז ער זאָל זיי צונעהמען. דער קאָזאַק האָט אָבער דערפון נישט געוואָלט הערען און דער טאַטער האָט געמוזט נעבוך צוריק־פאָהרען. צי האָט ער די זאַכען צוריק אַוועקגעלעגט, אָדער ער האָט זיי אויפ'ן וועג פערשאַכערט — דאָס ווייס איך נים עד היום.

מיר זענען ווייטער צו צפון צו. לויט די אַלגעמיינע רוסישע אָרדנונג האָבען מיר שוין אויפ'ן צווייטען טאָג פון אונזער לויפעניש פערלאָרען יעדע פערבינדונג מיט אונזער שטאַב־דיוויזיע און מיר האָ־בען נישט געוואוסט, וואוהין צו לויפען? מיר האָבען נאָר געקוקט אויף אַנדערע מי־ליטער־אַבטיילונגען און מיר זענען נאָך זיי נעלאָפען.

אויפ'ן וועג האבען מיר געזעהען שוידערהאפטע בילדער. אלע דערפער זענען געווען ליידיג. די רומענישע רעגירונג האט נאכגעמאכט איהר שותף און האט געצוואונגען אלע איינוואוינער פון די דערפער, פון וועלכע אונזער מיליטער האט געדארפט אבטרעטען, צו פערלאזען זייער היים. עס איז געווען שרעקליך צו זעהען, ווי אלע וועגע און שטעגען זענען געווען פערנומען מיט לאנגע שורות אומגליקליכע היימלאזע, וועלכע האבען מיט זיך מיטגענומען זייער ביסעל ארימקייט און זענען געגאנגען אהן א בעשטימטען ציעל צו צפון צו. עס האט זיך געהערט א שרעקליך געוויין פון פרויען און קינדער. מען דארף נישט פערגעסען, אז דאס איז געוועזען סוף אקטאבער און דעמאלט האט שטארק גערעגענט. א מאסע היימלאזע זענען אויפ'ן וועג קראנק געווארען און האבען קיין רעטונג נישט געהאט. א מאסע קינדער זענען אומגעקומען, ווייל זיי האבען זיך נישט געהאט וואו צו בעהאלטען פון'ם רעגען. און נאכאמאל האט מיך נישט געלאזט רוהען די קשיא: צו וואס איז עס נויטיג געווען? וועמען האט די ירידה נוצען געבראכט? צי האט זיך דער דייטש דען קיין עצה נישט געגעבען, אז ער האט שוין געפונען א צושטערט דארף? קללות האבען זיך געהערט פון אלע זייטען! מען האט געשאלטען די מלחמה, מען האט געשאלטען די רעגירונג.

## לד.

אונזער ערשטע לויפעניש אויף דעם רומענישען פראנט איז געווען איינע פון די שווערסטע. מיר האבען זיך בעוועגט גאנץ פאוואליע, ווייל אלע וועגען און שטעגען זענען געווען פערנומען מיט אבאזען און מיט היימלאזע; ס'איז געווען שווער זיך אריינצושפארען אין די קאלייקע. דערצו איז נאך געווען די מאכל'דיגע רעגען - צייט און מיר פלעגען אפט מוזען קריכען ביז די קניה אין בלאטע. דאס האט אבער נישט געשאדט. כ'ווייס אליין נישט פארוואס, נאר פאר מיר איז די איצטיגע לויפעניש געווען א מין ספארט (ס'קען זיין, אז איך האב מיך אין פינלאנד אנגעשטעקט) און זי איז געווען פיעל לייכטער, ווי אין אנהויב מלחמה, אין פוילען. און אפשר דערפאר, וואס אונזער חבריא איז געווען צוגעפאסט און מיר, בעזונדערס דאקטוירים האבען געלעבט, ווי ברידער, אדער דערפאר, וואס מיר זענען דאך עולה רגל געווען מיט אלע בעקוועמליכקייטען. כ'ווייס מעהר נישט, אז מיר האבען זיך אלע גוט געשפירט, אז מיר האבען געהאט א בעזונדערען אינטערעס אליין צו קאכען פערשידענע מאכלים ערגיץ וואו אין א דארף, אדער אין פרייען פעלד אונטער דעם גיס-רעגען. כ'געדענק אמאל זענען מיר א דורך דורך א דארף, וואו פויערים האבען פערקויפט לעבעדיגע פיש זעהר ביליג, צו 75 גראשען א נ'אקע (ד. ה. דריי פונט). און שטעלט אייך פאר, אז איך האב פערקאטשעט די ארבעל און גענומען קאכען געפילטע פיש מיט אלע קליפעלעך, אפילו מיט קליסקעלעך. קיין שנאפס האט דאך ביי אונז נישט געפעהלט און מיינע קאלעגען, די קריסטען האבען געלעקט די פינגער פון מיינע געפילטע פיש און האבען געלויבט דעם יודישען השם יתברך, וואס ער האט בעשאפען אזא אומה אויף דער וועלט.

אונזערע לויפענדע סאלדאטען האָ־

בען זיך אויף גאנץ גוט געשפּירט, ווייל זיי האָבען געפרעסען, ווי פערד. און ס'איז קיין וואונדער ניט געווען. אויף די פעלדער פלעגען בלאָנדזשען טויזענדער „היימלאָזע" בהמות און יעדע מיליטער־אָבטיילונג האָט פאר זיך צונויפגעטריבען א גאנצע סטאַדע קיה, אָקסען, שעפּסען. אונזער לאַזאַרעט האָט אויך געהאַט אזא סטאַדע פון 40 בהמות, וועלכע מיר האָבען געטריבען מיט אונז צוזאַמען. אזוי ארום האָבען מיר געהאַט פליישׁ לרוב און יעדער סאָלדאַט פלעגט בעקומען א פונטיגע פּאָרציע. אָבער די סאָלדאַטען פלעגען קוקען אויף דעם גע־מען קאַזיאָנעם מיטאָג מיט א מין פעראַכטונג; ווייסט איהר פאַרוואָס? ווייל זיי פלעגען עסען היהנער־בוליאָן...

אויפ'ן וועג פלעגען מיר זעהען, ווי סאָלדאַטען זיצען אונטער בוימער און קאָכען א ייבעל פון א גאַנצע הוהן אין זייערע פעלד־טעפּלעך. אינטערעסאַנט זענען געווען די בילדער, ווי ביי דער נאַכט פלעגען זיצען סאָלדאַטען גרופּענווייז און דרעהען ארום גרויסע פייערן גאַנצע שעפּסען־טושעם לויט'ן בולגאַרישען אָרט.

דעמאָלט האָב איך איבערהויפּט געהאַט די מעגליכקייט צו לערנען די פּסיכאָלאָגיע פון דעם לויפענדיגען סאָלדאַט. איך האָב בעמערקט, אז ביי יעדער לויפּעניש ווערען די סאָלדאַטען שרעקליך דעמאָראַליזירט — בעת לויפעטיגע סאָלדאַטען פלעגען אַדורכגעהן דורך א דאָרף פלעגען זיי זיך באַלד א לאָז טהון שנאָרען, זוכען, שמעקען, און היות, אז מיר האָבען אצינד געקעמפּט, אָדער בעסער געלאָפען אין א לאַנד פון ווייַן, פלעגען זיי קודם כּל זוכען ווייַן־קעלערן און אנב פלעגט מען פאַרבייגעהענדיג א חאַפּ טהון א הוהן, א קאַטשקע, א גאַנז

אָדער אַנ'אוינדיק. אַלע דערבײַ אונטערוועגס, אַלע וועגען און שטעגען זענען געווען פערזייהט מיט אזוי גערופענע „טויטע קערפּערס" ד. ה. שיכּור'ע סאָלדאַטען, וועגען א וועלכער ס'איז דיסציפּלין האָט קיין רעד ניט געקענט זיין. איך קען ניט פערגעסען אזא בילד: מיר האָבען געהאַט א טאָלט־מאַרש אונטער א גוס רעגען און טיפער בלאָטע. מיר זענען געגאַנגען מיט לאַטאַרנעם און מיט פאַקעלן. עטליכע פון אונזערע קאַנאָנירען האָבען זיך פּלוצים אָנגעשטויסען אויף א מענשליכען קערפּער, וואָס איז געלעגען נעבען שאָסיי אין טיפער בלאָטע און האָט שטאַרק געחראָפּעט. מיר האָבען איהם גענומען טרייסלען און וועקען. מיט גרויס מיה האָבען מיר איהם דערמינטערט. דאָס איז געווען א טויט־שיכּור'ער רוסישער סאָלדאַט, אויף דער פראַגע, וואָס ער טהוט דאָ, האָט ער מיט א פערפּלאָנטערטער צונג געענטפערט:

— „איך רוה מיך דאָ אָב!"...

ווי ס'איז אונז ניט געווען קאָלעמוטנע אויפ'ן הארצען, האָבען מיר זיך אַלע ביי דער תּשובה פונאַנדערגעלאַכט. מיר האָבען דעם „טויטען קערפּער" ארויפגעזעצט אויף א וואָגען און מיר האָבען זיך ווייטער געשלעפּט.

אונזערע סאָלדאַטען זענען פערהעלטניסמעסיג געווען ארענטליך, ווייניג ווער פון זיי פלעגט זיך אָנשיכּור'ן. און דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל זיי האָבען שטאַרק מורא געהאַט, אז דער גלאַוונער זאָל זיי ניט אוועקשיקען אין פּאָלק אַריין.

איך האָב בעוואונדערט די סאָלדאַטען בכלל. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס מיר זענען שוין כּמעט 6 טעג געגאַנגען אונטער'ן רעגען, אין בלאָטע, וואָס די

סאָלדאַטען פּלעגען שלאָפֿען, ניט אויסטהוענענדיג זיך, איז זעלטען ווער פֿון זיי קראַנק געוואָרען. און דעם אמת זאָגענדיג, האָבען מיר אַלע זיך אויך געפֿיהלט אין געזונד ווי אַמבעסטען.

ערשט אויפ'ן זיבענטען טאָג פֿון אונזער לויפֿעניש האָבען מיר געפֿונען אונזער שטאַב־דיוויזיע און מיר האָבען פֿון דעמאָלט אָן פּיעל־ווינציג געוואוסט, וואָהין מיר דאַרפֿען ווייטער שפּרייזען. די גאַנצע לויפֿענדע אַרמעע האָט געהאַט נאָר איין ציעל: וואָס גיכער צו קומען אויפ'ן ברעג פֿון דער דאַנאַו און וואָס שנעלער זיך אַריבערצוכאַפּען אויף יענע זייט. די פּאַניק איז געווען גרויס. אַלע האָבען געמיינט, אַז דער שונא וועט אונז צו שטופּען צו דעם גרויסען טייך און וועט צושטערען די איינציגע פּאָנטאָן־בריק, וואָס איז געווען ביי דעם שטעדטיל איסאַקטשא.

אין מיטען דערינען איז קראַנק געוואָרען אונזער דיוויזיע־דאָקטאָר און מיין גלאַוונער איז אַרויסגערופֿען געוואָרען אין שטאַב כדי איהם צו פֿערטרעטען. מיד האָט דער שטאַב נאַזנאַטשעט פֿאַר אַ גלאַוונעם ביי אונז אין לאַזאַרעט.

פֿון דעם מאָמענט אָן האָט מען אַרום מיר גענומען מאַכען און זיך צו מיר אונטערהעלקען, אזש ס'איז מיר ניט גוט געוואָרען. איבערהויפּט האָט מיר גענומען חנפֿענען איינער פֿון אונזערע טשינאָווניקעס, דער ווירטשאַפֿטס־פֿיהרער פֿון אונזער לאַזאַרעט, אַ טיפּ זעהר אַנטיפּאַטישער. באַלד די ערשטע נאַכט האָט ער פֿאַר מיר צוגעגרייט אַ שעהנע וואוינונג, אפילו מיט אַ מאַטראַץ אויך און ערשט נעכטען האָב איך געמוזט אַליין פֿאַר זיך זאָרגען.

וואָס נאָהנטער מיר זענען צוגעגאַנגען צו דער דאַנאַו איז אונז געווען אַלץ שווערער זיך צו בעוועגען, ווייל אויפ'ן וועג האָבען מיר געטראָפֿען אַ מאַסע חיל, אַבאָזען, היימלאָזע, וועלכע זענען מיט גרויס אימפּעט געלאָפֿען, כדי וואָס שנעלער צו זיין מעבר לדאַנאַו.

דעם 27 אָקטאָבער ביי דער נאַכט זענען מיר געקומען קיין איסאַקטשא. דאָ האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט, איך, אַלס גלאַוונער, בין אַרויסגעפֿאָהרען אויף אַ בריטשקע צום בריק צו זעהען, ווען און ווי אַזוי מיר וועלען קענען אַריבער? דאָס בילד, וואָס איך האָב ביי דער בריק געזעהען, וועל איך, דאַכט זיך מיר, קיינמאָל אין לעבען ניט פֿערגעסען.

אפשר אַ וויאָרסט צוויי פֿאַר דער בריק זענען אַלע וועגען און שטעגען געווען בעלעגערט מיט טויזענדער וואַגענס, פֿערד און מענשען. איך האָב געמוזט מיין בריטשקע אָבשטעלען, זי איבערלאָזען ביי דעם וועג און בין אַליין אַוועק צו פֿוס צו דער בריק. ביי דער בריק גופֿא איז געווען אַזאַ אומאָרדנונג, אַזאַ געשריי, אַזאַ טומעל, אַזאַ געשלעג, אַז איך האָב אַוועקגעוואָרפֿען יעדען געדאַנק אין דער דאָזיגער נאַכט אַריבערצוגעהען איבער דער דאַנאַו. קומענדיג צוריק צו מיין חבריא האָב איך זיי געזאָגט, אַז מיר מוזען בלייבען נעכטיגען אין איסאַקטשא, קיין אַנדער אויסוועג איז פֿאַר אונז ערשט ניטאָ. מיינע קאָלעגען זענען אפילו געווען שטאַרק ניט צופֿרידען מיט מיין פֿעראָרדנונג, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז צו מאָרגען זאָל אונז חלילה דער שונא ניט אָניאָגען, איך האָב זיי אָבער בערוהיגט און געזאָגט, אַז די סכנה איז ניט אַזוי גרויס, אַז אפילו דער שטאַב ווייס כלל ניט, ווי ווייט דער שונא איז אַצינד און איבעריגענס זענען מיר דאָך אַלע אַזוי פֿערמאַ־

מערט, אז מיר וואלטען סיי ווי סיי ווייטער ניט געקענט געהען.

און שטעלט אייך פאר, אז צו מארגען אין דער פריה קומט פלוצים צו אונז א בעפעהל פון שטאב־רעוויזיע, אז מיר זאלען תיכף אומדרעהען די אקסלען און געהען צוריק אין רומעניען און אז אלע מיליטער־אבטהיילונגען, וואס זענען אריבער די דאנאו זאלען מאמענטאל צוריקקומען קיין רומעניען. פון א שטאבמענש האבען מיר זיך דערוואוסט, אז „אונזערע געשעפטען" האבען זיך פערבעסערט, און דער שונא איז פערהאלטען געווארען.

פון איסאקטשא זענען מיר אוועק קיין טולטשא (דאס איז א שטאדט אויפ'ן ברעג פון דער דאנאו) און פון טולטשא דירעקט אין א דארף יאניקיאי, וואס ליגט צווישען טולטשא און באבאדאג.

אין דעם דארף האב איך בעקומען א בעפעהל צו עפענען אונזער לאזארעט. פוסטע הייזער זענען דארטען געווען לרוב, ווייל א סך איינוואוינער זענען פון דארטען אוועק. געבליבען זענען נאר די קאלאניסטען־בולגארען, וועלכע האבען בשום אופן ניט געוואלט אוועקווארפען זייער האב און גוטס.

---

## לו.

עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז די פאניק און די לויפעניש זענען געווען אהן א גרויסען גרונד. אפילו דער ארמעע־שטאב האט נישט געוואוסט, ווי מעכטיג דער שונא איז? און וויבאלד דער שונא האט זיך אבגעשטעלט, אזוי האט מען אלע לויפענדע צוריקגערופען. אונזער דיוויזיע האט אויך בעקומען א בעפעהל צו פערנעהמען נייע פאזיציעס אין רומעניען. אגב איז אינטערגעקומען א ביסעל פריש מיליטער אויך. דערווייל אבער האט אונזער אינטענדאנטסטווא איבערגעלאזען פאר דעם שונא זעהר גרויסע זאפאסען מיט פראדוקטען. נאר אויף איין כמאציע עסטער, נישט ווייט פון מעדזשידיא, האט אונז אנ'אינטענדאנט דערצעהלט, האבען מיר איבערגעלאזען איבער צוואנציג טויזענד פעסלעך מיט סיבירער פוטער...

ווי איך האב שוין פריהער געשריבען האט זיך אונזער לאזארעט אבגעשטעלט אין א דארף יאניקיא, און די שטאב־דיוויזיע איז געווען אין באבאדאג, א שטאדט, וואס ליגט אויף דעם שאסיי העלפט וועג צווישען טולטשא און קאנסטאנצא.

ווי נאר מיר האבען געפונען דירות פאר אונז און פאר אונזער לאזארעט, בין איך באלד אוועקגעפאהרען אין שטאב אריין נאך אינסטרוקציעס. צוליעב מיכאאיל ניקאלאיעוויטש'ן, וועלכער איז נאך אלץ געווען דיוויזיע־דאקטאר, בין איך געווארען אין שטאב א בן־בית. אגב איז אונזער דיוויזיע־נאטשאלניק, גענעראל פריימאן, געווען אנ'ארעל־מאן און מען האט מיט איהם געקענט רעדען מענשיש. פאר דער מלחמה איז ער געווען פראפעסאר אין דער אקאדעמיע פון גענעראל־שטאב.

ווען איך בין דאסמאל געקומען אין שטאב האב איך דארטען געטראפען א גאנצע מהומה: מיין מיכאאיל ניקאלאיעוויטש האט זיך שטארק אנגעשפור'ט און איז ארויס פון די כלים. דעם זעלבען טאג האט יעדער אפיציר פונ'ם שטאב בעקומען דורכצולעזען א פריקאז פון דעם דיוויזיע־נאטשאלניק, אז אלע אפיצירען זאלען שטרענג אכטונג געבען, דאס די סאלדאטען זאלען נישט ברעכען קיין פארקאנעס און נישט שניידען קיין בוי־

מער. אויף דעם דאָזיגען פּריקאַז האָט זיך יעדער שטאַב־אָפיציר געדאַרפט אונטערשרייבען. מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש האָט דעם פּריקאַז איבערגעלעזען שכּור'ערהייד און צוגעשריבען: „נעפּרעמעננאַ רוביט!“ ד. ה. „און דוקא שניידען!“ אין שטאַב איז צוליעב דער מעשה געוואָרען א גערודער, נאָר, היות, אז מען האָט דאָרטען מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש'ן זעהר ליעב געהאַט און ער האָט זיין מיינונג געשריבען מיט א בלייפעדער, האָט דאָס דער אדיוטאַנט אויסגעמעקט. אזוי אַרום איז דער אינצידענט ליקווידירט געוואָרען.

ביים מיטאָג־טיש אין שטאַב האָב איך געהערט פערשיעדענע מעשה'לעך, אז אין דער אינבעגרינדעטער לויפעניש זיינען שולדיג די אינטריגעס, וואָס הערשען צווישען אונזער אַרמעע־שטאַב און דער רומענישער מאַכט און צווישען פערשיעדענע דיוויזיע־נאַטשאַלניקעס צווישען זיך.

אין גאַנצען א טאָג 7 איז אונזער דיוויזיע געשטאַנען אויף דער נייער פּאָזיציע. דער שונא האָט ווידער אָנגעהויבען א שטאַרקע אָפענסיווע און האָט אין איין טאָג געמאַכט א באַרג מיט אַש פון אונזערע פעהאָטע פּאָלקען. כמעט דריי פערטיל סאָלדאַטען זיינען אַרויס פון סטראָי: עס זיינען געוועזען א מאַסע פערוואונדעטע און פיעל זיינען אַריינגעפאַלען אין פּלען; אַלע פּאָלקען האָבען פערלוירען דעם גרעסטען טייל פון זייערע פּילימיאָטען. דעריבער האָט מען אונזער דיוויזיע געמוזט אַבציהען פון'ם פראָנט און איהר פּלאַץ האָט פערנומען א סיבירישע דיוויזיע, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען.

מען האָט אונז געהייסען צונויפקלויבען די שיריים פון אונזער דיוויזיע און געהן אויף „פּאָבראַזוקע“ קיין מולטשא. אין מולטשא האָט מען אונז באַלד אַרויפגעזעצט אויף באַרזשעס און מען האָט אונז מיט דער דאַנאַאו געבראַכט קיין איזמאַאיל (א שטאָדט אין בעסאַראַביען, אויפ'ן ברעג פון דער דאַנאַאו, געגענאיבער מולטשא).

די נסיעה האָט געדויערט אינגאַנצען א שעה 5. מיט א טאָג פריהער האָב איך קיין איזמאַאיל אַוועקגעשיקט א טשינאָווניק, וועלכער האָט געדאַרפט צוגרייטען דירות פאַר'ן פּערסאָנאַל און פאַר'ן לאַזאַרעט. דער דאָזיגער טשינאָווניק האָט אונז שוין ערוואַרטעט אין דעם האַפען, בעת מיר זיינען אָנגעקומען.

— „פאַר אייך, ה' גלאַוונער, זאָגט ער צו מיר, האָב איך געפונען זעהר א שיינע דירה“.

— „אפשר ביי יודען?“ פרעג איך איהם.

— „א, ניין! ענטפערט ער מיט גרויס חניפה, ניין! דוכט זיך ביי א דייטש!“

יעדענפאַלס האָב איך בעשלאָסען צו זעהען מיין נייעם מושב. א דירה ביי יודען, טראַכט איך מיר, וועל איך שוין אַליין געפינען, דאָ אין איזמאַאיל, וועט עס נישט זיין פון די שווערע זאַכען.

קומענדיג אָבער צו דער טהיר פון דער וואוינונג, וואָס דער טשינאָווניק האָט פאַר מיר אויסגעקליבען, בעמערק איך א שילדעל מיט אַן'אויפשריפט: „קאָרענמאַן“. ע! כ'בין אין דער היים! שווער עפּיס א דייטש זאָל הייסען קאָרענמאַן! כ'גיי אַריין און די בעל־הבית'טע, א אינטעליגענטע יודישע פרוי, איז מיך מקבל פנים מיט גרויס פריינדליכקייט. וואָס זאָל איך אייך זאָגען, איך בין אַריינגעפאַלען אין א שמאַלץ־גרוב! כ'האָב מיך באַלד פון אָנהויב איינגעאָרדנעט אין איזמאַאיל ווי אַ'ם בעסטען. כ'האָב באַלד דעפּעשירט קיין מאָסקווע און באַלד בעקומען א דרינגענדע דעפּעשע פון מיין פאַמיליע אז זיי

זענען אלע געזונד. ווער זשע האט נאך געקענט זיין מיין גלייבען?

און באמת טאקי: פון דער פאזיציע בין איך ווייט, מיר זענען געקומען אין א אינטערעסאנטע שטאדט אויף א לענגערע צייט (אזוי ווענינסטענס האבען מיר געמיינט), איך בין גלאווער, ארום מיר מאנצט מען... קען זיין בעסער?

אינ'ם לעבען אבער איז דאך נישטא קיין אבסאלוט גליק... אט איז מען, דאכט זיך, שוין אויפ'ן פערד, מען שפרינגט, מען רייט, אז מען וויל טרעט מען נאך מיט די פיס אויך (יענעם, הייסט עס) און פליצים דערלאנגט זיך דאס רעדיל א דרעה און מען פאלט פונ'ם פערד ארונטער. אזוי איז אויך מיט מיר געווען. שרעקט אייך אבער נים, ליעבע לעזער, מיר פערזענליך האט דאס אראבפאלען פונ'ם פערד גארנישט געשאדט.

הערט זשע א מעשה:

אונזער שטאב-דיוויזיע איז אייך געווען אין אינזמאאיל און איך פלעג דארטען זיין אנ'אפטער גאסט, ווייל איך פלעג קומען צו מיכאאיל ניקאלאיעוויטש'ן. ווי איך האב שוין פריהער געשריבען, איז אונזער דיוויזיע-נאטשאלניק געווען זעהר א גוטער און ליעבער מענש. אבער פון דעם מאמענט אן, ווען זיין דיוויזיע איז צום צווייטען מאל צוקלאפט געווארען, איז ער געווארען אוים מענש; ער האט נישט געגעסען, נישט געטרונקען. ער האט געפיהלט, אז ער וועט שלעכט אבשניידען, הגם ער איז נישט געווען שולדיג אין די קלעפ, וואס זיין דיוויזיע האט בעקומען. איך און מיכאאיל ניקאלאיעוויטש פלעגען איהם טרייסטען, ס'האט אבער נישט געהאלפען.

אין א טאג פיער ארום איז געקימען פון דער סטאווקע א דעפעשע, אז גענעראל פריימאן זאל איבערגעבען זיין דיוויזיע דעם גענעראל באוקאוו, וועלכער וועט אין די נאהנטסטע טעג אראבקומען קיין אינזמאאיל. שטליכע פון אונזערע שטאבלייט האבען דעם דאזיגען גענעראל באויקאוו געקענט און האבען איהם בעשריבען אלס זעהר אנ'אנטיפאטישען מענשען, א מענשען, וואס האט זיינער צייט אויף דעם מערב-פראנט א סך זאכען אין טייערע חפצים אנגעראבעוועט און האט עס א היימגעשיקט. מיט איין ווארט, אז ער איז שוין איינמאל א פויגעל!

מיט דעם אלטען נאטשאלניק אונזערן האבען מיר זיך היינט געזעגענט און דער נייער איז באלד אנגעקומען. פון ערשטען מאמענט אן האט ער אנגעהויבען צו קאמאנדעווען. ער האט ארויסגעגעבען נישטיגע פריקאזען, אז די סאלדאטען זאלען, למשל אבגעבען „טשעסט“ נישט אנדערש ווי מיט פיער טריט פריהער בעת זיי בעגעגנען אנ'אפיציר, אז אויף די פאגאנען זאלען זיין נומערן, וועלכע מען דארף אונבעדינגט זעהען שוין פאר 12 טריט א. ד. ג. יעדע זאך האט ער אין אינזער דיוויזיע קריטיקירט און האט געשריען:

— „ביי מיר וועט די דיוויזיע נישט לויפען אזוי, ווי זי איז געלאפען ביז איצט!“

הערענדיג די ווערטער האבען מיר צווישען זיך שטילערהייד געשמועסט: אודאי אזוי וועט זי נישט לויפען, נאר נאך שנעלער...

---

# לז.

בכלל האט דער נייער גענעראל אויסגעזעהען אין מיינע אויגען, ווי למשל, א שניידער, וועלכער קריטיקירט אנ'אינצוג, וואס עס האט אויפגענעהט אנ'אנדער שניידער. דער אנצוג מעג זיין אויפגענייהט ווי אם בעסטען וועט ער אלעמאל געפינען א מום.

כ'מיין חלילה נישט צו בעליידיגען די שנײַדער־קאָרפּאָראַציע; אַזוינע זאַכען פּאַסירען אַפילו צווישען דאָקטוירים אויך, ווען איינער קריטיקירט זײַן קאָלעגעס אַ רעצעפּט. אַזוי איז שוין די טבע פון אונז זינדיגע.

און אונזער נײַער נאַטשאַלניק האָט דאָך געוויס געמוזט קריטיקירען, ווײַל מען האָט איהם דאָך עקסטראַ אַראָבגעשיקט צו פערבעסערן אונזער דיוויזיע.

ער האָט רעוויזירט אַלע דיוויזיע־אינסטיטוציעס און אַזוי אַרום איז ער געקומען צו אונז אין לאַזאַרעט אויך. זײַן וויזיט איז גראָד אויסגעקומען בײַ דער נאַכט. קיין סך לאַמפּען האָבען מיר נישט געהאַט און אין דער פינסטער זעען דאָך אַלע קעץ שוואַרץ. נו — נו האָט ער דאָס אַביסעל אָנגעהויבען צו קריטיקירען: דאָס געפעלט איהם נישט, יענץ געפעלט איהם נישט. איך, אַלס גלאַוונער, האָב אויף אַלע געמוזט געבען תשובות. גלויבט מיר זיכער, אַז אין יעם מאָמענט איז מיר נישט געווען וואָס מקנא צו זײַן. עס איז מיר מיט איינמאָל געוואָרען שווער צו טראָגען די קרוין אויף דעם קאָפּ און איך האָב געוואָלט שוין צוריק ווערען עלטערער אַרדינאַטאָר.

דער גענעראַל האָט געשריען:

— „ניין, בײַ מיר וועט און מוז אַלץ אַנדערש אויסזעהן! אָט, למשל, פאַרוואָס זענען בײַ אײַך דאָס רוב סאָלדאַטען ניט אָבגעגאָלט?"

— „וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, ענטפער איך איהם — כ'ווייס. אַז סאָלדאַטען טאָרען נישט טראָגען קיין לאַנגע האָהר אויף די קעפּ, אָבער וועגען בערד האָב איך נאָך נישט געהערט"

— „אַלזאָ פאָדער איך פון אײַך, אַז די סאָלדאַטען, וואָס גאָלען זיך, זאָלען זײַן אַלעמאָל געגאָלט! פאַרוואָס ביזטו נישט אָבגעגאָלט?" פרעגט ער איינעם אַ סאָלדאַט פון מײַן קאָמאַנדע.

— „ווײַל איך האָב נישט קיין בריטווע".

— „ווער זשע האָט דיך ביז איצט געגאָלט?"

— „מײַן קאָלעגע"

— „פאַרוואָס זשע האָט ער דיך איצט נישט אָבגעגאָלט?"

— „ווײַל ער האָט זײַן בריטווע פערקויפט"

— „וואו איז ער, דײַן קאָלעגע?"

— „איך, וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ", רופט זיך אָב אַ סאָלדאַט.

און עס האָט זיך אָנגעהויבען צווישען זיי ביידען בײַשטעבליך פאָלגענדער געשפּרעך.

— „דו האָסט פערקויפט דײַן בריטווע?"

— „טאַק טאָטשנאָ"

— „צו וואָס האָסטו זי פערקויפט?"

— „ווײַל כ'האָב נויטיג געהאַט געלד!"

— „צו וואָס האָסטו נויטיג געהאַט געלד?"

— „ס'הייסט צו וואָס? צו קויפען פּאַפּיראָסען, פּאַסט־פּאַפּיר!"

— „און מיט וואָס גאָלסטו זיך?"

— „כ'האָב אַן אַנדער בריטווע"

— „פון וואַנען זשע האָסטו גענומען יענע בריטווע?"

— „כ'האָב זי געפונען בעת אינזער לויפעניש"

— „הא? געפונען? דו זאָגסט אַ ליגען! דו האָסט זי געגנבע'ט, דו מאַרודער איינער! ה' דאָקטאָר, ווענדט ער זיך צו מיר, איהר זאָלט מאָרגען הייסען איהם געבען 25 שמיץ און וועגען דעם זאָלט איהר מיר תיכף אַ ראַפּאָרט שרײַבען".

דער גענעראַל איז אַוועקגעפאָהרען.

אויף מיר האָט די גאַנצע מעשה געווירקט

זעהר שלעכט. מיכאאיל ניקאלאיעװיטש, װעלכער איז געװען דערבײ, איז אויך געװארען שטארק אויפגערעגט.

די שמיץ־צערעמאניע האב איך געהײסען מאכען פיקטיװ, ד. ה. איך האב צומארגענס געשריבען א ראפארט, אז דער אין דער סאלדאט איז בעשטראפט געװארען מיט 25 שמיץ, און דער אמת'ן אבער האט קײנער קײן שמיץ נישט געקריגען.

נאר אין דערזעלבער צײט האב איך געהאט גרויס קאפ־דרעהעניש אין אונזער לאזארעט גופא פון מײן װירטשאפטס־פיהרער, א טשינאװניק, װעלכען כ'פלעג באין אופן נישט לאזען גנב'ענען, װי װײט כ'האב געקענט. און דאס איז שוין די ערגסטע זאך, אז מען דארף קוקען אויף יענעמס פינגער און נישט האבען קײן צוטרוי צו א מענשען, װײל דורך אזא פארשוין קען מען גאנץ לײכט אלײן ארײנפאלען.

אט איז, למשל, געװען אזא געשיכטע: אײנמאל איז ער, דער דאזיגער טשינאװניק הײסט עס, צו מיר ארײנגעקומען און האט מיר געבראכט אונטערצושרײבען א גאנצען פעקיל מיט פערשיעדענע חשבונות, װעלכע האבען קײן װערט ניט אהן דעם גלאװנעמ'ס הסכמה. דורכקוקענדיג דאס פעקיל האב איך בעמערקט, אז עס געפינען זיך דארטען א סך חשבונות אויף פלײש, װעלכעס דער װירטשאפטס־פיהרער האט געקויפט אין רומעניען אין משך פון דעם לעצטען חודש. די זאך האט מיר אויסגעװיזען זעהר פערדעכטיג, װײל װי איהר װײסט דאך שוין, האבען מיר געהאט א גאנצע סטאדע „הימלאזע“ בהמות און פלײש האבען מיר געהאט בהנם. אגב זענען די אונטערשריפטען פון די רומענישע פויערים, בײ װעלכע דער טשינאװניק האט בלומרשט דאס פלײש געקויפט, געװען אזוי װי מיט זײן אײגענער האנד געשריבען.

איבריגענס פרעג איך איהם:

— צו װאס האט איהר געקויפט פלײש בעת מיר האבען א גאנצע סטאדע בהמות װעלכע מיר שעכטען טאג טעגליך און מיר האבען דאך פלײש גאר אומזיסט, דאס װײסען די סאלדאטען אויך גאנץ גוט דאס איז דאך א ליגען, די חשבונות זענען דאך פיקטיװע!“

— „יא, ה' גלאװנער, ענטפערט מיר דער טשינאװניק, קענטיג שטארק אנ'איבערראשטער, אבער מיר מוזען דאך געבען עסען אונזערע בהמות, האב איך טאקי געמײנט מיט דעם פיקטיװען געלד זײ אויסצוהאלטען!“

— „נײן, זאג איך, איך װעל די חשבונות אויף קײן פאל נישט בעשטעטיגען, װײל איהר האט געדארפט מעלדען דער אינטענדאנטסטװא, אז מיר האבען אומזיסט פלײש און דאס אבגעשפארטע געלד דארף צוריקגעגעבען װערען דער קאזנא... צו מיר זאלט איהר נאכאמאל מיט אזוינע פראפאזיציעס נישט קומען, קײן פיקטיװע חשבונות װעל איך נישט אונטערשרײבען...

מײן גליק איז געװען, װאס איך האב דעם פארשוין געגעבען אזא אפפראװקע, װײל מיט א צײט שפעטער איז דערפון ארויסגעקומען א גאנצע קאשע. זײנער צײט װעל איך עס אײך דערצעהלען.

פון דעם מאמענט האט זיך אנגעהויבען בײ אונז אין לאזארעט א געװיסע רײבונג צװישען די דאקטוירים, װאס האבען געהאלטען מײן צד און די טשינאװניקעס — פון יענעם צד. ס'איז מיר נמאס געװארען צו האלטען די לײצעם אין דער האנד. איך האב שוין געװאלט צוריק איבערגעבען מײן מאכט מיכאיל ניקאלאיעװיטש'ען.

דאָ איז מיר אונטערגעקומען צו הילף דער נייער דיוויזיע־נאַטשאַלניק, וועלכער האָט נאָר געהאַלטען אין איין רעפּאָרמירען דעם שטאַב. אַלע געוועזענע שטאַבלייט האָט ער גערודפט און האָט אַראָבגעבראַכט „זיינע" מענשען. אויף די שטעל פון א דיוויזיע־דאָקטאָר האָט ער אויך געהאַט זיינעם א ידיד. דעריבער האָט ער שטענדיג געהאַט סכסוכים מיט מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש'ן. אָבער דער קאָזאַק האָט ניט נאָכגעגעבען און האָט דעם גענעראַל באַריקאָוו אַלעמאָל שאַרפע תשובות געגעבען אויף זיינע אומבעגרינדעטע אָנפאַלען.

ענדליך האָט אָבער מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש נישט געקאָנט אויסהאַלטען און האָט דערלאַנגט דעם גענעראַל א ראַפּאָרט, אז ער וויל צוריקגעהן אין זיין לאַזאַרעט. דער גענעראַל איז געוואָרען דערויף שטאַרק בייז און האָט דווקא מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש'ען נישט געוואָלט באַפרייען פון זיין דערווייליגען אמט. דעמאָלט איז מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש „קראַנק" געוואָרען און אזוי אַרום איז ער פּטור געוואָרען פון דעם שטאַב.

ווי נאָר מיין גלאַזנער איז צוריקגעקומען אין לאַזאַרעט, האָב איך מיך תיכף אָנגעהויבען צו פיהלען גאָר אַנדערש, ווי א מענש, וואָס טהוט זיין אַרבייט שטיל, רוהיג, אָהן א גרויסער פעראַנטוואָרטליכקייט.

האָבענדיג ווייניג קאָפּ־דרעהעניש אין לאַזאַרעט, האָב איך געהאַט מעהר צייט צו שטודירען די שטאָדט אזמאַיל און דאָס דאָרטיגע יודישע לעבען.

די שטאָדט גופא מאַכט זעהר א גוטען איינדרוק, ווייל זי פערנעהמט א גרויסען שטח, איז גענוג ריין, האָט ברייטע גאַסען, א שענעם בולוואַר און זעהר שענע ווילעס. די שענסטע ווילעס געהערען דאָרט צו מיליאָנערען־רייכע.

יודען געפינען זיך אין אזמאַיל איבער 50 פּראָצ. די געשעפטען זענען כמעט אַלע יודישע. כ'האָב דאָרטען געטראָפען עטליכע סוחרים, וועלכע איך פלעג אַמאָל, נאָך אין מיינע סטודענטען־יאָהרען, טרעפען אין וואַרשא. כ'האָב מיך בעקאַנט מיט עטליכע יודישע פאַמיליעס וואו כ'פלעג גאַנץ אָפט אַריינקומען. דער עולם האָט בכלל געלעבט רוהיג, ווייל די מלחמה האָט זיך דאָ ווייניגוואָס געשפּירט.

איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אז די אזמאַילער יודען לעבען אפילו צווישען זיך אָבגעזונדערט. מען געהט זעלטען צוגאַסט איינער צום צווייטען; דאָס רוב יודען לעבען אין איינענע הייזער מיט אַלע בעקוועמליכקייטען: מיט א קוה, מיט עופות און מיט א גאָרטען, בעל־הבית'יש הייסט עס.

ווען איך האָב איינמאָל מיין בעל־הבית'טע (זי איז געווען אַנ'אָדעסערין) דערצעהלט, אז די און די פאַמיליע האָט מיך פערבעטען צו זיך אויף טהיי, האָט זי זיך זעהר געוואונדערט:

— „אין אזמאַיל האָט עמיצער פערבעטען צו זיך א פרעמדען גאַסט? וואונדערבאַר! איהר מוזט, ה' דאָקטאָר, האָבען א גרויסען זכות, ווייל צוויי פאַמיליעס קאָנען דאָ וואוינען איינע נעבען דער אַנדערער און יאָהרען־לאַנג נישט א שמועס טהון איינע צו דער אַנדערער.

פון א וועלכען נישט־איז פּאַרטיי־לעבען האָב איך אין אזמאַיל נישט געהערט און וואָס אָנבעלאַנגט די שוואַרצע פינטעלעך וועל איך ניט זאָגען, אז די אזמאַילער יודען זענען גרויסע מופלגים.

די שטימונג צווישען קריסטען און יודען איז אין אזמאַיל גאַנץ גוט, אָהן רייבונגען.

הכלל, איך האָב מיך אין איזמאַיל געפיהלט גאָרנישט שלעכט.

ויהי היום בעקום איך א בעפעהל פון שטאַב צו פאָהרען מיט דער האַנאַו קיין רעני, כדי דאָרטען צו פאָדערן פון פורישקעוויטש'עס סקלאַד פערשידענע מעדיקאַמענטען און וועש פאַר די דיוויזיע־לאַזאַרעטען. איך בין געפאָהרען מיט גרויס פערגניגען, א קלייניגקייט זיך צו בעקענען מיט פורישקעוויטש'ען גופא! דאַמאָלט האָט ער שוין געביטען זיין מיינונג וועגען יודען. איך בין אָבער נישט זוכה געווען איהם צו זעהן, ווייל ער איז שוין געווען פון רעני אַוועקגעפאָהרען מיט זיין סקלאַד צוזאַמען. מיין נסיעה איז געווען אומזיסט. איך האָב אָבער די נסיעה אויסגענוצט, ווייל איך בין פון רעני געפאָהרען בעקוקען די רומענישע שטאָדט גאַלאַץ, וועלכע ליעגט ביי דער דאַנאַו, א שעה רייזע פון רעני. א האַלבען טאָג האָב איך איינגאַנצען פערבראַכט אין גאַלאַץ. איך האָב אָבער בעוויזען צו בעמערקען, אז דאָס איז א שענע שטאָדט, וואו דאָס רוב איינוואוינער זענען יודען. כ'האָב דאָרטען געטראָפען צו מיין גרויסער איבערראַשונג עטליכע גוטע פריינד, וואָס זענען אנטלאָפען פון קאָנסטאַנצא. די שמחה ביי אונזער בעגעגעניש איז געווען אויסטערליש.

פון גאַלאַץ בין איך אין אָווענד צוריקגעפאָהרען דירעקט קיין איזמאַיל.

## לח.

איך האָב שוין געהאַט א סימן, אז, ווען כ'פלעג אמאָל אַוועקפאָהרען ערגיץ וואו אויף א פאָר טעג פון אָנ'אָרט, וואו מיר זענען געשטאַנען א לענגערע צייט, פלעג איך אַלעמאָל ביים צוריקקעהרען טרעפען א שינוי אין אונזער לעבען.

אזוי איז אויך דאָסמאָל געווען. ווען איך בין צוריקגעקומען פון גאַלאַץ קיין איזמאַיל, האָט שוין אונזער דיוויזיע געהאַט א בעפעהל אין עטליכע טעג אַרום צו זיין קאָמפּלעט פאַרטיג, כדי מיר זאָלען יעדע מאָמענט ווידער געהן אין פאַרחאַד אריין.

און ס'איז ווידער אמאָל א שאָד געווען צו פערלאָזען אזא שטיל, רוהיג שטעדטיל, וואו איך האָב מיך, אחוץ אונזער נייעם דיוויזיע־נאַטשאַלניק, געפיהלט אזוי גוט. ס'האָט זיך בכלל נישט געוואָלט געהן צוריק קיין רומעניען.

גראָד אין דער זעלבער צייט איז פערלאָפען אזא כאַראַקטעריסטישע מעשה: איהר געדענקט דאָך מסתמא דעם „פרעה־ליכען" אדמיראַל ווסיאָלקין, וועלכער האָט געוועלטיגט איבער דער דאַנאַו? איז א געוויסען פריהמאָרגען בעקומט פון איהם דער קאָמענדאַנט פון איזמאַיל א דעפעשע, אז צומאָרגען זאָל ער צוגרייטען דעם שטאָדטישען קלוב אויף א קאָנצערט לטובת פּנ'ם רויטען קרייץ, אז ער זאָל תיכף דרוקען בילעטען, וועלכע ער זאָל אָנבעדינגט אַלע אויספערקויפען. אַרטיסטקעס און אַרטיסטען וועט ער אליין, דער אדמיראַל, מיטברענגען.

אין שטאָדט איז געוואָרען אמהומה. יעדער האָט געציטערט פאַר דעם מאָרגענדיגען „פרעהליכען" וויזיט. צו אונזער גליק זענען מיר שוין געווען איינגעפּאַקט, אָדער „אייגעוואַקועלט", לויט דעם טעכנישען אויסדרוק און מיר זענען געווען רוהיג. דער קאָנצערט גופא איז געווען זעהר א שענער: ס'האָבען געזונגען און געשפּיעלט פעטערבורגער אַרטיסטען און אַרטיסטקעס און ד. ג. דער אדמיראַל

איז געווען דער הויפּט־בעל־הבית פונ'ם קאנצערט און האט זיך געהאלטן גאר מענשיש. אויף מארגן נאכ'ן קאנצערט (דאס איז געווען דעם 29־טן נאוועמבער 1916) האבן מיר בעקומען א פּריקאז זיך ארויסצוזעצן אויף באַרזשעס און פאָהרען מיט דער דאנאַאו ווידער קיין טולטשא. א סך איזמאַילער בעקאנטע און גוטע פריינד האבן מיך בעגלייט. מיר האבן זיך היים געזעגנט און איך בין אוועקגעפאָהרען.

אין טולטשא האבן מיר געשטאנען איין טאג. אין דער גאנצער שטאדט האט זיך געשפּירט א געוויסער זויערער וויין־גערוך. ס'האט זיך ארויסגעוויזען, אז די רומענישע מאכט האט דעם גאנצען וויין, וואס זי האט אין טולטשא בײַ וועמען ס'איז נישט געפינען, ארויסגעגאסען פּשוט אין די רינשטאקעס. ס'איז געווען שוידערהאפט צו זעהען, ווי בײַ די סאלדאטען האבן זיך צעפלאקערט די ווילדעסטע אינסטינקטען: זיי האבן געשעפּט פון די רינשטאקעס די שמוציגע פליסיגקייט אין אלע כלים, וואס זיי האבן נאר געהאט; נאך מעהר, א מאסע סאלדאטען זענען געלעגען אויף דער ערד און האבן געצויגען דעם וויין גלייך אין מויל ארײַן פונ'ם רינשטאק. אויף יעדען שריט און טריט האט מען געקאנט זעהען א ליגעדיגען „טויטען" קערפּער, א סך סאלדאטען האבן פערלארען זייער גלייכגעוויכט און האבן געזונגען מיט הייזעריגע שטימען פערשידענע לידער און ד. ג.

אונזערע לייט האבן זיך געהאלטען אנשטענדיג, ווייל מיר האבן אלע אויף זיי שטארק אכטונג געגעבען.

פון טולטשא זענען מיר אוועק מיט דעם שאסיי קיין באבאדאג. ס'איז געווען, ווי איך האב פריהער דערמאהנט, דעצעמבער מאנאט און ס'איז נאך געווען ווארים, ווי אין מיטען זומער. אויף די פעלדער האבן מיר געזעהן שעפּסען, וואס האבן זיך געפּאשעט.

אונאנגענעהם איז נור געווען בעת א רעגען, ווען מען פלעגט מוזען זיך בעוועגען אין טיעפער בלאטע.

פון באבאדאג זענען מיר געגאנגען נאך מעהר צו דרום צו און האבן זיך אבגעשטעלט אין א דארף טשאמורלי־דע־זשאס. דאס איז געווען א גרויס בולגארישעס דארף. דירות האבן מיר באלד געפונען און מיר האבן געעפענט אונזער לאזארעט.

אונזער דיוויזיע איז געשטאנען אויף דער פּאזיציע, א ווייארסט 10 פון אונז. גאנצע צוויי וואכען זענען מיר געשטאנען אין דעם דארף, ווייט פון דער וועלט. מיר האבן זיך געשפּירט אזוי ווי פערשיקטע. און אונזער נייער גענעראל איז אויפ'ן פּאפּיר געווען א גרויסער גבור. ער פלעגט טאג־טעגליך ארויסגעבען נייע משונה'דיגע פּריקאזען. און אין איין פּריקאז האט ער זיך ניט געשעמט אנצעווייזען, אז אין דעם און דעם פּאלק זענען אלע דאקטוירים יודען... ער האט זיך געמאכט תמ'עוואטע, אזוי ווי ער וואלט גאר נישט וויסען, אז יודישע דאקטוירים פלעגט מען עקסטרא בעשטימען אין פּאלקען אויפ'ן סאמע פראנט... אין אנדערע פּריקאזען האט ער געשריבען, אז ער וועט בשום־אופן ניט ערלויבען זיין דיוויזיע צו לויפען, אז זיין דיוויזיע וועט מוזען געהן תמיד פאראווערטס... און מיר האבן צווישען זיך געשמועסט: „די דיוויזיע וועט אודאי געהן פאראווערטס און פאראווערטס... אזש ביז'ן פלען גופא". דער גענעראל האט געשריבען פּריקאזען און דער שונא האט אנגעהויבען צו קלאפּען. ווי געהעריג און שוין דעם 12.

דעצעמבער האט אונזער דיוויזיע אנגעהויבן צו לויפן.

מיר האבען בעקומען א בעפעהל צו געהן צו צפון־צו. די איינוואוינער פון אונזער דארף, בולגארען, האבען זיך נישט גערירט פון ארט, נישט קוקענדיג דערויף, וואס די רומענישע מאכט האט זיי געהייסען אוועקוואדפען זייער היים און געהן אין דער וועלט אריין.

מיר האבען זיך אבגעשטעלט אין א דארף סלאווא־רוסקא. דאס איז געווען שפעט ביי דער נאכט. ווען מיר זענען אריין אין א הויז, וואו מיר האבען געדארפט נעכטיגען, האבען מיר דערזעהן בעקאנטע טיפען פון רוסישע פויערים מיט געשוירענע האר ארום דעם האלז און מיט אנ'עכטער רוסישער אויסשפראך. דאס איז געווען א דארף פון רוסישע סטאראאבריאדצעס, וועלכע מען פלעגט אין רוסלאנד שטארק פערפאלגען, אזוי, אז זיי פלעגען מוזען פון רוסלאנד עמיגרירען.

כ'מוז אייך דא דערצעהלען א כאראקטעריסטישען פאקט: בעת איך און מיכאיל ניקאלאיעוויטש זענען אריין אין שטוב, האבען מיר בעמערקט אויף די וואנד אסך הייליגע בילדער. מיר האבען זיך אנגעהויבען אויסצופאקען און מיכאיל ניקאלאיעוויטש האט פערויכערט א פאפיראס. אין מיטען דרינען איז אריין אין צימער די בעל־הבית'טע, אנ'אלטע רוסין און האט אנגעהויבען צו שרייען און צו זידלען מיכאיל ניקאלאיעוויטש'ן.

— „אך טי בעזבאזשניק (אפיקורס)! האט זי געשריען, אלע בייזע חלומות אויף דיין קאפ! דו זעהסט נישט, אז דא הענגען איקאנעס, וועלכע דו בעליידיגסט מיט דיין רויכערן? ביסטו דען א פראוואסלאוונער? ניין, דו ביסט אנ'אנטיכריסט!"

מיכאיל ניקאלאיעוויטש איז אבער געווען נישט אינגאנצען ניכטער און האט געענטפערט דער אלטער:

— „מאלטשי, סטארוכא! איך האלט נישט פון די נארישקייטען, איך וויל רויכערן און וועל רויכערן!".

מיט גרויס מיה איז מיר געלונגען מיכאיל ניקאלאיעוויטש'ן צו בערוהיגען און איהם איינצורעדען, ער זאל מעהר נישט רויכערן. אגב האט די בעל־הבית'טע באלד פערהאנגען מיט לייליכער די הייליגע בילדער.

צו מארגען האט מיר דער בעל־הבית דערצעהלט, אז זייער רעליגיע פערווערט צו רויכערן בכלל און בפרט אין א שטוב, וואו ס'געפינען זיך איקאנעס.

פון סלאווא־רוסקא זענען מיר גיזעק אין א דארף י ע נ י ס א ל א, וואו מיר זענען געשטאנען א טאג. כמעט דעם גאנצען טאג בין איך מיט מיין חבריא געגאנגען שפאצירען, ווייל די געגענד ארום איז געווען זעהר שען. דער וועטער איז געווען פראכטפול, אזוי ווי זומער (דעם 15־טען דעצעמבער!).

אונטער יעניסאלא געפינט זיך א הויכער בארג כמעט אין גאנצען פון שטיינער. אויפ'ן שפיץ בארג שטעהען רואינען פון אנ'אלט־טערקישער פעסטונג הערקליא. מיט גרויס מיה זענען מיר ארויפגעקלעטערט אויפ'ן בארג און האבען מיט נייגעריגקייט בעקוקט די אלטע צעשטערטע ווענד. איך האב מיך אריבערגעטראגען מיט מיינע רעיונות אין די אלטע וועלט מיט טויזענד יאהרען צוריק... אפשר זענען דא אמאל געווען גרויסע שלאכטען — ווער ווייסט?

איך האב מיר גלאט נישט געגלויבט, אז איך געפין מיך פלוצים ערגיץ־וואו אין א פערווארפענעם ווינקעל אין רומעניען, עפעס אויף א בארג, וואו ס'האט

זיך מיר קיינמאל נישט געחלומ׳ט צו זיין! און איך האב געפיהלט מיט מיינע אלע אברים דעם גרויסען פערגניגען און אינטערעס פון א מענשען, וואס רייזט איבער דער וועלט, וואס זעהט נייע לענדער, טרעפט זיך מיט נייע מענשען! קיין גרעסערן פערגניגען קאן איך מיר פאר אנ׳ אינטעליגענטען מענשען נישט פארשטעלען! דאס בילד פון בארג אראנטער איז געווען רייצענד: אזוי ווי זילבער האט געבלישטשעט א גרויסע אזערע אונטען!

עטליכע שעה האבען מיר פערבראכט אויפ׳ן בארג און האבען זיך געטיילט מיט אונזערע איינדריקע. איך האב געמאכט עטליכע פאטאגראפישע אויפנאהמעס און מיר זענען אראנטער.

נאך דעם זעלבען טאג האבען מיר זיך ווידער איינגעפאקט און זענען אוועק קיין באבאראג.

דא האב איך שוין ווידער געטראפען א בילד פון א גרויסע לויפעניש אהן א שום ארדנונג. אויף דעם שאסיי האט זיך געצויגען א לאנגע שורה פון ארטילעריע, טראנספארטען א. ד. ג. אונז האט מען געהייסען עפנען דא אונזער לאזארעט.

דערווייל אבער האבען מיר בעמערקט אז עס טרעטען שוין אב אונזערע פיעלאטע־פאלקען און קיין בעפעהל פון שטאב ווייטער צו געהן האבען מיר נישט. וואו דער שטאב געפינט זיך האבען מיר אויך נישט געוואוסט.

מיט גרויס מיה איז מיר געלונגען צו איבערצייגען מיכאיל ניקאלאיעוויטש׳ן, אז מיר מוזען זיך אליין רירען פון ארט און געהן חאטש נאך אונזערע פאלקען. עס האט געקנאקט ארום אזש די שויבען האבען געציטערט און מיר האבען נאך בעוויזען צום גליק בייצייטענס ארויסצוגעהן פון באבאראג. איך האב בעמערקט, אז דאס רוב איינוואוינער זענען זיך צעלאפען, איבערלאזענדיג אויף גאטס בעראט זייער האב־און־גוטס. אונזערע סאלדאטען האבען בעל־הבית׳עוועט לויט׳ן אלטען אויסגעפרובטען שטייגער: מען האט געבראכען, געראבעוועט, וואס נאר ס׳איז אריינגעפאלען אין דער האנד!

---

## לט.

פון באבאראג זענען מיר אוועק מיט דעם שאסיי קיין טולטשא און אונזער דיוויזיע האט פערנומען נייע פאזיציעס צווישען די ביידע שטעדט.

אונז האט מען געהייסען אונזערע שווערע וואגענס מיט אלע שווערע לאזארעט־חפצים אריבערשיקען מיט בארזשעס קיין איזמאיל און אין טולטשא עפענען א לייכטען אבילה־פונקט (פיטאטעלני פונקט). פרייע דירות איז אין טולטשא געווען א סך, מחמת דאס רוב איינוואוינער זענען זיך צעלאפען. פיעל געוועלבער זענען געווען פערמאכט, אנדערע זענען געווען האלב־אפען און פון זיי האבען ארויסגעקוקט די סוחרים מיט צעשראקענע פנים׳ער. די רומענישע מאכט האט אויך עוואקואירט די שטאדט. דא איז ווערט צו בעמערקען, אז נאך די שטארקע קלעפ, וואס דאס רומענישע מיליטער האט בעקומען, האט מען זיי איינגאנצען צוריקגעצויגען פון אלע פאזיציעס און מען האט זיי אוועקגעשיקט אינ׳ם טיעפען „טיל" און זייער פלאץ האבען פערנומען רוסישע מיליטער־אבטיילונגען.

איך האב נאטירליך אנגעהויבען צו זוכען א וואוינונג פאר מיר ביי יודען. איך האב אויסגעקליבען דעם ערשטען בעסטען שילד און בין אריין אין א מאנופאק־

טור־געשעפט פון א געוויסען ה' פּאָליאַקאָוו. איך האָב איהם אויף פּראָסט מאַמע־לשון געפרעגט, צי קאָן איך נישט ביי איהם בעקומען א צימער? ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד און האָט מיך גלייך אַוועקגעפיהרט צו זיך אַ היים. אונטערוועגס האָט ער מיר דערצעהלט, אַז ער איז אויסגעשטאַנען פיעל צרות פון דער איינקוואַרטירונג. לעצטענס האָט ער געהאַט א רוסישען אָפיציר, וועלכער האָט תמיד געשכור'ט און פלעגט מאַכען גאַנצע אָרגיעס. דעריבער איז ער זעהר צופריעדען, וואָס איצט וועט ביי איהם וואוינען א דאָקטאָר און דערצו נאָך א יוד. ער האָט זיך איבערהויפּט נישט געקאָנט בערוהיגען פון דעם פאַקט, וואָס איך האָב מיט איהם גערעדט יודיש. ער האָט מיר אַרויסגעזאָגט די זעלבע מיינונג, וועלכע איך האָב שוין אַמאָל געהערט אין קאָנסטאַנצאַ:

— „אַ דאָקטאָר זאָל רעדען פּראָסט יודיש! דאָס איז ביי אונז גאָר אונמעגליך, ביי אונז שעמען זיך די יודישע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטען מיט זייער יודישקייט!“

מיט איין וואָרט, מען האָט מיך אויפגענומען, ווי עפּעס א וויכטיגע פּערזאָן. מען האָט מיר אָבגעגעבען דאָס שענסטע צימער, דאָס בעסטע בעטגעוואַנד און איך האָב געמוזט עסען צוזאַמען מיט מיינע נייע פריינד. זיצענדיג ביים מיטאָג־טיש, האָב איך בעמערקט, אַז אַלע מאכלים, וואָס זענען דערלאַנגט געוואָרען, פלעגט דאָס דינסט־מיידעל אַוועקשטעלען נעבען בעל־הבית און ער פלעגט פונאַנדערטיילען יעדען זיין פּאָרציע און די בעל־הבית'טע איז זיך רוהיג געזעסען ביים טיש. אַזאַ מנהג האָב איך שפּעטער געזעהן אין אַסך יודישע הייזער אין רומעניען.

איך האָב מיך געפיהלט אַזוי היימיש, ס'איז מיר געווען אויפ'ן האַרצען אַזוי וואַרים, אַז איך קאָן דאָס גאָר מיט ווערטער נישט איבערגעבען.

אין אָווענד זענען זיך צו מיין בעל־הבית צונויפגעקומען זיינע בעקאַנטע און קרובים און מיר האָבען פּעבראַכט די צייט ביז שפּעט אין דער נאַכט. צווישען מיינע נייע בעקאַנטע האָט זיך געפונען א הערר, וואָס האָט מיט א יאָהר 25 צוריק געוואוינט אין... לאָדז! מיר האָבען אַפילו א ביסעל פּויליש גערעדט! ער האָט מיך די גאַנצע צייט נישט אָבגעלאָזען. דער עולם האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דעם לעבען פון די רוסישע יודען. איך האָב זיי דערצעהלט, ווי אַזוי אונזערע ברידער לעבען אין רוסלאַנד. הערענדיג מיינע ערצעהלונגען, האָבען זיי אַלע טיעף געזיפצט.

— „יאָ, — זאָגט מיר איינער פון די געסט — ביי אייך פּערפאָלגט מען טאַקי אויך אונזערע ברידער, ביי אייך איז אָבער א גן־עדן אין פּערגלייך מיט אונזער לאַגע דאָ, אין רומעניען. ביי אייך הערט מען אָפּט א דרייסטען פּראָטעסט מצד פון די אינטעליגענטע רוסען, איהר האָט פּראָגרעסיווע רוסישע צייטונגען, ביי אייך האָבען די יודען אַליין מעהר שטאָלץ אין זיך, מעהר מענשענווירדע און ביי אונז האָט מען אונזער געפיהל פון מענשענווירדע אינגאַנצען דערשטיקט. איבערהויפּט ווערענד דער מלחמה ליידען מיר אונערטרעגליך. מען שאַקירט אונז אויפ'ן ערגסטען אופן: מען בעשולדיגט אונז אין שפּיאָנאַזש, מען טראַכט אויס אויף אונז, אַז מיר האָבען א געהיימע טעלעפאָן־פּערבינדונג מיט דעם דייטש, אַז מיר האָבען מיט איהם א טינעל־קאָמוניקאַציע, אין מיליטער־דיענסט איז נאָך שווערער אויסצוהאַלטען: ספּעציעל יודען שיקט מען אין די געפעהרליכסטע ערטער, א

ייִד טאָר נישט זײַן קיין שרײַבער, קיין פעלדשער, קיין בעל־מלאכה, אפילו דער יודישער דאָקטאָר האָט אויך נישט די זעלבע רעכט, וואָס דער קריסטליכער".

און נאָך אסך אַלטע בעקאַנטע פאַקטען האָט מען מיר דערצעהלט.

— „ע! זאָ איך, געגוג קינות! לאָמיר אוועקוואַרפען די שוואַרצע רעיונות. לאָמיר בעסער האָפען, אַז מיר וועלען דאָך אין קורצען אויסגעלייזט ווערען. די וועלט דרעהט זיך דאָך, ווי אַ ראָד. היינטיגע צײַטען קאָן ראָד אַ ריזן פאַלען און אַ פאַרליק גרוים ווערען. אונזער בלוט וועט נישט פערגאָסען ווערען אונבעשטראָפט, זאָרגט נישט! לאָמיר בעסער זינגען אַ ביסעל יודישע לידער!".

און איך האָב זיי געזונגען יודישע לידער, וואָס מען זינגט בײַ אונז אָפּט.

פאַר מײַנע צוהערער האָט זיך געעפענט אַ נײַע וועלט! זיי האָבען עס ביז איצט גאָר נישט געהערט, זיי האָבען גאָר נישט געוואוסט, אַז ס'געפינען זיך אויף דער וועלט אַזוינע שענע לידער. שלום־עליכם'ס „שלאָף, מײַן קינד" האָב איך געמוזט עטליכע מאָל איבערחזר'ן. דער עולם האָט זיך פשוט נישט געוואָלט פונאַנדערגעהן.

זיצענדיג אַזוי צווישען די רומענישע יודען, בין היינט פאַר מיר ווילד פרעמדע מענשען, האָב איך געשפירט, אַז אונז אַלעמען פערבינדט אַ געמיינזאַם דין פעדימעל, אַז דאָס פינטעלע ייִד איז בײַ אונז אַלעמען גלײַך, אַז מיר זענען אַ פאָלק!

און איך האָב מיך אַ איבעריגען מאָל איבערצײַגט, ווי פאַלש ס'איז די מיינונג פון די אסימילאַטאָרען, איבערהויפּט אונ־זערע, אַז יודען זענען קיין פאָלק נישט!

---

און אַרום טולטשאַ האָבען דערווײַל געקנאַקט די האַרמאַטען. דער שונא האָט ווידער געמאַכט אַ שטאַרקען אָנגריף. מיר האָבען באַלד בעקומען אַ מאַסע פערוואונדעטע.

אין מיטען דרינען ברענגט מען אונז פּלוצים אַ טעלעפאָנאָגראַמע פון'ם שטאַב־קאָרפּוס, אַז היינט נאָך וועט קומען אין אונזער לאַזאַרעט אויף קאָמיסיע דער דיוויזיע־נאַטשאַלניק, גענעראַל ב...

מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש איז געוואָרען גאַנץ איבעראַשט פון דער מעשה: ס'הייסט עפּיס אונזער נאַטשאַלניק, אונזער הויפּט־פערפאָלגער פאַלט מיט אַמאָל אַרײַן צו אונז אין יד אַרײַן! מיר האָבען גאַנץ גוט פערשטאַנען, אַז דעם גענעראַל'ס קראַנקהייט איז אַ „פּאָליטישע", ווײַל אונטער זײַן קאָמאַנדע האָט די דיוויזיע אויך אָנגעהויבען צו קריגען שטאַרקע קלעפּ.

תחילת האָב איך אפילו געוואָגט מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש'ן, אַז מען דאַרף דעם גענעראַל גאַנץ ערנסט בעטראַכטען און טאָמער וועלען מיר איהם געפינען פאָלקאָם געזונד, זאָלען מיר איהם צוריקשיקען אין דיוויזיע אַרײַן.

דער קאָזאַק האָט מיר אָבער אַזוי געענטפערט:

— „שוטה, צו וואָס דאַרפען מיר דען איהם אין דער דיוויזיע צו האָבען? ס'זענען דאָך איבערדריסיג געוואָרען זײַנע משונה'דיגע פּריקאַזען, זײַנע שמיץ, זאָל ער בעסער געהן לעזאַזל, אַזוי־אַרום וועלען מיר פון איהם פּטור ווערען און די גאַנצע דיוויזיע וועט אונז דערפאַר בענשען. סוף־כל־סוף איז ער דאָך איצט צו אונז אין האַנד אַרײַנגעפאַלען, לאָמיר אויסהערען, וואָס ער וועט זאָגען?"

און טאַקע אַרום 5 פאַרנאַכט איז צו אונזער לאַזאַרעט צוגעפאָהרען אַנ'אויטאָמאָביל און דעם גענעראַל'ס אַדיוטאַנט

האט אונז (ד. ה. מיכאאיל ניקאלאיעוויטש'ן, מיר און נאך א יונגערן קאלעגע) מיט דעמזעלבען אויטאמאביל אוועקגעפיהרט צום דיוויזיע־טאטשאלניק: איהם האט נישט געפאסט צו אונז צו קומען. לויט'ן אוסטאוו, האט די קאמיסיע געדארפט פארקומען אין לאזארעט.

מען האט אונז אריינגעפיהרט אין א פראכטפולע וואוינונג. דער גענעראל אליין איז אונז ארויס אקעגען. וואס איז דאס? איך האב איהם גאר נישט דערקענט! וואו איז אהינגעקומען זיין שטאלץ, זיין „ביט' פא סעמו!“, זיין שטרענגקייט? אונז, וועלכע ער האט אזוי פיעל מאל פערפאלגט, האט ער גאנץ העפליך אריינגעבעטען אין זאל, האט אונז מכבד געווען מיט גוטע פאפיראסען, מיט א גלעזעל טהיי און האט אונז אנגעהויבען צו דערצעהלען גוזמאות, אז ער ליידט שוין לאנג אויפ'ן הארצען, אז לעצטענס האט ער געהאט אנפעלע פון הארץ־קראנקהייט און ד. גל. מיט איין ווארט, אז ער איז חרוב און ער פערלאנגט, מיר זאלען איהם אבשיקען אין „טיל“.

הכלל, מיר האבען איהם עוואקואירט, ד. ה. אבגעשיקט אין „טיל“, ווי ער האט געוואלט. אין דיוויזיע האט ער בעקומען א שם נישט פון קיין גרויסען העלד. אלע אפיצירען זענען געווען אויף איהם אויפגעבראכט, און טאקע אין איזמאאיל, ווייט פונ'ם פראנט, איז ער געווען א העלד אויפ'ן פאפיר! און איצט, בעת די דיוויזיע געפינט זיך אין אזא שרעקליכער לאגע, בעת די סאלדאטען וואלגערן זיך אין די בלאטיגע אקאפעס און דער שונא קלאפט פון אלע זייטען, מאכט ער פיס און לאזט־איבער זיין דיוויזיע אויף הפקר.

פון איין נאטשאלניק זענען מיר, דאכט זיך, פטור געווארען, האט אונז גאט צוגעשיקט א צווייטען. עס איז צו אונז אראבגעקומען אויף אנ'אויטאמאביל דער קארפוסנער דאקטאר. איהם איז ווידער נישט געפעלען געווארען, וואס די קראנקע און פערוואונדעטע סאלדאטען ליעגען אויף דר'ערד, אהן מאטראצען. מיר האבען איהם ערקלערט, אז ער אליין האט דאך אונז געגעבען א פריקאז, אוועקצושיקען אונזערע אלע זאכען קיין איזמאאיל, דעריבער האבען מיר דא גארנישט.

— „יא, — זאגט ער, אנ'אויפגערעגטער, — אבער איהר בעדארפט דא מאכען נארעס און ניט לעגען די קראנקע אויף דער פאדלאגע!“

— „ווען־דזשע האבען מיר יעס געקאנט מאכען? — פרעגט דער גלאוונער, אויך אנ'אויפגערעגטער, — מיר זיינען דאך ערשט נעכטען געקומען און קיין ברעטער קאן מען דא, אין טולטשא, בשום אופן נישט בעקומען!“

— „אלזא, בעפעהל איך אייך, איהר זאלט אונבעדינגט מאכען נארעס און צוריקברענגען אייערע וואגענס פון איזמאיל. איך פאהר פונ'ם שטאב, וואו איך האב געהערט, אז „אונזערע“ וועלען בשום אופן ניט אבטרעטען ווייטער, אז די דאנאו וועלען מיר שיצען און מיר וועלען בלייבען פון דער זייט“.

ער האט אבגעזאגט און איז אוועקגעפאהרען.

און ווי ווייט אפילו די שטאב־לייט האבען ניט געוואוסט פון דער לאגע אויפ'ן פראנט, קאן מען זעהן פון דעם פאקט, אז אין א שעה 4 נאך דעם קארפוסנעם דאקטאר'ס וויזיט, האבען מיר בעקומען א בעפעהל, צו עוואקואירען אונזערע אלע קראנקע און זיך צו קלויבען אין דרך.

## מ.

מירהאבען טאקי באלד איבערגעגעבען אונזערע אלע קראנקע און פערוואונדעטע סאלדאטען אויף אזא ספעציעלען שיוי־מענדיגען שפיטאל, וואס איז געשטא־נען אין האפען און מיר האבען גענומען „איינוועקלען" אונזער אבילה־פונקט. לויט דעם לעצטען בעפעהל האבען מיר געמוזט ארויסגעהן פון טולטשא מארגען אין דערפריה (ד. ה. דעם 8־21 סעפטעמבער 1916).

ארום דער שטאדט האט זיך געהערט א שטארקע קאנאנאדע און מיין בעל־הבית'טע האט זיך שטארק געשראקען. מיט איינמאל האט זי זיך פער'עקשנ'ט, אז זי וויל זיך דורכאויס איינפאקען און אנטלויפען פון טולטשא. מיט גרויס מיה איז מיר געלונגען זי צו איבערציינגען, אז זי זאל זיך חלילה פון ארט ניט רוהרען. וואס ס'זאל נישט טרעפען ביי אזוינע אומשטענדען, זאג איך, איז אלעמאל בעסער צו בלייבען אין דער היים. ווארום קוים רוהרט מען זיך פונ'ם ארט, אזוי נעהמט די גאנצעווירטשאפט, דאס גאנצע האב־און־גוטס לאבוד.

— „און וואס וועט זיין, זאגט מיין בעל־הבית'טע, אז מען וועט אנהויבען צו באמבארדירען די שטאדט? צי וועל איך עס קאנען אויסהאלטען מיט מיינע קליינע עופה'לעך?".

— „זייט גאנץ רוהיג, זאג איך איהר, אין ערגסטען פאל, קאנט איהר זיצען א האלבען טאג אין קעלער, וואו איהר וועט קאנען גאנץ רוהיג אבווארטען די איבערגאנגס־שעה'ן. איבריגענס בין איך פעסט איבערצייגט, אז די שטאדט טולטשא געהט נישט אריין אין די פייער כפערע, ווייל זי שטעהט אויפ'ן ברעג פון דאנאי און אונזער חיל וועט זיך בטא רען צו זיין וואס שנעלער אויף יענע זייט. דא איז דאך קיין בריק נישטא, די בריק איז דאך ביי אויזאקטשא, א ווארסט 30 פון דאנען און דארטען וועט זיין די גאנצע קאשע. ־ געגען דא מעגט איהר זיין גאנץ זיכער. איהר מוזט רחמנות האבען אויף אייערע קליינע קינדער און זיך בשום אופן פון ארט נישט רוהרען. וואוהין וועט איהר לויפען? קיין רוסלאנד? דארטען האט איהר קיין וואוין־ערטער נישט, און מען וועט אייך אינטערנירען אין א געפאנגען־לא־גער. איהר וועט לויפען ווייטער קיין רו־מעניען, אין די מאלדאווע? דארטען, הער איך, איז די לאגע פון אחינו בני ישראל א פיעל ערגערע, ווי דא, אין דער דאברודזשא, און ביי אזוינע פערהעלט־ניסע זיין היימלאז, הייסט זיך אליין קוי־לענען. ניין! איהר מוזט בלייבען זיצען, איהר וועט זעהען, איהר וועט קיין חרטה נישט האבען און וועט מיך צום גוטען דערמאהנען".

און איך האב געפועל'ט, נישט נאר ביי מיין בעל־הבית'טע נאר אויך ביי אלע איהרע קרובים און בעקאנטע, אז קיינער פון זיי זאל נישט לויפען. און מען האט בעשלאסען צו בלייבען. ביי אלעמען איז אראב א שווערער שטיין פון הארצען, ווייל זיי האבען אויפגעהערט זיך צו וואקלען.

דעם זעלבען אווענד, ווען איך בין שוין געווען רייזע־פערטיג און האב נאר געווארט אויפ'ן בעפעהל זיך צו רוהרען, האבען זיך ביי מיין בעל־הבית ווידער צונויפגעקליבען זיינע און אויך מיינע גוטע פריינד. ווייסענדיג, אז איך פאהר מארגען פריה אב פון דאנען, זענען זיי געקומען מיט מיר צו פערברענגען די לעצטע שעה'ן. איך האב אבער געפיהלט, אז מיר וועלען ארויסגעהן פון

טולטשא נישט מארגען אין דערפריה, נאר אין מיטען דערנאכט.

דעמאלט איז גראד געווען דאס דריטע חנוכה־ליכטעל. כ'האב געבעטען דעם בעל־הבית, ער זאל בענשען חנוכה־ליכט, די בעל־הבית'טע האט דערלאנגט צום טיש עטליכע הונדערט קנישעס, מען האט געמאכט א לחיים און ס'איז געווען ליהודים! נאכ'ן עסען האט מען ווידער א ביסעל געזונגען, מען האט געמאכט לכבוד חנוכה א קליין קערטעל אויך: שרעקט אייך אבער נישט, געהערטע לעזער, מיר האבען געשפיעלט אנ'אונשולדיגען טויזענדער.

און פלוצים האט מיר עפעס א קלאפ געטהון אין הארצען, איך האב אוועקגעווארפען די קארטען, האב מיך אויפגעהויבען פונ'ם ארט און האב אויסגעשריען:

— „גאט מיינער! איך קאן דאך שרייבען א בריעף צו מיין מוטער און מיינע גוטע פריינד קיין ווארשא און זיי קאנען דאך מיינע בריעף בעקומען אפשר גאר איינגיכען און מיט אזא שענער און זיכערער געלעגענהייט!“.

—„ווי אזוי־זשע?“ — פרעגט מען מיך פון אלע זייטען.

— „גאר פשוט! איך וועל באלד אנשרייבען עטליכע קורצע בריעף אויף דייטש און איך וועל אייך, ה' פ... בעטען איהר זאלט די בריעף איבערגעבען א דייטשען, אדער א בולגארישען סאלדאט אדער אנ'אפיציר, וועלכער וועט דיזאזיגע בריעף מיינע מיט דער פעלד־פאסט עקספעדירען קיין ווארשא! מארגען אין דער צייט וועט איהר דאך בעשטיממט דא האבען דעם דייטש, דעם טערק אדער דעם בולגאר—דאס איז דאך אלץ איינס, וועט איהר עס שוין לייכט קאנען בעזארגען!“

— „דאס, זעהט איהר, ה' דאקטאר, איז א שכל!“ זאגט דער בעל־הבית. און איך האב טאקי באלד אנגעשריבען עטליכע בריעף און האב זיי אפענעהייד איבערגעגעבען דעם ה' פ...

איצט ערשט, צוריקקומענדיג קיין ווארשא, האב איך מיך דערוואוסט, אז די בריעף זענען טאקי אנגעקומען און האבען זיינער צייט געמאכט א גרויסען רושם אינ'ם קרייז פון מיינע גוטע פריינד ס'האט זיך זיי דעמאלט גאר נישט געגלויבט, אז דאס זענען טאקי מיינע אייגענהענדיג געשריבענע בריעף! די דייטשע מיליטער־צענזור האט אינ'ם בריעף אויסגעמעקט דאס ווארט טולטשא אבער אזוי, אז מען האט דאך געקאנט דורכלעזען און מיינע פריינד האבען געמיינט, אז דאס ווארט מאכט ט ו ל א; דערצו נאך איז אויף די בריעף געווען א בולגארישער שטעמפעל, ד. ה. א שטעמפעל מיט רוסישע אותיות—זענען זיי דאך אודאי געווען זיכער, אז מיינע בריעף זענען געקומען פון טולא. ווי אזוי אבער? דאס האבען זיי נישט געקאנט פערשטעהן. ערשט איצט האב איך זיי ענטדעקט דעם סוד.

איך האב אויפגעשריבען די בריעף און האב מיך ווייטער געקאנט אינטים אונטערהאלטען מיט מיינע רומענישע בעקאנטע. דאס גאנצע בילד פון אינזער זיצען, האט אויסגעזעהען, ווי מע פערברענגט די לעצטע מינוטען מיט א מענשען, וואס דארף באלד אפפאהרען אין א ווייטען וועג אריין. מיר האבען זיך איינער דעם אנדערן געגעבען א ווארט נאך דער מלחמה צו געבען איינער דעם צווייטען א לעבענס־צייכען.

עפעס א מאדנעם שטארקען צוגבונד האב איך געפיהלט צו די מענשען און זיי צו מיר, אזוי ווי מיר וואלטען געווען

פון צעהנדליגער יאהרען פערבונדען מיט דער איינגסטער פריינדשאפט.

ארום איינס א זייגער ביי דער נאכט איז געווארען א טרעוואגע: צו מיר זענען פלוצים ארויפגעקומען מיכאיל ניקאלאיעוויטש און מיינע אנדערע קאלעגען, אלע רייזע־פערטיג און האבען מיר געמאלדען, אז כ'זאל מיך אויך אנטהון און גיין אין פאחאד, טאקי תיכף ומיד.

אויפ'ן טיש זענען נאך געשטאנען פלעשלעך מיט משקה. דער בעל־הבית האט זיי אלעמען פערבעטען צום טיש, און מיר האבען געמאכט דעם לעצטען לחיים. איך האב אנגעטהון מיינע פליי־זין און האב מיך זעהר, זעהר הייס געזעגענט מיט די ליעבע מענשען. איך האב זיי בערוהיגט ביז דעם לעצטען מאמענט.

— „איהר זעהט דאך, זאג איך צו זיי, מיר לויפען אין מיטען דער נאכט, דאס הייסט, אז אין דערפריה וועט שוין דער רייטש דא זיין, קיין באמבארדירונג פון דער שטאדט קאן דאך שוין נישט זיין, זייט געזונד!"

איך האב זיי געוואונשען (אזוי ווי איך האב שוין אמאל געטהון מיט מיינע בעקאנטע אין ווארשא בעת מיין לעצטען אבפאהרען פון דארטען), אז די „געבורט" זאל אריבער בשלום...

איך האב מיך ארויפגעזעצט אויף מיין סוס און האב אנגעהויבען צו שפריי־זען מיט דער שאסיי קיין איסאקטשא צו דער איינציגער פאנטאן־בריק.

מיר האבען געהאט זייער א שווערען נאכט־מארש. ס'איז געווען זעהר קאלט און מיין חבריא האט זיך געווארימט מיט דעם ביטער'ן טראפען און מיט דעם עולה רגל זיין. מיר זענען, פערשטעהט איהר מיך, פשוט ארויס פון אונזערע סוסים און זענען בחרפתי געגאנגען צו־פוס, ווייל אזוי ארום איז געווען ווארימער.

אונטערוועגס האב איך אפשר שוין צום הונדערטסטען מאל געזעהן די גרויסע אונארדנונג, די שרעקליכע פאניק, האס ראנגלען זיך ביי דער קאלייקע אויף דעם שאסיי בעת דער לויפעניש.

מיט גרויס מיה זענען מיר ארום 9 א זייגער אין דערפריה דערקראכען ביז איסאקטשא. די פאניק איז געווען אזוי גרויס, אז מען האט זיך פשוט געשלא־גען ביי דער בריק, דער רוסישער מי שברך האט געקלינגט...

אלס לאזארעט האבען מיר געהאט דעם פארצוג און ארום 12 בייטאג זע־נען מיר אריבער דעם דאנאו און זענען אריין אין בעסאראביען.

איך בין געווען זעהר צופרידען, וואס איך האב מיך ענדליך ארויסגע־ריסען פון רומעניען און האב גערעכענט, אז מעהר וועט מיין פוס דארטען נישט זיין. איך האב מיר געווענדעט צו רומעניען און האב איהר געזאגט: „אדיע! מיין ליעבע צו דיר איז געווען אהן שמחה און איך פערלאז דיך אהן עגמת נפש!" (א רוסישעס שפריכ־ווארט).

מיר האבען זיך אבגעשטעלט אויף עטליכע שעה אין דעם ערשטען בעסא־ראבישען דארף בארטא.

עס איז געווען א הייסער טאג (דעם 22-9 דעצעמבער!), די לופט איז געווען פול מיט שטויב, מיר זענען געווען אזוי פערמאטערט, אז מיר האבען זיך קוים צוגעכאפט צו א שמאל מיט שטרוי און האבען זיך באלד אויסגעצויגען. מיר הא־בען זיך נישט בעוויזען אפילו אויסצו־טהון! מיר דאכט זיך, אז קיינמאל האב איך אזוי געשמאק נישט געשלאפען, ווי דעמאלט!

דעם זעלבען טאג זענען מיר פון בארטא אוועק אין א דארף בולבאקא, א

וויאָרסט 15 פון דער דאָנאַו און א וויאָרסט 18 פון דער שטאָדט באָלגראַד.

---

## מא.

דער חרום־טייל פון בעסאַראַביען, וואו מיר האָבען זיך אַצינד אָבגעשטעלט, איז אייגענטליך דער המשך פון רומעניען. די דערפער מאַכען דאָ דעמזעלבען איינדרוק. די איינוואוינער פערשטעהען גאָרניט קיין רוסיש. און דאָך ווארפט זיך אין די אויגען דאָס, וואָס קיין שאָסעען זעהט מען דאָ גאָר ניט, וועהרענד אין רומעניען געפינען זיך שאָסייען כמעט אומעטום.

אונזער נייער מושב, דאָס דאָרף בול־באַקאַ, פערנעהמט זעהר א גרויסען שטח, א פיעל גרעסערען, ווי די גרעסטע שטעדט אין פוילען אחוץ ווארשא און לאָדז. די הויפט־גאַס פון'ם דאָרף ציהט זיך א וויאָרסט 4 אין אזוינע לאַנגע גאַסען געפינען זיך אויך פינף.

די איינוואוינער פון בולבאַקאַ זענען די אזויגערופענע גאַגאַוזען, פון טערקישער אָבשטאַמונג. זייער שפּראַך איז אַנ׳אייגענאַרטיגע, א מין טערקישער זשאַרגאָן.

ס'האָט געשיינט צו זיין א רייך דאָרף, בשעת מיר זענען אַרומגעגאַנגען זוכען פאַר אונז און פאַר אונזער לאַזאַרעט דירות, האָבען מיר בעמערקט, אז כמעט יעדער פּויער האָט צוויי הייזלעך. איינס אויף ווינטער מיט אַנ׳אויווען און א צווייטס אויף זומער אָהן אַנ׳אויווען, דעריבער האָבען מיר גאַנץ לייכט בעקומען די נויטיגע צאָהל דירות, מיר האָבען אָבער געמוזט אין ס'רוב הייזלעך אַוועקשטעלען אייגענע אייזערנע אויוועלעך.

איך האָב בעמערקט, אז ברען־האָלץ איז דאָרטען ניט בנמצא און מען הייצט די אויווענס מיט שטרוי, אָדער מיט קוקורוזע־שטאַנגען.

מיר האָבען זיך איינגעאָרדענט גאָר ניט שלעכט. איך האָב געוואוינט צוזאַמען מיט צוויי יונגערע קאָלעגען. די ערשטע צייט בין איך געווען פיעל פערנומען מיט איינאָרדנען דעם לאַזאַרעט. איך האָב באַלד געזאָגט מיכאאיל ניקאָלאַיעוויטש'ן, אז מען מוז בעזאָרגען ברעטער און מאַכען נאַרעס פאַר די קראַנקע און ד. ג. מיר האָבען אָבער געהאַט א ווירטשאַפטס־פיהרער א שלים־מזל, איך האָב שוין דעם טיפּ אַמאָל בעשריבען. ס'איז אַריבער א טאָג פינף און ער האָט נאָך פאַר'ן לאַזאַרעט גאָר ניט געמאַכט. אויף מיין פאָרדערונג האָט ער געענטפערט, אז ברעטער קאָסטען דאָ זעהר טייער און עס איז גלאַט זייער שווער צו בעקומען. אזוי־אַרום האָבען מיר געמוזט אונזערע קראַנקע לייגען פּשוט אויף דער פּאָדלאָגע.

כ'געדענק, אז דעם 21־טען דעצעמבער 1916 בין איך אַריין צו מיכאאיל ניקאָלאַיעוויטש'ן און האָב איהם בעשריבען דאָס בילד פון אונזער לאַזאַרעט, וועלכער איז איינגעאָרדנט זעהר שלעכט; קיין זאַך איז ניט פערטיג און טאָמער וועט פּלוצים אַראָבקומען נאַטשאַלסטווא וועט ער, מיכאאיל ניקאָלאַיעוויטש, האָבען דעם גרויסען פּסק.

אין א מאָדנע זאַך, דאָס האָב איך מיין גלאַוונעם געזאָגט אין דער פריה און דעמזעלבען טאָג נאָכמיטאָג פאָהרט טאַקי צו אונז מעשה שטן אַראָב דער קאָרפּוס־דאָקטאָר, אונזער אַלטער בעקאַנטער פון טולטשא. דאָס איז געווען א גרויסער ביוראָקראַט און א ווייניג סימפּאַטישער מענש. ער האָט אָנגעהויבען צו רעווידירען אונזער לאַזאַרעט און האָט נאַטירליך געמאַכט פון איהם חוזק. דער ווירטשאַפטס־פיהרער און מיכאאיל ניקאָלאַיע

ווײַטש האָבען בעקומען פון איהם אַ שטאַרקען פאַרוואורף און דערבײַ האָב איך אויך, נאַטירליך, גאַנץ טרוקען געשוויגען. ער האָט בעפוילען, אַז אין צווײַ טעג אַרום זאָל דער לאַזאַרעט זײַן ריין און פערטיג. אין דער הינזיכט האָט ער גראָד רעכט געהאַט. מײַנט איהר אפשר, אַז אונזער ווירטשאַפטס-פיהרער האָט באַלד צומאָרגען קיין ברייטער ניט געפונען? דער לאַזאַרעט איז טאַקע פאַרטיג געוואָרען אין צווײַ טעג אַרום.

חאָטש קאָן איך מיר ניט אײַנהאַלטען און מוז אײַך דערצעהלען אַזאַ כאַראַקטערשטריך פון אונזער קאָרפּוסניעם: ווען ער, דער קאָרפּוסניער, הייסט עס, איז נאָכ'ן סמאָטר געזעסען גאַנץ פּריוואַט בײַ מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש'ן, האָט דער לעצטער מיך געשיקט רופען. איך בין געקומען און האָב זיי ביידען געטראָפען זיצענדיג בײַם טיש און טרינקענדיג טהיי. מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש איז שוין געווען אפילו האַלב אויסגעטהון און האָט גערויכערט, ווי זײַן שטייגער איז געווען, איין פּאַפּיראָס נאָכ'ן אַנדערן. מיר האָבען זיך אַ ווײַלע אונטערהאַלטען וועגען גאַנץ פריוואַטע זאַכען, און, זעהענדיג, אַז מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש, דער בעל-הבית, הייסט עס, רויכערט, האָב איך אויך אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס און האָב דאָסזעלבע געטהון.

שטעלט אײַך פאָר, אַז אויף מאָרגען, שוין נאָכ'ן קאָרפּוסניעמ'ס אָפּפאָהרען, דערצעהלט מיר מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש מיט גרויס אויפרעגונג אַזאַ מעשה:

— „ווייסט, איסאַאַק, דער פּריץ האָט מיר געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז מײַן עלטערער אַרדינאַטאָר, דו, הייסט עס, האָסט געהאַט די העזה צו רויכערן, ניט בעטענדיג פריהער זײַן ערלויבניש דערויף. וואָס זאָגסטו ניט צו אַזאַ זאַך? איך האָב איהם אָבער געגעבען אַן 'אָטפּראַווקע און האָב איהם געענטפערט, אַז דו ביזט נעכטען ניט געווען אויף סלוזשבע, נאָר ביזט געקומען צו מיר צו גאַסט און אויב שוין יאָ פרעגען, האָסטו געדאַרפט בײַם בעל-הבית; און איך האָב דאָך סײַ-ווי-סײַ גערויכערט. פיו! אַן 'אונזימפּאַטישער מענש!“

דערזעלבער קאָרפּוסניער האָט געהאַט דעם טיטעל „סטאַטסקי סאָוויעטניק“. דאָס איז אַ טיטעל, וואָס איז האַלב-יאַקיש און האַלב-פּיוויליש, ד. ה.: דאָס איז ניט קיין פּאָלקאָווניק און ניט קיין גענעראַל. צײַן פּאַרשוין קומט נישט דער טיטעל „פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ“. אָבער די סטאַטסקי סאָוויעטניקעס פלעגען אַלע מאָל זײַן זעהר אונצופריעדען, ווען מען פלעגט זיי ניט רופען „ה' גענעראַל“, און איך גלויב, אַז זײַן שנאה צו מיר און צו די איבריגע דאָקטוירים פון אונזער לאַזאַרעט האָט געשטאַמט דערפון, וואָס קיינער פון אונז האָט איהם ניט געטיטעלט מיט „פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ“.

מיר פלעגען אַלע מאָל צווישען זיך חוזק מאַכען פון אַזעלכע סמו-גענעראַלען. איך האָב געקענט אַ רוסישען דאָקטאָר, אַ גרויסען וויצלינג.

— „איהר ווילט וויסען, — זאָגט ער איינמאָל צו מיר, — וואָס דאָס איז אַזוינס אַ סטאַטסקי סאָוויעטניק? וועל איך אײַך עס באַלד פּראַקטיש ערקלערען. אָט זעהט איהר מײַן צייגע-פינגער — דאָס איז אַ פּאָלקאָווניק, דער מיטעלער פינגער איז אַ גענעראַל, דעם גראָבען פינגער שטעק איך אַרײַן צווישען די ביידע אויבענדערמאָהנטע פינגער און איך האָב דאָ בילד פון אַ סטאַטסקי סאָוויעטניק!“

די המציאה איז אונז אַלעמען שטאַרק געפעלען געוואָרען, און איך פיהל אַצינד, אַז זי איז אויך אײַך, מײַנע ליעבע לעזער, געפעלען. פּראָבירט-זשע טאַקע מאַ-

בען די דאָזיגע קאָמבינאַציע מיט אַנדערע פינגער, וועט איהר אויך פּראַקטיש וויסען, וואָס דאָס איז אַ סטאַטסקי סאָוועטניק!

---

די טעג זענען זיך פּאַמעליך געקראָכען. מיר האָבען איינגעאָרדענט אונזער לאַזאַרעט, ווי געהעריג, און, ווי ס'האָט אויסגעוויזען, אויף אַ לענגערע צייט.

אונזער דיוויזיע האָט פאַרנומען דעם ברעג פון דער דאָנאַו און ס'האָט זיך אָנגעהויבען די ווינטער-קאַמפּאַניע, ד. ה. די צייט, ווען ביידע צדדים פיהרען נור אַ פּאָזיציאָנס-קאַמף און רוהען זיך אָב. אָפיצירען און סאָלדאַטען האָבען דעמאָלט אָנגעהויבען מאַסענווייז צו פאָהרען אַ היים אויף אורלויב.

מיין פּערזענליך לעבען איז געווען זעהר אַ לאַנגווייליגעס, ווייל אויסער מיין חבריא האָב איך אין בובאַלקאַ ניט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדען. קיין יודען זענען אין דעם דאָרף גאָר ניט געווען און אָהן יודען איז מיין לעבען געווען עהנליך צו אַ פעטע יויך אָהן זאַלץ. ווייסט איהר, וואָס איך האָב געטהון? איך האָב מיר געמאַכט ערזאַץ-יודען. איהר וועט דאָך פרעגען: ווי אַזוי? גאָר פּשוט, איך האָב אויסגעלערנט מיינע קאָלעגען זינגען יודישע ליעדלעך און שרייבען יודיש.

שעה'ן-לאַנג פלעג איך ליגען אויף מיין פעלד-בעטעל און פלעג טראַכטען, טראַכטען אָהן אַ סוף. איך פלעג מיר צוריקרופען אין געדאַנקען די בילדער פון מיין היים, פון וואַרשאַ, הייסט עס, און פלעג מיר מאָלען, ווי אַזוי זי זעהט אויס איצטער, צי איז זי שטאַרק „פערדייטשט“? וואָס מאַכען עפּיס מיינע קרובים און גוטע פריינד? צי דערמאָנען זיי נאָך מיר אַמאָל? און ס'פלעגט פּלוצים אַ קלעם-טהון אונטער'ן האַרצען פון בענקעניש. ווען-זשע, ווען וועט שוין נעהמען אַ סוף פון דער מלחמה? ווען וועלען שוין מענשען אויפהערען צו פערגיסען זייער אייגען בלוט? ווען וועט מען שוין קענען זיך בעוועגען פריי און פראַנק, אָהן וועמענס-ניט-איז ערלויבניש, פאָהרען, וואוהין דאָס האַרץ גלוסט?

ס'איז שוין געווען ענדע דעצעמבער און אין דרויסען איז נאָך געווען וואַרים. מיר פלעגען אָפט שפּאַצירען איבער די פעלדער אַרום דאָרף און האָבען מיט גרויס אינטערעס געקוקט, ווי קיה, פערד און שעפּסען פּאַשען זיך און זוכען גראָז. פאַר אונז איז דעם יאָהר געווען אַנ'אונגעוועהנליכער זומער.

כדי זיך אַ ביסעל צוצושטרייען בין איך מיר אין אַ העלען פריהמאָרגען אַוועקגעפאָהרען קיין באָלגראַד. כ'האָב געבענקט נאָך אמת'ע אחינו בני ישראל, און באָלגראַד איז אַ שטאָדט מיט דריי פערטיל יודען. ס'איז גראָד דעם טאָג געווען אַ רעגען און, אַריינפאָהרענדיג אין באָלגראַד, בין איך שיער ניט דערטרונקען געוואָרען אין בלאָטע. איך האָב שוין אויף דער מלחמה געזעהן בלאָטיגע שטעדט, אָבער אַזאַ מין געדיכטע, קלעפּיגע בלאָטע, ווי אין באָלגראַד, האָב איך נאָך ניט געזעהן. איך האָב אָנגעהויבען צו געהן צופוס איבער די גאַסען, האָב איך קודם-כל פערלאָרען אַ קאַלאָש און האָב איהם בשום אופן ניט געקאָנט געפינען. דריי סאָלדאַטען האָבען איהם מיט לאָפּאַטעס געזוכט און איך ווייס עד-היום ניט וואו ער איז נעלם געוואָרען. שפּעטער האָב איך שיער ניט אַ פוס פערלאָרען אין דער בלאָטע.

די אונטערשטע שורה איז, אַז כ'האָב באַלד געמוזט אַריינגעהן אין ערשטען בעסטען געשעפט קויפען אַ פּאָר קאַלאָשען. און שטעלט אייך פאָר, אַז איך בין אַריינגעפאַלען אין אַ געוועלב, וואו די אייגענטימערין האָט מיך דערקענט! זי איז

אליין א געבוירענע פּאַרשאַווערין און פערענקט מיך נאָך אַלס שטאָדט ניט! וואָס זאָגט איהר ניט צו אזא בעגעגעניש! לעבען זאָלען מאַקע אונזערע יודעלעך! מען האָט מיך באַלד פערבעטען אַהיים, מען האָט מיך באַלד בעקאַנט געמאַכט מיט די פּני פון שטאָדט און איך האָב צוויי טעג פערבראַכט ווי אין גן עדן התחתון. מען האָט מיך געשלעפּט צו זיך פון אַלע זייטען און, אַז כ'וואָלט אין מיטען דער וואָך געהאַט אַ נשמה יתירה, וואָלט איך געקענט אויסעסען 6 מיטאָגען און 10 קאָלאַציעס מיט אַמאָל! ס'האָט זיך מיר אָסור געגלוסט אוועקצופאָהרען פון באַלגראַד, אפילו די בלאָטע איז מיר געוואָרען אנגענעהם! איך האָב אָבער געמוזט פאָהרען צוריק קיין בולבאָקא צו מיין סלוזשבע.

---

## מב.

אין באַלגראַד האָב איך מיר באַלד פערבונדען מיט מיין פאַמיליע, ד. ה. איך האָב דעפּעשירט קיין מאָסקווע און האָב באַלד בעקומען א דרינגענדיגע תשובה, אַז אין דער היים איז אַלץ בשלום. אויסער דעם האָב איך אָנגעגעבען מיין פרוי טעלעגראַפיש א פּריוואַטען אדרעס אין באַלגראַד פאַר די קאָרעספּאָנדענץ, ווייל אַזוי אַרום פלעג איך א סך שנעלער בעקומען בריעף, ווי דורך דער פעלד-פּאָסט.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער 1917-טער יאָהר. שוין דאָס דריטע ניי-יאָהר פייערן מיר אויף דער מלחמה! אין אויך דאָס יאָהר האָבען מיר געפייערט לויט דעם אַלטען נוסח, ווי אַלע יאָהרען, ד. ה. מען האָט געשיכור'ט כּמעט די גאַנצע נאַכט.

די ניי-יאָהר בעגעגעניש איז גראַד געווען אין מיין וואוינונג. קענט איהר שוין ליכט פערשטעהן, אַז שלאָפען האָב איך שוין אין דער דאָזיגער נאַכט ניט געקענט. מיין אַלטער איז גאָר אַרויס פון די כלים און האָט מיך געצוואונגען, איך זאָל טרינקען אַזוי פיעל קיעלישקעס, וויפיעל יאָהר. אָבער, מישטיינס געזאָגט, וויפיעל קען א יוד טרינקען? צוויי, דריי קיעלישקעס און ... „גאַטאָוו"! דער אַלטער האָט זיך אָבער פערעקשנ'ט און האָט זיך עטליכע מאָל געבייזערט אויף מיר און האָט געזאָגט, אַז איך בין א שלעכטער קאָלעגע און ד. ג. וואָס זאָל מען דאָ טהון? האָב איך מיר געלאָזען אויף על המוצא: נאָכ'ן דריטען קעלישעק, האָב איך דעם פיערטען צוגעטראָגען צום מויל און אונבעמערקטערהייד אויסגעגאָסען אונטער'ן טיש, ביז דעם 10-טען קיעלישעק איז עס מיר געלונגען, אָבער ביים עלפטען האָט מיך מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש געפּאַקט און האָט מיר געמאַכט א שכור'ן סקאַנדאַל... צו מיין גליק האָט מען אויסגעטרונקען דעם גאַנצען זאַפּאַס בראָנפען, וואָס מיר האָבען געהאַט. דאָס איז געווען אַרום 4 א זייגער פּאַרטאָג. ענדליך, האָב איך געמיינט, וועט איך פּטור און כ'וועל מיך קענען אויסרוהען. אָבער וואו? דער שכור'ער עולם האָט זיך אויסגעזעצט שפּיעלען אין קאָרטען ביז אין דער פריה. אונזער צימער האָט דעמאָלט אויסגעזעהען, ווי א חזיר-שטאַל: אומעטום אָנגעגאָסען, אָנגעוואָרפען, די לופט איז געווען זויער, בררר...

אין דרויסען איז נאָך אַלץ געווען זומערדיג. דעם יום-טוב'דיגען מיטאָג האָבען מיר דעם 1-טען יאַנואַר 1917 געגעסען אויף דער וועראַנדע...

אָבער דעם 5-טען יאַנואַר האָט פּלוצים א בלאָז געטהון א קאַלטער ווינד און עס איז אַרויסגעפאַלען א שניי. ס'האָט זיך אָנגעהויבען דער דרום-ווינטער אָהן א שום

איבעריגאַנגס-צייט. קאַלט איז דרויסען נישט געווען, ס'איז געווען נאַס און בלאָטיג.

אונזער לאַזאַרעט האָט פונקציאָנירט גאַנץ גוט. דעמאָלט האָט געהערשט א שטאַרקע פּאַקען-און טיפוס-עפּידעמיע. א סך פּאַקען-קראַנקע זענען געווען צווישען דער אָרטיגער בעפעלקערונג און מיר זענען געווען שטאַרק פערנומען מיט פּאַקען-שטעלען. ביי אונז אין לאַזאַרעט פלעגען מיר קיין פּאַקען-קראַנקע נישט אויפנעהמען. מיר פלעגען אַזוינע קראַנקע אָבשיקען אין א ספּעציעלען שפּיטאָל אויף דער סטאַנציע טראַיאַנאָווראַל.

ביי אונז איז דאָך אָבער אַלעמאָל געווען א קלאַסישע אָרדנונג, האָט זיך געטראָפען אַזא שוידערהאַפטע מעשה: עפּיס אין א דאָרף, א ווייאָרסט 12 פון אונז, איז קראַנק געוואָרען א פּויערטע אויף פּאַקען. דער סטאַראָסטאַ פונ'ם דאָרף האָט זי אַוועקגעשיקט אויף א געוועהנליכער פוהר ביי א שרעקליכען וועטער אין שטאַב-קאָרפּוס, א ווייאָרסט 16 פון זיין דאָרף. פון דאָרט האָט מען זי געשיקט קיין בולבאַקא צו אונז אין לאַזאַרעט, דאָס איז געווען א ווייאָרסט 12 אויך, היות, אַז מיר האָבען בילוט געהאַט קיין פּלאַץ פאַר פּאַקען-קראַנקע, האָבען מיר אָנגעהויבען צו דעפּעשירען אויף אַלע עקען און קאַנטען, וואָס מיר זאָלען מיט דער פרוי מאַכען? אויף מאָרגען ערשט האָבען מיר בעקומען א בעפעהל פונ'ם שטאַב-דיוויזיע, אַז מיר זאָלען די פרוי עקספּעדירען קיין באַלגראַד, ד. ה. אַז זי וועט זיך דאַרפען שלעפּען נאָך א ווייאָרסט 20. און מיר האָבען זי אַוועקגעשיקט אין בעגלייטונג פון א פעלדשער, וועלכער איז ערשט אויפ'ן דריטען טאָג צוריקגעקומען. אויף מיין פראַגע, וואו ער איז אַזוי לאַנג געווען, האָט ער דערצעהלט אַז עהערנעכטען, ד. ה. אין דעם טאָג, וואָס ער איז אַרויסגעפאָהרען, האָט ער מעהר ווי א העלפט וועג נישט געקענט מאַכען, מחמת עס איז געווען קאַלט און זעהר ווינדיג; דעריבער האָט ער זיך אָבגעשטעלט אין א דאָרף און האָט די פּאַקען-קראַנקע פרוי אַריינגענומען צו א פּויער, וואו זיי האָבען גענעכטיגט און ערשט צו מאָרגענס איז ער ווייטער געפאָהרען.

איהר קענט שוין האָבען א לייכטען בעגריף, ווי אַזוי א פּאַקען-עפּידעמיע פערברייטערט זיך...

---

גראַד אין דערזעלבער צייט האָבען מיר בעקומען א בעפעהל פונ'ם שטאַב-דיוויזיע אַז מיר זאָלען וואָס אַמשנעלסטען צונויפשטעלען א רשימה פון וועש, מעדיקאַמענטען און אַנדערע חפצים, וועלכע זענען אונז נויטיג פאַר'ן לאַזאַרעט און מיר זאָלען שיקען א מענטשען אויף די סטאַנציע עמולעיא, וואו עס געפינט זיך א בעוועגליכער סקלאַד פון רויטען קרייץ. אין דעם דאָזיגען סקלאַד דאַרפען מיר אַלע נויטיגע זאַכען בעקומען.

דער אַלטער האָט מיך געשיקט אהינצו און האָט מיך געבעטען, אַז כ'זאָל אויסקלויבען זאַכען, וועלכע איך וועל אַליין געפינען פאַר נויטיג. און איך האָב טאַקי דאָרט בעקומען קאָלדרעס, וועש, מעדיקאַמענטען, קאָנדענסירט מילך און אַנדערע גוטע זאַכען.

איינגענטליך איז די מעשה גאָרנישט אַזא וויכטיגע, מען זאָל זי דאַרפען בעשרייבען, איך האָב דאָס אָבער געטהון, ווייל די נאָכוועהענישען זענען געווען עכט יונישע, דהיינו: אין א פּאָר וואָכען אַרום האָבען מיר בעקומען פון דעם אויבענדערמאָהנטען סקלאַד א בריעף מיט א רעכנונג, אַז מיר דאַרפען אין דעם קורצסטען טערמין זיך מטריח זיין און אַריינשיקען איבער 2000 רובּל פאַר די

אַנגענומענע חפצים. געהערט אַ קאַזאַצקען יושר? איך האָב דערהרגעקוקט די רעבּוגנ און האָב בּעמערקט, אַז די מקחים פון פערשידענע זאַכען זענען געווען אויף דעם היינטיגען לשון ריין „פּאַסקאַרסקע“! דער אַלטער מיינער איז געוואָרען אַזש בּלאַס פון דער געשיכטע.

— „דו, איסאַאַק, זאָגט ער צו מיר, האָסט געפאָדערט די אַלע זאַכען, מוזט דו זיך פערענטפערן. דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז בּיי אונז אין קאַסע איז קיין אַבּגעשפאָרט געלד נישטאָ און אפילו ווען עס וואָלט יאָ געווען, האָבען מיר אויך נישט דאָס רעכט דאָס געלד אויסצוניצען אויף זייטיגע זאַכען“...

ני, נו, עס איז געווען פאַר מיר אַ שטיקעל אַרבּייט כ'האָב טאַקי תיכף ומיד אָנגעשריבען אַ תשובה: הוות, אַז איך בּין געפאָהרען נאָך וועש און מעדיקאַמענטען לויט אַ בּעפעהל פון שטאַבּ־דיוויזיע און דער פערוואַלטער פון סקלאַד האָט מיר בּיים נעהמען די זאַכען ניט מזהיר געווען, אַז מען וועט מוזען דערפאַר בּעצאָהלען, געפין איך, אַז די פאָדערונג צו בּעצאָהלען איז ניט לעגאַל; אויסערדעם עקזיסטירט דאָך דער „רויטער קרייץ“ פון נדבות, ווי אַזוי זשע קאָן ער פאָדערן געלד? און אָנשטאָט געלד האָבען מיר אַוועקגעשיקט אַט אַזאַ מאמר.

— „דערוויל, טראַכטען מיר זיך, וועלען מיר קאָרעספּאָנדירען און וואָס שפּעטער וועט זיין, וועלען מיר זעהען“.

---

בּיי אונז אין לאַזאַרעט איז געווען אַ טשינאָווניק מיט העכערער בּילדונג, וועלכער איז געווען געהילף פון איינעם בּעשמעקטען ווירטשאַפטס־פיהרער. דער דאָזיגער טשינאָווניק איז געווען אַ געבּוירענער אַ מאָסקווער און איך האָב מיט אים געלעבּט, ווי מיט אַ בּרודער, נאָך פריינדליכער אפילו, ווי מיט מיכאַאיל ניקאָלאַיעוויטש'ען. דאָס איז געווען אַ בּראַווער, אַן אָפענהערציגער מענש, אַן עכטער אינטעליגענטער דעמאָקראַט. מיר פלעגען שטענדיג וואוינען צוזאַמען.

אין אַ געוויסען פרימאָרגען קומט פּליצים אַ דעפּעשע, אַז דער דאָזיגער טשינאָווניק ווערט בּעשטימט קיין אדעס אין דער הויפּט־מעדיצינישער פערוואַלטונג פון דעם רומענישען פראָנט, אָדער פון „אופּסאַנרום“, ווי מען פלעגט זאָגען בּקיצור. פאַר מיר איז עס געווען אַ גרויסער קלאַפּ, ווייל דאָס לעבען אין בּולבּאַקאַ איז מיר שוין שטאַרק פערמיאוסט געוואָרען און פערלירען דערצו נאָך אַ גוטען פריינד איז געווען זעהר שווער. תחילת האָבען מיר גאַרנישט געקאָנט פערשטעהן, פאַרוואָס האָט מען גראָד אים אויסגעקליבען אויף אַזאַ ווייכטיגען פּאָסטען? אין אַ ווייַלע אַרום איז מיר אָבּער די זאַך געוואָרען קלאָר: בּיי אונז אין לאַזאַרעט איז געווען אַ יונגיטשקער דאָקטאָר'ל (נאָך אפילו נישט קיין געענדיגטער), אַ פּעטערבּורגער „פּיזשאָן“, ווי מיר פלעגען אים רופען. איך געדענק, אַז מיט אַ צייט צוריק, ווען ...ך בּין געווען גלאַווניער, האָב איך בּעקומען אַ בּעפעהל פון שטאַבּ־קאָרפּוס צו שיקען אַ יונגערען אָרדינאַטאָר אין שטאַבּ אַרײַן איך האָבּ די זאַך פערגעלעגט אַט דעם יונגען דאָקטאָר, ווייל מיר האָבען אין לאַזאַרעט סיי ווי סיי גאַנץ ווייניג נוצען פון אים געהאַט. ער איז פון אונז אַוועק און מיר האָבען אַ לענגערע צייט פון אים גאַרנישט געהערט. ערשט די לעצטע צייט האָט זיך יאָ געהערט אַ קלאַנג, אַז אונזער קאָלעגע איז פון שטאַבּ־קאָרפּוס אַריבּער אין אַרמעע־שטאַבּ און פון דאָרטען אין דער מעדיצינישער פערוואַלטונג פון רומענישען

פראַנט, וועלכע האָט זיך דערמאָלט ניט פאַר מירט.

— „נישט אַנחשערש, אַז נאָר ער האָט זיך אַרויסגעשלעפּט פון אונזער זומפּ", זאָג איך צו דעם טשינאָווניק, וועלכער האָט נישט לאַנג געוואַרט, גענומען עקיפּעקיל און איז מיט גרויס פערגניגען אַוועקגעפאָהרען קיין אָדעס.

פאַר'ן אַוועקפאָהרען האָב איך איהם געבעטען, אַז ער זאָל זעהען, מען זאָל מיך ענדליך אויך אַרויסשלעפּען פון'ם פראָנט ערגיץ וואו אין טיל, אין אַ שטאָדט, וואו איך זאָל ענדליך קענען לעבען רוהיג און אַרבייטען, ווי געהעריג; זאָל שוין נעהמען אַ סוף פון מיין ניע וטד'קייט; ווי לאַנג איז דער שיעור זיך צו שלעפּען איבער דער וועלט?

מיר איז געוואָרען קאַלעמיטנע אויפ'ן האַרצען און איך האָב שטאַרק אָנגעהויבען צו בענקען אַ היים צו מיין פאַמיליע. כמעט אַלע מיינע קאָלעגען זענען שוין געפאָהרען אויף אורלויב. עס איז שוין געקומען מיין אָמשערער. עס איז שוין אפילו געווען בעשטימט דער טאָג, ווען איך האָב געדאַרפט פאָהרען. אָבער ווי זאָגט דער דייטש: דער מענש דענקט און גאָט לענקט. ווערט מיר, פּלוצים, מעשה שטן קראַנק מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש, איך ווער גלאַוונער און דער דיוויזיע־דאָקטאָר וויל מיך בשום אופן נישט לאָזען פאָהרען ביז דער אַלטער וועט געזונד ווערען.

און איך האָב מיך אָבגעמוטשעט גאַנצע דריי וואָכען. און אַז מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש איז שוין ברוך השם געזונד געוואָרען און איך האָב שוין געקענט פאָהרען קיין מאָסקווע, געהט פּלוצים אַרויס אַ בעפעהל, אַז אַלע אורלויבען ווערען פערוועהרט...

וואָס טהוט מען דאָ? איך האָב מיר קיין אָרט נישט געקענט געפינען. איך האָב געוואַרט נאָך אַ וואָך און בין מיט מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש'ען אַוועקגעפאָהרען צום דיוויזיע־דאָקטאָר און האָב ביי איהם מיט גרויס מיה געפּועל'ט, אַז ער זאָל מיר געבען אַ קאָמאַנדיראָווקע קיין מאָסקווע, וואו איך האָב געדאַרפט כלומרשט קויפען אַ מיקראָסקאָפּ און נאָך אַנדערע אינסטרומענטען פאַר אונזער לאַזאַרעט.

דעם 1—14 פעברואַל 1917 בין איך מיט מיין דענשטשיק צוזאַמען אָבגעפאָהרען פון בולבאָקאַ קיין מאָסקווע.

## מג.

אין יענע צייטען צו פאָהרען מיט דער אייזענבאַהן איז געווען אַ גרויסער נסיון. אָגב האָב איך מיט מיר געשלעפּט 5 קאָסטענס מיט פערשיעדענע פּראָדוקטען, וועלכע כ'האָב געוואָלט ברענגען פאַר מיין פאַמיליע קיין מאָסקווע. אָבגעבען די צלע זאַכען אויף באַגאַזש איז געווען אַ סכנה, וויל דעמאָלט האָט מען שוין געגנב'עט ניט נאָר פון די באַגאַזשנע וואַגאָנעס, נאָר פשוט פון אונטער די הענד. פאַר אַ טרונק בראָנפען האָב איך בעקומען אַנ־איבערשטען פּלאַץ אין אַ קופּע פון צווייטען קלאַס. די וואַגאָנעס זענען אָבער אַלע געווען פול געפּאַקט מיט מענשען, מיט קאַסטענס און טשעמאָדאַנען, דערהויפּט מיט אָפיצירען און סאָלדאַטען, ניט קוקענדיג, וואָס ס'איז אַרויס אַ בעפעהל, מען זאָל קיינעם קיין אורלויב ניט געבען. אין אונזער קופּע איז געווען אַ מאַן 12. די לופט איז געווען זעהר „שמעקעדיג". די מיט פּלויש בעדעקטע בענק האָבען כמעט געלעבט פון די טויזענדער פערשיעדענע מינים חיה'לעך וואָס האָבען געהאַט פאַר זיך אַ טייערען פּלאַץ וואו זיך צו ענטוויקלען, איהר מעגט מיר זיכער גלויבען, אַז

נאָך איין טאָג פאָהרען, וואָלט קיין פאַרסאַמשיר בשום אופן ניט געקענט קריגען קיין ענטלויזונגס־שיין. וואָס האָט מען אָבער געקענט מאַכען? מען האָט דאָך געמוזט פאָהרען!

ביז דער סטאַציע ראָזדעלנאַיאַ האָבען מיר זיך געשלעפּט אַ גאַנץ האַלבען מעת לעת. דאָ האָב איך געדאַרפט זיך איבערזעצען אין אַ צוג, וואָס גייט פון אָדעס קיין קיעוו. דאָס איז אָבער מיט קאַסטענס און פעקלעך געווען אוממעגליך, ווייל פון אָדעס זענען שוין תמיד אַלע פּלעצער און קאָרידאָרען געווען פאַרנומען, דעריבער האָב איך בעשלאָסען צו פאָהרען מיט דעמזעלבען צוג קיין אָדעס, וואו ס'איז געווען פיעל לייכטער צו בעקומען אַ פּלאַץ. איך האָב מיך אויך געוואָלט אין אָדעס זעהען מיט מיין פריינד, דעם משינאָווניק, וואָס האָט איצט עדיענט אין דער הויפּט מעדיצינישער פאַרוואַלטונג פונ'ם רומענישען פראָנט.

קיין אָדעס בין איך אָנגעקומען שפּעט אין דער נאַכט. כ'האָב אַלע מיינע זאַכען געלאָזען אויפ'ן וואָקזאַל אונטער דער השגחה פון מיין דענשטשיק און נאָך צוויי סאָלדאַטען פון אונזער לאַזאַרעט און אַליין בין איך אַוועק מיט אַן אַדרעסע אין שטאָדט זוכען אַ האָטעל, וואו איבערצונעכטיגען. מיר זענען אַריין אין ערשטען בעסטען האָטעל. מען האָט אונז געגעבען אַ קאַלט צימער מיט „נאַקעטע" בעטען, ד. ה. אָהן בעטגעוואַנט. די גאַנצע נאַכט האָב איך ניט געקענט קיין אויג צומאַכען, אַזוי איז געווען קאַלט. מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט, ס'זאָל שוין ווערען טאָג און איך זאָל פּטור ווערען פון דעם האָטעל.

אַרום 8 אַ זייגער אין דער פריה בין איך אַרויס פון מיין צימער. ביים אויסגאַנג האָט מען אונז דערלאַנגט אַ רעכנונג אויף 16 רובל! אַזאַ סומע איז אין יענע צייטען געווען קאָלאָסאַל! קיין ליאַרם און קיין סקאַנדאַל האָב איך אָבער ניט געוואָלט מאַכען, איך האָב אַרויסגענומען דאָס געלד, האָב אָבער אויף דער רעכנונג צו די 16 רובל צוגעשריבען: „פאַר אַ קאַלטען צימער אָהן בעטגעוואַנט בעקומען..." און האָב קאַטעגאָריש געפאָדערט פון בעל הבית ער זאָל די רעכנונג אונטערשרייבען. דער בעל־הבית האָט עס אָבער בשום אופן ניט געוואָלט טהון.

— „אויב אַזוי, זאָג איך, גיי איך, אַז צו דריי רובל פּראָ פּערזאָן איז פאַר אַזאַ אָנגענעהמע נאַכט איבעריגענוג!"

און, ניט מאַכענדיג מעהר קיין רעד, בין איך פון האָטעל אַרויסגעגאַנגען, דער בעל הבית האָט מיר קיין וואָרט ניט געזאָגט.

מיט פאַרשלאָפענע אויגען האָב איך אָנגעהויבען בעטראַכטען אָדעס, וואו איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען, נאָר כ'האָב געהערט, אַז דאָס איז זעהר אַ שענע שטאָדט.

— „לאָמיר טאַקי זעהען, טראַכט איך מיר, צי ס'איז ריכטיג דאָס שפּריכוואָרט: ער לעבט אַזוי ווי גאָט אין אָדעס!"

איך בין אַרויס אויף די פּושקינסקאַיאַ. שטעלט זיך אָבער פאָר מיין איבעראַשונג, ווען איך האָב פּלוצים געטראָפען מיין קאָרפּוסנעם דאָקטאָר, דעם סטאַטסקי סאָוויעטניק. איך האָב איהם בעגריסט, אָבער זיין בליק אויף מיר איז מיר ניט געפעלען געוואָרען, ער האָט אויף מיר געוואָרפען אַ בייז אויג און איך בין באַלד אַריינגעפאַלען אין אַ מרה שחורה.

— „אַ, דאָס איז אַ שלעכטער סימן, איך פאָהר דאָך אין אַ צייט, ווען אַלע אורלויבען זענען שטרענג פאַרבאָטען, הלוואי זאָל איך גוט אָפּשניידען!"

איך האָב שוין ניט געקוקט אויף אָדעס און בין אַוועק צו מיין פריינד, דעם משי־

באווניק. ער האט זיך מיט מיר זעהר דערפרעהט. איך האב איהם באלד דערצעהלט מיין שווער געמיטה.

— ע, זאגט ער, ס'איז בלאטע. ער וועט דערפון גארנישט מאכען, זייט רוהיג! איבריגענס האט איהר דאך איצט א צד אין טיש אויך, כ'מיין, איך בין דאך אין דער הויפט פערוואלטונג! אט וועל איך אייך טאקע באלד בעקאנט מאכען מיט נאטשאלסטווא; זארגט ניט, ס'וועט גוט ווערען!"

און ער האט מיך בעקאנט געמאכט מיט עטליכע הויכע בעאמטע פון דער מעדיצינישער פערוואלטונג און מיר איז אבער בעל לייכטער געווארען אויפ'ן הארצען. מיר האבען אפגערעדט זיך צו טרעפען ארום 2 דעם זייגער און גיהן צוזאמען מיטאג עסען.

ביז מיטאג האב איך געשפאצירט איבער די אדעסער גאסען. איך האב אויפגעזוכט עטליכע אלטע בעקאנטע פון ווארשא און האב פערגעסען פון דעם סטאטסקי כאוויעטניק.

ארום 2 א זייגער האב איך מיך געטראפען מיט דעם טשינאווניק און איך האב איהם אוועקגעשלעפט אויף מיטאג אין א יודישען רעסטאראן.

ביים מיטאג האט ער מיר דערצעהלט אז ער האט שוין ארייננעווארפען פאר מיר א גוט ווארט ביי נאטשאלסטווא און אז איך קען האפען גאר אין קורצען צו בעקומען א פאסענדע שטעל לויט מיין וואונש.

מיין פריינד האט מיך בעגלייט צום וואקזאל, וואו מען האט געדארפט קימען מיט עטליכע שעה פריהער איידער דער צוג געהט אב, ווייל אנדערש איז געווען אונמעגליך צו בעקומען א פלאץ. אויפ'ן וואקזאל האב איך געפינען אלע מיינע זאכען גאנץ. איך האב געהייסען מיין דענשטשיק און די צוויי אנדערע סאלדאטען ארויסטראגען די קאסטענס אויפ'ן פעראן און ווארטען אויף מיין סיגנאל. אליין האב איך גענומען א קליין פלעשעל בראנפען און בין אוועק מיט נאך אנ'אפיציר אין פארק, וואו די צוגען ווערען צונויפגעשטעלט און מיט דער הילף פון דעם דאזיגען פלעשעל האט מען אונז אריינגעלאזען אין א פוסטען וואגאן, וואו מיר האבען זיך בהרחבה געקענט אויסקלויבען די בעסטע פלעצער, נאטירליך, האב איך פערנומען א אויבערשטע באנק, כדי קיינער זאל מיר ניט קענען שטערען. וואס זאל איך אייך זאגען, אזעלכע קלוגע ווי איך זענען געווען א סך און אין א האלבע שעה ארום זענען שוין אלע אויבערשטע פלעצער פערנומען געווארען.

ווי נאר מען האט דערלאנגט דעם צוג צום פעראן, האב איך באלד געגעבען א סיגנאל מיינע סאלדאטען, וועלכע האבען מיר דערלאנגט דורכ'ן פענסטער אלע זאכען. ארום די וואגאנעס איז געווארען א שרעקליכער טומעל: דער עולם האט זיך א לאז געטהון צו די וואגאנעס, ווי אויף אנ'אטאקע. מען האט זיך געשטופט, מען האט זיך געזידלט, פונקט אזוי ווי היינטיגע צייטען ביי אונזערע ווארשאוער טראמווייען. אונזער וואגאן איז מאמענטאל געווארען פול מיט פאסאזשירען און אין אונזער קופע זענען געווען אַזש 15 פארשוין; די קארידארען זענען, ווי דער שטייגער, געווען פערנומען מיט סאלדאטען, מיט קאסטענס און ד. גל. די וואגאן=פלאטפארמעס און אפילו די קלאזעטען זענען געווען פול בעזעצט. ס'איז געווען אוממעגליך זיך ארויסצוקריגען פון קופע און די מאגען-ליידענדע פאסאזשירען האבען געליטען גרויסע יסורים. מען האט דאך אבער פארט געמוזט זיך אמאל ארויסקריגען פנ'ם וואגאן, איז קיין אנ-

דער עצה נישט געווען, ווי צו ווארטען ביז דער צוג וועט זיך אָבשטעלען אויף א סטאַציע און אַרויסצוקריכען דורכ'ן פענסטער! יאָ, דעמאָלט צו רייזען, בעמאַן איך נאָכאַמאָל, איז געווען א גרויסע העלדישקייט!

פערשיעדענע מענשען זענען געווען ביי אונז אין קופע; מיר האָבען זיך אָבער באַלד אַלע איינגעלעבט, בעפריינדעט, ניט געווען קיין אונטערשייד יוד, קריסט. איינער פלעגט מכבד זיין דעם צווייטען מיט וואָס ער האָט נור געהאַט. ביי טאָג פלעגען די אויבערשטע פאַסאַזשירען אָבטרעטען זייער פלאַץ פאַר די אונטערשטע, כדי זיי זאָלען זיך אויך קאָנען א פאָר שעה אויסרוהען.

---

## מד.

איבער צוויי מעת־לעת זענען מיר פאַרוואַליע געפאָהרען פון אָדעס ביז קיעוו.

אין קיעוו איז געווען דיזעלבע מעשה ווי אין אָדעס: ווידער א ביסעל בראָנפען, ווידער פארק און ווידער אַ'אויבערשטער פלאַץ.

ערשט אויפ'ן זעקסטען טאָג נאָך מיין אָבפאָהרען פון בולבאקא בין איך אין צווענר אָנגעקומען קיין מאָסקווע א פערמאַטערטער, א פערפרוירענער. איך האָב מיך אָבגעוואוינט פון מאָסקווער פרעסט אוי! דאָ האָט דער פראָסט „געברענט" אזש ממש עס איז געווען שווער צו עטע־מען.

ענדליך בין איך צוגעפאָהרען צו מיין היים; דאָס הארץ קלאַפט שטאַרק, ווייל איך האָב דאָך נישט געגעבען צו וויסען, אַז איך קום. קיין בריעף האָב איך אויך נישט געהאַט שוין א וואָך פיער; ווער ווייסט, צי אַלץ איז אין דער היים בשלום? איך קליינג אַן, מען עפענט מיר. אָבער מיין פרוי בעגעגענט מיך אָהן שמחה, עפּיס איז זי אַזוי ווי פערוויינט... זי זאָגט מיר באַלד, אַז ביי אונז אין דער היים איז אַלץ אין דער בעסטער אָרד־נונג.

— „וואָס זשע זאָל דאָס ווייזען? אַט אַזוי בעגעגענט מען א מאַן, וואָס קומט פון אַזאַ ווייטען וועג פון דער סאַמע מלחמה? ווער ווייסט? אפשר האָבט גאָר געקריגען א דעפּעשע, אַז איך זאָל תיכף צוריקפאָהרען? האַ?" — פרעג איך מיט א געלעכטער.

און שטעלט אייך פאָר מיין עגמת נפש ווען מיין פרוי דערלאַנגט מיר טאַקי א דע־פּעשע פון מיין גלאַוונעם, וועלכע איז מיט א טאָג פריהער אָנגעקומען, אַז לויט'ן בע־פעהל פון דעם קאָרפּוסנעם דאָקטאָר זאָל איך תיכף ומיד צוריקקומען אין לאַזא־רעט...

נא דיר א יאָזדע! צי האָט עס געלוינט צו מאַכען אַזאַ שווערע און לאַנגע נסיעה, כדי איך זאָל מיך נישט קאָנען אפילו אָנוואַרימען אין דער היים? דאָס איז שוין צו באַרבאַריש! אַז עס איז מיר באַלד וואַריין אין קאָפּ דער גראַטע, אַז דאָס שפּיצעל האָט מיר אָבגעטהון יענער כמאַטסקי סאַוויעטניק, ימח שמו.

נישט לאַנג אָבער האָב איך געהאַלטען די נאָז אַראָבגעלאָזען. איך בין דאָך עפּיס געווען א מלחמה־מענש! איך האָב באַלד בערוהיגט מיין פרוי און האָב איהר געזאָגט:

— „זאָרג נישט, עס איז נישט אַזוי שלעכט, ווי דו שטעלסט דיר פאָר. ערש־טענס מוז איך מיך אויסרוהען! דאָ קאָן מיך קיינער נישט צווינגען, איך זאָל שוין לאָפען פאָהרען צוריק. צווייטענס איז דאָך מיין אַרצטליכער אורלויב אַנולירט, ווי באַלד מען רופט מיך צוריק, ד. ה. אַז

ווען מען וועט ווידער ערלויבען צו פאָהרען אין אָטפּוסק, וועל איך דאָך דעמאָלט זיין דער ערשטער קאַנדידאַט. און עס קאָן זיין, אַז אין אַ חודש־צוויי אַרום וועל איך ווידער קומען אויף דריי וואָכען; און דאָך אַ מנוחה־שעה דערווייל אויך גוט, דערווייל זעהען מיר זיך דאָך און איך פערזיכער דיר, אַז איך וועל בלייבען אַ פּאָר טאָג. נישט געזאָרגט, ס'וועט גוט זיין!"

אַ גאַנצע וואָך בין איך געבליבען אין מאָסקווע. איך האָב בעוויזען גענוי צו בעטראַכטען דאָס דאָמאָלסטיגע לעבען אין דער הויפּטשטאָדט. עס האָט זיך געשפּירט אין דער לופט, אַז עס איז ניט פרעהליך. ס'איז געווען גענוג צו זעהען די אומענדליכע אָגאָנקעס ביי די ברויט־קראָמען. עס האָט שוין דעמאָלט אין מאָסקווע עקזיסטירט דאָס קאַרטען־סיסטעם, פון וועלכען מען האָט פריהער חוזק געמאַכט, בעת עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין דייטשלאַנד. די אָרימע בעפעלקערונג פלעגט זיך אויפשטעלען שוין בעגינען און ווי געשמאַק עס איז געווען צו שטעהן אויף דעם 40־גראַדיגען פראָסט האָט מען געקאָנט זעהען פון די צייטונגען, וואו עס איז יעדען טאָג געשטאַנען אַ רשימה פון פערפרוירענע מענשען ביי די אָגאָנקעס.

דער המון האָט געברומט, גערעדט האַלבע ווערטער אָבער בקול רם. און עס האָט זיך פּשוט נישט געגלויבט, אַז אין רוסלאַנד, וואו ברויט איז אַלעמאָל געווען לרוב, האָט מען איצט געמוזט אַ׳ סטוילען צו דריי פערטיל פונט אַ טאָג פאַר אַ מענשען. איך בין געוואָרען ערשטוינט, אַריינגעהענדיג אין פיליפּאָוו'ס קאַוויאַרניע. דאָרט האָט מען אַלעמאָל געקענט בעקומען פון כל־טוב: כלערליי געבעקסען, פערשיעדענע סאָרטען ברויט, די בעריהמטע פּיראָזשקעס, טשאַסטעס, וואַטרושקעס

און איצט... איז דאָרטען געווען חושך, מעהר ווי שוואַרצע באַנק־ברויט האָט מען דאָרט נישט געקאָנט קריגען; און רוסלאַנד, וואו ברענהאָלץ איז געווען אַלעמאָל זעהר פיעל, וואו כמעט אונטער מאָסקווע האָט עס געפעהלט אין די וועלדער, פלעגען מענשען אין מאָסקווע פריהרען אין זייערע וואוינונגען, מחמת מען האָט נישט געקענט קריגען אפילו פאַר געלד אַ סאַזשען האָלץ, ווייל עס איז נישט געווען מיט וואָס ארויסצופיהרען דאָס פון די וועלדער, דער גאַנצער קאָמוניקאַציאָנס־אַפּאַראַט איז געווען צובראָכען! אפילו די מאָסקווער טראַמווייען האָבען אויסגעזעהן שמוציג, אָבגעבראָכען, אָבגעריסען, זיי האָבען אָהן רחמנות געטריסעלט די פּאַסאַזשירען...

מען האָט שוין געקאָנט זעהען אין מאָסקווע מאַסען פרויענצימער אַלס טראַמוויי־קאָנדוקטאָרען, אַלס איזוואָזטשיקעס...

איך האָב בעוויזען צו זיין אין „כודאָזשעסטווענני" טעאַטער. דאָ, אין דעם וואַרימען און ליכטיגען זאַל, זעהענדיג די פּראַכטפולע אויספיהרונג פון דער פּיעסע „די בעל־הבית'טע פון האָטעל", האָב איך פערגעסען פון מיין ווייטען לאַזאַרעט, פון דעם סטאַטסקי סאָוויעטניק און פון די אַלע מאָסקווער גאַסען־בילדער.

דעם 12 (25) פעברואַר 1917 בין איך פון מאָסקווע אָבגעפאָהרען. איצט האָב איך בעקומען אַ פּלאַץ אין אַ ספּעציעלען וואַגאָן פאַר מיליטער־לייט. אונזער קופּע איז געווען פיל געפּאַקט מיט אָפיצירען. אונטערוועגס האָבען מיר זיך נאַטירליך אַלע גאָר אינגיכען בעפריינדעט און מען האָט ביז קיעוו געשמועסט מעניני דיומא. דאָ האָב איך געהערט אַ שאַרפע קריטיק איבער דער טעטיגקייט פון די העכערע ספערען. מיינע קופּע־חברים זענען כמעט אַלע

געווען זעהר פעסימיסטיש געשטימט און האבען ארויסגעזאגט זייער מיינונג, אז די דיסציפלין איז און דער ארמעע געפאלען, אז צווישען די קאמאנדירען פון די ארמעען, קארפוסען און דיוויזיעס קומען פאר רייבונגען און דעריבער קריגען מיר טאקי אזוי פיעל קלעפ אומעטום. איינער אן אפיציר האט דערצעהלט, אז די לעצטע צייטען זענען פארגעקומען פאלען, אז סאלדאטען האבען דער'הרג'עט אפיצירען, אויף וועלכע זיי האבען געהאט אנ'אויג. ווען עס וועט זיך ענדיגען די מלחמה, ווי אזוי זי וועט זיך ענדיגען, האבען מיר קיינער זיך גאר־נישט געקענט פארשטעלען.

שוידערהאפטע בילדער פלעגען מיר זעהען אויף אלע וואקזאלען, איבערהויפט אויף די גרעסערע סטאנציעס. אומעטום, אין אלע זאלען, אין אלע קארידארען, אויף די פעראנען זענען געזעסען און געלעגען מענשען דאס רוב סאלדאטען מיט זעק, מיט פעקלעך... אלע זענען געווען אויסגעמאטערט, אויסגעהונגערט, פערשלאפען. ווי אזוי די מענשען האבען זיך געהאלטען און פלעגען נישט פאלען, ווי פליגען — איז פאר מיר געווען אונפערשטענדליך. זיי זענען געווען אייזען־שטארק.

דער קיעווער וואקזאל האט אויסגעזעהן ווי א לאגער, אפילו אין דעם ווארטע־זאל פון דער ערשטער קלאס איז נישט געווען, וואו זיך אנצושפארען. מהיכי האט מען שוין דארטען דערלאנגט אהין צוקער.

און דאס אלץ איז געווען נאך אין ניקאלאי'ס צייטען. די רעאקציע האט נאך דאמאלס געהאט איהר מאכט, וועלכע האט שוין אבער אנגעהויבען צובראקלעווען צו פלאצען.

פון קיעוו בין איך געפאהרען דירעקט קיין אדעס, וואו איך האב מיך ווידער גע־זעהן מיט מיין פריינד, דעם טשינאווי־ניק. דערזעהענדיג מיך, האט ער אויסגע־גלאצט א פאר אויגען.

— „סטיעפּאַ? וואס איז געשעהן, וואס איהר זענט שוין אזוי שנעל צוריק?“ פרעגט ער מיך.

און איך האב איהם דערצעהלט די גאנצע מעשה מיט דער דעפעשע. ער האט נישט געגלויבט, אז דאס זאל זיין א שפּיצעל פון דעם סטאטסקי סאוויעטניק.

— „ניין! מען דארף אייך, ה' דאקטאר, געוויס האבען אין לאזארעט, נישט אנ־דערש“.

דעמזעלבען טאג בין איך פון אדעס אוועקגעפאהרען איבער בענדערי קיין עטולעיא. פון דאנען בין איך מיט א פוהר געפאהרען קיין בולבאקא.

דרויסען איז געווען ווארים און עס האט זיך מיר גארנישט געגלויבט, אז מיט עטליכע טעג פריהער האב איך אין מאסקווע נישט געקאנט אויסהאלטען פון קעלט.

איך בין צוגעפאהרען צו מיין דירה. עס קומט מיר ארויס אקעגען מיינער א יונגערער קאלעגע. איך האב איהם תיכף געפרעגט, וואס איז געשעהן? צו וואס האט מען מיך פלוצים ארויסגערופען פון מאסקווע?

— „זייט רוהיג, חבר, זאגט ער צו מיר, ס'איז גארנישט! אין א פאר שעה ארום נאך אייער אבפאהרען פון דאנען האט דער עלטער בעקומען א דעפעשע, אז ער זאל אייך תיכף ומיד אוועקשיקען אין שטאב פון דעם 30־טען קארפוס וואו איהר דארפט מאכען זעהר וויכטיגע באקטעריאלאגישע אונטערזוכונגען. דער עלטער האט אפילו געוואלט דעמאלט באלד שיקען א רייטער אום אייך צוריקצובריינגען פון דער סטאציע, נאר איך און דער צווייטער קאלעגע האבען דערצו נישט דערלאזען, ווייל מיר האבען נישט געוואלט שטערען

איך אין איינער רייזע. מיר האבען איהם איינגערעדט צו דעפעשירען קיין כאַרקאָווע בוינבענדיג. אז איהר וועט אויף די דעפעשע נישט שטארק רעאגירען און איהר וועט דאך בלייבען א פאר טאג“.

איך האב מיך בערוהיגט און בין אריין צום אלטען, וועלכער איז פון מיין נייער שטעל ניט געווען שטארק צופרידען. ער האט אפילו געוואלט שרייבען א ראפארט, אז מען זאל מיך לאזען אין לאזארעט, וואו איך בין נישט ווייניגער נויטיג געווען, ווי אין דעם שטאב פון 30־טען קארפוס. מיר איז אבער דאס מיטעלעבען אין בולבאקא שטארק בערמיאוסט געווארען, מיין אונרוהיגע נאטור האט שוין געוואלט האבען נייע איינדריקען און אגב האב איך גלאט ניט געוואלט ברעכען די ליניע פון מיין שיקזאל.

— „אזוי איז געשעהן, נתמא דארף אזוי זיין!“ האט מיר געזאגט מיין אינערליכע שטימע.

און איך האב געבעטען דעם אלטען ער זאל זיך ניט סטארען וועגען מיין בלייבען אין לאזארעט. — איך האב מיך גוט אויסגערוהט א טאג דריי און האב מיך גענומען קלייבען אין וועג אריין. דער אלטער האט מיך געוואלט פערהאלטען נאך צוויי א פאר טעג. דאן האב איך איהם פשוט געפרעגט:

— „צו וואס זשע האסטו מיר טעלעגראפירט אז איך זאל תיכף ארויספאהרען פון מאסקווע אוודאי איך בין נאך דארטען גע־קומען און איצט ווילסטו מיך פערהאלטען? האסט דאך כלל געקענט ווארטען, ביז איך וועל נארמאל צוריקקומען און נאטשאל־סטווא ענטפערן, אז איך בין, עס קען גע־ווארען קיין מאסקווע מיט א קאמאנדי־ראווקע! נאר פערפאלען, כ׳וועל דא לענ־גער נישט בלייבען!“ פאר׳ן אבפאהרען האב איך מיך היים געזעגענט מיט אונ־זער קאמאנדע, מיט די געלישטערם און בין געווען געריהרט ביז גאר, ווען די פראסטע מוזשיקעס, די אנאלפאבעטען, די זאלדאטען, ווי מען רופט זיי ביי אונז, האבען מיר דערלאנגט צום אנדענקען א פראכטפולע לעדערנע פאפקע מיט א גע־דרוקטען אדרעס, און וועלכען זיי האבען מיר מיט פשוט׳ע ווערטער, וואס זענען גע־גאנגען פון טיעפען הארצען, געדאנקט פאר מיינע מענשליכע בעציהונגען און פאר מיין אויפמערקזאמקייט צו זיי.

מיט דעם גלאוונעם און מיט מיינע קא־לעגען האב איך מיך אויך היים געזעגענט און בין אבגעפאהרען פון לאזארעט זוכען דעם 30־טען קארפוס און געזוכט האב איך איהם א טאג פיער.

---

## מה.

בשעת איך בין אבגעפאהרען פון באבא־קא איז געווען דער הימעל פערוואלקענט און דער וועטער איז געווען נישט קיין איבעריג קאלטער, ווען מיר זענען אבגע־פאהרען א ווערסט פיער, האט זיך פלוצ־לונג אויפגעהויבען א שטארקער שטורם־ווינד, ס׳איז אראבגעפאלען א גרויסער שניי, אבער א שניי א דראבנינקער, א שארפער, וועלכער האט געשמיסען אי־בער׳ן פנים, וועלכער איז אריינגעקרא־כען הינטער דעם קאלנער, און בוזים, און אומעטום. דער וועג איז אין איין רגע פער־שאטען געווארען מיט שניי און ס׳איז פון איהם קיין סימן געבליבען. מיר הא־בען פלוצלונג פערלוירען די ריכטונג צו דער סטאנציע. די גאנצע לופט ארום האט געקאכט, ווי א קעסעל. אונזער לאגע איז געווען א ביטערע. איך, מיין דענשטשיק און מיין קוטשער האבען זיך צוגעטוליעט

איינער צום צווייטען און האבען זיך בעדעקט מיט וואַט. מיר האבען געהאט, אבי דער שניי זאל אונז נישט שמייסען אין פנים. אַ! די נסיעה'לע וועל איך קיינמאל נישט פערגעסען! מיין קוטשער האט אט לו פראָפּאָנירט, מיר זאלען זיך אומקערען צוריק קיין בולבאקא, איך האב אָבער וועגען דעם נישט געוואָלט הערען.

העכסטער א שעה זענען מיר אזוי געשטאַנען אין פעלד און ארום אונז האט אלץ ניעבושעוועט די זאַווירוכע. מיר האבען געפרובט צו פאָהרען ווייטער. ביסלעכווייז איז דער ווינד געוואָרען שטילער און שטילער, דערפאר אָבער איז דער שניי געוואָרען אזוי טיעף, אַז ס'איז אונז געווען שווער זיך צו בעוועגען. מיין קוטשער האט מיט גרויס מיה געפונען דעם ריכטיגען וועג און מיר זענען ענדליך געקומען אויף די סטאַנציע פערמאַטערטע, פערפרוירענע.

אָבגעשטעלט האָב איך מיך אויף דעם ערנעהרונגס־פונקט פון דער אלרוסישער זעמסקער אָרגאַניזאַציע. די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע מוז איך דערמאָהנען צו גוטען, ווייל זי האט כמעט אויף יעדער סטאַנציע איינגעאָרדענט פונקטען, וואו די דורכפאָהרענדע אָפיציערען און סאָלדאַטען פלעגען בעקומען גאַנץ אומזיסט און צו יעדער צייט טהיי, צוקער ברויט און מיטאָגען. אויסערדעם איז ביי יעדער פונקט געווען א געביידע, אָדער א גרויסע פאַלאַטקע, וואו מען פלעגט קאָנען אוועקלעגען די זאַכען און אויך נעכטיגען.

און איך האָב מיך טאַקי אויף דעם פונקט גוט אויסגערוהט. איך האָב מיך אַצינד געפיהלט, ווי א פרייער פויגעל. און האָב מיך גאַרנישט געאיילט צו פאָהרען אויף מיין נייער שטעלע. קודם־כל האָב איך געדאַרפט געפינען דעם 30־טען קאָרפוס. וואו געפינט מען איהם? איך בין אַוועק צום קאָמענדאַנט פרי צו מאַכען א ספּראַווקע וועגען דעם ענין. ער האָט געזוכט, געקוקט אין פערשיעדענע פאַפּירען און ענדליך זאָגט ער צו מיר, אַז דער 30־טער קאָרפוס שטעהט ערגיץ וואו אין רומעניען, אויף ריכטיג אָבער ווייסט ער נישט. ער האָט מיר געגעבען אַן עצה צו פאָהרען ענטוועדער קיין בענדער אָדער קיין רעני: די דאָרטיגע קאָמענדאַנטען, הייסט עס, וועלען מיר געוויס זאָגען, וואו דער 30־טער קאָרפוס געפינט זיך. ס'איז פאָלג מיר א גאַנג! שלעפּ זיך מיט די אַלע פעקלעך און טשעמאָדאַנען אַהער און אַהין. ס'איז מיר גאַר פלוצלינג אַריין אין קאָפּ א פּלאַן צו פאָהרען אפשר קיין מאָסקווא און דאָרטען פרעגען אין שטאַב וועגען מיין קאָרפוס! גלויבט מיר זיכער, אַז ביי דעמאָלס־יגער אָרדנונג האָב איך עס גאַנץ רוהיג געקאָנט מאַכען און אַנ'אַנדערער אויף מיין שטעלע וואָלט עס געוויס געמאַכט; איך האָב אָבער נישט געהאַט וואו צו לאָזען מיינע זאַכען און מיין דענשטשיק.

איך האָב בעשלאָסען צו פאָהרען קיין רעני. דאָס איז, ווי איך האָב שוין אַמאָל געשריבען די גרענעץ־שטאָדט צווישען בעסאַראַביען און רומעניען.

דאָ האָב איך מיך ווידער אָבגעשטעלט אויף א טאָג און בין אַוועק צום קאָמענדאַנט, וועלכער האָט מיר אויך קיין קלאָרע תשובה נישט געגעבען וועגען דעם 30־טען קאָרפוס. ער האָט מיר געהייסען פאָהרען קיין גאַלאַץ צו דעם דאָרטיגען קאָמענדאַנט.

איך בין פון דער קאָרפוס־זוכעניש גאַרנישט בעוואָרען נתפעל, פערקעהרט, איך בין גאַר געווען צופרידען פון דער מעשה. און טאַקי אַזוי, איז דען שלעכט אַרום צו רייזען פראַנק און פריי איבער דער וועלט? און נאָך דערצו אַרומרייזען

אזוי ווי איך! אמת, איך האב געהאט א מאסע פעקלעך, זעקלעך, טשעמאדאנטשיקעס, א פעלד-בעט און נאך אנדערע זאכען, איך האב אבער אויך געהאט א זעלטענעם דענשטשיק און א גוטער רעג־שטשיק מוזט אזהר וויסען, אז אויף א מלחמה א גאנצער אוצר; ער פערלייכטערט דאס לעבען אויף 100 פראצענט און זייד מיר טאקי ווידמען א פאר ווערטער מיין דענשטשיק, וועלכער האט אין מיין מלחמה-לעבען געשפיעלט זעהר א וויכטיגע ראלע. אט וועל איך אייך מיט איהם בעסער בעקאנט מאכען: מיין סעמיאן איז א פאליאק פון אונטער טאמאשאוו. איך האב איהם גענומען פאר א דענשטשיק פון דער ראטע נאך אין קארטוז-בערעזא און ער איז ביי מיר געבליבען ביז דעם לעצטען טאג פון מיין סלוזשבע. גרויס מיה פלעגט מיר קאסטען איהם אריבערצושלעפען פון איין ארט אויף דעם צווייטען, וואו איך פלעג זיין נאזנאטשעט אדער איהם צו פערהאלטען אין לאזארעט בעת מען האט אלע יונגערע סאלדאטען ארויסגענומען פונ'ם טייל אין די צאלאפעס אריין... ער האט מיט מיר צוזאמען אומעטום ארומגערייזט, ער איז געווען אין טווער, אין פינלאנד, אין פעטערבורג, אין מאסקווע, אין רומעניען הכלל אומעטום, וואו איך בין נאר געווען. ער פלעגט אלעמאל זאגען, אז ער וועט האבען אויף דור דורות צו דערצעהלען. און אויב ער איז פון דער מלחמה ניצול געווארען און פוילט נישט ערגיץ וואו אויף א שלאכט־פעל האט ער עס מיר צו פערדאנקען.

און סעמיאן האט עס הפנים פערשטאנען, ווייל ער איז מיר געווען איבערגעגעבען מיט לייב און זעעל. צווישען אונז האט זיך ביסלעכווייז געבילדעט א מאדנע פריינדשאפט, כ'וועל זאגען אפילו אזא מין ברידערליכקייט. און וואס פאר א שווערע לאגע איך פלעג נישט זיין אריינגעבראכט, האב איך אלע מאל געהאט מיין בעט, פון הינטער דר'ערד פלעגט ער ברענגען קאכעריגען טהיי און ד. ג.

צווישען מיר, א יודען, און צווישען איהם, א פאליאק, האט געהערשט די פולסטע הארמאניע. הלואי אויף אונז אלעמען געזאגט געווארען אין היינטיגע צייטען! צי איז ער אבער איצט נישט פערגיפטעט געווארען דורך דער פוילישער פרעסע, צי שניידט ער נישט איצט אמאל ארויס ערגיץ וואו ארום טאמאשאוו א יודיש בערדעל—דאס ווייס איך נישט. און איך וויל עס נישט גלויבען, ווייל ער האט זיך צופיעל צוגעקוקט צום יודישען לעבען אומעטום, וואו מיר זענען געווען, ווייל ער האט איינגעזעהען, אז א יוד צו א קריסט איז אלע מאל און אומעטום פריינדליך, אז ביי יודען עקזיסטירט נישט קיין ווילדע, טהירישע ראסען-שנאה צו קיין נאציאן אין דער וועלט. אט נאר דא נישט לאנג האט ער מיר געשריבען א בריעף, אז ער האט בדעה צו קומען צו מיר צו גאסט, ווי נאר ס'וועט ווערען בעסער אויף דער וועלט.

די אונטערשטע שורה, כ'האב געמוזט פון רעני פאהרען קיין גאלאץ, ד. ה. ווידעראמאל קיין רומעניען, מיט וועלכער איך האב מיך מיט אזא פערגניגען שוין געהאט אמאל געזעגענט. דאס האט מיר אפילו נישט געשמעקט, אבער כלוזשבע איז סלוזשבע. אגב האב איך נאך צוליב געהאט בדעה דורכצושטודירען דאס יודיש-רומענישע לעבען, וועגען וועלכען כ'האב נאך ביז איצט געהאט א קליינע אהנונג.

פון רעני ביז גאלאץ איז געווען נישט מעהר ווי א ווערסט 15. קיין באהן איז צווישען די צוויי שטעדט נישט געווען, מחמת סטראטעגישע טעמים. איצט אבער

האָט מען צוליעב דיזעלבע טעמים יאָ געמוזט מאַכען אַ באַהן. דאָס האָט אָבער בײַ אונזערע אָרגאַניזאַציעס זעהר לאַנג געדויערט און כּדי ס'זאָל זײַן פאַר דעם מיליטער בעקוועם, האָט מען די ליניע ניט צוגעצויגען ביז רעני'ער וואָקזאַל, נאָר אַ וויאָרסט 4 פון איהם און מ'האָט זיך געמוזט שלעפּען צו דער נײַער ליניע אין אַ שרעקליכער בלאָטע. און די ליניע גופא איז געווען געבויט אַזוי שוואַך, אַז ס'איז געווען פשוט אַ סכּנה מיט איהר צו פאָהרען.

דעריבער האָב איך בעשלאָסען צו פאָהרען די 15 וויאָרסט מיט אַ פוהר, וועלכע כ'האָב בעקומען בײַם קאָמענדאַנט.

אַ שעה דרײַ האָב איך מיך געשלעפּט איבער אַ בלאָטיגען טראַקט ביז איך בין געקומען קײן גאַלאַץ. כ'האָב מיך אָפּגעשטעלט אויף דער באַהן-סטאַציע...

די רוסישע וואָקזאַלען זענען אין יענע צײַטען געווען גענוג שמוציג, אָבער אַזאַ שמוץ, וואָס האָט געהערשט אויף דעם גאַלאַצער וואָקזאַל, בין איך גאָר ניט אימשטאַנד צו בעשרײַבען.

די זאַכען מײַנע האָב איך אַוועקגעלעגט אין אַ צימער, וואָס איז געווען בעשטימט פאַר דורכרײַזענדע אָפיצירען. דאָרט זענען אַפילו געשטאַנען האָלצערנע בעטלעך, וואו מען האָט זיך געקאָנט אויסרוהען. אָבער אין יעדען בעטעל איז געווען אַ גאַנצע וואַנצען-רעפּובליק, אַזוי, אַז, למשל, איך וואָלט בעסער איבערגעשטאַנען דרײַ מעת-לעת אויף די פיס, איידער זיך אַוועקלעגען אויף אַזאַ בעטעל כאָטש אויף איין רגע. שוידערהאַפט! דאָס גאַנצע וואָקזאַל-געבײַדע האָט אויסגעזעהן אָפּגעריסען אָפּגעצופּט, פינסטער אַזוי ווי אין אַ טורמע!

אָנגעקומען קײן גאַלאַץ זענען מיר פאַר נאַכט און איך האָב געמוזט נעכטיגען אין דעם אויבענדערמאָהנטען צימער. סטעפּאַן האָט מיר אַפילו אַוועקגעשטעלט מײַן פעלד-בעט ערגיץ אין אַ ווינקעל. איך האָב אָבער די גאַנצע נאַכט מיט אַ'אויג ניט צוגעמהון, ווײַל ס'האָט זיך מיר אַלץ געדוכט, אַז עס קריכען אַרום מיר פערשיעדענע קליינע בעשעפּענישען. אויסערדעם, פלעגען יעדען מאָמענט קומען אין אַכסניה פרישע אָפיצירען, מ'האָט געקלאַפּט, גערוישט און איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט אײַנשלאָפען.

צומאָרגענס בין איך באַלד אין דער פריה אַוועק צום קאָמענדאַנט. מײַנט איהר אפשר, אַז ער האָט מיר שוין אויף ריכטיג געזאָגט, וואו דער 30-טער קאָרפּוס געפינט זיך? אַ טעות!

— דער 30-טער קאָרפּוס — זאָגט מיר דער קאָמענדאַנט — איז געשטאַנען אין דעם רומענישען שטעדטיל טעקוטש. צי ער שטעהט נאָך דאָרט אויך יעצט — ווייס איך ניט. אַם בעסטען וואָלט געווען, אַז איהר זאָלט פאָהרען קײן ברײַלאַ, וואו עס געפינט זיך דער אָפּעראַטיווער טײַל פונ'ם פראָנט-שטאַב. דאָרט וועט איהר שוין בעקומען די ריכטיגע ידיעות וועגען דעם קאָרפּוס.

מילא. ברײַלאַ, זאָל זײַן ברײַלאַ! לאָמיר פאָהרען אַהינצו!

דערווײַל האָב איך בײַם קאָמענדאַנט גענומען אַ קוויטעל אויף אַ צימער אין אַ האָטעל. כ'האָב געוואָלט בלײַבען אין גאַלאַץ עטליכע טעג, כּדי אָנצוהויבען זיך גענוי צו בעקענען מיט דער לאַגע פון אונזערע ברידער אין רומעניען.

## מז.

פון דעם קאָמענדאַנט בין איך אַוועק אין שטאָדט אַרײַן. אַ גאַנץ אַנדער פּנים האָט איצט בעקומען גאַלאַץ. ווען איך בין

דאָ געווען מיט אַ חדשים פֿיער צוריק, איז געווען לעבעדיג. די געשעפֿטען זענען געווען פֿול מיט סחורות. איצט אָבער זענען דאָס רוב געוועלבער געווען פּוסט, פֿערמאַכט. שפּייז-פּראָדוקטען האָט מען דאָרט ניט געקאָנט בעקומען, אַפֿילו קיין ברויט, קיין קאַרטאָפֿעל (אַזוינע מיניִם שעפּסען-קען) האָט מען אין ערגעץ ניט געזעהן. די יודען, וואָס איך האָב געטראָפֿען אין די גאַסען, וואָס זענען געשטאַנען נעבען זייערע קליי̆טען, האָבען געהאַט פֿער׳חושכ׳טע פּנים׳ער, זענען געשטאַנען פֿער׳דאגה׳ט מיט אַנ׳אומרוהיגען צושראָקענעם בליק.

איך האָב אויפֿגעזוכט מיין אַלטען בעקאַנטען ה׳ שפּ. פֿון קאָנסטאַנצאַ. ער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפֿרעהט.

— „נו, וואָס-זשע הערט זיך ביי אייך גוטס?“ — פֿרעג איך איהם.

— „אַך, ליעבער האָקטאָר, — זאָגט ער צו מיר, — איהר האָט קיין שום בעגריף ניט, ווי שווער ס׳איז אונז צו לעבען. אויסער די אומענדליכע פֿערפֿאָלגונגען, שיקאַנען, וואָס מיר, יודען, שטעהען-אויס מצד דער רעגירונג, פֿון דער געזעלשאַפֿט און דערהויפּט פֿון דער פּרעסע, האָבען מיר ניט וואָס צו עסען. און דאָס איז דאָס שרעקליכסטע. ס׳איז שווער צו קוקען אויף די קליינע עופֿה׳לער, פֿאַר וועלכע מיר קאָנען אַפֿילו קיין טראָפּען מילך ניט בעקומען. פֿליישׁ האָבען מיר שוין חדשים-לאַנג ניט געזעהן, ווייל אַלע בהמות זענען רעקווירירט און מען טאָר ניט שעכטען און פֿערקויפֿען כשר פֿליישׁ. ברויט קאָן מען נאָך יאָ קריגען. אונזער איינציגע אכילה זענען „פּאַסאָלעס“. איהר ווייסט מסתמא ניט, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ מאכל און איהר זאָלט עס ניט וויסען. דאָס איז אַזאַ יויך פֿון בעבלעך מיט קנאָבעל פֿערקאָכט אין פֿראָסט וואַסער, ניט מעהר! און דאָס עסען מיר טאָג-טעגליך. מיר לעבען תמיד אין שרעק, טאָמער מאַכט מען פּלוצלינג אַ רעוויזיע, און ווי די רעוויזיעס געהען-צו ביי יודען וויל איך אייך ניט בעשרייבען, איהר פֿערשטעהט עס אַליין גאַנץ גוט. מיר זעהען אַזוי ווי פֿערשאָלטען. ניטאָ צו וועמען זיך צו ווענדען נאָך הילף. אונזער געשריי קאָן קיינער ניט הערען, ווייל די וועלט איז אַרום און אַרום פֿערמאַכט. מיר טראָגען ניט אַ פּנים פֿון טהון! איין גאָט ווייסט, ווי מיר ליידען מאָראַליש און ווי מען פּייניגט אונז פֿיזיש. ס׳איז חאָ אַ סך צו דערצעהלען! צו אַלע צרות געפֿינט זיך גאַלאַץ אינגאַנצען 15 קילאָמעטער פֿון דער פּאָזיציע און די שטאָדט ווערט טאָג-טעגליך בעשאָסען פֿון אַעראָפּלאַנען. מיר האָבען קיין מנוחה שעה ניט. אָט, זעהט איהר, איך בין אייך מקנא, דאָס הייסט, אייך, רוסישע יודען. אמת, מען פֿערפֿאָלגט אייך אויך. אָבער ביי אייך איז די פֿערפֿאָלגונג גאָר אַנ׳אַנדערע. ביי אייך פּראָטעסטירען די אָנגעזעהענסטע קריסטען געגען דער רעגירונג פֿאַר איהרע מעשים בנוגע יודען און ביי אונז איז... חושך! מיר לעבען אָהן אַ שום האָפֿנונג אויף בעסערע צייטען. עס טהוט מיר זעהר לייד, וואָס איך קאָן אייך אַפֿילו ניט פֿערבעטען צו מיר אויף מיטאָג, ה׳ דאָקטאָר!“.

מיט אַ פֿערקלעמט האַרץ בין איך אַרויס פֿון דעם ה׳ שפּ. און איך בין אַוועק אין אַ יודישען רעסטאָראַן. דאָ האָב איך ניט מעהר געקאָנט קריגען ווי אַ טעלער „פּאַסאָלעס“ מיט אַ שטיקעל ברויט. איך האָב פּראָבירט דאָס געריכט. אָבער מעהר ווי אַ לעפֿעל האָב איך ניט געקאָנט פֿערדייען... קיין גלאָז טהיי, קיין גלאָז קאַווע, גאָר נישט!

— „וואָס-זשע עסט איהר בכלל?“ — פֿרעג איך דעם בעל-הבית פֿון רעסטאָ-

דאן, א טרוקענעם, אויסגעדארטען יודען. „פאסאלעם!“ איז געווען זיין קורצע תשובה.

געוואלד געשריען! אלץ פאסאלעם! נים ווילענדיג איז מיר אריין אין קאפ דער ניגון פון דעם לידעל: זונטאג בולבעם, מאנטאג בולבעם... און אזוי ווייטער, נאר אנשטאט בולבעם האט מען געדארפט זינגען פאסאלעם, ס'האט זיך אבער נים געזונגען!

פון רעסטאראן בין איך אוועק אין גאס מאכען פערשידענע איינקויפע. מען האט נאך אין די מאנופאקטור-געשעפטען געקענט בעקומען פערשידענע דאמען-שטאפען, הענטשקעס, זאקען און ד. גל. איך האב אויסגעגעבען א רובל 200 און האב געהאט א גאנצע קראם סחורות. ווי ס,ווייזט אוים האבען דעמאלט די גאליצער סוחרים נים געוואוסט, וואס א פאסעק בעדיים, ווייל די מקחים פון די סחורות זענען געווען נים פיעל טייערער ווי פאר דער מלחמה.

ארום 3 דעם זייגער בין איך א הונגעריגער צוריק אוועק אויפ'ן וואקזאל. סעמיאן איז געווען אין א בעסערער לאגע ווי איך, ווייל ער האט אויף דעם אכילה פונקט בעקמען מיטאג, טהיי און ברויט. אבער באלד ווי ער האט מיך דערזעהן, האט ער מיר דערצעהלט, מיט גרוים עגמת נפש, אז בעת ער האט איינגעדרימעלט, זיצענדיג נעבען מיינע זאכען, האט עמיצער צוגע'גנב'עט מיינם א קליין קעסטעלע. איך האב אדורכגעקוקט מיינע פעקלעך און האב סעמיאנ'ען בערוהיגט:

— „ס'איז בלאטע, דער גנב וועט קיין גרוים נתח נים האבען פון דעם קעסטעל; ער וועט דארטען געפינען עטליכע פוסטע פלעשעלעך און א מויז פאטאגראפישע קלישעם, דאס איננאנצען, זארג נים, סעמיאן!“

איך בין באלד נאכדעם אליין אוועק אויפ'ן אכילה-פונקט און האב מיר א ביסעל דעריקוויקט. וצוריק אין שטאדט האב איך שוין מעהר נים געוואלט געהן און האב בעשלאסען נאך דעמזעלבען טאג צו פאהרען ווייטער, קיין בירלאד.

ארום 10 א זייגער אין אווענד האב איך מיך מיט סעמיאנ'ען אריינגעפאקט אין וואגאן. די רומענישע וואגאנעם האבען פונקט געהאט א מראה ווי גאנץ רומעניען דעמאלט: כמעט אלע שויבען זענען געווען אויסגעהאקט; דאס רוב פענסטער זענען געווען פערקלאפט, אנשטאט שויבען, מיט ברעטלעך; אנדערע פענסטער זענען געווען פשוט אפען. די נאכט איז געווען א קאלטע (דאס איז געווען דעם 7-טען מערץ לויט'ן נייעם סטיל) און דעריבער קענט איהר לייכט פערשטעהן ווי געשמאק עס איז געווען צו זיצען אין א וואגאן אהן שויבען!

אין מיין קופע איז געווען פינסטער. איך האב אנגעצונדען אן'איינען שטיקעל ליכט און האב גענומען בעקוקען מיין קופע שכנים. איך האב בעמערקט 2 רוסישע, 2 רומענישע אפיצירען און א רומענישע דאמע.

איך האב מיך פעררוקט אין מיין ווינקעל און האב גענומען טראכטען וועגען מיין איצטיגער לאגע און וועגען די רוסישע ארדנונגען: עפים ערגיץ וואו אויפ'ן רומענישען פראנט, אין דעם 30 קארפוס האט מען געדארפט מאכען וואס אמשנעלסטען באקטעריאלאגישע אונטערזוכונגען, כדי וצו בעקעמפען פערשידענע אנשטעקענדע קראנקהייטען. נאטשאלסטווא דעפעשירט צו מיין גלאוונעם, אז ער זאל מיך תיכף ומיד אהינצו ארויסשיקען, כדי איך זאל מלחמה האלטען מיט די מיליארדען פערשידענע באקטערען; איך בין אבער געווען אין

מאסקווע און איידער איך האב מיך פון דארטען ארויסגעריהרט און בין געקומען אין לאזארעט האט געדויערט איבער 2 וואכען; כמעט א וואך זוך איך ארום דעם 30-טען קארפוס און האב מיך איהם נאך ניט געפאקט. איך האב מיך דערמאהנט אן דעם רוסישען „אוואס", ד. ה. אפשר... אפשר וועט די עפידעמיע אין דעם 30-טען קארפוס פערקלענערט ווערען אהן מיר, אדער זי וועט אויף מיר ווארטען, ווער ווייסט, ווי לאנג! ניטא זיך וואס צו איילען! זייענדיג אזוי פערטיעפט אין רעיונות וועגען פערשידענע עפידעמישע קראנקהייטען, האב איך, ניט ווילענדיג, בעמערקט, אז די צוויי רומענישע אפיצירען און די רומענישע דאמע פון מיין קופע שמירען זיך יעדע רגע דעם פנים, די האלז, די הענד מיט עפעס א שטארקער פליסיגקייט. די מעשה האט מיך פעראינטערעסירט און איך האב מיט א ווייַלע שפעטער געפרעגט אויף פראנצויזיש איינעם פון די אפיצירען, וואס זאל בעדייטען דאס שמירען זיך?

— „מיר היטען זיך דערמיט אב פון אנשטעקענדע קראנקהייטען, איבערהויפט פונ'ם פלעק-טיפוס, ענטפערט מיר דער אפיציר, מיר פערטרייבען מיט דער פליסיגקייט אלע מיאוס'ע חיה'לעך, וואס קריכען ארום און ארום".

— „איך מיין, זאג איך, אז דאס שמירען פון די הענד, האלז און פנים וועט אייך קנאפ וואס העלפען. די חיה'לעך קענען אריינקריכען צו אייך פון אונטען, פון א זייט. פיעל וויכטיגער וואלט געווען אראבצורסען אינגאנצען די שרעקליך שמוציגע סאמעט פון די בענק, עפטערס זיי אבוואשען און האלטען כלל ריין די וואגאנעס. ווייל אזא שמוץ, ווי עס הערשט אויף די באהנען ביי אייך האב איך אפילו אין רוסלאנד ניט געזעהען".

מיין אפיציר האט מיר גאר ניט געענטפערט. אין מיטען דעריגען האט מען געהייסען אויסלעשען דאס ליכט, וואס איך האב אנגעצונדען. ס'האט זיך ארויסגעוויזען, אז אלע צוגען קורסירען נאר ביי דער נאכט און עס איז פערבאטען אנצוצינדען אין די וואגאנעס ליכט.

איין מעלה האבען יא געהאט די רומענישע צוגען, זיי פלעגען געהן זעהר שנעל און פלעגען שטעהן אויף די סטאציעס נאר צו עטליכע מינוט.

קיין בירלאד בין איך אנגעקומען ארום 5 פארטאג. ס'איז נאך געווען פינסטער. אויפ'ן הארצען איז מיר אויך געווען פינסטער — אזא איינדרוק האבען געמאכט אויף מיר די רומענישע וואקזאלען!

איך בין אריין אין דיעם בירלאדער אכילה-פונקט, האב מיך ארומגעוואשען, אויסגעטרונקען א פאר טעפלעך קאכעדיגען טהיי, עטוואס צוגעביסען און האב גענומען פארשען, וואו ס'געפינט זיך די מעדיצינישע פערוואלטונג פונ'ם רומענישען פראנט? איך האב בעקומען די נויטיגע ידיעות און אגב האב איך מיך אויך דערוואוסט, אז אין דער דאזיגער פערוואלטונג געפינט זיך אויך דער יונגער דאקטאר, וואס איז אמאל געווען ביי אונז אין לאזארעט און וועלכען איך האב זיינער צייט ארויסגעשטופט אין קארפוס-שטאב, דערזעלבער, וואס האט פון אונזער לאזארעט ארויסגעשטופט קיין אדעס מיין פריינד, דעם טשינאווניק.

„דאס איז גוט, טראכט איך מיר, ערשט וועל איך ווייסען אויף ריכטיג, צו וועלכען צוועק מען האט מיך בעשטימט אין דעם 30-טען קארפוס, ווייל אלע אונזערע בעשטימונגען געהען ארויס פון דער דאזיגער פערוואלטונג.

ארום 10 א זייגער אין דער פריה בין

איך אהינצו אוועק. איך האב טאקע דארטען געפונען מיין קאלעגא, וועלכער האט זיך מיט מיר זעהר דערפרעהט. איך האב איהם באלד געפרעגט, וואס איז דאס פאר א מין נייע שטעלע פאר מיר, פון וואנען שטאמט די גאנצע קאמאנדירוקע מיינע און וואס זאל זי בעדייטען?

— „דאס איז מיין אויפטהו!“ ענטפערט מיר מיין קאלעגע.

— „גזלן, וואס זשע האסטו מיר פאר א טובה געטהון? ערשטענס בין איך דאך געוועז אין אטפוסק, אין מאסקווע און האב געמוזט אלץ אוועקווארפען און לויפען צוריק אין לאזארעט און צווייטענס, וואס האב איך דא איצט בעסער, ווי אין לאזארעט? דער לאזארעט איז אויפ'ן פראנט און דער 30־טער קארפוס איז אויפ'ן פראנט. ניט דאס האב איך געמיינט. איך האב געוואלט מען זאל מיר ענדליך בעשטימען אין א שטאדט, אין טיל, וואו כ'זאל קענען רוהיג זיצען און דינען ביז'ן סוף פון דער מלחמה“.

— „אך, איסאאק סיעמיאנאוויטש, זאגט ער צו מיר, ענטשולדיגט, איך האב גאר ניט געוואוסט, אז איהר זענט אין אטפוסק, ווייל איך האב אייך געקענט ארויספאדערן מיט א חודש שפעטער און דאס פערדריסט מיר טאקע. אבער, זייט רוהיג! איך האב אייך געוואלט קודם־כל ארויסשלעפען פון לאזארעט אין קארפוס אריין, פון וואנען ס'וועט זיין לייכטער אייך ארויסצוציהען ווטער אין טיל אריין. מיט עטליכע חדשים צוריק איז געוועז ביי אונז א פאדערונג צו שיקען א באקטעריאלאג אין דעם 30־טען קארפוס. איך האב מיר אן אייך דערמאהנט און די פערוואלטונג האט אייך מיט א צייט שפעטער אהינצו בעשטימט. ערשט האט איהר נאך ניט, וואס זיך צו איילען. ברענגט אראב אייער עקיל־פעקיל צו מיר און איהר וועט דערווייל פערבלייבען דא, אין בירלאד. און איך וועל שוין זארגען, אז איהר זאלט אינגאנצען ניט פאהרען אין דעם 30־טען קארפוס. דער נאטשאלניק אונזערער, ד"ר יאקומאוו איז איצט אוועקגעפאהרען אויף א פאר טעג און ווען ער וועט צוריקקומען, וועל איך אייך פאר איהם פארשטעלען און די זאך וועט זיין אין ארדנונג, אלזא, ניט געזארגט, מיין וואוינונג שטעהט צו אייער דיענסט! ווען איהר וועט זיך ביי מיר איינארדנען, זאלט איהר ארום 2 א זייגער קומען ווידער אהערצו און מיר וועלען מיט צוג'איטאמאביל פאהרען עסען“.

די מעשה האט מיר אנגעהויבען צו געפעהלען. איך האב מיך דערמאהנט, אז דער דאזיגער יאקימאוו איז געוועז א האהן אין ווארשא פאר דער מלחמה און אז זיין געהילף, ד"ר גולאדזע איז מיר אויך בעקאנט פון ווארשא. און טאקע ניט געזארגט! ס'וועט שוין גוט זיין!

---

## מז.

און איך בין טאקי פון דער מעדיצינישער פערוואלטונג אוועק צום בירלאדער וואקזאל און האב אוועקגעפיהרט מיינע זאכען מיט סעמיאנען צו מיין קאלעגע.

ארום 2 דעם זייגער האב איך מיך מיט איהם ווידער געטראפען און מיר זענען מיט אנ'אויטאמאביל אוועקגעפאהרען אין דעם קאזינא פון דער הויפט־אינזשינער פערוואלטונג פונ'ם רומענישען פראנט, דעם הויפט־אינזשיניער, גענעראל סוב..., האב איך גוט געקענט פון לאנג אן, ווייל ער איז געוועזן א קאמאנדיר פון א פיאנטאטנעם פאלק אין דער 75־טער דיוויזיע, וואו איך האב גע־

דינט אין אנהויב פון דער מלחמה. דאס איז געווען איינער פון די סימפאטישסטע רוסישע העברעישע אפיצירען, אנ'אמת'ר אינטעליגענט. ביים מיטאג טיש האבען זיך דעריבער אלע געפיהלט פריי און די שטימונג איז געווען זעהר א גוטע.

נאך מיטאג האט מיך מיין קאלעגע ווידער מיט דעם אויטאמאביל אוועקגעפיהרט צו זיך אהיים, וואו איך האב מיך אויסגערוהט. שפעטער בין איך ארויס בעקוקען די שטאדט. קודם כל, דארפט איהר פערשטעהן, האב איך גענומען זוכען יודעלעך. און זאלען זיי געזונד זיין, אין בירלאד זענען זיי קיין עין הרע געווען א שפאר ביסעל, אזוי גוט, ווי אין אלע אנדערע רומענישע שטעדט; דאס רוב געשעפטען זענען געווען יודישע. איך האב דארטען קיין איין בעקאנטען יודען נישט געהאט. וואס זשע איז? ווערט מען זיך בעקאנט מאכען! דאס איז דאך בין די קליינע זאכען. די שטאדט בכלל האט געמאכט אויף מיר א בעסערען איינדרוק ווי גאלאץ, מען האט דא ניט געזעהען אזוי פיעל צושראקענע פנים'ער, ווי דארטען.

און פלוצים האב איך מיך דערמאהנט, אז, זייענדיג אין טולטשא האב איך ביי דעם ה' פאליאקאוו, וואו כ'האב געוואוינט, אפט געהערט רעדען וועגען בירלאד; איך האב מיך דערמאהנט, אז איינער פון מיינע בעקאנטע יודען האט מיר דארטען דערצעהלט, אז זיין פרוי האט ער פון טולטשא ארויסגעשיקט קיין בירלאד צו זיינע טעכטער. איך האב אבער פערגעסען דעם נאמען פון דעם דאזיגען בעקאנטען מיינעם און האב קיין אהנונג ניט געהאט, ווי אזוי זיינע טעכטער הייסען. וואס זשע טהוט מען דא?

איך האב ביי מיר פעסט בעשלאסען, אז איך מוז דווקא אויפזוכען די אונבעקאנטע פרויען. איך האב אנגעהויבען צו געהען פון געוועלב צו געוועלב און האב געפרעגט, צי קען ניט עמיצער א פרוי, וואס שטאמט פון טולטשא. איהר ווערט לאכען פון מיין דאזיגער אונטערנעהמונג, איך בין אבער דערגאנגען, אגב האט מען מיר אנגעוויזען אויף דריי פרויען, וואס זענען געבוירען אין טולטשא. איך האב מיך ניט געפוילט און בין אוועק לויט די אנגעוויזענע אדרעסען. און שטעלט אייך פאר, אז באלד די ערשטע פרוי, צו וועלכער איך בין אריין איז געווען די, וועלכע איך האב געזוכט. איך האב איהר באלד אבגעגעבען א גרוס פון איהר פאטער, פון וועלכען זי האט שוין לאנג ניט געהערט. זי האט זיך זעהר דערפרעהט און האט מיך זעהר פריינדליך אויפגענומען. די פרוי האט געוואוינט צוזאמען מיט א שוועסטער; זייערע מענער זענען האבען געדינט אין דעם רומענישען מיליטער. ניט קוקענדיג דערויף, וואס זיי זענען געווען רעזערוויסטקעס האט מען ביי זיי רעקווירירט די בעסטע צימערן פאר א רומענישען אפיציר מיט זיין פרוי, דער זעלבער אפיציר פלעגט זיי אנטהון געבערענטע ליידען. זיין פרוי האט פערנומען די גאנצע קיך, וואו זי פלעגט תמיד קאכען, בראטען, פרעגלען פון כל טוב אין דערזעלבער צייט, ווען די צוויי יודישע פרויען פלעגען אויסגעהען פשוט פון הונגער מיט זייערע פיצעלעד קינדער. שוין פון דעם ערשטען מאמענט אן האב איך ניט געקענט צוזעהען דאס שרעקליכע בילד ווי א קליין קינד איז ביי איינער פון מיינע ניי בעקאנטע פרויען געווען קראנק און זי האט ניט געקענט קריגען אפילו פאר געלד א טראפען מילך! זי איז געזעסען פערצווייפעלט און האט געהאלטען אין איין וויינען. איך האב ניט געקענט גלייכגילטיג קוקען אויף דעם צער

איך האָב מיר תּיכּף אויפֿגעהויבען און האָב געזאָגט, אַז איך וועל איהר באַלד ברענגען מילך. און איך בין טאַקי באַלד אַוועק צו דעם אַכילה־פּנקט פֿון רוסישען רויטען קרייץ, וואו אַ באַרמהאַר־ציגע שוועסטער, די בעל־הבית'טע, האָט מיר זאָפֿאָרט געגעבען אַ פֿלאַש מילך. אַגב האָב איך איהר דערצעהלט די גאַנצע מעשה און זי האָט מיר צוגעזאָגט, אַז זי וועט אַלע טאָג געבען מילך פֿאַר דאָס קראַנקע קינד און, אויב זי וועט קיין מילך ניט האָבען, וועט זי געבען אַ קעסטעל קאָנדענסירטע מילך. דאָ מוז איך באַטאָנען, אַז די רוסישע באַרמהערציגע שוועסטער האָבען זעהר פֿיעל גוטס געטהון פֿאַר די רומענישע יודען בכלל.

מיט גרויס שמחה בין איך צוריק געלאָפֿען צו דער פֿרוי, וועלכע האָט זיך גאָר ניט געגלויבט, אַז אין פֿלאַש געפֿינט זיך מילך. זי איז געווען גליקליך! איך האָב זי דערמיט געראַטעוועט.

אין בירלאַד האָב איך ווידעראַמאָל אויסגעהערט אַ גאַנצע מגילה פֿון יודישע צרות און פֿערפֿאָלגונגען. די פֿרוי האָט מיר דערצעהלט, אַז איהר מאַן איז אַ פּראָסטער סאָלדאַט און קען בשום אופֿן קיין אַטפּוסק ניט בעקומען, ווערענד קריסטליכע סאָלדאַטען ווערען יאָ געלאָזען אין אַטפּוסק. די פֿאַמיליען פֿון די יודישע רעזערוויסטען בעקומען גאָר קיין שטיצע ניט פֿון דער רעגירונג און אַפֿילו קיין פּראָדוקטען אויך ניט.

און אַ מאָדנע זאַך איז געשעהען: די יודישע צרות האָבען אין רומעניען פֿערלייכטערט די... רוסען, יאָ, די רוסען! וואו נאָר ס'האָט ביי אַ יודען געוואוינט אַ רוסישער אָפֿיציר האָט ער, מיט גאַנץ זעלטענער אויסנאַהמען, געשאַפֿט פֿאַר זיינע בעל־הבית'ס צוקער, מעהל און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען. דעמאָלט זענען שוין אין רומעניען געווען באַנעם אויף פֿערשיעדענע פּראָדוקטען, יודען פֿלעגען אָבער אויף די באַנעם קריגען קדחת. ווען אַ יוד פֿלעגט קומען, נאַטירליך אין אַ קריסטליכען געוועלב, קויפֿען וואָס אויף אַ באַנע, פֿלעגט ער קיינמאָל קיין זאַך ניט געפֿינען. און נאָכמעהר: אין דאָס רוב שטעדטלעך האָבען יודען ניט געטאָרט אַרויסגעהען אויפ'ן באַזאַר פֿאַר 12 דעם זייגער! ד. ה. זיי פֿלעגען האָבען דאָס רעכט צו קומען אויפ'ן באַזאַר ערשט דאַמאָלס, ווען די קריסטליכע בעפֿעלקערונג האָט שוין אַלץ אויסגעקויפֿט! ווי ווילד ס'זעהט ניט אויס אַזאַ מין פֿעראָרדנונג, איז זי דאָך פֿאַקטיש געווען!

אַ שעהנע מעשה איז געווען אין בירלאַד מיט כשר פֿלייש. איך האָב שוין פֿריהער דערמאָהנט, אַז אין רומעניען האָט מען בעת דער מלחמה ניט געטאָרט שעכטען קיין בהמות, ד. ה. נאָר די יודען, ווייל די קריסטען פֿלעגען אָפֿט בעקומען פֿלייש, וועגען דער גזרה איז געוואָהר געוואָרען דער רוסישער קאָמענדאַנט, וואָס־זשע האָט ער געטהון? ער האָט געשיקט רופֿען אַ שוחט, וועלכער פֿלעגט ביי איהם אויפ'ן עטאַפּ אַלע פֿאַר טעג שעכטען אַ בהמה כּדין וכדת און פֿלעגט פֿערקויפֿען כשר פֿלייש. פֿאַר פֿאַניע האָבען די רומענער געציטערט און דעריבער איז די זאַך אַראָב גלאַט. אַזוי־אַרום פֿלעגען זיך די בירלאַדער יודען פֿון צייט צו צייט דערקוויקען. ניט איין יודישע ברכה האָט דער דאָזיגער קאָמענדאַנט בעקומען פֿאַר זיין גוט האַרץ!

גאַנצע צוויי וואָכען בין איך מיר געזעסען אין בירלאַד און בין געווען אַ גאַנצער האַהן אין דער מעדיצינישער הויפּטפֿערוואַלטונג. דערווייל אָבער איז גאָר געקומען אַ דעפּעשע, אַז די דאָזיגע פֿערוואַלטונג זאָל זיך אַריבערטראָגען

קיין יאסי. דער נאטשאלניק איז נאך אלץ ניט געקומען צוריק און איך בין געבליבען הענגען אין דער לופטען, און דעם 30-טען קארפוס האב איך שוין גאר ניט געוואלט פאהרען. תחלת האט מיך מיין קאלעגע פערזיכערט, אז איך וועל מיטפאהרען מיט דער פערוואלטונג קיין יאסי און דארטען וועט ער שוין זעהען, אז איך זאל קריגען א פאסענדע שטעלע ערגיץ וואו אין קישינעוו, טיראספאל, חערסאן און ד. ג.

פון די אלע הבטחות האט זיך אבער ארויסגעלאזען א זייפען-בלאז. און איין העלען פריהמארגען האט מיר דעם נאטשאלניק'ס שטעלפערטרעטער ד"ר ג. געהייסען אונבעדינגט פאהרען קיין טעקוטש (א שטעדטיל ניט ווייט פון בירלאד) וואו ס'שטעהט דער 30-טער קארפוס.

—„ליידער, זאגט מיר ד"ר ג..., קען איך ניט איבערבייטען דעם נאטשאלניקס בעשטימונג און איהר מוזט פאהרען אין דעם 30-טען קארפוס, נאר איך פערזיכער אייך, אז, ווי באלד דער אלטער וועט צוריקקומען, וועט מען אייך פון טעקוטש ארויסשלעפען.

איך האב שוין געקוקט פעסימיסטיש אויף די אלע הבטחות און האב געפיהלט, אז פון טעקוטש וועל איך שוין ניט קענען אזוי שנעל זיך ארויסרייסען. מילא, וואס זאל איך מאכען? אריבערשפרינגען אריבער זיך קען מען דאך ניט. לאמיר פאהרען קיין טעקוטש. און איך בין טאקי אהינצו אוועקגעפאהרען.

אנגעקומען קיין טעקוטש בין איך ארום 2 דעם זייגער ביינאכט. דא האב איך געפונען אנ'אכילה-פונקט, וועלכער איז געווען פול געפאקט מיט דורכפאהרענדע אפיצירען. ס'איז ניט געווען זיך אפילו וואו אנצושפארען. אויפ'ן הארצען איז געווען קאלעמוטנע. כ'האב גענומען זוכען עפעס א נפש, מיט וועלכען איך האב געוואלט גלאט זיך א דורכשמועסען, כדי צו פערטרייבען די צייט. מיינט איהר אפשר, אז איך האב ניט געפונען? יא! כ'האב בעמערקט אין א ווינקעל זיצענדיג א יודישען דאקטאר מיט א מרה-שחורה'דיגען פנים, וועלכער איז גראד געווען צוגעפאסט צו מיין לוינע. איך האב מיך מיט איהם בעקענט. ער האט מיר באלד פון ארט דערצעהלט א שעהנע מעשה, דהיינו: שוין דריי וואכען שלעפט ער זיך פון שטעדטעל צו שטעדטיל און זוכט עפעס א דעזינפעקציאנס אטריאד, וואו ער איז בעשטימט אלס דאקטאר און קען איהם בשום אופן ניט געפינען. און אומעטום זענען געפלויגען דעפעשען אהער און אהין און גאר נישט! נישט פון פלעק! און טעקוטש זיצט ער שוין א טאג 8 און ווארט אויף א לעבענס צייכען פון זיין אטריאד; דערווייל אבער ווערט ער פערשווארצט, וואלגערט זיך אויף די וואקזאלען און ווייסט ניט, וואס ער זאל אנהויבען צו טהון?

---

## מח.

ארום 10 דעם זייגער אין דער פריה האט מיך דער יודישער דאקטאר אוועקגעפיהרט צום קארפוסנעם דאקטאר פון דעם 30-טען קארפוס, צו מיין נייעם נאטשאלניק, הייסט עס. אפשר אנדערטהאלבען וויארסט האבען מיר זיך געשלעפט איבער א שרעקליכער, טיעפער, שיטערע בלאטע, וועלכע האט אויסגעזעהן ווי שווארצע סמעטענע (דאס איז געווען אנפאנג מערץ 1917).

דער קארפוסנער איז גראד געווען אין רעהיים. איך האב מיך איהם פארגעשטעלט און האב איהם איבערגעגעבען

מײַנע פּאַפּירען. דאָס איז געװען אַנ׳אַל־מיטשקער גענעראַל, אַנ׳אמת׳ער גענעראַל, אַ „טאַיני סאָװיעטניק“ מיט אַ שענער גרױ־װײַסער באָרד. װי איך האָב איהם נור דערזעהן, אַזױ האָב איך מיך דערמאָהנט אָן שאול דעם משמש פון מײַן געבורטשטאָדט... אײן פּנים! ער איז זעהר געװען עהנליך צו אַנ׳אַלטען יודען און מיר איז אַרײַן אַ געדאַנק, אַז ער מוז שטאַמען פון די קאַנטאָניסטען (שפּעטער האָב איך מיך דערװאוסט, אַז ער איז טאַקי אַ קאַנטאָניסט). און װען דער שיקזאַל װאָלט איהם הײַנטיגע צײַטען געבראַכט קײן װאַרשאַ, מי יודע, צי זײַן שענע באָרד װאָלט נישט געװען אין גרױס סכּנה, ניט קוקענדיג אױף זײַנע גענעראַלסקע שלי־פּעס?

מײַן נײַער נאַטשאַלניק איז געװען צו מיר גענוג פרײַנדליך און װען׳כ׳האָב איהם נאָך דערצעהלט װעגען מײַנע גרױסע בעקאַנטשאַפטען אין דער הױפּט־מעדיצינישער פערװאַלטונג פון רומענישען פראָנט, האָבען מײַנע אַקציעס בײַ איהם גענומען שטײַגען פון מינוט צו מינוט.

— „איהר װעט זײַן דער נאַטשאַלניק פון דעם סאַניטאַר־היגיענישען אָטריאַד פון אונזער קאָרפּוס, זאָגט ער צו מיר, און אױסערדעם גיעב איך אײַך איבער די השגחה איבער אַלע שפּיטאַלען, װאָס געפינען זיך אין טעקוטש, איהר װעט מוזען אָפּט בעזוכען די שפּיטאַלען און זעהען, צי דאָרטען איז אַלץ אין אָרדנונג פון דעם סאַניטאַר־היגיענישען שטאַנדפּונקט, װײַל אין דער אַרמעע פערגרעסערט זיך פון טאָג צו טאָג די טיפוס־עפּידעמיע; אין אײַער רשות װעט אױך זײַן אַ באַקטעריאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריום. צו הילף בעקומט איהר אַ יונגערן דאָקטאָר. דערװײַל געהט אַרײַבער צום קאָרפּוסנעם קאָמענדאַנט און פאָדערט פון איהם אַ דירה. אַרום 2 דעם זײגער קומט װידער אַהערצו, װעלען מיר צוזאַמען געהן אין דעם קאָרפּוס־קאַזינאָ, װאו איך װעל אײַך פאָרשטעלען דעם קאָרפּוסנעם קאָמאַנדיר און אַגב װעלען מיר דאָרטען עסען מיטאָג אױך“.

איך בין אַרױס פון קאָרפּוסנעם אַ צוטומעלטער, די גאַנצע גרױסקײט מײַנע האָט מיר גאָרניט געשמעקט. ס׳טײַטש? איך האָב דאָ גערעכענט צו קומען נאָר אױף אַ קורצע צײַט; איך האָב אַלץ גע׳חלומ׳ט, אַז בּ׳װעל ענדליך פּטור װערען פון׳ם פראָנט און דאָ, נאָ דיר, ׳הױבט זיך גאָר אָן אַ מעשה אָהן אַנ׳עק! װי אַזױ װעל איך מיך ערשט אַרױסרײַסען פון דאַנען, אױב איך בין באמת נױטיג און פערנעהם פּלוצים אַזאַ גרױסען און פעראַנטװאָרטליכען פּאָסטען?

לאַנג זיך מצער צו זײַן איז אָבער ניט געװען אין מײַן נאַטור.

— „נישקשה, מסתּמא דאַרף דאָך אַזױ זײַן!— טראַכט איך מיר—

און איך האָב מיך טאַקע באַלד בערוהיגט, בין אַװעק צום קאָמענדאַנט, װעלכער האָט מיר געגעבען אַ צימער ערגיץ אין אַ הינטער געסעל. איך האָב באַלד אַװעקגעשיקט אײנעם פון מײַנע נײַ אונטערטעניגע סאָלדאַטען מיט אַ װאָגען צום װאָקזאַל און ער האָט אַראָבגעבראַכט סעמיאָנ׳ען מיט מײַנע זאַכען.

דער נײַער מושב מײַנער איז מיר גאָר נישט געפעלען געװאָרען: דאָס איז געװען אַ קלײן, חושכ׳דיג צימער׳ל בײַ עפּיס אַ רומענישער פאַמיליע.

— „נישט לאַנג, זאָג איך צו סעמיאָנ׳ען, װעלען מיר דאָ װאױנען! איך װעל מיך אַ ביסעל אָפּרוהען און װעל נאָכדעם אַרױסגעהן אין שטאָדט אַרײַן צו

מיינע יחדעלעך, וועלכע וועלען שוין פאר מיר געפינען געווים א בעסערע דירה!“

דא מוז איך אייך דערצעהלען אנ'אינטערעסאנטע מעשה, וואס האט געקאנט טרעפען נאר אין אזא משונה'דיגע מלחמה־צייט: בעת איך האב מיט סעמיאנ'ען פונאנדערגענומען מיינע זאכען און האב גערעדט מיט איהם, ווי תמיד, פויליש, זעה איך, ווי די בעל־הבית'טע, די רומענערין, הערט זיך שטארק צו צו אונזער געשפרעך און עטרליך הויבט זי אויך אן צו רעדען... פויליש, אמת, מיט א ספעציפישען אקצענט, אבער פויליש!

איך און סעמיאן האבען אויסגעגלאצט אויף איהר א פאר אויגען מיט גרויס פערוואונדערונג:

— „פון וואנען קענט איהר פויליש רעדען?“ — פרעג איך זי.

— „מיין פאטער — זאגט זי — איז א פאליאק, וועלכער וואוינט שוין דא, אין טעקוטש, זעהר לאנג און ער האט מיך אויסגעלערנט רעדען פויליש“.

און פונקט איך דארף מיך אנשטויסען אויף אזא בעגעגניש.

איך האב מיך ארומגעוואשען, אויסגעפוצט אין עסיג און אין האניג, און בין ארום 2 דעם זייגער ווידער אוועק צום אלטוטשקען דאקטאר. ער האט מיך אוועקגעפיהרט אין קארפוס־קאזינא. ווען איך בין אריין דערינען, האב איך דארטען געטראפען א גאנצע מחנה שטאב־לייט. די טישען זענען געווען געדעקט זעהר [illegible] און רייך: אויף די געשיר האבען זיך [illegible] זעהן מאנאגראמען מיט עפים אנ'אדעל־הערב.

איך האב מיך שפעטער דערוואוסט, אז דאס דאזיגע געשיר האט איינער פון די פריהערדיגע קארפוסנע קאמאנדירען איינפאך „רעקווירירט“ אין א פאלאץ ביי א פוילישען גראף אויף דעם פוילישען פראנט.

איך האב גענומען אנאליזירען דעם עולם, ווייל אין אזא „הויכער“ סביבה בין איך ביז איצט נאך נישט געווען. ראשית, האב איך בעמערקט, אז קיינער זעצט זיך נישט צום טיש, אז אלע געהען ארום איבער די עסצימערן. מיין אלטוטשקער האט מיר באלד ערקלערט, אז ביז דער קארפוסנע קאמאנדיר קומט, דארף זיך קיינער נישט זעצען, חאטש ער זאל האבען געשוואלענע פים... מילא, שטעהן — איז שטעהן! בין איך אויך געשטאנען!

ארום האלב דריי האט זיך בעוויזען דער קאר־פוסנער. ס'איז געווארען א רעש; כ'האב דערהערט א געשריי: „ווסטאט! סמירנא!“. אלע האבען זיך אויסגעצויגען, און איך אויך בתוכם, און זענען געבליבען שטעהן, ווי פערשטיינערט. דער גענעראל האט מיך בעמערקט, איז צו מיר צוגעגאנגען און האט מיך געפרעגט, ווער איך בין און וואס איך טהו דא. איך האב איהם געענטפערט.

אין א ווײלע ארום האט ער זיך אוועקגעזעצט אויבען־אן און ערשט דעמאלט האבען זיך אלע שטאב־לייט (א מאן 40) אויך גענומען פונאנדערזעצען אויף זייערע שטרענג בעשטימטע פלעצער. מיר האט מען אויך אנגעוויזען א פלאץ, וואו איך דארף מיך זעצען. הכלל, איך זיץ שוין און בעטראכט ווייטער די סיטואציע, וועלכע האט מיר אויסגעוויזען צו זיין זעהר אינטערעסאנט.

די גאנצע שטאב־חבריא האט ניט געמאכט אויף מיר קיין סימפאטישען איינדרוק. דא האב איך טאקע ארויסגעזעהן בעשיינפערליך, פארוואס די פראנט־אפיצירען האבען פיינט די שטאב־לייט, און

ס'איז קיין וואונדער נישט: וועהרענד די פראנט=אפיצירען ווערען פערשווארצט און וואלגערן זיך אין די אקאפעס, זענען די שטאב־לייט אלע מאל אויסגעפוצט, אבגעפרעסען, לעבען א גוטען טאג, פאהרען־ארום מיט אויטאמאבילען און ד. גל. ביים טיש זענען געזעסען דאס רוב יונגע שנעקעס, וועלכע האבען נאך, ווי מען זאגט, קיין פולווער נישט געשמעקט, דערפאר אבער האבען זיי געהאט א סך מלחמה=ארדערן!

מען דערלאנגט דאס ערשטע געריכט, אלע האבען שוין זייערע פארציעס, אבער קיינער רירט זיך נישט צו צו זיין פארציע ביז דער קארפוסנער הויבט נישט אן צו עסען. און די אפיצירען, וואס זענען געזעסען מיט די פלייצעס צום קארפוסנעם, פלעגען פרעגען ביי זייערע ווי־זאַווי'ס, צי „ער" האט שוין גענומען די לעפעל אין דער האנד, צי „ער" זופט שוין און ד. גל.

דער נחדנער מיטאג איז שוין, ברוך השם, געענדיגט; איצט דאַרף מען פעררויכערן א פאפיראס. הויבט זיך אן א נייע סדרה. אלע קוקען אויף דעם קארפוסנעם: א! „ער" נעהמט שוין ארויס זיין פארטסיגאר און אלע נעהמען־ארויס זייערע פארטסיגארען, „ער" האט שוין דעם פאפיראס אין מויל איינגעשטעקט און אלע טהוען דאסזעלבע; גאט צו דאנקען, „ער" האט שוין פעררויכערט! אין אלע האבען אנגעהויבען רויכערן. אזא בילד איז געווען טאגטעגליך. א שווערע אטמאספערע! איך האב מיך דערמאהנט אהן בירלאד. דאַרטען בין איך געווען צום מיטאג, ווי איהר געדענקט מסתמא, ביים הויפט־אינזשענער פון רומענישען פראנט, גענעראל סוב..., וועלכער האט פערנומען א פיעל גרעסערע שטעלע, ווי דער קארפוסנער גענעראל, פונדעסטוועגען, האבען זיך אין בירלאד אלע געשפירט ביים מיטאג־טיש גאנץ פריי, אהן צערעמאניעס; דער גענעראל סוב... האט איינמאל פאר אלע מאל געזאגט זיינע אפיצירען, אז אין קאזינא זאלען זיי זיך שפירען, ווי אין א פריוואט=וואוינונג.

איין זאך איז מיר יא געפעלען אין דעם קארפוס־קאזינא — דאס איז, וואס דארטען האב איך מיך געקאנט דערוויכען וועגען אלע וועלט=געשעהענישען פון דער ערשטער האנד, דארטען זענען געווען א סך צייטונגען און א ביבליאטעק.

צוויי טעג האב איך פערבראכט אין מיין צימער, מעהר האב איך שוין נישט געקאנט, ווייל א מין מרה־שחורה פלעגט אנפאלען אויף מיר, ווען איך פלעג דארטען זיצען איינער אליין. כ'האב ניט געהאט מיט וועמען א ווארט אויסצורעדען און דאס איז פאר מיר געווען א גרויסער נסיון. דעריבער בין איך אויף דעם דריטען טאג אוועק אין שטאדט, בין א־רום אויף די הויפט־גאס, וואו איך האב דערזעהן א מאסע יודישע שילדען און מעהר ווי דאס האב איך ניט געזוכט. צו וועמען געהט מען דא אריין?

כ'האב אויסגעקליבען אן אפטייקער־סקלאד פון ה' בער... און בין צו איהם אריינגעגאנגען. כ'האב גערעדט יודיש — דייטש, מיט'ן פתח... דער ה' בער... האט מיר באלד פון אנהויב אן ארויסגעוויזען א גרויסע אויפמערקזאמקייט און האט מיר צוגעזאגט נאך היינט צו געפינען א פאסענדע דירה.

— „כ'וואלט אייך, ה' דאקטאר, גערען צו מיר צוגענומען, נאר ביי מיר וואוינט שוין א היימלאזע רומענערין, א פרוי פון א פאלקאווניק, מיט צוויי קינדער. מיר מוזען זיי אפילו געבען עסען אויך, און

מיר שטעהען בכלל אויס פון איהר גרויסע צרות... כ'וואלט געוואלט שטארק פון איהר פטור ווערען און בעסער אייך צו נעהמען".

## מט.

מיינט איהר אפשר, אז נאך דעמזעלבען טאג האט מיר מיין ערשטער בעקאנטער אין מעקוטש ה' בער... ניט געפינען א דירה אין א יודישער פאמיליע? יא! און איך האב לאנג ניט געווארט און האב מיך באלד אריבערגעצויגען מיט סעמיאנ'ען צו א געוויסען ה' גאלדשטיין, וואו איך האב מיך געפיהלט ווי אין דער היים.

מעהר ווי א טאג 8 האב איך אבער דארט ניט געוואוינט. ס'האט זיך געמאכט א מעשה, אז מיין בעל-הבית, ה' ג., איז פלוצים קראנק געווארען און האט בעקומען גרויס היץ, עטליכע טעג האב איך איהם אבסערווירט און האב פעסטגעשטעלט, אז ער איז קראנק געווארען אויף פלעקען-טיפוס, וועלכער האט דערמאלט שטארק גראסירט אין גאנץ רומעניען און האט דארט צוגענומען א סך קרבנות. איך האב געהייסען בעשטעלען א היימישען דאקטאר, ווייל דעמאלט איז אין רומעניען געווען זעהר שטרענג מיט די טיפוס-קראנקע, וועלכע מען האט באין אופן ניט געטארט קורירען אין דער היים, נאר אלע קראנקע, אפילו פון די פערמעגליכסטע פאמיליעס, האבען געמוזט אבגעשיקט ווערען אין שפיטאל אריין. און צו ליגען דעמאלט אין א רומענישען שפיטאל איז געווען כמעט א טויט-אורטייל. אבער איז די שטרענגע תקנה אנגעווענדעט געווען נאר קעגען יודען. מיט איין ווארט, מען האט אראבגעבראכט א רומענישען דאקטאר, א משומד, ווי ער איז נאר אריין האט ער גענומען גלייך שרייען און זיך זידלען.

— „פאר וואס האלט איהר דעם קראנקען אין דער היים? פאר וואס האט מען מיך באלד ניט גערופען? פאר וואס האט מען באלד נישט געמאלדען? און אזוי ווייטער...

איך בין געווען אין דעם צווייטען צימער און האב עס אלץ געהערט. איך בין טאקי באלד צום דאקטאר ארויסגעגאנגען און האב אנגעהויבען מיט איהם צו רעדען אויף פראסט יודיש, אפילו ניט אויף דייטש, חאטש איך האב שוין גאר ניט שלעכט גערעדט רומעניש.

— ביזט א משומד, טראכט איך מיר, וועסטו געוויס פערשטעהען מאמע-לשון".

איך האב איהם קאלטבלוטיג געבעטען ניט צו שרייען און האב איהם געזאגט, אז ביז מען קען אויף ריכטיג פעסטשטעלען די דיאגנאזע פון א היץ-קראנקהייט, מוז אריבערגעהן א פאר טעג, ווייל אין אנ'אנדער פאל קען מען א מענשען, וואס ווערט קראנק, למשל, אויף אנ'אינפלוענצא אדער אויף פשוט'ע קדחת, אריינפאקען אין א טיפוס-שפיטאל, וואו ער וועט ערשט חאפען דעם ריכטיגען טיפוס.

מיין משומד איז געווארען אביסעל געלאסענער, האט מיר געענטפערט מיט א געבראכען דייטש און האט מיר צוגעזאגט, אז ער וועט זעהען, דאס דעם פאציענט זאל מען אבפיהרען אין זיין שפיטאל, וואו ער וועט שוין זארגען פאר איהם.

און מען האט דעם אומגליקליכען אוועקגעפיהרט אין שפיטאל, פון וואנען

ער איז שוין נעבעך אהיים ניט צוריקגעקומען.

דער פאל האט אויף מיר געמאכט א שווערען איינדרוק און איך האב ניט געקענט מעהר בלייבען דא וואוינען. כ'האב גענומען זוכען אנ'אנדער דירה.

גאט האט מיר צוגעהאלפען און גראד אין דערזעלבער צייט איז די רומענערין, וואס האט געוואוינט ביי מיין ערשטען בעקאנטען ה' בער... ארויסגעפאהרען פון טעקוטש. דער ה' בער... איז מיר באלד געקומען אנזאגען די בשורה און האט מיך פערבעטען צו זיך.

און איך האב מיך באלד אריבערגעצויגען צום ה' בער... וואס זאל איך אייך זאגען? איך האב בעקומען צוויי פראכטפול מעבלירטע צימער מיט עלעקטרישער ליכט. מען האט מיר אויסגעבעט א בעט מיט אזוינע שניי־ווייסע בעטגעוואנד, אז איך האב מיך דערמאהנט אין פינלאנד! סעמיאן האט אויך בעקומען א בעזונדערע צימער און עס איז געווארען ליהודים!

מיינע בעל־הבתים זענען געווען אויך פאר־פאלק אינטעליגענטע מענשען, זעהר נאציאנאל געשטימט, פון מיין קלייזעל, הייסטרעם. זיי האבען מיר באלד פון אנהויב ארויסגעוויזען א גרויסע פריינדשאפט און אויפמערקזאמקייט.

און ס'האט זיך אנגעהויבען א רוהיג לעבען. ביז מיטאג האב איך געארבייט אין חעם לאבאראטאריום, אדער כ'פלעג וויזיטירען די שפיטאלען אין טעקוטש. נאכמיטאג פלעג איך פערברענגען אין דער היים, וואו כ'פלעג לעזען, שרייבען, אדער זיך אונטערהאלטען מיט מיינע בעלי־הבתים און זייערע בעקאנטע, וואס פלעגען קומען צו זיי.

זיצענדיג גאנץ אפט אויפ'ן באלקאן פון מיין דירה, וועלכע איז געווען אויף דער פרינציפאל גאס, האב איך בעמערקט, אז געגענאיבער געפינט זיך א יודישע שפאר־לייה־קאסע און אין דער דאזיגער קאסע ארבייט א גרוי־אלטער יוד, מיט זעהר א סימפאטישען געזיכט, מיט א געזיכט פון א משכיל.

איך האב ניט לאנג געטראכט, בין ארויב צו איהם און האב מיך מיט איהם בעקאנט.

א מאדנע זאך: מיר זענען באלד געווארען הייסע פריינד, מיר האבען זיך פון ערשטען מאמענט אזוי שטארק צוגעבונדען איינער צום צווייטען. ער האט מיר דערצעהלט א סך אינטערעסאנטע פאקטען פון דעם יודישען לעבען אין רומעניען.

—,,אז מען פערפאלגט אונז שרעקליך אין רומעניען, דאס מוזט איהר דאך, ה' דאקטאר, שוין פון לאנג־אן וויסען, זאגט צו מיר דער אלטער. נאר א כפרה אלע פערפאלגונגען, אלע גזרות! פיעל שווערער איז, אז מיר האבען פערלארען דא אונזער מענשענווירדע און דאס איז דאס שרעקליכסטע. ס'איז זעהר שווער צו לעבען, ס'איז אונמעגליך דא צו אטהעמען, מיר זענען אויסער יעדעם געזעץ, וועלכער עקזיסטירט פאר דעם יודען גאר ניט. מיר האבען ניט, וואו צו בילדען אונזערע קינדער. אין די גימנאזיעם איז דא פאר אונז א גאנץ קליינע פראצענט־נארמע. עפענען פריוואט־שולען לאזט מען אונז ניט און מיר האבען דערצו קיין מיטלען ניט. אין אוניווערזיטעט איז כמעט אונמעגליך אנצוקומען. דעריבער האבען מיר א סך קליין־הענדלער און בעלי־מלאכות, וועלכע שטארבען צעהן מאל א טאג פאר הונגער, די יודישע מאסע איז זעהר ארים און צו מיין בעדויערן מוז איך זאגען, אז צווישען אונזערע יודען זענען דא א סך עם־הארצים. שרעקליך איז די לאגע פון די יודישע סאלדאטען אויפ'ן פראנט:

מען שיקט זיי אין סאמע פייער אלעמאל און דערביי מאכט מען נאך פון זיי חוזק: אפילו די יודישע דאקטוירים זענען ניט גלייך מיט די קריסטליכע: זיי בעשטימט מען ספעציעל אויף די ערגסטע שטעלעס, זיי ווערען ניט פעררעכענט אלס אפיצירען. יא, ס'זענען דא עטליכע „גלייכבערעכטיגטע" יודישע דאקטוירים. זיי זענען אבער זעהר ווייט פון יודישקייט, זיי שעמען זיך מיט זייער יודישקייט און סטארען זיך צו מאסקירען, ווי ווייט זיי קענען; זיי סטארען זיך ארויסצווייזען, אז זיי זענען מעהר רומענער ווי די רומענער גופא, ס'העלפט זיי אבער ווייניג, ווייל די רומענישע געזעלשאפט ווייכט פון זיי. איבערהויפט מוז איך זאגען, אז אונזערע אינטעליגענטע יודען, ד. ה. דאקטוירים און אדוואקאטען האלטען זיך דאס רוב גאנץ ווייט פון זייער פאלק. נעהמט, למשל, ביי אונז אין טעקוטש, איז דא א יודישער דאקטאר, וואס א יודישווארט איז ביי איהם טריפה־פסול. ס'איז פאר איהם די גרעסטע בעליידיגונג, אז מען רעדט מיט איהם יודיש. אויף דער יודישער מאסע קוקט ער פון אויבען אראב. ער חבר'ט זיך נאר מיט די רומענער, אבער אין זייערע אויגען בלייבט ער א „זשידאן". דערפאר אבער האט זיין ווייב די גרעסטע הנאה, ווען זי שלעפט פונ'ם מארק צו זיך אהיים א קליין, קוויטשעדיג חזר'ל, זאלען, הייסט עס, די רומענער זעהען, אז יודען האבען מיר פיינד נון חזרים האבען מיר טאקי אמת ליעב? אט דאס איז אונזער אינטעליגענט!"

—„יא, ריים איך איהם איבער, די בילדער קען איך גוט, אזוינע טיפען קען מען אפט טרעפען אויך ביי אונז, אין פוילען. איך וואלט אבער געוואלט וויסען, צי ביי אייך איז אנטיסעמיטיש נאר די רעגירונג און די געזעלשאפט, אדער דאס פאלק אי זיין גאנצער מאסע אויך?"

—„ניין, ה' דאקטאר, דאס פאלק, ד. ה. דער פויער און זיין מאסע איז גאר ניט אנטיסעמיטיש, ער ווייס כלל ניט, וואס מיט איהם טהוט זיך; ער איז אליין אונטערדריקט אפשר ניט ווייניגער ווי דער יוד. איהר דארפט ניט פערגעסען, אז אונזער פויער איז זעהר פינסטער. כ'ווייס ניט, אויב מען וועט ניט געפינען אין רומעניען דריי פראצענט פויערים, וואס האבען א ידיעה אין די שווארצע פינטעלעך. דערצו איז דער רומענישער פויער זעהר ארים; זיין גאנץ עסען בעשטעהט פון א מאמאליגע; ער וואוינט זעהר ענג און שמוציג. די גאנצע מאכט אין רומעניען ליגט אין די הענד פון די גוטסבעזיצער, ד. ה. באיארען, וועלכע פיהרען טאקי די אנטיסעמיטישע פראפאגאנדע מיט א געוואלדיגער ענערגיע. זיי רעדען איין דעם פויער, אז אין אלע זיינע צרות איז שולדיג דער „זשידאן" זיי העצען דעם פויער געגען דעם יודען מיט אלע מיטלען. זיי האבען מיט הילף פון דער רעגירונג געפרובט אין די לעצטע יאהרען צו מאכען פאגראמען; זיי האבען זיך אבער דערביי אליין אבגעבריהט, ווייל די פינסטערע מאסע האט ניט געמאכט קיין אונטערשייד צווישען יוד און קריסט, ניט איין קריסטליך גוט האבען די פויערים צוראבעוועט און צושטערט!"

---

# נ.

איך האב איינגעזעהן, אז איך וועל בלייבען אין טעקוטש א לענגערע צייט און האב גענומען זוכען וויטערדיגען מאטעריאל וועגען די פערפאלגונגען און

גזירות געגען יודען אין רומעניען. דאס איז געווען נישט פון די שווערע זאכען. ס'איז געווען גענוג זיך א קעהר צו טהון, א פרעג צו טהון, א קוק צו טהון און בעוויזען פון דעם גרויזאמען בעגעהן זיך מיט יודען מצד דער רומענישער רעגירונג און דער רומענישער געזעלשאפט זענען אליין אין האנד געפלויגען. אויב די לאגע פון יודען איז פון לאנג אן אין רומעניען געווען א שרעקליכע, א רעכטלאזע, איז זי מיט דעם מאמענט פון דער וועלט־מלחמה געווארען אונערטרעגליך.. נאך ווען רומעניען איז געווען נייטראל, האט זי שוין אנגעהויבען אויף דעם שרעקליכסטען אופן פערפאלגען די יודען, וואס האבען געוואוינט ביי דער אונגארישער גרעניץ. מען האט זיי אהן שום טענות געהייסען אוועקווארפען זייער האב און גוטס אויף גאטס בעראט און פאהרען אין טיעף רומעניען. ווי איז מען זיך אבער דערביי בעגאנגען? אויף וועלכער וויזע האט מען די אונגליקליכע געטריבען? אין טעקוטש האב איך געזעהן עטליכע אזעלכע היימלאזע פאמיליעס. זיי זענען פשוט אויסגעגאנגען פאר הונגער און נויט. די טעקוטשער יודען האבען פאר זיי געטהון, וואס זיי האבען נור געקאנט, זיי האבען אבער ליידער אליין נישט געהאט וואס צו עסען. אויך אין טעקוטש האבען יודען נישט געטארט קויפען קיין זאך אויף דעם באזאר פאר 12 אזייגער, ד. ה. ביז די קריסטליכע בעפעלקערונג האט אלע פראדוקטען נישט אויסגעקויפט. און איך מוז נאכאמאל בעמאנען, אז גרויס הילף האבען די רומענישע יודען געהאט מצד חעם גרעסטען טייל רוסישע אפיצירען און סאלדאטען, וועלכע פלעגען פערגרינגערען דאס יודישע לעבען, צושטעלענדיג א מאל א ביסעל צוקער, א מאל מעהל,

הערינג א. ד. ג.

דאס איז נאך אמאל אלץ געווען נאר־נישט. מיט דעם מאמענט, וואס רומעניען האט ערקלערט קריעג, איז די יודישע לאגע געווארען טויזענד מאל ערגער. איך האב גאר קיין ווערטער נישט צו בעשרייבען די אלע איינצעלהייטען, וואס מען האט מיר דערצעהלט און וואס מיינע אויגען האבען געזעהן. איך מיין אבער, אז מען מוז וועגען דעם שרייבען. אז די אלע, וואס האבען אזעלכעס מאטעריאל מוזען איהם פערעפענטליכען. און מען דארף שרייבען, הונדערטער, טויזענדער מאל, אומעטום: זאלט די וועלט גענוי וויסען, וואס ס'איז אפגעטהון געווארען מיט יודען ביי דער העלער שיין פון דער ליכטיגער זון!

נישט קוקענדיג דערויף, וואס די יודישע געזעלשאפט אין רומעניען האט זיך באלד נאך דעם מלחמה־אויסברוך אפגערופען, וואס יודען האבען פיעל געלד מנדב געווען, וואס צעהנדליגער טויזענדער יודישע סאלדאטען האבען געדיענט אין מיליטער און ד. ג. האט מען אנגעהויבען מאראליש צו פייניגען יודען מיט דער גאנץ אונבעגרינדעטער שענדליכער בעשולדיגונג דעם כלל ישראל אין שפיאנאזש! די לאגע פון די יודישע סאלדאטען איז געווארען אונערטרעגליך. מען פלעגט זיי האלטען פערשפארט אין די קאזארמעס און נישט ארויסלאזען אויף ד' אמות. מען פלעגט זיי זידלען, שפייען אין פנים; איהם פלעגט מען שיקען אין די געפעהרליכסטע ערטער פון פראנט און אין דער זעלבער צייט פלעגט מען פון איהם חוזק מאכען, אז ער איז א פחדן. מען פלעגט אויף דעם אכזריות'דיגסטען אופן בעליידיגען זיין געפיהל פון מענשענווירדע. א יודישער סאלדאט פלעגט קיין אטפוסק נישט בעקומען. א

יודישער סאלדאט האט נישט געטארט זיין קיין שרייבער, קיין פעלדשער, קיין בעל־מלאכה... ס'זענען אפילו געווען זעהר זעלטענע אויסנאהמען: איך האב געטראפען אין מעקומש א יודישען סאלדאט, א סאניטאר, אהן וועלכען דער שפיטאל האט זיך נישט געקאנט בעגעהן. ווייסט איהר אבער וואס פאר א דאקומענט ער האט געהאט? הערט זשע: אין זיין דאקומענט, איז געווען אנגעוויזען, אז דער און דער איז א סאניטאר, כאטש ער איז א יוד! דעם דאקומענט האב איך אליין געזעהען!

איך האב געטראפען אין מעקומש א יונגענמאן, וועלכער האט בשתיקה געזאמעלט פערשיעדענע דאקומענטען, וואס זענען נוגע דער יודישער לאגע אין רומעניען. געהאלטען האט ער זיי בחדרי חדרים. ער האט מיר איבערגעזעצט אויף יודיש אנ'אפענעם בריעף, וועלכע די יודישע איינוואוינער פון דעם שטעדטעל צינדארעני האבען געשיקט צו רעדאקטאר פון דער ליבעראלער צייטונג „אדעוערול" שוין באלד אין אנהויב פון דער מלחמה. איך פיהל פאר מיין חוב איבערצוחזר'ן דעם דאזיגען בריעף ווארט ביי ווארט:

„געעהרטע רעדאקטאר ה' צירקו!

מיר קענען אייך אלס אנ'איידעלמאן און ווענדען זיך צו אייך, אלס פארזיצענדען פון דעם פרעסע־פעראיין, מיט דער בקשה, איהר זאלט זיך אננעהמען פאר אונז. מיר, אונטערגעשריבענע יודען און רומענישע בירגער, איינוואוינער פון דער שטאדט צינדארעני, זענען ארעסטירט געווארען צוזאמען מיט די בירגער פון די פיינדליכע לענדער. די מיליטעריע מאכט בעגעהט זיך מיט אונז פיעל שטרענגער, ווי מיט די פיינדליכע בירגער. נישט נאר אונז אליין, נאר אויך אונזערע פרויען און קליינע קינדער האט מען ארייננעוואורפען אין תפיסה. אונזער האב און גוטס איז געבליבען אויף הפקר. אלץ, וואס מיר האבען געהאט, איז צעראבירט און פערניכטעט געווארען. בעת מען האט אונז ארויסגעשלעפט פון אונזער היים, האט מען אונז פערבאטען מיטצונעהמען בעטצייג, אפילו נישט פאר די קליינע עופה'לעך, צווישען וועלכע ס'געפינען זיך ברוסט־קינדער! ווען איינער פון אונז האט פראבירט מיטצונעהמען פאר זיין קראנקע פרוי א מאטראץ, האט איהם דער אונטער־לייטענאנט פאניטעסקו צעבלוטיגט. אונזער לאגע איז אזא שרעקליכע, אז מיר זענען נישט אומשטאנד אלע פרטים אייך צו איבערגעבען".

דעם בריעף האבען אונטערגעשריבען פאלגענדע פערזאנען: א. זילבערמאן (זיין ברודער איז אויף דעם שלאכט־פעלד), י. חאימאוויטש (צוויי זיהן אין קריעג), ר. דאוויד (דריי זיהן אין קריעג) פרוי קאהאן (דער מאן און דריי זיהן אין קריעג) און נאך אנדערע...

אט אזוי איז מען זיך בעגאנגען מיט יודען, וועלכע האבען פיעל קרבנות אוועקגעגעבען זייער פאטערלאנד, אין פולער איבערצייגונג, אז זייער פערגאסען בלוט וועט זיי ענדליך ברענגען די גאולה, ד. ה. אז זיי וועלען בעקומען פולע רעכט און וועלען ווערען פרייע בירגער.

דער שונא האט אבער אנגעהויבען צו געבען דעם רומענישען חיל א קלאפ נאך א קלאפ; דאס רומענישע פאלק האט אנגעהויבען ארויסווייזען זיין אונצופריעדענהייט און זיין צארן. נישט־קשה, די רעגירונג האט באלד געפונען פאר זיך אנ'אויסרייד: ס'האט זיך אונטערגערוקט

דאס יודעלע און זי האט זיך פערענטפערט, אז יודען זענען אין אל די מפלות שולדיג... די רומענישע אויבער-מאכט איז געגאנגען מיט דעם זעלבען וועג, וואס די [illegible] אויבערמאכט.

דער שעף פון רומענישען הויפט-שטאב גענעראל פרעסאן האט מיט זיינע בעפעהלען געמאכט די לאגע פון דעם יודישען סאלדאט אומעגליך. ער פלעגט אין זיינע בעפעהלען אפען בעשולדיגען די יודישע סאלדאטען אין שפיאנאזש, ער פלעגט זיי רופען דער „פרעמדער" עלעמענט און ד. ג.

אנפאנג אקטאבער 1916 האט דער גענעראל פרעסאן ארויסגעגעבען א בעפעהל, וועלכער איז בקול רם פארגעלייענט געווען אין אלע רומענישע פאלקען און וועלכער האט געווארפען אנ'אימה אויף אלע יודישע סאלדאטען. אין דעם דאזיגען בעפעהל איז געווען געדרוקט מיט גרויסע אותיות אזא אויסדרוק: „ווער זענען די שפיאנען? די יודען, די הענדלער, פרויען און קינדער".

איהר קאנט זיך לייכט פארשטעלען, ווי זיס ס'האט זיך געלעבט דעם יודישען סאלדאט און וואס פאר א געמיטה ער האט געהאט!

---

## נא.

שרעקליך איז געווען די לאגע פון די יודישע סוחרים אין רומעניען. מען האט זיי פערפאלגט דערפאר, וואס זיי נעהמען כלומר'שט צו-הויכע פרייזען פאר זייערע סחורות. אין דער אמת'ן אבער האב איך מיך אליין איבערצייגט, אז די מקחים פון פערשיעדענע סחורות זענען אין רומעניען אין יענער צייט געווען פיעל נידריגער ווי אין רוסלאנד, וואו סחורה איז געווען בעדייטענד מעהר. די רומענישע בעאמטע האבען געהאט א פרייע האנד, זיי פלעגען נישט לאזען אטעמען דעם יודישען סוחר. זיי פלעגען מאכען רעוויזיעס און דערביי נאטירליך פלעגען זיי ארויסקוועטשען אנ'ארענטליכע לאפובקע. דאס איז ביי די רומענישע בעאמטע געווארען א סיסטעם. מען פלעגט קאנפיסקירען סחורות ספעציעל ביי יודען, מען פלעגט אנפאלען אויף יודישע הייזער און מיטען דער נאכט און ווי אזוי מען פלעגט זיך בעת מעשה בעגעהן מיט די צושראקענע „פערברעכער" האב איך פשוט קיין ווערטער נישט צו בעשרייבען.

איך אליין בין געווען אנ'עדות פון אזא סצענע: ביי מיין טעקוטשער בעל-הבית אין געשעפט, וואו איך בין גראד געשטאנען, איז אריין א רומענישער אפיציר מיט א דאמע און האט זיך געהייסען ווייזען די טייערסטע זייפען און פערפום. מיין בעל-הבית האט איהם געוויזען. דער אפיציר האט אויסגעקליבען 2 טוץ פון די בעסטע זייף און 6 פלאקאנען פערפום און האט בעצאהלט צו איין לעי (ד. ה. א פראנק) פאר א שטיקעל זייף און צו צוויי לעי פאר א פלאקאן פערפום. מיין בעל-הבית האט תחילת געפרובט זיך איינצוהאלטען און צו זיין קאלטבלוטיג, אבער ביי אזא אונפערשעמטקייט האט ער זיך שוין נישט געקאנט איינהאלטען און האט איהם, אנ'אויפגערעגטער, געמאכט אויפמערקזאם, אז א שטיקעל זייף קאסט איהם קערן 4 לעי און א פלאקאן פערפום 8 לעי, ווי אזוי זשע קאן ער איהם פערקויפען די סחורה מיט אזא גרויסען היזק? נו—נו! האט דער אפיציר איהם אנגעהויבען זידלען מיט די שענדליכסטע ווערטער! דאס איז נאך אבער געווען ווייניג: ער האט צוגענומען

די זייף און די פּערפום און האָט נאָך אַראָבגעבראַכט אַ זשאַנדאַרם, וועלכער האָט מיין בעל־הבית תיכף אַרעסטירט. די אונטערשטע שורה — עס האָט געקאָסט עטליכע טויזענד לעי לאַפּובקע און די מעשה איז דערוויל פערריבען געוואָרען.

מיין בעל־הבית האָט געוויינט. מיינט איהר אפשר, אַז עס האָט איהם באַנג געטהון דאָס געלד, וואָס ער האָט געגעבען לאַפּובקע, אָדער די סחורה, וואָס דער אָפיציר האָט ביי איהם צוגענומען, חלילה! ער האָט געוויינט דערפאַר, וואָס זיין מענשען־ווירדע איז געווען אויף דער העכסטער שטופע בעליידיגט, וואָס ער איז רעכטלאָז, וואָס ער געפינט זיך אין אַ לאַנד, וואו פאַר איהם, אַלס אַ יודען, זענען קיין תקנות נישט געשריבען...

און מיין בעל־הבית איז נישט געווען קיין יחיד. אין אַלע יודישע געשעפטען האָבען רומענישע אָפיצירען און בעאַמטע געבעל־הבתי'ועט אונפערשעמטערהייד.

און וויפיעל זענען יודען אויסגעשטאַנען פאַר יודיש רעדען! פאַר אַ וואָרט יודיש פלעגט מען באַלד אַרעסטירען און אַריינוואַרפען אין תפיסה. אַלע תפיסות זענען געווען פול געפּאַקט מיט יודען „שפּיאָנען“, וועלכע רעדען „דייטש“.

גלויבט מיר זיכער, אַז דאָס האַרץ האָט געקענט פּלאַצען, צוזעהענדיג אַלע מעשים, וואָס די רומענישע אָפיצירען און בעאַמטע האָבען דעמאָלט אָבגעטהון מיט יודען. מען האָט זיך גאָר נישט געשעמט פאַר דער עפענטליכער מיינונג פון דער קולטור־וועלט. קיינער האָט דעמאָלט נישט געקענט קאָנטראָלירען די טעטיגקייט פון דער רומענישער רעגירונג. די רוסישע אויבער־מאַכט האָט אויך אויף דעם געקוקט צווישען די פינגער און זיך געמאַכט נישט ווימענדיג.

ווי ערשטוינט וועט איהר ווערען, ווען איך וועל אייך זאָגען, אַז אַפילו רומענישע קינדער, די שול־יוגענד, האָבען זיך אָרגאַניזירט אָבער נישט צו דיענען זייער פאָטערלאַנד, נאָר נאָכצושפּירען דעם יודען, אבי פון איהם געלד אַרויסצוקוועטשען. די דעמאָראַליזאַציע פון די רומענישע קינדער האָט דערגרייכט ביז דער העכסטער מדרגה. אין פראַנקרייך, אין ענגלאַנד האָבען זיך אויך קינדער, בעזונדערס די סקויטען, אָרגאַניזירט, אָבער זיי זענען אַוועק אויפ'ן פראָנט, כדי מיטצוהעלפען דעם מיליטער און זיי פלעגען טאַקי דאָרט בעווייזען גבורות... אין רומעניען אָבער האָבען זיך די שול־קינדער, די אַזוֹיגערופענע „צערטעטאזי“ ד. ה. שפּור־זוכער, אָרגאַניזירט מיט איין צוועק: צו פיינינגען דעם יודען ניט אויפ'ן פראָנט, נאָר אין די שטעדט און שטעדטלעך. אין טעקוטש האָט מען מיר אַזוינע קינדער געוויזען. דער עולם האָט פאַר זייער בליק געציטערט. אַזוי ווי אַ שטן, ווי אַ פגע רע, פלעגען זיי זיך אומבעמערקטערהייד אונטעררוקען, כאַפּען פון עמיצען אַ יודיש וואָרט און באַלד אויף איהם אָנווייזען דער זשאַנדאַרמעריע איך האָב אַליין אַזאַ סצענע געזעהן... אָפט פלעגען זיך יודען אויסקויפען פון די „פּאַטריאָטישע“ קינדער מיט אַ פּאָר לעי.

אויסשליסליך יודען פלעגט מען שלעפען צו צוואַנגס־אַרבייט. נישט קוקענדיג דערויף, וואָס דאָס קריעגס־מיניסטעריום האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, יודישע סוחרים און בעלי־מלאכות נישט צו נעהמען אויף די עבודת פרך, פלעגען דאָס רוב קאָמענדאַנטען דוקא שלעפען

די אנגעזעהענסטע סוחרים, גרייז-אלטע יודען, אפילו רבנים, צו גראבען אקאפעס. געמיינט האבען די קאמענדאנטען נישט די שווערע ארבייט, נאר די לאפובקע: מען פלעגט זיי אריינרוקען אין יד ארײן גראבע סומעס געלד (א סך פ א ר ע ס, ווי די רומענער יודען זאגען) און אזוי ארום פלעגט מען זיך אויסקויפען. מערקווירדיג איז דער פאקט, וואס מען פלעגט שלעפען צו דער ארבייט אפילו פערוואונדעטע און קראנקע יודישע סאלדאטען, וועלכע פלעגען קומען א היים אויף פאפראווקע!

אין רומעניען האט דעמאלט שטארק געפאנעוועט דער פלעקען-טיפוס, פון וועלכען עס האבען דאס רוב געליטען יודען. און עס איז קיין וואונדער נישט געווען: יודען האבען נישט געקענט קריגען צו קויפען קיין שפייז-פראדוקטען. איך האב שוין עטליכע מאל דערמאהנט, אז ספעציעל יודען האבען קיין זאך נישט געקענט בעקומען אויף דעם באזאר און קיין שטאדט. אלע בירגערמייסטערס האבען בעקומען א בעפעהל פון יאסי אכטונג צו געבען, אז די שפייז-פראדוקטען זאלען אומעטום תחילת פערקויפט ווערען די רומענער און שפעטער ערשט די „פרעמדע“. נאטירליך, האבען די „פרעמדע“ בעקומען צו קויפען קדחת, אזער זיי פלעגען בשתיקה צאהלען צעהן-פאכע פרייזען. מיט אט דעם אונמענשליכען מיטעל האט די רומענישע רעגירונג געוואלט בערוהיגען די עכט-רומענישע בעפעלקערונג, וועלכע האט אנגעהויבען ארויסווייזען איהר אונצופרידענהייט מיט דער גאנצער רומענישער פאליטיק אויפ'ן פראנט.

אין יאסי האט דער פאליציי-פרעפעקט ק... ביי אלע פראדוקט-געהעלבער אוועקגעשטעלט זשאנדארמען, וועלכע פלעגען פשוט אויף דעם גרעבסטען אופן אוועקטרייבען די יודישע קונים, איבריגענס האב איך אליין געזעהן אין טעקוטש אזא סצענע: פארבייגעהענדיג פערביי אנ'אגאנעק אויף ברויט האב איך בעמערקט, ווי א רומענישער זשאנדארם אין א בלויען מונדיר מיט א רויטען קאלנער האט גע'הרג'עט מכת רצח א יודישע פרוי און האט זי געשטופט פון אגאנעק ארוים. איך בין געווארען אויפגעבראכט פון דעם פאקט און צוגעגאנגען צום זשאנדארם און האב איהם בקול רם געהייסען אויפהערען זיין טעטיגקייט; אויף מיין פראגע, ווי ער הייסט, האט ער מיר קיין קלארע תשובה נישט געוואלט געבען. דאן האב איך געהייסען דער פרוי, זי זאל פערנעהמען איהר פלאץ אין אגאנעק און בין נעבען איהר געשטאנען ביז זי האט בעקומען איהר פארציע ברויט. פון דער געשיכטע האב איך געמאלדען דעם רומענישען קאמענדאנט. מיינע ווערטער האבען אבער א פנים געהאט א קנאפע ווירקונג, ווייל איך פלעג שפעטער דעם דאזיגען זשאנדארם ווידער טרעפען ביי זיין ארבייט.

נאך א שוידערליכען פאקט מוז איך אייך דערצעהלען: צווישען די רומענישע סאלדאטען איז אויך געווען א גרויסע צאהל קראנקע אויף פלעק-טיפוס. מיינט איהר אפשר, אז מען פלעגט זיי האלטען אין שפיטאלען? ניין! מען פלעגט אזוינע קראנקע איינקווארטירען אין יודישע פאמיליעס. ווי גרויזאם אזא מין פערארדנונג זאלט נישט אויסזעהן, איז זי דאך געווען אין דעם צוואנציגסטען יאהר-הונדערט, אין א לאנד, וואס האלט זיך פאר קולטורעל!!.. אין עטליכע שטעדט האבען יודען פארגעלעגט דער מאכט, אז זיי וועלען אויף זייער איינגענער רעכנונג בויען ספעציעלע באראקעס

פאר טיפוס=קראנקע, כדי אויף אזא אופן אויסצומײַדען די מעגליכקײט זיך אנצושטעקען... אנשטאט אנצונעה=מען אזא פארשלאג, האט די מאכט נאר ארעסטירט די דאזיגע יודען און אי=בערגעגעבען זײַ צום קריעגס=געריכט פאר „אונגעהארזאמקײט"! און עס איז געשעהן נאך א סך שרעקליכערע זא=כען: א סך יודישע עלטערן האבען פרו=בירט ארויסצושיקען זײַערע קינדער פון דער הײם, וואו עס זענען געלעגען טי=פוס=קראנקע סאלדאטען. די מאכט האט אבער אלעמען שטרענג בעפוילען זיך פון ארט נישט צו רירען, כדי נישט צו „פערשפרײטען" די עפידעמיע.

און דאס רוב שטעדט זענען רעקווי=זירט געווארען פאר שפּיטעלער יודישע שוהלען און בתי=מדרשים. קײן אײנציגע קריסטליכע קירכע האט מען נישט גע=טשעפעט. ווען עטליכע אנגעזעהענע יו=דען האבען אין דעם שטעדטיל דאראהאי וואו אלע בתי=תפלה זענען אויך רעקווי=זירט געווארען, אויפמערקזאם גע=מאכט דעם קאמענדאנט, אז די גרויסע און שענע ווילעס און פאלאצען פון די באיארען שטעהען פוסט און זײַ וואלט מען פיעל בעסער געקענט בענוצען צו דעם אויבענדערמאהנטען צוועק, האט מען זײַ אלעמען ארעסטירט און אנגע=טהון גרויסע ענוים.

איך וועל אײַך זאגען דעם אמת, אז ס'מישט זיך מיר אין קאפּ אצינד, ווען איך דערמאהן מיך וועגען אלע שרעק=ליכע פאקטען, וואס זענען אין רומעניען אבגעטהון געווארען בנוגע צו יודען, וועגען דעם, וויפיעל מענשען עס זענען אומשולדיג אומגעקומען. און איך בין גארנישט אימשטאנד אײַך נאך מעהר פאקטען געגוי איבערצוגעבען. עס איז גענוג! איהר האט שוין א געגויען בע=גריף פון דער רומענישער קולטור!

מײַנע בעקאנטע פון טעקוטש פלעגען מיך גאנץ אפט מיט א פערביטערט הארץ פרעגען:

— „ה' דאקטאר, צי איז בײַ אײַך אין רוסלאנד אויך אזוי מיט יודען? עס קען גארנישט זײַן, איהר זאלט אזוי פיעל מאראליש און פיזיש לײַדען, ווי מיר לײַדען דא! מיר קומען דאך אב אונ=זער גיהנום אויף דער וועלט"!

— „נײַן — פלעג איך זײַ ענטפערן — בײַ אונז אין רוסלאנד איז גאלד אין פער=גלײַך מיט אײַער לאגע. פאניע האט ניט אזא פערביסענקײט, ווי דער וואלאך (דער רומענער הײסט עס). פאניע איז אין גרונד פון זײַן נאטור אפּגעהערציג און גוטמוטיג. די רעגירונג און די הויכע ספערען פיהרען די אנטיסעמיטישע פּרא=פּאגאנדע מיט דעם גאנצען איפעט, אבער אין רוסלאנד געפינט זיך א שטאר=קע אינטעליגענץ, וועלכע קעמפפט מיט דער רעגירונג בכלל און מיט דעם אנטי=סעמיטיזם בפרט. בײַ אונז אין רוסלאנד קאן בשום אופן נישט זײַן דער פאל, אז א קינד, עס מעג זײַן דעם גרעסטען אנ=טיסעמיט'ס א קינד, זאל זיך פערגעה=מען מיט אזוינע שענדליכע מעשים, ווי אײַערע, רומענישע קינדער, פון אינטע=ליגענטע עלטערן, די שפּור=זוכער, מײַן איך. בײַ אונז, אין רוסלאנד, האט די עפענטליכע מײַנונג נאך א גרויסען כח און דעריבער איז אונזער גורל א בעסע=רער ווי אײַערער. אבער, נישט געזארגט, אײביג קען אזא לאגע נישט געדויערן. עס איז אײַך צו ביטער, צו שווער אצינד צו לעבען און דעריבער מוז אונבעדינגט פארקומען פאר אײַך א שינוי אויף בעסער, ווען דער שינוי וועט קומען — ווײס איך ניט, נאר די היסטאריע שלאפט נישט! א געשוויר מוז פּלאצען! און אײַ=

ער געשוויר וועט אויך פלאצען! און אפשר גאר אינגיכען. און שטעלט אייך פאר, מיינע ליעבע לעזער, אז א היסטארישער געשוויר האט טאקי באמת גראד אין דערזעלבער צייט געפלאצט, אבער נישט אין רומעניען, נאר אין רוסלאנד!

עס איז פלוצים אויסגעבראכען די גרויסע רוסישע רעוואלוציע!

# צווייטער טייל.

## א.

אונזער לעבען אויף דעם רומענישען פראנט בכלל און אין דעם 30-טען קארפוס בפרט איז זיך געגאנגען כשורה, אויף איין און דעמזעלבען שטייגער. איך האב געארבייט אין לאבאראטאריום, האב רעווידירט פערשידענע לאזארעטען און האב מיך, אין דער פרייער צייט, ווי איהר ווייסט עס שוין, מתעסק געווען מיט'ן פארשען די לאגע פון יודען אין רומעניען. רוסישע צייטונגען פלעגען מיר בעקומען מיט א גרויסער פערשפעטיגונג. מיר האבען עפעס דעמאלט אזוי ווי יא געלייענט צווישען די שורות וועגען דער פאליטישער לאגע אין פעטערבורג, אבער קיין גרויסע בעדייטונג האבען מיר די דאזיגע ידיעות ניט צוגעשריבען. איבריגענס, אלס אנשי-חיל זענען מיר געווען גאנץ ווייט פון פאליטיק. אונז האט איבערהויפט גאר ניט געקענט איינפאלען, אז דער צאריזם זאל מיט איינמאל קריגען א טויט-קלאפ.

אין קארפוס-קאזינא האט געהערשט די אלטע, אונאנגענעהמע שטייפקייט ביים טיש.

פון אלע שטאב-אפיצירען האב איך מיך בעפריינדעט מיט דעם נאטשאלניק פון דער ראדיא-טעלעגראפישער סטאציע. דאס איז געווען אן'אינזשיניער, זעהר אן'אינטעליגענטער מענש מיט ריין דעמאקראטישע אידעען. פאר איהם איז דאס ווארט „אנטיסעמיטיזם" געווען גאנץ פרעמד. איך פלעג מיט איהם אפט שמועסען וועגען דער לאגע אויפ'ן פראנט און מיר ביידע פלעגען אפט קריטיקירען די שטאב-געזעלשאפט, וועלכע איז איהם אויך געווען זעהר אנטיפאטיש.

איינמאל, געדענק איך (דאס איז געווען דעם 23-טען מערץ ג. ס. 1917) איז ער צו מיר אין אווענד געקומען צו לויפען און האט מיר איבערגעגעבען בשתיקה דעם אינהאלט פון א ראדיא-דעפעשע, וואס זיין סטאציע האט נאר וואס איבערגענומען. עס איז געווען אונגלויבליך! אין דער דעפעשע איז געווען געזאגט, אז דער קייזער ניקאלאי האט ארויסגעגעבען א מאניפעסט, אין וועלכען ער זאגט זיך אב פון טראהן צוזאמען מיט'ן דעם נאסלעדניק אלעקסיי און ניט איבער די מאכט דעם גרויספירשט מיכאיל אלעקסאנדראוויטש'ן. ווייטער איז אין דער דעפעשע געזאגט געווען, אז מיכאיל אלעקסאנדראוויטש וויל ניט ארויף אויפ'ן טראהן ביז דאס פאלק וועט איהם ניט אויסקלויבען און אז ס'איז געבילדעט געווארען א צייטווייליגע רעגירונג מיט פירשט לוואוו אן דער שפיץ, גוטשקאוו'ן אלס קריגס-מיניסטער. און קערענסקי'ן אלס יוסטיץ-מיניסטער. מיר זענען באלד אוועק צו נאך עטליכע

אַלטע בעקאַנטע אָפֿיצירען און דאָקטױרים מיט דער ידיעה. כּמעט אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געזעסען אַלע צוזאַמען און האָבען געפּלפּול'ט איבער דער צוקונפֿט פֿון רוסלאַנד. מיר זענען געווען אַלע בעצױבערט און זענען געקומען צו דעם בעשלוס, אַז פֿאַר רוסלאַנד וועט זיך אָנהױבען אַ נײַ לעבען, אַז ערשט וועט זי אָנהױבען בליהען און ווערען די גרעסטע מדינה אין דער וועלט. מיר זענען אין דער דאָזיגער נאַכט געווען זעהר גאַאיוו!

די דעפּעשע איז, נאַטירליך, באַלד איבערגעגעבען געוואָרען דעם קאָרפּוסנעם קאָמאַנדיר. צוויי טעג האָט ער זי געהאַלטען בסוד און ניט פֿערעפֿענטליכט. ער איז געווען אַזוי איבערראַשט, אַז ער איז די צוויי טעג גאָר צום מיטאָג ניט געקומען. די שטאַב־לײַט זענען אויך געווען צוטומעלט און דאָס רוב פֿון זיי האָבען געקריצט מיט די צײהן.

דעם 25־טען מערץ איז אָנגעקומען צום קאָרפּוסנעם די אױבענדערמאָהנטע דעפּעשע אָפֿיציעל. אין דער דעפּעשע איז געווען אַ בעפֿעהל, אַז באַלד צומאָרגען זאָל מען אַלעמען פֿיהרען צו דער שבועה.

איך וועל קײנמאָל ניט פֿערגעסען דאָס בילד פֿון דער שבועה. דאָס איז געווען אַ פּאַראַד מצד די סאָלדאַטען, אָבער ניט מצד דער מיליטערישער מאַכט. אָהן שום פֿעראָרדנונגען זענען אַלע סאָלדאַטען געקומען צו דער שבועה מיט רױטע בענדלעך אויף דער ברוסט.

פֿיעל אָבטײלונגען זענען געקומען אויפ'ן פּלאַץ, וואו די שבועה־צערעמאָניע איז פֿאָרגעקומען, מיט רױטע פּלאַקאַטען, אויף וועלכע ס'זענען געווען אױפֿגעשריבען: „עס לעבע דאָס פֿרײַע רוסלאַנד!“ „עס לעבע די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעפּובליק!“ אַלע סאָלדאַטען זענען געווען פֿרעהליך, יום־טוב'דיג. דאָס וועטער איז אויך געווען פּראַכטפֿול: די זון האָט געוואַרימט און דער הימעל איז געווען בלוי, בלוי.

אַרום 12 אַ זײגער אין דער פֿריה (דעם 26־טען מערץ ג. ס.) האָבען זיך אויף דעם פּלאַץ פֿאַר דעם קאָרפּוס־שטאַב צונױפֿגעזאַמעלט אַלע סאָלדאַטען פֿון טעקוטש און אַלע אָפֿיצירען, דאָקטױרים און טשינאַווניקעס. די לעצטע זענען געשטאַנען אויף דעם רעכטען פֿליגעל.

פֿאַר דער שבועה האָט דער קאָרפּוסנער קאָמאַנדיר מיט אַ טױט־בלאַסען פּנים געהאַלטען אַ רעדע פֿאַר די סאָלדאַטען. און איך מוז זאָגען, אַז זײַן רעדע איז געווען גאַנץ צוגעפּאַסט צום יום־טוב. ער האָט אין קורצע ווערטער ערקלערט די לעצטע געשעהענישען אין פּעטערבורג און האָט ערנסט געבעטען די סאָלדאַטען, די „פֿרײַע בירגער“, אַז זיי זאָלען ניט ברעכען די דיסציפּלין. צום סוף האָט ער אויסגעשריען: „עס לעבע דאָס פֿרײַע רוסלאַנד!“

די רעדע האָבען די סאָלדאַטען בעגלײט מיט אַ שטאַרקען „הוראַ!“

נאָך דעם קאָרפּוסנעם האָט גערעדט דער שטאַב־נאַטשאַלניק, אַ גענעראַל, וועלכען דער גאַנצער קאָרפּוס, דערהױפּט די סאָלדאַטען, האָבען פֿון לאַנג אָן ניט געקענט פֿערטראַגען פֿאַר זײַן שטרענגקײט און גראָבקײט, וועלכער איז געווען אַ גרױסער אָנהענגער פֿון שמיץ. ער האָט, ווי ס'ווײַזט אויס, געוואָלט מיט אַ פּאָר זיסע ווערטער זיך פּלוצים אונטערחנפֿ'ענען די סאָלדאַטען, אויסנוצענדיג דעם גוטען אײַנדרוק וואָס דעם קאָרפּוסנעם'ס רעדע האָט אויף זיי געמאַכט. טױזענד מאָל האָט ער געזאָגט „בראַטצי!“

און „סוואָבאָדאַ": צו די אָפּיצירען האָט ער זיך געווענדעט בוכשטעבליך מיט אַזוינע ווערטער:

— „רייצט ניט די סאָלדאַטען, בעגעהט זיך מיט זיי מענשיש!"

און אין דעם מאָמענט איז געשעהען פאַר אונז עטוואָס אונגלויבליכעס, שרעקליכעס: ס'האָט זיך געהערט פון די סאָלדאַטישע רייהען אַ מין גערויש, אַ ברום, וואָלט איך זאָגען, וועלכער איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער...

— „דאָלאָי גענעראַלאַ...!" האָבען פּלוצים אויסגעשריען טויזענדער אויפגערעגטע שטימען...

און דער אָרימער פערשעמטער רעאַקציאָנער האָט געביך תיכף ומיד געמוזט מאַכען פּיס.

צווישען די שטאָב-לייט האָט די מעשה געמאַכט אַ שרעקליכען רושם: זיי האָבען אַ ציטער געטהון, זיי האָבען דערפיהלט, אַז די היסטאָרישע „געמעזיס" (ד. ה. די געטין פון נקמה ביי די אַלטע גריכען) הויבט אָן אַרויסצווייזען איהר קראַפט. עס האָבען זיך געהערט שטימען, אַז אַזאַ גענעראַל דאַרף נאָך אַזאַ מפּלה געהן אַ היים און זיך דערשיסען.

די יום-טוב'דיגע שטימונג איז דורך דעם אויבענדערמאַהנטען פאַקט אַביסעל געשטערט געוואָרען. די סיטואַציע האָט אָבער באַלד פערבעסערט די רעדע פון מיין בעקאַנטען אָפּיציר, דעם נאַטשאַלניק פון דער ראַדיאָ-סטאַציע. ער האָט גערעדט מיט אַזאַ פייער, ער האָט בעשריבען דאָס קינפטיגע לעבען פון דעם פרייען רוסישען בירגער אין דעם פרייען רוסלאַנד אין אַזוינע שעהנע פאַרבען, אַז דער גאַנצער עולם האָט יעדען מאָמענט געשריען „הוראַ!" און די יום-טוב'דיגע שטימונג האָט ווידער אַלעמען דורכגעדרונגען.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען די שבועה-צערעמאָניע: פאַר די קריסטען האָט דעם נוסח (וועלכען מען האָט טעלעגראַפיש געשיקט פון פעטערבורג) פאָרגעלייענט אַ פּאָפּ. אַלע האָבען אויפגעהויבען צוויי פינגער און האָבען נאָך איהם די שבועה נאָכגעזאָגט. פון מיר און פון די איבעריגע יודישע דאָקטוירים און סאָלדאַטען האָט אָבגענומען די שבועה דער שטאָב-אַדיוטאַנט, ווייל קיין רב, וואָס זאָל קענען רוסיש לעזען, האָבען מיר אין טעקוטש ניט געהאַט.

נאָך דער שבועה האָבען די סאָלדאַטען אָנגעהויבען צו פאָדערן, אַז דער אָרקעסטער זאָל שפּילען די מאַרסעליעזע. בעת'ן שפּילען האָבען אַלע **אָרונטערגענומען** די היטלען.

צוריקגעהענדיג פון דער שבועה, האָב איך מיר אַליין ניט געגלויבט, אַז דאָס איז טאַקי אמת, אַז ס'איז אין רוסלאַנד ניטאָ מעהר קיין צאַרסקער רעזשים, אַז ס'איז פּלוצים פערשוואונדען געוואָרען די „טשערטאַ", אַז אונזערע קינדער וועלען קענען אָהן אַ פּראָצענט-נאָרמע אַנקומען אין גימנאַזיע, אַז ס'וועלען שוין מעהר ניט אַרויסגעגעבען ווערען קיין משונה'דיגע פּריקאַזען געגען יודען אויפ'ן פראָנט, אַז אַלע רעאַקציאָנערען האָבען פּלוצים פערלאָרען דעם גרונד פון אונטער זייערע פּיס, אַז מיר, יודען, זענען מיט איינמאָל געוואָרען פרייע בירגער!

ס'האָט זיך אָנגעהויבען אויפ'ן פראָנט אַ נייע לעבען. אין שטאָב-קאַזינאָ איז די שטימונג אויך געוואָרען גאָר אַנ'אַנדערע. די שטייפקייט האָט געפּלאַצט. דער קאָרפּוסנער קאָמאַנדיר איז געוואָרען ווייכער. דער שטאָב-נאַטשאַלניק האָט גענומען אַ לענגערען אָטפּוסק און איז אַוועקגעפאָהרען, כדי שוין מעהר ניט צוריקצוקומען. כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, וואָס

ער האט באלד אראבגענומען זיינע געגראלסקע שליפעס און האט אנגעטהון אנ'איינפאכען סאלדאטסקען שינעל אהן שליפעס.

—„אזוי בין איך זיכער, אז קיינער וועט מיך אונטערוועגס ניט טשעפען, האט ער געזאגט, היינט איז א סאלדאט דער יחסן!"

די ווערטער האבען ארויסגערופען אנ'עקעל. א העלד איז ער, הייסט עס, געווען נאר ביי דעם צארסקען רעזשים, איצט אבער האט ער מורא געקראגען פאר זיינע מעשים און איז אנטלאפען.

אונזערע שטאב-לייט האבען זיך באלד צוטיילט אויף צוויי גרופען. די קלענערע גרופע, צו וועלכער איך האב נאטירליך געהערט, האט געהאלטען פאר דעם נייעם רעזשים, די גרעסערע, צו וועלכע ס'האבען געהערט די העלדען פונ'ם „מיל", האט זיך בשום אופן ניט געקענט בערוהיגען פון דער נייער לאגע, וואס איז איצט געשאפען געווארען. זיי האבען געשאסען שוועבעל און פעך אויף דעם „חאם", אויף דער „סוואבאדא!"

—„צו וועלכען טייוועל דארף די „סוואלאטש" האבען „סוואבאדע" פלעגען זיי זאגען מיט שוים אין מויל, מען דארף דעם חאם צוערשט אויסלערנען לעזען, שרייבען און דעמאלט רעדען מיט איהם, איצט אבער קען איהם נאר די נאגייקע איינהאלטען" —

מיין צד פלעגט זיך שטארק אויפרעגען פון אזוינע ווערטער און אין שטאב איז געווארען די אטמאספערע אונערטרעגליך.

ב.

מען דארף נישט פערגעסען, אז וועהרענד דער צארישער רעזשים איז אין פעטערבורג געפאלען און אין רוסלאנד האט זיך אנגעהויבען א פרייע לעבען, זענען מיר געווען אין א פרעמדען לאנד און געפייערט דעם יום-טוב פון דער רעוואלוציע האבען מיר אין אנ'ענגען קרייז פון מיליטער-לייט. נאר ענדליך האט דער יום-טוב ביי אונז גיך געטראגען דעם גראנדיעזען און היסטארישען כאראקטער, ווי אין רוסלאנד גופא.

דאס האבען מיר אנגעהויבען ארויסצוזעהען פון די ערשטע צייטונגען, וועלכע מיר האבען בעקומען פון אדעם און פון קיעוו. בעזונדערס האט אויף אונז געמאכט א שטארקען איינדרוק די צייטונג „קיעווסקאיא מיסל". דארטען זענען געווען אזוינע שענע, הארציגע, פרייע ארטיקלען, דארטען זענען אין אזוינע שענע פארבען געווען בעשריבען אלע פייערונגען, וואס זענען אין קיעוו פארגעקומען בעת דער איבערקעהרעניש! און שפעטער פון די מאסקווער, פעטערבורגער צייטונגען האבען מיר פשוט די פינגער געלעקט! מיר האבען געפיהלט, אז דארטען, אין די צענטרען, קומט-פאר עפיס אזוינס גרויסארטיגעס, ערהאבענעס, כ'וויל זאגען, אידעאלעס, אז דאס הארץ האט שטארקער געקלאפט פון גרויס שמחה.

אלע רוסישע צייטונגען האבען אין איין קול אונטערגעשטראכען דעם פאקט, אז די רעוואלוציע איז געשעהען כמעט אהן מענשען-בלוט-פערגיסעניש. אלע זענען געווארען אזוי ברידערליך, פריינדליך! לייענענדיג די צייטונגען, האבען מיר געשפירט, ווי די געוועזענע רעאקציאנערען, די נעכטיגע מאכט-האבער, האבען זיך, ווי מייז, בעהאלטען פון דער שיין און זענען פערקראכען אין די קעלערס, וואו ס'האבען ביז דאמאלס געארבייט די רעוואלוציאנערן.

אַט גראָד מיט עטליכע טעג צוריק איז ביי מיר געווען אַ היגער בעאַמטער, אַ פּאָליאַק, מיט וועלכען כ'פלעג מיך בעת דער מלחמה, טרעפען אין מאָסקווא. שמועסענדיג מיט איהם, האָבען מיר זיך דערמאָהנט אין די ערשטע צייטען פון דער רעוואָלוציע.

—„אַך, האָט ער אויסגערופען מיט אַ זיפץ, ס'איז דאַמאָלס געווען אַזוי שעהן, אַלע זענען געווען אַזוי ברידערליך, ס'איז געווען אַן אמת'ער יום-טוב ביי אַלעמען!“

קערענסקי'ס שטערן האָט אָנגעהויבען אויפצוגעהן. אַלס יוסטיץ-מיניסטער האָט ער קודם-כל געגעבען אַן אַמנעסטיע פאַר אַלע פּאָליטישע פערברעכער פון דעם צאַרישען רעזשים.

און ס'האָבען זיך אָנגעהויבען צו ציהען פון סיביר צוגען מיט אַלטע און יונגע מענער, פרויען און פריילינגס, וועלכע האָבען פון כמה יאָהרען פערפוילט די סיבירער טורמעס און די קאַטאָרגע; די „באַבע“ פון דער רוסישער רעוואָלוציע ברעשקאָ-ברעשקאָווסקאַיאַ איז געבראַכט געוואָרען מיט גרויס פּאַראַד פון סיביר אין אַ סאַלאָן-וואַגאָן... דאַגעגען די צאַרישע סאַטראַפּען, די געוועזענע צאַרישע מיניסטאָרען, גובערנאַטאָרען און סתם רעאַקציאָנערן האָבען אָנגעהויבען צו פערנעהמען אין די טורמעס די פּלעצער פון די רעוואָלוציאָנערן...

די סאָלדאַטען האָבען געלעזען די צייטונגען מיט גרויס אינטערעס; זיי פלעגען קיין וואָרט ניט אַדורכלאָזען אָהן אַ בעמערקונג. און איך מוז דאָ בעטאָנען, אַז דאָס רוב אָפיצירען האָבען ניט פערשטאַנען און האָבען ניט געוואָלט פערשטעהן די בעדייטונג פון דעם גרויסען היסטאָרישען מאָמענט און דערמיט זענען זיי בעגאַנגען אַ גרויסען חטא.

פון אָנהויב-אָן האָבען זיי געקאָנט מאָראַליש בעהערשען דעם נייעם, פרייען סאָלדאַט. ליידער אָבער פלעגען זיי שטילערהייד שיטען שוועבעל און פעך אויף דער רעוואָלוציע און פלעגען אָפען אַרויסווייזען זייער פעראַכטונג און גלייכגילטיגקייט צו דער רעוואָלוציע און צום סאָלדאַט. נאָר אַ גאַנץ קליין הייפעל אָפיצירען, די געוועזענע סטודענטען און דאָס רוב דאָקטוירים האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט, ד. ה. צו ערקלערען דעם סאָלדאַט, ווי געהעריג, די בעדייטונג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד; זיי האָבען געגעבען צו פערשטעהן דעם סאָלדאַט, אַז אַ פרייער בירגער מוז אין מיליטער-דיענסט זיין נאָך שטרענגער דיסציפּלינירט, ווי ביז איצט.

מיר האָבען פערשטאַנען, אַז קוים וועט זיך אַ שאָקעל-טהון די דיסציפּלין אין דער אַרמעע, וועט אַלץ זיין פערפאַלען. און דערפאַר האָבען מיר טאַקי שטאַרק מורא געהאַט פון אָנהויב-אָן.

דערווייל איז אין שטאַב פון דעם 80 קאָרפּוס אָנגעקומען פון פּעטערבורג טעלעגראַפיש דער בעריהמטער פּריקאַז № 1, וועלכען גוטשקאָוו, אַלס קריעגס-מיניסטער, האָט פערעפענטליכט. אין דעם דאָזיגען פּריקאַז איז געווען געזאָגט, אַז פון היינט-אָן, ווען דער סאָלדאַט איז געוואָרען אַ פרייער בירגער און אַלע שטאַנדען זענען גלייך געוואָרען, ווערט אָבגעשאַפט נעמליך די אַזוי-גערופענע „טשעסט“, ד. ה. די בעגריסונג מיט צולעגען די האַנד צום קאָפּ, אַז דער אָפיציר טאָר זיך מעהר ניט ווענדען צום סאָלדאַט פער „דו“, נאָר פער „איהר“, אַז ס'ווערען געגרינדעט ביי יעדער מיליטער-אָבטיילונג סאָלדאַטסקע קאָמיטעטען; ראָטנע, פּאָלקאָווע, דיוויזיאָנע, קאָרפּוסנע און אַזוי ווייטער; אַז די דאַ-

זינע קאָמיטעטען בעקומען דאָס רעכט צו קאָנטראָלירען די ווירטשאַפטס=פיהרונג פון זייערע מיליטער=אַבטיילונגען, אַראָבצוּוואַרפען נישט געווינשטע קאָמאַנדירען, אויסצוקלויבען נייע און נאָך אַ מאַסע איינצעלהייטען זענען געווען אויס גערעכענט אין דעם פּריקאַז № 1.

אין שטאַב האָט דער פּריקאַז געמאַכט אַ גרויסען טומעל. די גענעראַלען און די עלטערע אָפיצירען האָבען זיך גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלען, ווי=אַזוי מען וועט פון איצט אָן קענען איינהאַלטען די דיסציפּלין. און איך מוז זאָגען דעם אמת, אַז אויף מיר און מיין חבריא האָט דער פּריקאַז אויך געמאַכט אַ בעאונרוהיגענדען איינדרוק. מיר זענען מסכים געווען, אַז ביז איצט איז די לאַגע פון דעם רוסישען סאָלדאַט אין די הענד פון די רוסישע רעאַקציאָנערע אָפיצירען געווען זעהר אַ שלעכטע. דאָס רוב פון זיי האָבען געקוקט אויפ'ן סאָלדאַט, ווי אויף אַ פערד. ניין! זיי האָבען איהם געהאַלטען נידריגער ווי אַ פערד. איך קען ניט פערגעסען אַ פאַקט, וואָס איז געשעהען אין אנהויב פון דער מלחמה, בעת איך האָב געדיענט אין אַבאַז פון דער 75=טער דיוויזיע. דעם טיפּ פון דעם דעמאָלטדיגען קאָמאַנדיר פון אַבאַז האָב איך זיינער צייט בעשריבען. איינמאָל האָט ער בעמערקט, אַז אַ סאָלדאַט האָט ניט גענוג ריין=געהאַלטען זיין פערד. איז ער צו איהם צוגעגאַנגען, האָט איהם געזידעלט מיט די שענדליכסטע ווערטער און האָט איהם שטאַרק צעבלוטיגט.

— „אַך, דו סוואָלאָטש, דו חאַם, דו ס. ס.! אַז דו וועסט פּגר'ן וועט קיין גרויסען שאָדען די אַרמעע ניט האָבען, אָנשטאָט דיר וועלען קומען צעהנדליגער אַנדערע חאַמעס, אָבער, אַז דאָס פערד וועט אומקומען וועלען מיר אַנ'אַנדערס ניט אַזוי לייכט בעקומען!"

דערזעלבער גבור פינ'ם „טיל" האָט אַ צווייטען מאָל אַוועקגעשטעלט אַ סאָלדאַט אונטערן ביקס אויף דער ברענענדער זון, וואו ער האָט בעקומען אַ זונען=שלאַג.

מיין פּראָטעסט אין ביידע פעלע האָט גאָר ניט געהאָלפען. איך האָב נאָך געקריגען אַ פאָרוואורף, וואָס איך מיש מיך אַריין ניט אין מיינע זאַכען.

אמת טאַקי, די רעאַקציאָנערן פלעגען תמיד זאָגען, אַז אָהן דעם רוסישען מישברד קען מען מיט דעם סאָלדאַט גאָר ניט אויפטהון און מען פלעגט איהם טאַקי אָפט „רייבען די מאָרדע" און געבען שמיץ... מיר זענען מסכים געווען, אַז מען דאַרף דעם סאָלדאַט בעסער בעהאַנדלען און די דאָקטוירים און אַ טייל אָפיצירען פון זאַפּאַס פלעגען זיך טאַקי בעגעהן מיט די סאָלדאַטען, ווי מיט מענשען און די סאָלדאַטען האָבען טאַקי געהאַט גרויס צוטרוי צו אונז נאָך פאַר דער רעוואָלוציע, אָבער... איצט, אויף דעם מלחמה=פלאַץ, וואו אָהן אַ שטרענגער, אָבער מענשליכער, דיסציפּלין האָט מען געקענט אַלץ חרוב מאַכען אין איין טאָג, געבען דעם סאָלדאַט דאָס רעכט זיך אַריינצומישען אין דער פיהרונג פון זיין „טשאַסט", געבען איהם דאָס רעכט אַראָבצוּוואַרפען און אויסצוקלויבען נאַטשאַלניקעס—דעם פּונקט פון דעם פּריקאַז № 1, האָבען מיר געפונען פאַר זעהר געפעהרליך. קענענדיג גוט דעם רוסישען סאָלדאַט, האָבען מיר פאָראויסגעזעהן, אַז אונטער דער מאַסקע פון „סוואָבאָדאַ=לאָזונג" וועלען אויף איהם קענען האָבען אַנ'איינפלוס די טונקעלסטע עלעמענטען.

און די סאָלדאַטען האָבען אויך פער=

שיעדען אויסגעטייטשט דעם בערימטען פריקאז.

איך האב גערעדט מיט א סך סאלדאטען און ס'זענען געווען אזוינע, וואס זענען פון דעם פריקאז ניט געווען צופרידען:

— „א סאלדאט מוז טהון אליין, וואס נאטשאלסטווא הייסט איהם, האבען זיי געזאגט און מוז אבגעבען „טשעסט" דעם אפיציר, אהן דעם איז ער קיין סאלדאט ניט!"

און כאראקטעריסטיש איז דער פאקט, וואס נאך א געוויסער צייט פלעגען סאלדאטען, נאטירליך, די מינדערהייט, אבגעבען „טשעסט" און ענטפערן „טאק טאטשנא!" און „ניקאק ניעט!".

---

### ג.

און אויפ'ן פראנט האבען די סאלדאטען אנגעהויבען „מיטינגעווען": מען האט גענומען קלויבען מיטגלידער פון פערשידענארטיגע סאלדאטסקע קאמיטעטען. לויט'ן פריקאז האבען אין די דאזיגע סאלדאטסקע קאמיטעטען געדארפט אריינגעהן אויך צו צוויי פארשטעהער מצד די אפיצירען, אדער טשינאווניקעס.

עס איז געווען זעהר אינטערעסאנט זיך צוצוקוקען, ווי-אזוי די וואהלען זענען צוגעגאנגען. איך האב בעמערקט, אז ביי די ערשטע וואהלען האבען זיך די סאלדאטען אבגעגעבען א קלארען חשבון. איך האב מיך פשוט געוואונדערט, ווי לאגיש און הארציג ס'האבען גערעדט א סך סאלדאטען, וואס האבען ניט געקענט אפילו לעזען און שרייבען. פון צווישען זיך האבען זיי אויסגעקליבען דאס רוב די אינטעליגענטערע סאלדאטען.

אינטערעסאנט איז געווען דער פאקט, אז אין די ערשטע קאמיטעטען האבען די סאלדאטען פון צווישען די אפיצירען אויסגעקליבען דאס רוב דאקטוירים און אפיצירען פון זאפאס און פון צווישען דאקטוירים זענען דאס רוב אין די סאלדאטסקע קאמיטעטען אריין יודישע דאקטוירים.

און ס'איז קיין וואונדער נישט געווען. אין דער יאפאנישער מלחמה און אין גאנצען משך פון דער איצטיגער מלחמה האבען די יודישע דאקטוירים (איך וועל מיך גאר ניט רוהמען) ערפילט זייער חוב אומעטום, וואו זיי האבען נאר געדיענט און האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער טאלעראנץ און קולטורעלען בעגעהן זיך מיט דעם סאלדאט. קיין יודישער דאקטאר האט זיך נישט ערלויבט צו זידלען א סאלדאט. נישט איין יודישער דאקטאר איז אפילו בעשטראפט געווארען פאר זיינע מענשליכע בעציהונגען צום סאלדאט. אזוי, למשל, ווייס איך א פאל, ווען א יודישער מיליטער-דאקטאר איז בעשטראפט געווארען מיט 8 טעג ארעסט דערפאר, וואס ער האט זיך צו זיינע סאלדאטען געווענדעט פער „איהר". אין דער צווייטער ליניע נאך די יודישע דאקטוירים זענען גיגאנגען די אפיצירען פון זאפאס, זיי פלעגען דאס רוב אויך בעהאנדלען קולטורעל די סאלדאטען. און דעריבער האבען די לעצטע אויך זיי אויסגעקליבען אין די קאמיטעטען אריין. און די ערשטע קאמיטעטען האבען געהאט א גרויסע און גוטע ווירקונג אויף דעם סאלדאט. די אינטעליגענטע קרעפטען האבען אריינגעלעגט פיעל מיה אין דער פלאנמעסיגער ארבייט פון די דאזיגע קאמיטעטען און ס'האבען זיך געפונען קאמאנדירען, וועלכע זענען פון אנהויב געווען גאנץ צופריע

דען, ווייל זיי האבען שוין נישט געדארפט טראגען אזא שווערע פעראנטוואָרטליכקייט, ווי ביז איצט. די קאמיטעטען פלעגען קאנטראלירען, צי דער סאלדאט בעקומט אלץ, וואס פאר איהם איז בעשטימט לויט'ן געזעץ, צי ער האט גאנצע וועש, שטיוועל א. ד. ג.; די אינטעליגענטע מיטגליעדער פון די קאמיטעטען פלעגען אפט ערקלערען די סאלדאטען וועגען דער וויכטיגקייט פון דער רעוואלוציע און פלעגען זיי געבען צו פערשטעהן, ווי וויכטיג ס'איז אין דער ארמעע די דיסציפלין.

און שטאב אבער האבען די „פראנטלער“, די יונגע שנעקעס, וועלכע האבען זיך דורך פראטעקציע אהינצי אריינגעקריגען, אנשטאט צו געהן אויפ'ן פראנט, נישט געקאנט גלייכגילטיג רעדען וועגען די קאמיטעטען. מיט שוים און מויל פלעגען זיי דערמאהנען די קאמיטעטען און פלעגען פון זיי חוזק מאכען. ענדליך זענען זיי געקומען צום בעשלוס, אז אין די אלע אומגליקען, אין דער גאנצער איבערקעהרעניש, און די אלע קאמיטעטען זענען שולדיג... די יודען! זיי האבען ענטדעקט אמעריקא! צו וואס דארף מען מאטערען דעם מח און טראכטען, ווי אזוי די רעוואלוציע אין רוסלאנד איז פארגעקומען, ווי אזוי ניקאלאי האט זיך געמוזט אבזאגען פון טראהן, אז אט דא, באלד אונטער דער האנד האבען זיי געהאט דאס יודעלע? ער איז טאקי אין אלע די אומגליקען שולדיג!

און ס'האט זיך שטארק אנגעהויבען א סדרה „זשיד“! זשיד דאס, זשיד יענץ, זשיד, זשיד און נאכאמאל זשיד!

אבער נישט אין מיין געגענווארט האט מען געקאנט האבען די העזה אזוי צו טרעטען מיט די פיס דעם „זשיד“! איך האב קאלטבלוטיג אויסגעהערט מיינע געגנער און האב זיי תיכף געפרעגט עטליכע קשיות, אויף וועלכע איך האב געבעטען א עהרליכע תשובה.

— „זאגט מיר נאר, מיינע הערען, — האב איך זיי געפרעגט, צי האט א יוד ארויסגערופען די שרעקליכע מלחמה, צי צוליעב יודען זענען די פעלדער פון אייראפא און אזיע פערזייעט מיט מיליאנען מענשליכע קערפער? צי צוליעב יודען זענען מיליאנען געזונדע מענשען געבליבען אהן פיס, אהן הענד, אייביגע קאליקעס? צי איז ניקאלאי, דער בלוטזויגער, א יוד? צי איז ראספוטין געווען א יוד? צי איז סוכאמלינאוו א יוד? צי צוליעב יודען האט די רוסישע ארטילעריע נישט געהאט בעצייטענס קיין סנאריאדען און די פיעכאטע קיין קוילען? צי צוליעב יודען האבען די סאלדאטען נישט געהאט וואס אנצוטהון און וואס צו עסען? צי געפינט זיך צווישען די אינטענדאנטען כאטש איין איינציגער יוד? צי צווישען די רוסישע מיניסטארען, וועלכע האבען תמיד געהאלטען דאס רוסישע פאלק אין פינסטערניש און האבען נישט צוגעלאזען צו איהם קיין שיין פון קולטור זענען געווען א סך יודען? צי איז פאלקאווניק מיאסאיעדאוו, וועלכער האט פערקויפט זיין פאטערלאנד, געווען א יוד? צי איז דער ווארשאווער גענעראל-גובערנאטאר סקאלאן, וועלכער האט זיינער צייט נאך פאר דער מלחמה געהאט געהיימע בעציהונגען מיט דייטשלאנד געווען א יוד? צי איז דער ווארשאווער גובערנאטאר, באראן קארף, וועלכער איז באלד אין אנהויב פון דער מלחמה מיט אנ'אויטאמאביל אוועקגעפאהרען גלייך צום דייטש, געווען א יוד? און נאך, און נאך א סך קשיות וואלט איך אייך געפרעגט. ענטפערט-זשע! אבער איהר שווייגט. איהר קאנט מיר אויף

מיינע קשיות גארנישט ענטפערען און איהר פיהלט אליין, ווי נישטיג, ווי אונבעגרינדעט, ווי נארישׁ ס'זענען איערע אלע בעשולדיגונגען פונ'ם יודען. לאזט דעם יודען צורוה! קוקט בעסער אויף זיך, קוקט עהרליכער אריין אין דער נשמה פון סאלדאט, וועט איהר זיך נאך אפשר קאנען ראטעווען. אויב נישט, אויב איהר וועט געהן מיט דעם זעלבען וועג, וואס איהר זענט געגאנגען ביז איצט, וועט איהר אריינקריכען אין אזא זומפ פון וועלכען איהר וועט בשום אופן שוין מעהר נישט קאנען ארויסקריכען! צערייצט נים דעם „חאם“, וויל, ווען ער וועט ארויס פון די כלים צוליעב אייך, וועט איהר איהם שוין נישט קאנען איינשטילען און איהר וועט נאך אנקומען צום יודען, ער זאל אייך ארויסראטעווען, ראס וועט איהר שפעטער זעהן!“

מיינע געגנער האבען געשטומט. קיין איין איינציגעןווארט האבען זיי מיר אויף מיינע קשיות נישט געענטפערט; מיך האט שטארק אונטערגעהאלטען מיין פריינד, דער אפיציר פונ'ם ראדיא-טעלעגראף, וועלכער האט זיי אויך מיט ממשות'דיגע ראיות בעוויזען, ווי פויל ס'איז געווען דער ביז-איצטיגער רעזשים און אז קיין אנדער סוף האט ער נישט געקאנט האבען.

און נאך א מערקווירדיגען פאקט האב איך בעמערקט, דהיינו: כ'דאבען זיך געפונען אזוינע רעאקציאנערע אפיצירען, וועלכע האבען פלוצים איבערגעבימען זייער פעלכעל און האבען זיך געסטארעט צוצופאסען צו דער נייער צייט. זיי פלעגען פלוצים ארויסטרעטען אויף מיטינגען, זידלען דעם צארישען רעזשים מיט די שענדליכסטע ווערטער און רימען דער ציטווייליגער רעגירונג, איבערהויפט קערענסקי'ן, ביז גאר. און הארצען זענען אבער די פארשוינען געבליבען רעאקציאנערען.

ביי אונז אין קארפוס איז געווען א קאמענדאנט, וועלכער פלעגט אין דעם קארפוס-קאזינא זידלען די סאלדאטען מיט וואס אין קארט שטעהט און אויף מיטינגען פלעגט ער דעמזעלבען טאג שרייען צו די סאלדאטען: „בראטצי! טאוואר־שטשי! עס לעבע די פרייהייט! נידער מיט דעם צארזים“... און ד. ג.

אזוינע סוביעקטען פלעגען אפטמאל שוין האבען זייערע פאווארימען-סאלדאטען און מיט זייער אגיטאציע פלעגען זיי אויך אויסגעקליבען ווערען אין די קאמיטעטען אריין.

קורץ נאכדעם האבען אנגעהויבען צו קומען ידיעות, אז די סאלדאטען האבען זיך א נעהם געטהון צו די שלעכטע קאמאנדירען, אז מען האט אנגעהויבען דא און דארטען צו הרג'ענען די געוועזענע רעאקציאנערען און איך מוז אונטערשרייבען דעם פאקט, אז נישט איין העכערער אפיציר איז ניצול געווארען פון טויט א דאנק דער איינטרעטונג טאקי פון יודישע דאקטוירים, וואס האבען מיט אלע כחות געשטרעבט איינצוהאלטען די שלעכטע אינסטינקטען פון די סאלדאטען, וועלכע האבען ביסלעכוויין שוין אנגעהויבען ארויסצוגעהן פון די כלים.

גלייכצייטיג האבען מיר זיך דערוואוסט פון די צייטונגען, אז אין פעטערבורג האט זיך געגרינדעט אנ'אלרוסישער סאלדאטען-און פויערים-ראט און וועלכען ס'זענען אריין א מאסע-סאציאל-רעוואלוציאנערען, לינקע און רעכטע, מענשעוויקעס און באלשעוויקעס, אז דער דאזיגער ראט הויבט אן צו בעקומען א גרעסערע מאכט, ווי די צייטווייליגע רעגירונג, וועלכע קען אהן הסכם פון דעם דאזיגען ראט קיין שום דעקרעטען נישט

ארויסגעבעו, אז דער בערימטער פרי=
קאז № 1, וועגען וועלכען כ'האב שוין
פריהער געשריבען, האט גוטשקאוו ארויס
געגעבען אונטער דער פרעסיע פון דעם
אלרוסישען סאלדאטען=און פויערים=ראט

ד.

אויב פאר אונז, רוסישע יודען, איז ענ=
דליך געקומען די גאילה אין מיר זענען
געווארען פרייע בירגער אין א פרייען
לאנד, האט פאר די רומענישע יודען די
רוסישע רעוואלוציע געהאט א פאטאלען
ערפאלג. זייער ביטערע לאגע האט זיך
פון דעם מאמענט אן נאך טויזענד מאל
פערערגערט.

די רומענישע אפיצירען און בעאמטע
האבען ניט געקענט גלייכגילטיג פער=
טראגען די רוסישע סאלדאטען און בכלל
אלע רוסען. זיי פלעגען ווארפען אויף
אונז בייזע בליקען, אזוי ווי די אויגען
וואלטען זיי ארויסגעקראכען פון די אר=
ביטען. כדי צו פערהיטען דעם רומעני=
שען סאלדאט פון דער רוסישער „זארא=
זע" האט די רומענישע רעגירונג איהר
גאנצען חיל פונאנדערגעשיקט אין וויטע
אבגעלעגענע שטעדטלעך, וואו קיין רו=
סישער פוס האט ניט געקענט צוקומען.
און דעם כעס איהרען האט די רומענישע
רעגירונג אויסגעלאזען צום יודען. ס'הא=
בען זיך אנגעהויבען אזוינע שרעקליכע
רדיפות געגען יודען, אז די האר האבען
זיך געשטעלט קאפויר. מיט א מין ווילער שנאה האט עמן גענומען ארעסטי=
רען יודען פאר איין איינציג יודיש ווארט;
מען פלעגט בשום=אופן ניט ערלויבען א
יודען אריבערצופאהרען פון איין שטאדט
אין די צווייטע. און דאס שרעקליכסטע
איז געווען, וואס מען פלעגט יעדען יודען
נאכשפירען טריט ביי טריט, מען פלעגט
איהם ניט לאזען פשוט אטהעמען. טא=
מער פלעגט א רומענישער יוד אויס=
רעדען א ווארט מיט א רוסישען סאל=
דאט, אדער אפילו מיט אן'אפיציר,
אדער א דאקטאר, פלעגט מען איהם
באלד שלעפען צו אן'אויספארשונג: עס
איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז איך האב
אויפגעהערט צו שפאצירען מיט מיינע
בעקאנטע רומענישע יודען אויף דער
גאס, כ'האב אפילו אויפגעהערט זיך מיט
זיי צו בעגריסען, מחמת כ'האב ניט גע=
וואלט, אז די אומגליקליכע מענשען זא=
לען צוליעב מיר ליידען. יודען האבען גע=
ציטערט פאר דער שיין, אזוי ווי אין מי=
טעלאלטער, בעת דער שרעקליכער אינ=
קוויזיציע אין שפאניען. און ווען איז עס
אלץ געווען? אין דערזעלבער צייט, ווען
אט צווישען די רעכטלאזע רומענישע
יודען האבען זיך געפונען יודען, וועלכע
זענען פלוצים בעפרייט געווארען פון זיי=
ער גלות. די אומגליקליכע טעקוטשער
יודען האבען געווענדעט זייערע פער'=
חושכ'טע בליקען צו מיר און האבען מיך
ניט איינמאל געפרעגט:

— „ציי ווען איהר, איצט בעפרייטע
יודען, אונז לאזען אהן הילף? צי וועט
איהר איצינד ניט אויפהויבען אייער
שטארקע שטימע מיט א וועלט=פראטעסט
געגען אונזער גהינום? צי וועט איהר
אונז אזוי לאזען אויסגעהן פון אונזערע
כחות?"

— „ניין! און טויזענד מאל ניין! האב
איך זיי געענטפערט, מיר וועלען גאר=
ניט שווייגען! אלע אייערע צרות, אלע
אייערע ליידען זענען פערשריבען מיט
בלוטיגע אותיות אין דער יודישער גע=
שיכטע און איצט וועט מען זיי שוין ניט

קענען בעהאלטען. גאר אינגיכען וועט די וועלט וויסען, וואס מען טהוט דא מיט אייך, זייט רוהיג! האפט! די פריידע רוסישע יודען וועלען אייך אויך ברענגען די גאולה און אפשר בקרוב בימינו!"

— „אמן"! האבען אויסגעשריען מיינע גוטע פריינד און דער דאזיגער „אמן" קלינגט מיר נאך עד־היום אין די אויערן.

און מיר האבען טאקע ניט געשוויגען. ס'האט זיך אנגעהויבען תחילת אין אדעס און נאכדעם אין פעטערבורג, מאסקווא און אנדערע גרעסערע שטעדט א שטארקע אקציע געגען רומעניען. נאר דאס איז געשעהען מיט עטליכע חדשים שפעטער און איך וועל נאך וועגען דעם שפעטער שרייבען.

א מאדנע פאלק זענען מיר, יודען, ניט קוקענדיג אויף אלע רדיפות, גזרות, פאגראמען, האבען מיר אין זיך א געוואלדיגע לעבענס־קראפט. מען קען אונז בשום־אופן ניט אויסראטען. וואס מעהר מען פערפאלגט אונז קריגען מיר אלץ מעהר כח אריבערצוטראגען די גרעסטע ענוים און מיר בלייבען לעבען. און אין די שרעקליכסטע מאמענטען געפינען מיר א מנוחה־שעה, ווען מיר פערגעסען זיך פון אלע צרות.

אלם ביישפיעל האבען מיר געדיענט די טעקוטשער יודען: זיי זענען דאך געשטארבען פון הונגער, ווי איך האב שוין פריהער א מאל דערמאהנט; זיי האבען ניט געקענט קיין שום פראדוקטען בעקומען צו קויפען, די באזארען זענען געווען פאר זיי פערשפארט, ביים רוסישען סאלדאט האבען זיי מורא געהאט וואס צו קויפען און דערווייל האט זיך אונטערגערוקט דער ליבער פסח. ס'איז געווארען א גרויסער רעש אויף דער יודישער גאס: מען האט אנגעהויבען פון אונטער דער־ערד צו זוכען אכילה אויף פסח. יודען האבען פשוט געשטעלט אין סכנה זייער לעבען, כדי צו בעקומען א שטיקעל פלייש אויף יום־טוב. איך געדענק, ווי א יודישער שוחט האט זיך פשוט מקריב געווען און האט מיט גרוים מיה בעקומען א פאר קעלבלעך צו קויפען. ער האט זיי בחדרי־חדרים געקוילעט און דאס פלייש האט ער בשתיקה פערקויפט צווישען די טעקוטשער יודען. אגב האב איך זיי א ביסעל צוגעהאלפען, דהיינו איך בין עטליכע מאל געגאנגען צום שוחט, האב ביי איהם גענומען פארציעס פלייש און האב עס בעזארגט פאר דעם אדער יענעם פון מיינע בעקאנטע, ווייל איך האב קיין מורא ניט געהאט צו טראגען פלייש. ווען א רומענישער זשאנדארם וואלט, חלילה, געפאקט דעם שוחט, וואלט ער געווען אומגליקליך אויף זיין גאנצען לעבען.

מיינט איהר אפשר, אז דער דאזיגער שוחט האט, לויט'ן היינטיגען אויסדרוק, געפאסקעוועט? חלילה! ער האט גענומען נאר דעם קאסטען־פרייז. ס'איז געווען ביי די טעקוטשער יודען א ריכטיגער יום־טוב, ווייל ביז דאמאלס האבען זיי שוין לאנג, לאנג קיין שטיקעל פלייש פאר די אויגען ניט אנגעזעהען.

איך בין אויך ניט געווען קיין שטיינערנער און האב אויך געוואלט האלטען פסח כדין וכדת. איך בין אבער געווען גאנץ פערצווייפעלט; זיך אנדינגען איז ניט געווען ביי וועמען, ווייל יעדערער האט געהאט גאנץ ווייניג אכילה אפילו פאר זיין הויזגעזינד און שיעור־שיעור האב איך ניט אוועקגעווארפען יעדען געדאנק וועגען: א וועלכען ס'ניט איז פסח פאר מיר. פערפאלען! מלחמה איז מלחמה! וואס־זשע האב איך געזאלט טהון? אז מען קען ניט אריבער מוז מען ארונטער! שרעקט אייך אבער ניט, ליבע לעזער!

כ'האָב דעם פּסח פון יאָהר 1917 קיין חמץ נישט געגעסען! די מעשה איז אַזוי געווען: ווען איך בין ערב=פּסח אין דער פריה, אַזוי ווי אַלע טאָג, אַרוים פון מיין וואוינונג אויף סלוזשבע, האָט מיך מיין בעל=הבית'טע פערהאַלטען און האָט מיר פערבעטען אויף פּסח צו זיך.

— „איך בין אייך זעהר דאַנקבאַר, זאָג איך צו מיין בעל=הבית'טע, אָבער כ'קען בשום=אופן נישט אָננעהמען אייער פאָרשלאָג, ווייל איהר האָט דאָך, וואָהרשיינליך, אַליין פאַר זיך קנאַפּ פּראָדוקטען און אָבנעהמען פון אייער פּאָרציע אַ חלק וועל איך מיר אויף קיין פאַל נישט ערלויבען".

— „זייט רוהיג, ה' דאָקטאָר, ענטפערט מיר מיין בעל=הבית'טע, וואו ס'עסען דריי מענשען, קען אַלע מאָל עסען אויך אַ פערטע פּערזאָן. איהר וועט אונז גאָרנישט שטערען און הונגעריג וועלען מיר קיינער נישט בלייבען; ביז פּסח האָבען מיר טאַקע געהונגערט, אָבער אַ פּסח וועלען מיר האָבען, ווי געהעריג. איך פערזיכער אייך, ה' דאָקטאָר, אַז אָהן אייך זעצען מיר זיך נישט צום טיש! אַלזאָ וואַרטען מיר אויף אייך צום כּזית!"

ס'איז מיר גאָרנישט געבליבען, ווי אָנציננעהמען די איינלאַדונג פון מיין בעל=הבית'טע. כ'האָב איהר תּיכּף געפרעגט, מיט וואָס איך קען איהר דינען, און וואָס זי געוויינשט זיך אַמעהרסטען?

— „האַלץ פעהלט אונז און ס'איז שווער צו קריגען קויפען", האָט זי מיר געענטפערט.

---

# ה.

און האָלץ האָט מיר טאַקע גראָד נישט געפעהלט. איך בין דאָך עפּיס געווען אַ נאַטשאַלניק פון אַן'אָטריאַד! האָב איך טאַקע תּיכּף אָוועקגעשיקט דריי פוהרען אין דעם נאָהענטסטען וואַלד אַריין און מען האָט געבראַכט האָלץ לרוב.

אַ פּסח האָב איך געהאַט — וועמען נאָר נישט גינגט. מיין בעל=הבית'טע האָט מיך מכבד געווען מיט אַזוינע געשמאַקע כבעציעלע דרום=מאכלים, אַז כ'האָב פּשוט די פינגער געלעקט. איך האָב מיך שטאַרק געוואונדערט, פון וואַנען האָט זי גענומען אַזוי פיעל פּראָדוקטען. דאָס איז שוין אָבער געווען איהר געהיימניש. די מצות זענען אפילו געווען גראָב און האַרט, אַזוי ווי להבדיל פאַדעשוועס און שוואַרץ אַט ווי היינטיגע „ווייסע" זעמעל עס האָט אָבער גאָר נישט אויסגעמאַכט — מען האָט געקנאַקט די מצות אויף וואָס די וועלט שטעהט.

פאַר מיר איז דאָך דער פּסח פון 1917 יאָהר געווען אַן'אמת'ער „זמן=חרותינו" און די דאָזיגע ווערטער האָבען אויך געגעבען די רומענישע יודען אַ האָפנונג, אַז אמיה"ש איבער אַ יאָהר וועלען זיי אויך אויסגעלעזט ווערען. אַ יוד לעבט דאָך אַלע מאָל מיט דער האָפנונג אויף בעסערע צייטען.

געדאַוונט האָב איך אין איינע פון די מעקונעשער שוהלען, צוזאַמען מיט מיין בעל=הבית. איך האָב בעמערקט, אַז אין רומעניען בכלל דאַוונען די יודען לויט'ן ספרד'ישען נוסח.

דעם ערשטען טאָג פּסח האָב איך אין שוהל געטראָפען צוויי עלעגאַנטע פראַנצויזישע אָפיצירען=אַוויאַטאָרען. נאָכ'ן דאַוונען האָבען זיי צוויי בעלי=הבתים פערבעטען צו זיך אויף מיטאָג. דאַ מוז איך אונטערשטרייכען, אַז אַלע יודישע רוסישע סאָלדאַטען, וואָס האָבען זיך דעמאָלט געפונען אין מעקונעש, זענען געווען פערבעטען אויף פּסח צו דעם אָרטי

צי יענעם פון די טעקוטשער יודען. מיט א מאָדנער ריהרעוודיגקייט האָט מען זיך געטיילט מיט דעם לעצטען ביסען.

און צום טויזענדסטען מאָל האָב איך מיך איבערצייגט, אַז כל ישראל חברים, ד. ה., אַז מיר, רומענישע, רוסישע, פראַנצויזישע, פוילישע און ענגלישע יודען זענען איין פאָלק, פון איין און דעמזעלבען טייג געקנאָטען, אַז אונז פערבינדט ניט נור די יודישע אמונה, נאָר עפּוואָס העכערעס... דאָס פּינטעלע יוד! איך האָלט קיינמאָל ניט געפרעגט, למשל, א פראַנצויז, אויף וועלכען כ'וואָלט געהאַט א חשד, אַז ער איז א יוד, צי ער איז פון משה רבינו'ס גלויבען; איך וואָלט איהם פשוט געפרעגט, צי ער איז א יוד? און ניט נאָר איך וואָלט אַזוי געטהון. מיך אַליין פלעגען די רומענישע יודען אויך פרעגען, צי איך בין א יוד, קיינער פון זיי האָט מיך אָבער ניט געפרעגט און קיינעם האָט עס גאָר ניט אינטערעסירט, צי איך זאָג מאָנטאָג און דאָנערשטאָג לאַנג והוא רחום, צי ניט? די טעמפּעראַטור פון דער רעליגיע אינטערעסירט קיינעם ניט, בעת ער בעגעגענט א פרעמדען יודען; מיר פיהלען א סימפּאַטיע צום פרעמדען יוד נאָר דערפאַר, וואָס ער געהערט צום כלל ישראל.

און זאָלען מיר זאָגען די אַסימילאַטאָרען פון דער גאַנצער וועלט, אַז זיי זענען דייטשען, פראַנצויזען, פּאָליאַקען פון משה רבינו'ס גלויבען. דאָס איז א ליגען! דאָס איז נעגען דער נאַטור און דעריבער האָבען זיי טאַקע קיין קיום ניט. די אַסימילאַציע איז נאָר אַן'עטאַפּ צום שמד. און איך בין זיכער, אַז טאָמער וואָלט אַן'אַסימילאַטאָר נעווען אין מיין לאַגע, וואָלט ער אונבעוואוסטזיניג געגאַנגען זוכען, קודם-כל, א יודען, אָבער ניט קיין פראַנצויז, קיין ענגלענדער און קיין פּאָליאַק...

---

באַלד נאָך פּסח האָב איך בעקומען א קאָמאַנדיראָווקע קיין יאַסי אין די הויפּטמעדיצינישע פערוואַלטונג פון'ם רומענישען פראָנט. איך בין א דורכגעפאָהרען די סטאַציע בירלאַד, וואו איך האָב געדאַרפט אומשטייגען אין אַן'אַנדער צוג. דאָך פאָהרען אַליין איז נאָך געווען מיט חסד. די רוסישע סאָלדאַטען, חאָטש זיי האָבען שוין קיין „טשעסט“ ניט אָבגעגעבען, האָבען נאָך פערהעלטניסמעסיג געהאַט א געוויסען רעספּעקט צו אָפיצירען און דאָקטוירים, אָבער זיי פלעגען שוין אַהן צערעמאָניע פערנעהמען פּלעצער אין די וואַגאָנעס פון דער ערשטער און צווייטער קלאַס.

אויך אויף דעם אכילה-פּונקט אין בירלאַד האָבען שוין די סאָלדאַטען אָנגעהויבען אַריינצוגעהן אין די אָבטיילונג, וואָס איז געווען בעשטימט פאַר אָפיצירען און פלעגען דאָרטען זיך הייסען דערלאַנגען טהיי, ברויט און אַנדערע מאכלים. ס'איז נאָך אַלץ געווען צו פערטראָגען; קיין סכסוכים זענען נאָך ניט פאָרגעקומען צווישען זיי און צווישען די אָפיצירען.

די אָפיצירען זענען בכלל געווען חושד. און איך האָב זיי פערשטאַנען. זייער לאַגע האָט אָנגעהויבען צו ווערען אונערטרעגליך, מחמת דער שורש פון דער דיסציפּלין איז געווען אונטערגעגראָבען.

פון בירלאַד ביז יאַסי געדויערט די רייזע זעקס שעה. איך האָב בעקומען א פּלאַץ אין א קופּע, וואו ס'זענען געזעסען נאָך 5 רוסישע אָפיצירען. אין וואַגאָן איז געווען פינסטער (די רומענישע צוגען האָבען וועהרענד דער מלחמה קורסירט נאָר ביי דער נאַכט) און קיין ליכט האָט מען ניט געטאָרט אָנצינדען.

איך האב מיך פערדרוקט אין א ווינקעל און האב גענומען דרימלען. מיינע שכנים האבען אנגעהויבען רעדען מעניני-דיומא, ד. ה. וועגען די לעצטע געשעהענישען אין רוסלאנד, וועגען דער רעוואלוציע. מען האט גענומען שארף קריטיקירען די רעוואלוציע, קערענסקי'ן און ד. ג. איהר קענט שוין אליין פערשטעהן, אז אהן דער יודישע פראגע איז דער געשפרעך ניט פערענדיגט געווארען. באלד איז די פראגע מאקע ארויפגעשוואומען. איינער, א יונגיטשקער אפיציר איז גאר ארוים פון די כלים: כמעט פון בירלאד ביז קורץ פאר יאסי האט ער נאר געהאלטען אין מויל דעם „זשיד“. און וואס האט ער דעם „זשיד“ ניט בעשולדיגט? אין אלץ! די רעוואלוציע האבען ארויסגערופען די „זשידעס“, די דיסציפלין און דער ארמעע פאלט פון טאג צו טאג צוליעב די „זשידעס“, שפיאנען זענען די „זשידעס“, הכלל מען מוז אויסשעכטען אלע „זשידעס“ און ד. ג. תחילת האב איך מיך שטארק אויפגערעגט און האב געוואלט באלד ארויסשפרינגען מיט מיינע ראיות. איך האב מיך אבער בעהערשט און כמעט ביז יאסי האב איך מיך גאר ניט אבגערופען. מיינע איבריגע קופע-שכנים האבען אויך ניט גערעדט; ס'האט גע'דרשנ'ט נאר דאס אפיצירל, וועלכער האט גערעדט האלב רוסיש און האלב אוקראיניש. ער איז, ווי ס'ווייזט-אויס, געווען א הײדאמאק.

ווען ער האט געענדיגט זיין לאנגען פזמון, האב איך מיך גאנץ געלאסען אבגערופען:

— „מיינע הערען! אויסהערענדיג דעם פארוטשניק'ס דרשה, בין איך אליין אין מיינע אייגענע אויגען אויסגעוואקסען ... האב גאר ניט געוואוסט, אז איך, אלס יוד, בין אזא ווילכטיגער מענש בכלל. איך האב מיך איבערציינגט, ה' פארוטשניק, אז איהר האט אייערע אלע זלזולים אויף יודען גערעדט נאר פון קנאה. ווארום ווען מען בעשיט מען דאס רוב מיט מיסט און'ס איינפאכען לעבען? א מענשען, וועלכער שטעהט העכער, וועלכער איז פעהיגער, וועלכער איז קלוגער. ווען, למשל, ס'געפינט זיך אין א פאלק אן אפיציר, וואס איז העלדיש, קלוג, געשיקט אונטערליגענט, וועלכער בעקומט פאר זיין העלדישקייט די גרעסטע מיליטערישע ארדענס, אדער א גרעסערן טשין, בעקומט ער באלד אין זיין פאלק שונאים, וועלכע זענען איהם מקנא. מען טראכט אויס אויף איהם פערשיעדענע בלבולים, מען מאכט פון איהם א בארג אש, אונטער די אויגען, נאטירליך. אזוי איז אויך מיט אונז יודען. קיינער קען, צום ביישפיעל אונז, יודישע דאקטוירים, נישט זאגען אין די אויגען, אז מיר ערפילען ניט אונזער חוב, ווי געהעריג. און טאמער ווילען זיך אונגיכען בעווייזען פריש געבאקענע יודישע אפיצירען, זייט זיכער, וועלען זיי אויך ערפילען זייער חוב.

און איהר, ה' פארוטשניק, זענט נאך צו יונג, איהר זאלט האבען דאס רעכט אויף אזא אופן, ווי איהר האט עס געמאכט, צו בעשמוצען א גאנץ פאלק מיט אזעלכע איינגערינדעטע בעשולדיגונגען. ביי אייך איז נאך די מוטער-מילך אויף די ליפען ניט פערטריקענט!“

ביי די לעצטע ווערטער האט זיך מיין פארוטשניק פלוצים א הויב-געטהון מיט איינגעשטרעקטע הענד און האט געוואלט צו מיר ציטרעטען. איך האב מיך אויך אויפגעהויבען און האב מיך געשטעלט אין א באקס-פאזע.

— „וואס פאר א העזה האט איהר מיך צו בעליידיגען!“ שרייט דער פארוטשניק בקול רם.

— זעהט, ווי איהר זענט ניט קאנסעקווענט — ענטפער איך איהם — איהר האט מיך בעליידיגט אין משך פון גאנצע פינף שעה און איך האב די גאנצע צייט געשוויגען. איצט אבער, ווען איך האב אייך נאר געזאגט א פאר, ווי ס'שיינט, אמת'ע ווערטער, האט איהר זיך צוקאכט!“

און עס וואלט געווים געקומען צו א צוזאמענשטויס, ווען ס'וואלט זיך ניט אריינגעמישט א פאלקאווניק, וואס איז געזעסען נעבען מיר. ער האט זיך געשטעלט צווישען אונז ביידע און געזאגט:

— „בערוהיגט אייך, מיינע העררען. דער דאקטאר איז גערעכט. איהר, ה' פארוטשיק, האט איהם שטארק בעליידיגט, אלס יודען. איך בעט אייך שליסט שלום און רייכט זיך די הענד“.

און ס'איז געשעהען א וואונדערבארער פאקט: איך און מיין געגנער האבען געשלאסען שלום און אונזער גאנצע חבריא איז ביי דער בעסטער שטימונג אריין אין דעם אכילה-פונקט אויף יאסי'ער וואקזאל טרינקען א גלעזעל ווארימס.

דער דאזיגער אכילה-פונקט האט פון לאנג-אן, גע'שמ'ט אויפ'ן פראנט. געגרינדעט האט איהם פורישקעוויטש און האט אין איהם אריינגעלעגט א סך מיה און געלד.

דארטען פלעגען די דורכרייזענדע אפיצירען און דאקטוירים בעקומען א בעט מיט ריינע בעטגעוואנד, שטענדיג טהיי, צוקער און יעדען טאג א גוטען מיטאג. דאס אלץ גאר אומזיסט. איצט, נאך דער רעוואלוציע, האט דער שענער אכילה-פונקט פערלוירען זיין גלאנץ. פורישקעוויטש איז נעלם געווארען און אהן א בעל-הבית געהט די בעסטע ווירטשאפט צו גרונד.

אויסערדעם האבען אין די אבטיילונג פאר אפיצירען אנגעהויבען אריינצוגעהן סאלדאטען און צו פאדערן פאר זיך דאס זעלבע, וואס עס בעקומען די אפיצירען. ס'איז געווארען אומעטום שמוציג. אויף די בעטען האט מען זיך מעהר ניט געקענט לעגען. מיט איין ווארט ס'האט זיך אנגעהויבען די גרויסע, די שרעקליכע דעזארגאניזאציע אויפ'ן פראנט.

---

## ו.

קיין גרויסע זאכען האב איך ניט געהאט אין יאסי איבערצוטהון. איך בין אוועק אין די הויפט-מעדיצינישע פערוואלטונג, וואו איך בין אין משך פון א שעה פארטיג געווארען מיט מיין קאמאנדיראווקע.

דא, אין דער פערוואלטונג, וואס איז ביז דער רעוואלוציע געווען א פעסטונג פון ביוראקראטיע, וואו אלע דאקטוירים, וואס פלעגען אהין אריינקומען, האבען פריהער געציטערט פאר'ן בליק פון דעם נאטשאלניק, האט איצט געהערשט נאך אן אנדער אטמאספערע. ראשית, איז פון דעם הויפט-נאטשאלניק, גענעראל יאק... קיין זכר ניט געווען. ער איז געווען אין אטפוסק און האט בעקומען א דעפעשע פון פעטערבורג, אז ער זאל שוין צוריק ניט קומען. אויף זיין שטעל האט דער דעמאלטדיגער קריעגס-מיניסטער גוטשקאוו בעשטימט זיינעם א ידיד, א פיטער'ן זעמסקען דאקטאר דזיעוו...., וועלכער איז נאך אגב צו זיין אמט ניט געקומען. די איבערגעבליבענע געהילפען פון נאטשאלניק און אנדערע בעאמטע, זענען פלוצים געווארען זים, ווי צוקער און ווייך, ווי פוטער. א קלייניגקייט! איינגאנצען מיט א חודש צוריק האט דאך א מיליטער-דאקטאר, בעזונדערס א יוד, וואס פלעגט קומען פונ'ם פראנט אין די הויפט פערוואלטונג, געמוזט שטעהן פאר א

ליארע נאטשאלניק'ל „רוקי פא שוואם“ און ווי האט מען מיט איהם גערעדט? מיט וועלכע אויגען האט מען אויף איהם געקוקט? הלילה, אז א דאקטאר, למשל, וואס דאט כל ימיו געארבייט אין א לאזארעט, וואס האט קיין שום שייכות נישט געהאט צו א פערד, וואס האט אפילו מורא געהאט נאהענט צוצוגעהן צו א פערד, זאל ארײנקומען צו נאטשאלסטווא אהן שפארעס — דאס האט געשמעקט מיט אנ'אכט טאג ארעסט און מיט שרעקליכע זידירעניען כצר דער העלע־דער מאכט דערצו און ווער רעדט נאך, אז א דאקטאר האט געוואלט זיך במאי־עז צו בעקומען א בעקוועמערע שטעל פאר זיך לויט זיין ספּעציאליטעט, למשל — פלעגט ער זיכא בעקומען א סך אנ'ענגערע שטעלע. מען פלעגט זעלטין יוען די האנד געבען, זעלטען ווען בעטען זיצען.

עפּים אלע מיליטער־דאקטוירים, וואס האבען געדינט און אלע פערוואלטונגען אויף אלע פראנטען, ד. ה. אלע נאטשאלניקעס אונזערע, זענען געווען דורכגעדרונגען מיט דער ביוראקראטיע, מיט דער רעאקציע, זיי זענען אלע אלעמאל געווען אזוי בייז. אזוי גרויס ביי זיך, אז מיר, דאקטוירים פון זאפאס פלעגען עס נישט קענען גלייכגילטיג איבערטראגען.

און איצט' איצט זענען די פראנטאווע דאקטוירים געווארען גרויסע יחסנים. די נאטשאלניקעס אונזערע זענען אינגז געלאפען אנטקעגען, אויסגעשטרעקט צו אונז ביידע הענד, שטארק זיי געדריקט.

— „אך, קאלעגא, מיט וואס קען מען אייך דינען? וואס פערלאנגט איהר? ווי לעבט זיך עפּים אויפ'ן פראנט? זיצט, פאזשאלוסטא, דערצעהלט! וואס איז נאר מעגליך, וועט מען אייך באלד מאכען און ד. ג.“ די אלע חניפות מצד די גדולים אונזערע האבען געהאט א שרעקליכען ווידער־טעם.

היינט האט איהר געדארפט זעהען, ווי די זעלבע נאטשאלניקעס האבען געטאנצט ארום די שרייבערס זייערע, די סאלדאטען הייסט עס. ווען א נאטשאלניק, למשל, פלעגט איצט ארײנקומען אין די פערוואלטונג, פלעגען זיך די סאלדאטען אויפשטעלען, ווי פריהער, אבער די בעגריסונג איז געווען גאר אנ'אנדערע. ער פלעגט שוין ניט זאגען „זדראוואַ בראטצי!“ נאר „זדראווסטוואויטיע טאווארישטשי!“ און פלעגט צוגעהן צו יעדען סאלדאט און איהם דריקען די האנד, א זאך, פאר וועלכער מען פלעגט ביי דעם פריהערדיגען רעזשים האבען א מאוס'ען פסק.

דעם יונגען קאלעגא מיינעם, וועלכער איז, אויב איהר געדענקט, געווען די רעכטע האנד ביי דעם מעדיצינישען אינספעקטאר און וועלכער האט מיר בעשטימט קיין מעקומש אין דעם 6־טען קארפּוס, איז אויך נעלם געווארען פון דער פערוואלטונג. אזוי־ארום האב איך פערלארען אלע מיינע פראטעקציעס. דאס האט מיר אבער גאר ניט באנג געטהון, ווייל איך בין געווען איבערצייגט, אז פון איצט אן וועט מען שוין מעהר קיין פראטעקציעס ניט דארפען האבען, אז פון איצט אן קען איך שוין פאדערן, אז מען זאל מיר ענדליך געבען א שטעלע אינ'ם פיל.

פון דער מעדיצינישער פערוואלטונג בין איך אוועק אין שטאדט צו מיינע יודעלער. ס'האט זיך מיר געוואלט וויסען, ווי־אזוי לעבען זיי עפּים אין יאסי, אין דער איצטיגער הויפּט־שטאדט פון רומעניען, וואו ס'איז איצט געווען די רומענישע הויפּט־קווארטיר און וואו ס'האט געוואוינט דער רומענישער קעניג מיט

זײַ: הייה. אַגב האָב איך געהאַט עטליכע בריעף פון מײַן מעקיטישער בעל-הבית צו זײַנע קרובים.

און איך האָב זיי טאַקע בעזיכט. קיין גרויס נחת האָב איך ניט געהאַט. די יודען אין יאַסי איז געווען נאָך טויזענד מאָל ערגער, ווי אויף דער פּראָווינץ. די גאַנצע שטאָדט איז געווען פערפּלייצט מיט רומענישע זשאַנדאַרמען און געהיים-אַגענטען. יעדער ייד האָט געהאַט זײַן ספּעציעלען זשאַנדאַרם, וועלכער האָט אים ניט געלאָזט רוהען אַ מינוט, וועלכער האָט בײַ אים תמיד געזוכט פּאַרעס, — געלד, הייסט עס. שרעקליך איז געווען די אַלגעמיינע נויט, דער מאַנגעל אין עסענוואַרג. דער הונגער האָט געבראַכט דערצו, אַז צווישען דער יודישער בעפעלקערונג אין יאַסי האָט דעמאָלט שטאַרק געפּאַנעוועט די פלעק-טיפוס-עפּידעמיע. ס'איז ניט געווען קיין יודיש הויז, וואו ס'איז ניט געווען קיין טיפוס-קראַנקער. יעדען טאָג פלעגען זײַן צעהנדליגער לויות. אַ גרויסע יללה האָט זיך געהערט פון דער יודישער גאַס, אַ געוואַלדיגער קרעכץ האָט זיך געהערט פון די יודישע הערצער. און יידען זענען געווען הילפלאָז. רוסלאַנד האָט נאָך דערווײַל געשוויגען, אָבער מאַטעריאַל האָבען מיר געזאַמעלט און מיט עטליכע וואָכען שפּעטער איז פערעפענטליכט געוואָרען דער ערשטער פּראָטעסט מצד מיליוקאָוו'ען, דעם אויסערן-מיניסטער אין דער צײַטווײַליגער רעגירונג.

מיט אַ שווער געמיטה בין איך צוריקגעפאָהרען קיין מעקיטיש.

דאָ האָב איך ווידער רוהיג געאַרבײַט און האָב געשטודירט דעם ווײַטערדיגען גאַנג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. איך האָב ניט געוואָלט אַ דורכלאָזען קיין איינציגע ערשיינונג.

פון פּעטערבורג זענען נעקומען ידיעות אַז דאָרטען האָט דער אַלרוסישער ראַט פון די סאָלדאַטסקע, אַרבײַטער-און פויערן-דעפּוטאַטען בעקומען מעהר קראַפט, ווי די צײַטווײַליגע רעגירונג, אַז אָהן אָנ'הסכם פון דעם דאָזיגען ראַט האָט די צײַטווײַליגע רעגירונג ניט געקענט אַרויסגעבען קיין דעקרעט.

ס'זענען בעשטימט געוואָרען פּאָליטישע קאָמיסאַרען פון דעם ראַטה בײַ די שטאַבען פון יעדען פראָנט, יעדער אַרמײ, קאָרפּוס און דיוויזיע. און באַלד פון אָנהויב זענען שוין געווען קאָנפליקטען צווישען די מיליטערישע קאָמאַנדירען און די קאָמיסאַרען, וועלכע האָבען אָנגעהויבען זיך אַרײַנצומישען אין ריין סטראַטעגישע ענינים.

דעמאָלט האָט זיך שוין אָנגעהויבען אויפ'ן פראָנט, איבערהויפּט אויף די פּאָזיציעס, דאָס אַזוי-גערופענע „בראַטאַניע“, ד. ה. ברידערשאַפט צווישען די דײַטשע און רוסישע סאָלדאַטען. די איניציאַטיווע דערפון איז, נאַטירליך, אַרויס מצד דעם דײַטש, וועלכער האָט אויך פערשיעדענע פונקטען פון פראָנט אַרויס געשיקט פּאַרלאַמענטערס מיט ווײַסע פאָהנען. די דאָזיגע פּאַרלאַמענטערס פלעגען אײַנרעדען די רוסישע סאָלדאַטען, אַז די דײַטשען ווילען זיך שוין מעהר ניט שלאָגען מיט די רוסען. בײדע צדדים זענען זיך צונויפגעקומען אויף דער נייטראַלען זאָנע, וואו די דײַטשען פלעגען מכבד זײַן די רוסען מיט רום, ציגאַרען און ד״ג, דאַגעגען די רוסען פלעגען געבען די דײַטשען שטיקלעך זייף. אַזוי-אַרום איז אויף דער פּאָזיציע געוואָרען שלום ושלוה, מען האָט אויפגעהערט צו קנאַקען פון האַרמאַטען און פּולעמיאָטען. די נאַטשאַלניקעס האָבען פערלוירען די מינדעסטע מעגליכקייט צו

בעהערשען דעם סאלדאט, וועלכער איז פלוצים דורכגעדרונגען געווארען מיט דער אידעע פון שלום.

די גאנצע רוסישע געזעלשאפט און די ציוויליזירטע רעגירונג זענען געווארען פון די פאקטען שטארק אויפגעבראכט. כמעט אלע צייטונגען האבען געשריבען געוואלדיגע ארטיקלען געגען דער אונערהערטער און געפעהרליכער „בראטאניע".

אין דערזעלבער צייט האבען זיך אינטער דעם דרוק פון דעם אלרוסישען סאלדאטען־און פויערן־ראט אנגעהויבען אונטערהאנדלונגען מיט דייטשלאנד דורך די נייטראלע מלוכות, אז זי זאל ערלויבען דורכצופאהרען דורך דער דייטשער טעריטאריע די פאליטישע עמיגראנטען פון דער שווייץ, בעזונדערס לענין'ען מיט זיינע מקורבים.

און עס איז טאקע דער פאקט געשעהען. די דייטשע רעגירונג האט ערלויבט לענין'ען דורכצופאהרען דורך גאנץ דייטשלאנד פון דער שווייצארישער גרעניץ ביז די רוסישע פאזיציעס אין א פערזיגעלטען צוג.

לענין'ס אנקומען נאך רוסלאנד דורך דייטשלאנד האט דעמאלט געמאכט א שרעקליך שווערען איינדרוק אפילו אויף די ס.־ר.'ען און אויף אלע פאליטישע פארטייען רעכטער פון זיי. עפיס האט די זאך אויסגעזעהן ניט גלאט, אלע האבען פערשטאנען, אז דייטשלאנד האט עס געטהון מיט א געוויסער כונה. די רוסישע פרעסע האט געווארענט קערענסקי'ן, וועלכער איז שוין געשטאנען בראש פון דער ציוויליזירטער רעגירונג, פאר די פאלגען פון לענין'ס קומען קיין רוסלאנד. אבער דער עהרליכער קערענסקי האט בקול רם געזאגט, אז אין רוסלאנד זענען איצט אלע פריי און יעדערער קאן געהערען צו וועלכער פארטיי ער וויל און פיהרען זיין פארטייאישע פראפאגאנדע.

---

ביסלעכווייז האבען זיך די סאלדאטען אנגעהויבען ארגאניזירען אין פאליטיק. כמעט יעדען טאג זענען געווען מיטינגען, פארזאמלונגען. פון פעטערבורג זענען אראפגעקומען אגיטאטארען־ארבייטער, וועלכע האבען אין זייערע פלאמענדיגע רעדעס שטארק קריטיקירט דעם צארישען רעזשים, וועלכע האבען איבערגעגעבען אלע פרטים פון דער איבערקעהרעניש וועלכע פלעגען טיטולירען ניקאלאיען ניט אנדערש, ווי „בלוטיגער", וועלכע האבען גערופען די סאלדאטען ניט צו ברעכען די דיסציפלין, וועלכע זענען געווען געגען דער „בראטאניע" און וועלכע האבען גערופען די סאלדאטען מיט אלע כחות צו קעמפפען מיט דעם שונא, מיט דעם דייטש, הייסט עס.

דערווייל האט זיך דערנעהענטערט דער 1־טער מאי. מען האט אנגעהויבען אין אלע מיליטער־אבטיילונגען צו מאכען פערשידענע פארבערייטונגען צו דעם ערשטען, אפיציעלען יום־טוב אין רוסלאנד, דעם יום־טוב, וועלכער האט געדארפט שפיעלען א וויכטיגע ראלע אין דער רוסישער רעוואלוציע. דער טאג פון דעם ערשטען מאי איז געווען זעהר א שעהנער, א ווארימער.

באלד פון אין דערפריה איז שוין געווען צו מערקען אין טעקוטש א גרויסע בעלעבונג אויף די גאסען. אומעטום האט מען געזעהען סאלדאטען, אנגעטהון אין יום־טוב'דיגע בגדים מיט רויטע קאקארדען אויף דער ברוסט. אלע בעשעפטיגונגען זענען אבגעשטעלט געווארען. עס

האבען געארבייט נור די סאניטארען און לאזארעטען.

ארום 12 אזייגער ביי טאג זענען זיך אויף דעם גרויסען מארק-פלאץ איי=קוטש צונויפגעקומען דעפוטאציעס פון פערשידענע מיליטער-אבטיילונגען מיט רויטע פאהנען, אויף וועלכע ס'זענען געווען אזוינע אויפשריפטען: „עס לעבע די דעמאקראטישע רעפובליק“, „ערד און פרייהייט“, „מיר וועלען נישט געהן אין נצחון א היים, מיר וועלען נישט ארויסלאזען די פרייהייט פון אונזערע הענד“ און אנדערע.

אין מיטען מארק-פלאץ איז זעווען געשטעלט א בימה. עטליכע ארקעסטרען מיליטער-מוזיק האבען געשפיעלט אין עס איז ארויסגעקומען א גראנדיעזער מיטינג, עס האבען גערעדט פערשידענע רעדנער: פון אנהויב אפיצירען, נאכהער סאלדאטען. אלע האבען געלויבט קערענסקי'ס רעגירונג און האבען ווייזען וויי=טער צו פיהרען מלחמה מיט דעם דייטש, ערקלערענדיג, אז אינ'ם נצחון איבער דעם דייטש שטעקט רוסלאנד'ס גורל. עס זענען געווען רעדנער, וואס האבען גערעדט אוקראאיניש. די גרעסטע אויפמערקזאמקייט האט צוגעצויגען דער לעצטער רעדנער, א פאפ, וועלכער האט אין זיין רעדע זיך זעהר צוגעפאסט צו דער אלגעמיינער רעוואלוציאנערער שטימונג פון די סאלדאטען. צי ער האט גערעדט מיט אנ'אמת געפיהל—גלויבט זיך נויט.

געענדיגט האט זיך די מאניפעסטאציע מיט דער פראנצויזישער מארסעליעזע. די סאלדאטען האבען געטראגען אלטונג געגעבען, אז בעת'ן שפיעלען זאל יעדערער ארונטערנעהמען זיין היטעל פון'ם קאפ. דער מיטינג האט זיך געענדיגט ארום 2 דעם זייגער.

נאך דעם מיטינג איז דער גאנצער עולם מיט די רויטע פאהנען און מיט=דורכגעגאנגען דורך אלע טעקוטשער גאסען. די רומענער האבען זיך בעראטען. אלע געשעפטען זענען געווען געשלאסען.

זעקס דעם זייגער נאכמיטאג האבען אין דעם שטאדט-פארק געשפיעלט עטליכע מוזיק-ארקעסטער. דא איז ווידער געווען א גרויסע מאניפעסטאציע.

דער יום-טוב האט זיך אבער געענדיגט טרויעריג, וועהרענד דער מאניפעסטאציע האבען איבער דעם שטאדט-פארק געשוועבט עטליכע אעראפלאנען, מיט רויטען טוך בעדעקט און מיט רויטע פאהנען בעפוצט. אין מיטען דרינען האט זיך איין אעראפלאן אנגעהויבען צו וואקלען און איז צוראבגעפאלען אויף א דאך, וואו ער איז אינגאנצען צעשמעטערט געווארען און די צוויי לופט-פליהער, וואס זענען דארט געווען, זענען אויפ'ן ארט דערהרג'עט געווארען. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס זענען געווען צוויי סאלדאטען-פילאטען, וועלכע האבען זיך פון גרויס שמחה גוט אנגעשכור'ט און שכור'ערהייד זיך ארייגעזעצט אין אנ'אעראפלאן...

שוין שפעט ביי דער נאכט בין איך גראד אדורכגעגאנגען דורך דעם מארק-פלאץ, וואו ס'איז געווען די מאניפעסטאציע. איך האב בעמערקט פון דער ווייטען, אז ארום דער בימה שטעהט א גרופע סאלדאטען און עמיצער רעדט צו זיי. איך בין מיט נאך א קאלעגא צוגעגאנגען נאהענטער און געהערט, ווי ס'האלט א רעדע עפעס אנ'אפיציר מיט א שכור'ן קול און שרייט, אז רוסלאנד איז א „צארסטווא קרעסטיאנסקאיע, צארסטווא פראוואסלאוונאיע“, אז אלע רוסען דארפען זיך פעראייניגען אונטער דער בלויער פאהן, וועלכע איז א סימבאל פון פריעדען, אז ער איז א געגנער פון טעראר אד"ג

צוהערענדיג זיך גוט צו זיין דרשה, האָבען מיר פערשטאַנען, אַז ער וויל פערחושכ'ן די געדאַנקען פון די סאָלדאַטען, אַז אין איהם רעדט אַ בעהאַלטענער פּראָוואָקאַטאָר. אונזער חשד האָט זיך באַלד בעשטעטיגט. איהם האָט איבערגעריסען אַ סאָלדאַט און האָט איהם אָפען געפרעגט:

— „פאַר וואָס האָט איהר, טאָוואַרישטש, ניט געהאַלטען אייער רעדע בייטאָג, ביי דער שיין פון דער ליכטיגער זון? פאַר וואָס בעהאַלט איהר זיך, ווי אַ מויז פון דער שיין און פיהרט אייער נישטיגע פּראָפּאַגאַנדע ביי דער נאַכט, ווען אַרום און אַרום איז פינסטער? איהר האָט, ווי ס'ווייזט אויס, מורא, אָפען צו ווייזען אייער פנים בייטאָג? דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע! נידער מיט דעם רעדנער!" און דער עולם האָט אָנגעהויבען צו שרייען: „נידער! נידער!" און איז זיך ביסלעכווייז פונאַנדערגעגאַנגען. דער רעדנער איז נעלם געוואָרען.

שפּעטער האָב איך מיך דערוואוסט, אַז דער אויבענדערמאָהנטער נאַכט-אַגיטאַטאָר איז געווען דער בעוואוסטער לופטפליהער טאַטאַר...וו, וועלכער האָט נאָך פאַר דער מלחמה געקראָגען פון דער רוסישער רעגירונג אַ גרויסע סומע געלד צו בויען עפּעס אַן'אַעראָפּלאַן לויט זיין איינגענער קאָנסטרוקציע. עטליכע יאָהר האָט ער געבויט און געבויט און האָט גאָרנישט אויפגעבויט. דאָס געלד איז אָבער געבליבען ביי איהם.

אין טעקוטש איז דער העלד אויך לאַנג ניט געבליבען, מען האָט איהם פון דאָרטען אַרויסגעקוועטשט. מיט עטליכע טעג שפּעטער האָבען מיר בעקומען ידיעות אַז אין יאַסי איז דעם 1-טען מאַי אויך געווען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע, וועלכע האָט אַרויסגערופען אַ גרויסע אויפרעגונג אין די רומענישע פּאָליטישע קרייזען. די רוסישע מאַניפעסטאַנטען זענען צוגעגאַנגען צו דעם יאַס'ער געפענגעניש, וואו ס'זענען געזעסען די פּאָליטישע פערברעכער און האָבען פון דאָרט בעפרייט דעם בעוואוסטען רומענישען רעוואָלוציאָנער ראַקאָווסקי, וועלכער האָט אויף דער גאַס באַלד געהאַלטען אַ גרויסע רעדע אויף רוסיש. דערנאָך האָבען די מאַניפעסטאַנטען איהם אַוועקגעפיהרט אויפ'ן וואָקזאַל, וואו ער איז מיט אַ ספּעציעלען צוג אַבגעפאָהרען קיין רוסלאַנד. די רומענישע מאַכט האָט גאָרניט געקאָנט געגען דעם מאַכען. זי האָט אַפילו באַלד שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דעם אַריינמישען זיך פון די רוסישע סאָלדאַטען אין די רומענישע ענינים. ס'האָט אָבער ווייניג וואָס געהאָלפען, ראַקאָווסקי איז שוין געווען מעבר לים סוף.

אין דער זעלבער צייט האָב איך בעקומען אַ בריעף פון מיינעם אַ קאָלעגא פון לאַזאַרעט, אַז דאָרטען איז די מאַשין אינגאַנצען קאַליע געוואָרען, דהיינו — די סאַניטאַרען פון לאַזאַרעט זענען געוואָרען דאָרטען די גאַנצע בעלי-הבתים און האָבען זיך אָנגעהויבען אַריינמישען אין אַלע ענינים פון לאַזאַרעט. ערשטענס, האָבען זיי געפאָדערט פון דעם ווירטשאַפטס-פיהרער אַ דין-וחשבון פון דעם פלייש, וואָס ער האָט געהאַט אומזיסט פון די „פערבלאָנדזשעטע" בהמות, — אַ מעשה, וועגען וועלכער איך האָב אייך שוין פריהער אַמאָל דערצעהלט. דער ווירטשאַפטס-פיהרער האָט נעבעך געמוזט אַרויסצאָהלען די סאָלדאַטען אַ היבשע סומע געלד, וועלכעס זיי האָבען צווישען זיך פונאַנדערגעטיילט. צווייטענס, זענען זיי צוגעשטאַנען צו מיכאַאיל ניקאָלאַיעוויטש'ן, אַז ער זאָל מוחל זיין און אָבגעבען צוריק דאָס „פוראַשזנע" געלד, וואָס

ער האט פאר די גאנצע צייט גענומען, נישט האבענדיג קיין אייגען פערד'ל. דא מוז איך ערקלערען, אז וועהרענד דער מאבילizאציע האט יעדער נאטשאלניק בעקומען געלד אויף איין פערד, א העלבער נאטשאלניק אויף עטליכע פערד און דערצו נאך חודש-געלד אויף אויסצוהאלטען די פערד. נאטירליך, האט קיינער קיין פערד נישט געהאט. די נאטשאלניקעס האבען געהאט „פאפירענע פערד" און פלעגען זיי געבען עסען „פאפירענע" האבער און היי, ד. ה., אז דאס געלד פלעגען זיי לעגען אין קעשענע אריין. אינצט האבען די סאלדאטען דאס בשום אופן נישט ערלויבט און די נאטשאלניקעס האבען זיך געמוזט אונטערגעבען, עס האט גארנישט געהאלפען. די קאנטראל מצד די סאלדאטען איז געווארען זעהר א שטרענגע.

## ח.

איך האב שוין פריהער אמאל דערמאהנט, אז די אויגען פון דעם רומענישען יודענטום האבען זיך געווענדט צו אונז, רוסישע יודען און, אז פון אונז האבען זיי מיט גרויס אונגעדולד ערווארטעט עפיס אן אקציע מצד דער רוסישער דעמאקראטיע צו פערלייכטערען זייער שווערע לאגע.

און רוסלאנד האט מאן נישט געשוויגען נאר אין גיכען האט זיך אנגעהויבען א גרויסע טרעוואגע אין די אדעסער צייטונגען מיט „אדעסקיא נאוואסטי" בראש און נאכדעם איז ארויס מיט א רייה שארפע ארטיקלען געגען דער רומענישער רעגירונג די פעטערבורגער פרעסע.

איך האב אליין געפיהלט, אז די רעוואלוציע אין רוסלאנד וועט מוזען האבען א געוויסען איינפלוס אויף די לאגע פון אונזערע ברידער אין רומעניע. עס איז געווען בשום אונמעגליך צו גלויבען, אז אין שכנות מיט דעם פרייען רוסלאנד זאל אינצט קענען עקזיסטירען א לאנד מיט אזא עקסט-רעאקציאנערע ארדנונג, ווי רומעניען.

א רייכער מאטעריאל וועגען דער לאגע פון יודען אין רומעניען איז באלד אוועקגעשיקט געווארען פונ'ם פראנט קיין פעטערבורג צום ארבייטער-און סאלדאטען-ראט.

שוין מיליוקאוו, דער ערשטער אויסערן-מיניסטער אין דער צייטווייליגער רעגירונג האט געפאדערט פון דעם רוסישען באטשאפטער אין רומעניען פאקלעווסקי — קאזעל אנ'אויספיהרליכען בעריכט וועגען די אנטיסעמיטישע העצעס מצד דער רומענישער רעגירונג בנוגע צו יודען. פאקלעווסקי—קאזעל האט תיכף צוגעשיקט קיין פעטערבורג א בעריכט, אז די רומענישע יודען האבען שטארק געליטען נאר בעת דער שרעקליכער לויפעניש פון דער רומענישער ארמעע פונ'ם פראנט אין „טיל" אריין, און דאס איז געווען גאר.

מיליוקאוו'ס שטעלע האט אבער איינגענומען טערעשטשענקא, וועלכער האט אין נאמען פון דער רוסישער צייטווייליגער רעגירונג באלד געמאלדען דער רומענישער רעגירונג, אז זי קען נישט פערטראגען, דאס אין א פריינדליכען, פערבונדעטען לאנד זאלען די יודען זיין אויסער יעדער געזעץ, אז די רוסישע רעגירונג בעדויערט, וואס רומעניען נעהמט נישט אין אכט די פאדערונגען פון דער רוסישער דעמאקראטיע. צום שלום האט טערעשטשענקא אין זיין נאטע ערקלערט, אז די רוסישע רעגירונג וועט בשום אופן נישט דערלאזען, אז די-

ביניש אגיטאטארען זאלען פיהרען זייער אנטיסעמיטישע פראפאגאנדע צווישען דעם רוסישען מיליטער, א פאקט, וועגען וועלכען די רוסישע רעגירונג האט בעקומען גענויע ידיעות.

דער דאזיגער פראטעסט האט, ווי עס שיינט, געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף די רומענישע ספערען אין יאסי. די רומענישע רעגירונג האט געשטעפט'ט טערעשטשענקא'ן, אז גאר אין גיכען וועט זי צוטרעטען צו לעזען די יודישע פראגע אויף דעם בעסטען אופן. בראטיאנו, דער דעמאלסדיגער רומענישער מיניסטער-פרעזידענט. איז אפילו באלד אוועקגעפאהרען קיין פעטראגראד כדי צו בערייגען די רוסישע פרעסע. אויסערדיגם האט די רומענישע רעגירונג געשיקט א ספעציעלען שליח, א געוויסע ה' ד"ר ליפו וועלכער האט צונעשטעלט דעם ארביטער-און סאלדאטען-ראט א „בערוהיגענדע" בעריכט איבער דער לאגע פון יודען אין רומעניען און האט ערקלערט, אז די רומענישע רעגירונג וועט געבען בקרוב בימינו פולע בירגערליכע רעכט די אלע יודען, וועלכע בעטייליגען זיך יעצט אין דער מלחמה.

דער פארזיצענדער פון דעם ארבייטער און סאלדאטען-ראט טשחעאידזע, האט אבער ערקלערט דעם שליח, אז די רוסישע דעמאקראטיע קען בשום אופן ווישט אנערקענען קיין בירגערליכע פריווילעגיעס מיט געוויסע תנאים און האט פאר געשלאגען א שארפע רעזאלוציע נעגען רומעניען, א רעזאלוציע, וועלכע דער ארבייטער-און סאלדאטען-ראט האט איינשטימיג אנגענומען. דערויף האט ד"ר ליפו ערקלערט, אז שוין אין אנהויב פון דער נאהענטסטער פארלאמענט זיצונג איז יא-כ' וועט די יודען-פראגע געוויס ארומגערעדט ווערען.

דערמיט האט זיך אנגעהויבען די אקציע מצד דער רוסישער געזעלשאפט לטובת די רומענישע יודען. ליידער אבער האב איך קיין שום ענדערונג אויף בעסער אין זייער לאגע נישט געזעהען. די דיפלאמאטען האבען צווישען זיך געשמועסט, טאמעס זענען געפלויגען אהין און אהער, די רוסישע צייטונגען האבען געשריען עד לב השמים און די רדיפות אויף די רומענישע יודען זענען זיך געגאנגען כסדר און איך וועל זאגען, אז וואס ווייטער אלץ מיט מעהר אומפעט. די רומענישע רעגירונג האט ווענינ-וואס רעאגירט ווייל דער יוד איז פאר איהר געווען דער איינציגער מאטעריאל, וועלכען מען קען בעשולדיגען אין אלע קלעפ, וואס רומעניען האט בעקומען. דער יוד איז געווען א פאראוואן, הינטער וועלכען די רעאקציע האט געקענט אבטהון אלע איהרע מיאוס'ע מעשים.

---

איהר וועט אודאי אינטערעסירען די פראגע, וואס איז נאכ'ן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואלוציע געווארען מיט דעם אלמעכטיגען קייזער ניקאלאי און זיין פאמיליע, מיט אלע זיינע שררות און יועצים מיט אלע זיינע מיניסטארען, גובערנאטארען און סתם רעאקציאנערען?

די רעוואלוציע האט פון זיי אלעמען געמאכט א תכלית. באלד נאך דער איבערקעהרעניש האט מען ניקאלאיע'ן מיט זיין פאמיליע אינטערנירט אין צארסקאיע סעלא אין א פאלאץ, וואו מען האט אלע מיטגלידער פון דער קייזערליכער פאמיליע געהאלטען אין בעזונדערע חדרים אונטער א שטארקער שמירה, וועלכע פלעגט עטליכע מאל אין טאג קאנטראלירט ווערען דורך פערשיעדענע פארשטעהער פון דער צייטווייליגער רעגירונג, שוין אין די ערשטע וואכען איז ארוים א

קלאַנג, אַז מיט דער קייזערליכער שמירה אין צאַרסקאָיע סעלאָ געהט עס נישט אַזוי גלאַט צו, דהיינו, אַז פון אַ זייט פּרובט מען די שמירה אונטערצוקויפען, כדי צו געבען דער קייזערליכער פאַמיליע די מעגליכקייט צו אַנטלויפען. דערצו האָט זיך אָבער גענומען דער סאָלדאַטען־און פּויערים ראַט, איבערהויפּט דער עקסט־לינקער פליגעל פון איהם ד. ה. די שפּעטערדיגע באָלשעוויקעס. די מאַטראָסען פון קראָנשטאַדטער פאָרט זענען געווען אויף דעם צד פון אַט דעם עקסט־לינקען פליגעל פונ'ם ראַט, וועלכער האָט טאַקי געפאָדערט פון קערענסקי'ן, אַז ער זאָל די שמירה איבער די עקס־קייזערליכע פאַמיליע איבערגעבען אויסשליסליך די מאַטראָסען. אויסערדעם פלעגט קערענסקי פּערזענליך אָפט בעזוכען דעם „הויכען“ אַריסטאַנט און פלעגט קאָנטראָלירען זיינע שומרים.

ניקאָלאַי האָט געהאַט אַן ערלויבניש ווען נישט ווען זיך צו זעהען מיט זיין פאַמיליע אָבער נאָר אויף אַ פּאָר מינוט און דאָס אין געגענוואַרט פון אַן אָפיציר פון דער שמירה.

תחילת איז ניקאָלאַי געווען שטאַרק נידערגעשלאָגען. די ערשטע צייט פלעגט ער געהן דעם קאָפּ איינגעבויגען און פלעגט תמיד דאַווענען. שפּעטער האָט ער זיך גענומען צו גאָרטען־אַרבייט און צו זעגען האָלץ. דאָ האָט מען געקענט האָבען אַ בעגריף, וואָס פאַר אַ שוואַכען כאַראַקטער ער האָט געהאַט בכלל: ער איז פלוצים שטאַרק פעראַלטערט געוואָרען און האָט נישט אַרויסגעוויזען קיין שום סימן פון שטאָלץ, וועלכען עס האָט אייגענטליך געדאַרפט בעהאַלטען אַזאַ מעכטיגער קייזער אין פריידען און אין ליידען.

מיכאַאיל אַלעקסאַנדראָוויטש, וועלכער האָט זיך אַנטזאָגט אַרויפצוגעהן אויפ'ן טראָהן נאָך ניקאָלאַי'ס אַבדיקאַציע און נאָך עטליכע בעוואוסטזיניגע גרויספירשטען פון דעם יונגער'ן דור האָבען געשוואוירען טרייהייט. דער צייטווייליגער רעגירונג.

דער גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט געמוזט תיכף איבערגעבען זיין מאַכט, אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר פון דעם קאַווקאַזער פראָנט איינעם פון זיינע גענעראַלען און אַליין איז ער פון דער אַרמעע אָוועקגעפאָהרען.

די מיניסטאָרען, ווי פּראָטאָפּאָפּאָוו, מאַקלאַקאָוו, דער אַלמעכטיגער באַראָן פרעדעריקס, בוליגין און אַ סך אַנדערע זענען אַראָפּגעוואָרפען געוואָרען פון זייערע שטעלעס. פון טווער האָב איך בעקומען אַ ידיעה, אַז שוין אין די ערשטע וואָכען נאָך דער איבערקעהרעניש האָט מען דאָרט דערשאָסען דעם גובערנאַטאָר פאָן בינטינג, וועגען וועלכען איך האָב זיינער צייט אַ סך געשריבען.

די רוסישע רעאַקציאָנערע צייטונגען, ווי „נאָוואָיע ווערעמיאַ“, „מאָסקאָווסקיאַ וויעד.“ און אַנדערע האָבען איבערגעביטען זייער פּעלכעל און האָבען אָנגעהויבען צו רעדען וועגען פרייהייט. די יודענפרעסערישע „זעמשטשינאַ“ האָט אינגאַנצען אויפגעהערט צו ערשיינען.

# ט.

די שרעקליכע מלחמה, דרײ צאַרישער רעזשימען, די מפּלות, װעלכע רוסלאַנד האָט בעקומען מצד דעם שונא און משך פון די ערשטע דרײ יאָהר פון דער מלחמה — האָבען געבראַכט צום אויסברוך פון דער רעװאָלוציע אין רוסלאַנד. רוסלאַנד איז געװאָרען אַ פרײ לאַנד!

איצט האָט די רעװאָלוציע געדאַרפט בעװײזען גבורות. די רעװאָלוציע האָט געדאַרפט װײטער פיהרען די מלחמה און ברענגען רוסלאַנד צו אַ נצחון אדער זי האָט זיך געדאַרפט אונטערװערפען און מאַכען אַ סוף מיט דער מלחמה.

די צײטװײליגע רעגירונג מיט קערענסקי'ן בראש, כמעט די גאַנצע רוסישע פרעסע און די אינטעליגענטע רוסישע קרײזען האָבען זיך קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט פאַר פיהרען װײטער די מלחמה מיט אַלע מעגליכע כחות. די רעגירונג האָט דאַמאַלס אַרויסגעלאָזען פײערדיגע אויפרופען צום פאָלק און צו דער אַרמעע. עס האָבען זיך אָנגעהויבען בילדען ספּעציעלע שטורם-באַטאַליאָנען פון פרײװיליגע. קערענסקי איז אַרומגעפאָהרען אויף אַלע פראָנטען און האָט מיט הײסע רעדעס גערופען די סאָלדאַטען װײטער צו קעמפּפען מיט דעם שונא, שטרענג האַלטען די דיסציפּלין. אומעטום האָט מען איהם אויפגענומען מיט התלהבות און דאָס רוב סאָלדאַטען האָבען געשװאָרען, אַז אָהן אַ נצחון װעלען זײ נישט געהן אַ הײם.

פאַר יודען האָבען זיך געעפענט די טהירען פון די יונקער-שולען. אַ מאַסע יודישע יונגע-לײט, דערהויפּט סטודענטען זע־גען מאַקי באַלד אַרײנגעטרעטען אין פער־שיעדענע יונקער-שולען. קערענסקי אַלײן האָט געמאַכט די התחלה: ער האָט אויפ'ן פראָנט, בעת אַ מיליטער-פּאַראַד, געמאַכט פאַר אַנ'אָפיציר אײנעם אַ יודישען סאָלדאַט, װעלכער האָט געהאַט דרײ געאָרגי־קרײצען אויף דער ברוסט.

די צײטװײליגע רעגירונג האָט זיך געשיצט אויף די יונקערס, װעלכע האָבען זי טרײ געשיצט.

עטליכע פעהלער האָט אָבער די צײטװײליגע רעגירונג געמאַכט. דער ערשטער פעהלער איז געװען דער פּריקאַז №1, װע־גען װעלכען איך האָב שוין אַמאָל געשרי־בען. דער דאָזיגער פּריקאַז האָט אָנגעהויבען אַרײנצוטראָגען װאָס װײטער אַלץ מעהר דעזאָרגאַניזאַציע אין דער אַר־מעע. דער צװײטער פעהלער איז גע־װען, װאָס קערענסקי האָט אַלע געװעזענע פּאָליציי-בעאַמטע, אַלע געװעזענע זשאַנ־דאַרמען פונאַנדערגעשיקט, אַלס אײנפאַ־כע סאָלדאַטען, אויף פערשיעדענע פראָנטען אין די אָקאָפּעם אַרײן, װאו זײ האָבען זיך געדאַרפט רײן-װאַשען פון אַלע זײערע זינד. זײ זענען אָבער געבליבען די פערביסענסטע שונאים פון דער נײער אָרדנונג, זײערע שװאַרץ-מאה'דיגע אינ־סטינקטען האָבען זיך אין די אָקאָפּעם נאָך מעהר צופלאַקערט און זײ האָבען נאָר געזוכט די געלעגענהײט, װי צו דיס־קרעדיטירען די רעװאָלוציע, זײ האָבען אונטער דער מאַסקע פון כלומרש'טע רע־װאָלוציאָנערען אַרײנגעטראָגען אין דער אַרמעע אַנ'אונצופריעדענהײט און האָבען אויף אַזאַ אופן געשטיצט דעם עקסט-לינ־קען פליגעל פון דעם אַרבײטער-און-סאָל־דאַטען-ראַט.

און דער עקסט־לינקער פליגעל פון דעם אויבענדערמאהנטען ראט, מיט לענינ'ען בראש, האט זיך דעמאלט ענטגעגענגעשטעלט קערענסקי'ן און זיין אידעע ווייטער צו פיהרען די מלחמה.

זיי, די עקסט־לינקע, אדער לאמיר זיי רופען מיט זייער אמת'ן נאמען, די באלשעוויקעס, זענען ארויס מיט א לאזונג: „נידער מיט דער מלחמה! מען מוז שליסען אונבעדינגט שלום פאר יעדען פרייז!" — א לאזונג, וועלכער איז פיעל אנגענעהמער געווען פאר דעם אויסגעמוטשעטען סאלדאט, ווי קערענסקי'ס לאזונג.

די באלשעוויקעס האבען זיך געשטיצט אויף די מאטראסען און האבען אנגעהויבען צו בעקומען מעהר מאכט, ווי קערענסקי'ס רעגירונג.

לענין מיט זיין חבריא האבען רעקווירירט אהן שום שאלות דעם פאלאץ פון דער בעוואוסטער טענצערין קשעשינסקא און קערענסקי איז נישט געווען בכח זיי פון דארט ארויסצושטופען.

פון אט דעם פאלאץ האט זיך אנגעהויבען די באלשעוויסטישע ממשלה אין רוסלאנד. די באלשעוויקעס האבען זיך בעזארגט מיט פולעמיאטען, מיט ביקסען און האנד־גראנאטען און האבען געמאכט פון דעם פאלאץ א מין פעסטונג, פון וועלכער עס האבען אנגעהויבען ארויסצוגעהן אויפרופען צו די סאלדאטען אויפ'ן פראנט, אז זיי זאלען ווארפען דאס געוועהר און זאלען זיך בשום אופן מעהר נישט שלאגען מיט דעם שונא. די סאציאל רעוואלוציאנערען, ווי סאווינקאוו, טשערנאוו און אנדערע זענען צוגעשטאנען צו קערענסקי'ן און צווישען די ביידע פארטייען האט זיך אנגעהויבען א שטארקער אינערליכער קאמפף, וועלכער האט געבראכט צו דער לעצטער פאזע פון דער וועלט־מלחמה און רוסלאנד.

אין אונזער מעדיציניש וועלט האט זיך אויך אנגעהויבען א גאנץ נייע לעבען. מיר האבען בעקומען א בעפעהל זיך אויך צו ארגאניזירען ד. ה. צו בילדען אין יעדער מעדיצינישער אבטהיילונג ספעציעלע מעדיצינישע קאמיטעטען, אדער קאלעקטיווען ווי מיר פלעגען זיי רופען. אזוינע קאלעקטיווען זענען געבילדעט געווארען אין דיוויזיעס, קארפוסען, ארמעען און אזוי ווייטער. די מיטגליעדער פון די מעדיצינישע קאלעקטיווען זענען געווען אויסגעקליבענע און זיי האבען געהאט א דעה צו זאגען איבער אלע מעדיצינישע ענינים פון א דיוויזיע, קארפוס ארמעע און אז. ווייטער. די דיוויזיאנע, די קארפוסנע דאקטוירים האבען פערלארען זייער גאנצע מאכט; אהן דעם הסכם פון דעם קאלעקטיוו האבען זיי נישט געקאנט קיין פאפיר אונטערשרייבען.

אין אנהויב מאי 1917 איז צונויפגערופען געווארען אין אדעס א צוזאמענפאהר פון מיליטער־דאקטוירים פונ'ם רומענישען פראנט. אויף דעם דאזיגען צוזאמענפאהר זענען ארומגערעדט געווארען פערשיעדענע וויכטיגע פראגען. אין דער ערשטער שורה איז געווען די ברענענדע פראגע וועגען בעשטימען די דאקטוירים פונ'ם פראנט אין טיל אריין און פערקעהרט.

ביי דעם פריהערדיגען צארישען רעזשים האט געשפיעלט א גרויסע ראלע דער פראטעקציע־סיסטעם און די אמונה ד. ה. אז יודישע דאקטוירים פלעגט מען כסדר בעשטימען אויף די פאזיציעס און אויפ'ן פראנט און קריסטליכע דאקטוירים וועלכע עס האבען נאר א שטיקעל פראטעקציע זענען די גאנצע צייט פון דער מלחמה געבליבען דינען אינ'ם טיל. וועגען דעם ענין זענען געהאלטען געווארען א סך שארפע רעדעס און ס'איז איינשטימיג

אנגענומען געווארען א בעשלוס, אז מען זאל שוין, תיכף ומיד אנהויבען די פראנטלאקאציע ד. ה. משלח צו זיין די דאקטוירים פונ׳ם טייל אויף דעם פראנט, אזוי ארום איז מיין פערזענליכע לאגע מיט אמאל קלאר געווארען. איך האב שוין נישט געדארפט זוכען קיין פראטעקציעס מעהר און האב נאר געדארפט רוהיג ווארטען ביז דער פראנט-קאלעקטיוו וועט מיך ענדליך איבערפיהרען אין טייל אריין.

ו.

און ס'האט זיך ביי אונז אנגעהויבען א סדרה קאמיטעטען, קאלעקטיווען און ד. ג. א מאדנע זאך איז געשעהן: אויב ביי דעם פריהערדיגען, צארישען רעזשים האט מען זיך נישט געקענט א קעהר און א ווענד טהון אהן א פאפיער, האט זיך ביי דער נייער, דעמאקראטישער ארדנונג דאס „פאפיערענע״ לעבען פערדאפעלט. דהיינו: אלע קאמיטעטען, אלע קאלעקטיווען האבען געשריבען פאפירען, פון א מאסע קאמיטעטען פלעגן מיר בעקומען פאפירען און דער פאקט האט אריינגעטראגען א געוויסע דעזארגאניזאציע אין די אלגעמיינע לאגע אויפ'ן פראנט.

אלע מיטגלידער פון פערשידענע קאמיטעטען זענען געווען אפיצירען, דאקטוירים און די אינטעליגענטערע סאלדאטען. לויט א פעראָרדנונג פון פעטערבורג, זענען די אלע קאמיטעטען-מיטגלידער געווען פריי פון זייער דירעקטער ארבייט. אויף אזא אופן האבען די דאקטוירים פערלוירען זייערע בעסטע שרייבער, די מיליטער-אבטיילונגען — די בעסטע אפיצירען און די לאזארעטען — זייערע דאקטוירים. אלע מאנטאג און דאנערשטאג זענען געווען פערשידענארטיגע צוזאמענפאהרען: פאלקאווע, דיוויזיאנע, קארפוסנע, ארמייסקע און פראנטאווע... און אויך דער פאקט האט אריינגעטראגען א שטארקע אונארדנונג במעט אין אלע אינסטיטוציעס אויפ'ן פראנט.

מיט גוטס האט עס נישט געשמעקט און מיר האבען אנגעהויבען מורא צו האבען, אז די רעוואלוציע וועט קריגען א טויט-קלאפ.

איך האב מיך צו די אלע ערשיינונגען צוגעקוקט און האב געווארט מיט אונגעדולד אויף א נייע שטעלע ערגיץ אין טייל. איך האב מיך שוין ענדליך געוואלט ארויסקריגען פון רומעניען און לעבען אין רוסלאנד, וואו דאס לעבען איז איצט דאך געווען פיעל אינטערעסאנטער, ווי דא. איך האב שוין אפילו קיין פראטעקציע נישט געדארפט, ווייל ביי אונז איז שוין אלץ געווארען דעמאקראטיש. איך האב נור געדארפט רוהיג ווארטען ביז דער הויפט-קאלעקטיוו פון אדעס וועט מיר, העלבער איז שוין אזא לאנגע צייט געווען אויפ'ן פראנט, בעשטימען אויף אנאנדערע שטעלע. די ידיעות, וואס מיינע קאלעגען האבען מיר וועגען דעם ענין געבראכט פון אדעס, זענען לײדער געווען נישט קיין גאנץ פרעהליכע. ס'האט זיך ארויסגעוויזען, אז שוין פון דעם ערשטען מאמענט געהט די פראנטלאקאציע פון די פראנטאווע דאקטוירים אהן א געהעריגע ארדנונג, ווייל עטליכע דאקטוירים, וואס זענען געווען א קורצערע צייט אויפ'ן פראנט, האבען שוין בעקומען שטעלעס אינ'ם „טייל״. דאגעגען די, וואס זענען די גאנצע צייט געווען אויפ'ן פראנט, זענען נאך דארטען געזעסען עד-היום. דאס איז געווען א ריכטיגער בעווייז, אז אונזערע איצטיגע פערזארגער, וועלכע מיר

אליין האבען אויסגעקליבען, האלטען אויך פון דעם פּראטעקציע-סיסטעם.

ס'זענען אריבער וואכען און וועגען מיר איז נאך קיין פעראָרדנונג ניט געקומען.

איך האב אוועקגעשריבען א בריעף צו מיין פריינד, דעם טשינאווניק, וועלכער האט געדיענט אין דער הויפּט-מעדיצינישער פערוואלטונג פונ'ם רומענישען פראנט אין אדעס.

ניט ווארטענדיג אויף'ן רעזולטאט פון מיין בריעף, האב איך מיך גענומען קלויבען קיין מאסקווא אין אטפּוסק, וועלכען איך האב גראד דערמאלט בעקומען.

און שטעלט אייך פאר, אז אין דעמזעלבען טאג, וואס איך האב געדארפט ארויספאהרען קיין מאסקווע, בעקום איך פּלוצים א דעפּעשע פון דער מעדיצינישער פערוואלטונג פון אדעס, אז איך בין בעשטימט אלס געהילף פון דעם הויפּט-דאקטאר פון 29-טען עוואקואציאנס-פּונקט, וועלכער ס'געפינט זיך אין טיראספּאל, חערסאנער גוב.

דאס איז געוועזען א פּאסטען, וועגען וועלכען א יודישער דאקטאר האט ביי דעם צארישען רעזשים, גאר ניט געקענט אפילו חלום'ען.

אמת'ע שמחות זענען די, וואס קומען דערמאלט, ווען מען טראכט אפילו גארניט וועגען זיי. אזוי האב איך מיך אצינד אויך שטארק דערפרעהט!

און האב מיך גלייך גענומען קלויבען אין דרך אריין.

— „צו-וואס זאל איך איצט פאהרען קיין מאסקווע, טראכט איך מיר, איצט וועט שוין מיין פאמיליע קענען קומען צו מיר. ענדליך וועל איך שוין זיין אויף איין ארט, כ'וועל שוין מעהר ניט וואנדערן, כ'וועל רוהיג ווארטען אין טיראספּאל אויף דעם עפּילאג פון דער וועלט-מלחמה!“

און אז אינגיכען וועט זיך די מלחמה פאר רוסלאנד ענדיגען, האב איך ניט געצווייפעלט, ווייל איך האב איינגעזעהן ממשות'דיג, אז די רוסישע סאלדאטען וועלען זיך שוין מעהר ניט שלאגען.

כ'האט מיר באנג-געטהון זיך צו שיידען מיט מיינע גוטע בעלי-הבתים, וועלכע זענען געווען גאנץ פערצווייפעלט, דערוויסענדיג זיך וועגען מיין אבפאהרען פון טעקוטש אויף שטענדיג.

— „אויף וועמען לאזט איהר אונז איבער, ה' דאקטאר? ווער וועט אונז איצט בעווארענען פון די רומענישע הענד?“

און טאקי, כל-זמן איך האב ביי זיי געוואוינט, האט קיין רומענישער זשאנדארם ניט געהאט די העזה אריינצוקומען צו זיי אין שטוב, צו מאכען ביי זיי א רעוויזיע, זיי צו פּייניגען.

איך האב אבער באלד מיין דירה איבערגעגעבען אן אנדערן יודישען דאקטאר, וואס איז אקארשט בעשטימט געווארען קיין טעקוטש.

— זארגט ניט, האב איך ביים אבשייד געזאגט צו מיינע בעלי-בתים, מיר, רוסישע יודען, וועלען אייך ניט פערגעסען. אלע דאקומענטען וועגען אייער רעכטלאזער לאגע וועלען איבערגעגעבען ווערען קיין רוסלאנד, אייער וועה-געשריי האט שוין אהינצו דערגרייכט! איהר מוזט נאר ווארטען ביז ס'וועט זיך אנהויבען א ריכטיגע אקציע מצד דער רוסישער רעגירונג און דער רוסישער געזעלשאפט! — „זייט געזונד!“

און ענדע מאי 1917 בין איך מיט מיין עקול-פעקול, מיט סעמיאנען אבגעפאהרען פון טעקוטש קיין טיראספּאל.

אין די וואגאנען האט שוין געהערשט א קאמפּלעטער גהינום, די רוסישע סאלדאטען האבען שוין אהן שום צערעמאניע פערנומען די פּלעצער אין ערשטער און

צווייטער קלאַס מיט זייערע זעקלעך און פּינקלעך, דאַגעגען די אָפּיצירען האָבען געמוזט שטעהן אין די קאָרידאָרען, וועלכע זענען אויך געווען איבערפולט מיט סאָלדאַטען. פאַר אַ פּאָר רובל מיט אַ טראָפּען בראָנפען איז מיר געלונגען צו בעקומען אַ שטיקעל פּלאַץ צווישען סאָלדאַטען. דאָ מוז איך בעטאָנען, אַז צו דאָקטוירים האָבען די סאָלדאַטען נאָך געהאַט אַ געוויסען רעספּעקט. מיר, דאָקטוירים, האָבען נאָך געטראָגען אונזערע שליפּעס, וועהרענד דאָס רוב אָפּיצירען האָבען אליין זיי אויסגעטהון, כדי מען זאָל ניט דערקענען, אַז זיי זענען אָפּיצירען.

איך בין צום לעצטען מאָל אַדורכגעפאָהרען די סטאַנציע בירלאַד, וואו איך האָב געדאַרפט וואַרטען אַ שעה דריי אויף דעם צוג, וואָס געהט קיין יאַסי.

דער בירלאַדער אַכילה-פּונקט האָט שוין איצט אויסגעזעהן, ווי אַ ריכטיגער חזיר-שטאַל.

די סאָלדאַטען האָבען פערנומען די גאַנצע אַבטיילונג, וואָס איז געווען בעשטימט פאַר אָפיצירען און פלעגען פאָדערן פון דער בעל-הבית'טע עסען און טרינקען אָהן אַ סוף.

די בעל-הבית'טע, מיינע אַ בעקאַנטע, האָט זיך פאַר מיר געקלאָגט, אַז זי קען שוין ניט אויסהאַלטען, אַז די טעג האָבען איהר סאָלדאַטען געוואָלט שלאָגען דערפאַר, וואָס זי האָט זיי מעהר קיין צוקער ניט געהאַט אַרויסצוגעבען, אַז זי האָט זיי מעהר קיין טעפּלעך ניט געקענט דערלאַנגען. זי האָט מיר דערציעהלט, אַז יעדע רגע פלעגט צוגעהן צו איהר אַ סאָלדאַט, און צו עטליכע מאָל פאָדערן צוקער און טהיי.

אין משך פון אַ שעה פלעגט זי פונאַנדערטיילען דעם גאַנצען זאַפּאַס צוקער אַזוי, אַז שפּעטער פלעגט זי שוין ניט האָבען, וואָס צו געבען און די מאַסע טעפּלעך, וואָס זי האָט געהאַט, זענען כמעט אַלע צוגעגנב'עט געוואָרען און פרישע האָט זי ניט פונוואַנען צו בעקומען.

איך האָב איהר געגעבען אַן עצה, אַז זי זאָל אינגאַנצען אויפהערען אַרויסצוגעבען צוקער, ווי דאָס איז איינגעפיהרט אויף דעם אַכילה-פּונקט אין טעקוטש; אַנשטאָט אַרויסצוגעבען יעדען איינציגען סאָלדאַט, און דאָס צו עטליכע מאָל, צוקער זאָל זי בעסער דעם גאַנצען קעסעל טהיי מאַכען זיס און זאָל אַרויסגעבען זיסען טהיי און זיסע טהיי וועט שוין קיין סאָלדאַט ניט קענען אַריינגיסען אין קעשענע. דער פּלאַן איז איהר געפעלען געוואָרען און זי האָט בעשלאָסען באַלד איהם אויסצופיהרען.

קיין יאַסי בין איך אָנגעקומען דעם 30-טען מאַי. די מראה פון דעם יאַס'ער וואָקזאַל איז געווען טויזענד מאָל אַנ'ערגערע ווי מיט אַ חודש צוריק; אומעטום סאָלדאַטען, סאָלדאַטען און סאָלדאַטען. פון וואַנען זיי זענען וואוהין זיי פאָהרען —האָב איך ניט געוואוסט. כ'האָב נאָר פערשטאַנען, אַז מען לויפט פונ'ם פראָנט. דערצו האָט זיך ביי די סאָלדאַטען ענטוויקעלט אַ מין האַנדעלס-חשק: אומעטום האָט איהר געקענט טרעפען סאָלדאַטען, וואָס האָבען פערקויפט פּאַפּיראָסען, צוקער, הערינג, ברויט אד"ג. וועגען אַ וועלכע ס'איז ניט סובאָרדינאַציע האָט מען געקענט פערגעסען און דער פאַקט האָט אויף מיר און אויף עטליכע פון מיינע קאָלעגען, וואָס זענען מיט מיר צוזאַמען געפאָהרען, געמאַכט זעהר אַ שווערען איינדרוק. אויסער דעם האָבען זיך ביי די סאָלדאַטען שטאַרק ענטוויקעלט די גנבי'שע אינסטינקטען. ס'איז געווען אַ מורא איבערצולאָזען אַ פּעקעל אויפ'ן וואָקזאַל

אָהן אויפזיכט; מען האָט גע'גנב'עט פון אונטער די הענט.

איבערהויפּט פלעגען סאָלדאַטען נעלם ווערען מיט משומדאַנען, וועלכע די פּאַכאַזשירען האָבען זיי געבעטען אָבצוטראָגען פון וואַגאָן אויפ'ן וואָקזאַל. אַזוי איז ביי מיינעם אַ קאָלעגע פערפאַלען געוואָרען אַ קאָרב מיט זאַכען. איך האָב אָבער געהאַט סוביאַנען און נאָך צוויי בעקאַנטע סאָלדאַטען, וועלכע איך האָב גוט בעצאָהלט און אַזוי אַרום האָב איך געהאַט די מעגליכקייט רוהיג איבערצוטראָגען מיינע זאַכען אויפ'ן וואָקזאַל און אַליין בין איך אַוועק אין שטאָדט אַריין.

---

## יא.

איצט האָט יאַסי געמאַכט אויף מיר נאָך אַ שלעכטערן איינדרוק, ווי דאָס לעצטע מאָל, ווען איך בין דאָרטען געוועזען. דער רומענישער קעניג האָט זיך מיט זיין הויף אַריבערגעטראָגען אין איינעם פון זיינע פּאַלאַצען אין טיעף רומעניען, כדי צו זיין וואָס ווייטער פון דער רוסישער „גבורה“. אין יאַסי איז נאָר געבליבען די הויפּט־קוואַרטיר און דער פּאַרלאַמענט.

אויף דער יודישער גאַס איז געווען נאָך פינסטערער, ווי פריהער. יודען האָבען וואָס ווייטער אַלץ מעהר געליטען פון הונגער און פון כל־ערליי רדיפות. די שרעקליכע פלעקען־טיפוס־עפּידעמיע האָט כסדר מאַנטשעגליך אָוועקגערויבט הונדערטער נפשות; נישט געווען קיין יודיש הויז אָהן אַ טיפוס־קראַנקען.

און אין דער זעלבער צייט איז די יודישע בעפעלקערונג אין יאַסי געווען אויף דער העכסטער שטופע אויפגערעגט, דאָס בלוט האָט ביי אַלע יאַסי'ער יודען גע־קאָכט פון גרויס וועהטאָג איבער פאָלגענדען פאַקט:

דער רומענישער מיניסטער־פּרעזידענט בראַטיאַנו, זעהענדיג, אַז אין רוסלאַנד הויבט זיך אָן אַ שטאַרקע אַקציע געגען רומעניען פאַר איהרע אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען, האָט געשיקט רופען אַ פאָרשטעהער פון דער יודישער קהלה, צוויי באַנקירען און האָט זיי איינגערעדט אונטערצושרייבען אַן אויפרוף, אין וועלכען ס'איז געזאָגט געוועזען, אַז די רומענישע יודען זענען צופרידען מיט דער רומענישער רעגירונג, אַז קיין שום רדיפות זענען געגען זיי מצד דער רעגירונג נישט פאָרגעקומען, אַז די יודען פיהלען זיך אין רומעניען, ווי אין אַ גן־עדן און ת. ג.

ווער איבערצייגען מיט ווערטער, וואָס פאַר אַ רושם דער דאָזיגער אויפרוף וועלכער איז געווען פונאַנדערגעקלעבט אין דער גאַנצער שטאָדט, האָט געמאַכט אויף די יאַסי'ער יודען.

זייער געפיהל פון מענשענווירדע איז דורך דעם אויפרוף שטאַרק בעליידיגט געוואָרען. סטייטש? און וואו זענען אַלע ביזהעריגע און איצטיגע רדיפות און גזירות געגען זיי? צי קאָן מען פערגעסען די אַלע פערפאָלגונגען און עינויים, וואָס די רומענישע יודען האָבען אויסגעשטאַנען ביז איצט אין רומעניען? צי קאָן מען פערגעסען, אַז פאַר אַ יודיש וואָרט איז מען אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין תפיסה, אַז פאַר יודען זענען פערמאַכט געווען אַלע מעגליכקייטען צו בעקומען שפּייזפּראָדוקטען, אַז יעדען מאָמענט האָט יעדער רומענישער יוד מיט האַרצקלאַפּעניש געוואַרט אויף אַנ'אומגעריכטע רעוויזיע, אַז אפילו רומענישע שולקינדער פלעגען נאָכשפּירען דעם יודען ביי שריט און טריט, אַז אַ יוד פלעגט זיך נישט קענען רוהרען פון אָרט, אַז מיט אַ יודישען

סאָלדאַט פלעגט מען זיך בעגעהן, ווי מיט אַ חיה, און ספּעציעל ביי יאָגען פלעגט מען איינקוואַרטירען סאָלדאַטען קראַנקע אויף פלעקען־טיפוס, און יודען זענען געווען גאַנץ אונבעהאָלפען אין רומעניען, און זיי זענען געווען אויסער יעדען געזעץ... און נאָך אַלעם דעם קומען צוויי יודען און האָבען די העזה אונטערצושרייבען אַן אויפרוף, אַז אין רומעניען איז פאַר יודען אַ גן־עדן התחתון...

— „שווער צו לעבען! האָבען מיר מיינע יאַסי'ער בעקאַנטע געזאָגט מיט אַ פערביטערט האַרץ, ס'ווילט זיך לויפען פון דאַנען, — אָבער נישטאָ וואוהין!".

די רעגירונג, כדי זיך צו פערענטפערן פאַר דער וועלט האָט געזוכט אַ פּאָר „אַנדערע" יודעלעך (ביי אונז הייסען אַזוינע „מאָשקעס") און האָט זיי געפונען!

איצט האָט שוין בראַטיאַנו פאַר אייראָפּאַ אַ בעווייז, אַז אַלע קלאָגען וועגען רדיפות געגען יודען אין רומעניען זענען כזב ושקר. מען האָט געקענט מיינען, אַז יודען קויפען עקסטרא ניט קיין שפּייז־פּראָדוקטען, כדי די פלעקען־טיפוס־עפּידעמיע זאָל זיך צווישען זיי אויף צו להכעיס פונאַנדערשפּרייטען!

און בראַטיאַנו האָט זיך געפּאַטשט אין ביינדעל. ער, הייסט עס, און זיין רעגירונג זענען ריין פון יודען־פרעסעריי; ער האָט שטאַלצירט מיט זיין לאַטייניש'ער און רומעניש'ער" קולטור, מיט וועלכער אַלע רומענער שטאַלצירען עד־היום. דעם אויפרוף האָט בראַטיאַנו געדאַרפט פאַר דער אויסערליכער וועלט און ביי זיך האָט מען די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע גע־פירט מיט אַלע כחות ווייטער. כ'ווייס? אפשר פאָדערט אַזוי די „לאַטיינישע און רומענישע" קולטור.

די ביידע אויבענדערמאָהנטע „מאָש־קעס" האָבען זיך פערענטפערט, אַז ברא־טיאַנו האָט זיי געצוואונגען אונטערצו־שרייבען דעם אויפרוף, אַז ער האָט זיי גע־סטראַשעט, אויב זיי וועלען ניט אונטער־שרייבען דעם אויפרוף, וועט ער זיך מיט אַלע יודען אָבּרעכענען, ווי געהעריג. זיי האָבען עס, הייסט עס, געטהון לטובת זייערע ברידער!

אַ מערקווירדיגע זאַך: אַזוינע תשובות גיבען אַלע „מאָשקעס" און אַלע לענדער, וואו די רעגירונגען נויטיגען זיך אין זיי!

צוויי טאָג האָב איך פערבראַכט אין יאַסי, האָב מיך האַרציג געזעגענט מיט מיינע בעקאַנטע און דערביי האָב איך מיך מיט פערגניגען אויך געזעגענט מיט רומעניען און מיט איהר קולטור.

אויף דעם יאַסי'ער וואָקזאַל איז יאָ געווען עפּיס אַ שטיקעל אייזענבאַהן־קאָ־מיטעט מיט אַ קאָמענדאַנט, וועלכער האָט אַלע אָפיצירען און דאָקטוירים, וואָס האָבען געהאַט קאָמאַנדיראָווקעס, געגע־בען אַ פּלאַץ אין אַ ספּעציעלען וואַגאָן, וואו דער קאָמיטעט האָט קיין סאָלדאַטען ניט אַריינגעלאָזען.

די אונטערשטע שורה: איך בין געפאָה־רען גאַנץ בעקוועם, האָב געטראָפען אַ"ף אַ סימפּאַטישע געזעלשאַפט און מיר זע־נען בשלום אַריינגעפאָהרען פון רומעניען

כ'בין אין רוסלאַנד! צום ערשטען מאָל נאָך דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע. מיך האָט אינטערעסירט יעדע ערשיינונג, יעדער מענש, וועלכען כ'האָב געטראָפען.

די ערשטע גרעסערע סטאַנציע איז גע־ווען קישענעוו, וואו מיר האָבען זיך אָפּ־געשטעלט אויף אַ שעה דריי. נישטאָ קיין זשאַנדאַרמען! נישטאָ קיין פּאָליציאַנטען! יעדער איינציגער פיהלט זיך פריי! ער בעטראַכט זיך פריי, ער רעדט פריי!

כ'האָב געטראָפען אויפ'ן קישינעווער וואָקזאַל עטליכע יודען. כ'האָב מיך באַלד מיט זיי פונאַנדערגערעדט

— „גו? וואָס הערט זיך בײַ אײַך אין קישינעוו? ווי לעבט זיך עפּעס איצטער?" האָב איך געפרעגט אײנעם פון זײ.

— „וואָס פרעגט איהר קשיות? ענטפערט מיר דער יוד, אַ קלײניגקײט! מיר זענען פּטור געוואָרען פון די זשאַנדאַרמען און פּאָליציײסקע. הײנט איז בײַ אונז אין קישינעוו, פאַרהאַן אַ מיליציע, וואו עס דינען אַ סך יודען אויך. אַלע נויטיגע פּאַפּירען, ספּראַווקעס ווערען געמאַכט אין אַ מינוט, אָהן קאָפּ=דרעהעניש, אָהן שוחד. אַלע אונזערע שוואַרץ=מאָה'ניקעס, וואָס האָבען געמאַכט אונזער בעוואוסטען פּאָגראָם, זענען נעלם געוואָרען. דעם וואָרט „זשיד" הערט מען ניט פון קײנעם. צווישען דער קריסטליכער און יודישער געזעלשאַפט הערשט אַ פולע האַרמאָניע, און די גימנאַזיעס ווערען אָנגענומען יודישע קינדער אָהן אַ פּראָצענט=נאָרמע. מיט אײן וואָרט, מיר זענען פרײע בירגער!"

אין דער יוד גופא האָט אויסגעזעהען אין מײנע אויגען גאָר אַנדערש. ס'איז פערשוואונדען געוואָרען זײן גלות=פּנים, זײנע פּלײצעס האָבען זיך אויסגעגלײכט. וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט איז געווען צווישען אָט דעם יודען און די יודען, וועלכע כ'האָב נאָר וואָס געלאָזען פון יענער זײט גרעניץ, אין רומעניען, הײסט עס.

פון קישינעוו זענען מיר געפאָהרען קײן בענדער. דאָ האָבען מיר זיך אויך אָבגעשטעלט אויף עטליכע שעה.

בענדער איז אַ גרויסע קנופּעל=סטאַנציע וואו ס'קומען זיך צונויף די צוגען פון רעני און פון יאַסי—קישינעוו.

דאָ האָט שוין געהערשט אַ שטאַרקע אומאָרדנונג. דער גרויסער וואָקזאַל איז געווען בעלעגערט מיט גרויע שינעלען. אימעטום האָט מען נאָר געזעהן סאָלדאַטען. דער זאַל פון דער ערשטער קלאַס איז געווען שרעקליך שמוציג. ס'איז ניט געווען, וואו זיך אַוועקצולעגען. אַלע טישען זענען געווען פערנומען מיט סאָלדאַטסקע זעקלעך און פעקלעך; אויף אַ טײל טישען זענען געלעגען אויסגעצויגענע סאָלדאַטען און האָבען געכראָפּעט. צום בופעט איז געווען אונמעגליך צוצוקומען. דאָס בילד האָט געמאַכט אויף מיר אַ שווערען אײנדרוק. כ'האָב בעגונען פיהלען, אַז די רעוואָלוציע איז אין געפאַהר.

---

## יב.

דעם 30=טען מאַי 1917 בין איך אָנגעקומען קײן טיראַספּאָל, חערסאָנער גוב.

— „אָט דאָס איז מײן לעצטער עטאַפּ, טראַכט איך מיר, זאָל שוין דאָס אויך זײן מײן לעצטע סלוזשבע!"

אויפ'ן טיראַספּאָלער וואָקזאַל האָב איך בעמערקט אַ גרויסען פּלאַקאַט מיט אַן אויפשריפט: „29=טער עוואַקואַציאָנס=פּונקט".

נעבען וואָקזאַל, אין אַ קלײן הײזעל, איז געווען אַ פערבאַנד=פּונקט. איך בין תיכּף אַהינצו אַרײן און האָב דאָרטען געטראָפען אַ דעזשורנע=שוועסטער, וועלכע האָט טאַקע געדינט אויף דעם אויבענדערמאָהנטען פּונקט.

די שוועסטער האָט זיך מיט מיר דערפרעהט, פאַרוואָס? פאַר ווען? כ'ווײס ניט! די באַרמהערציגע שוועסטער אויפ'ן פראָנט האָבען שוין געהאַט אַזאַ טבע, זיך צו פרעהען מיט יעדען נײעם נאַטשאַלניק. זי האָט מיר געגעבען אַלע נויטיגע אינפאָרמאַציעס, ווײל כ'האָב דאָך געדאַרפט ווּסען, וואו מיר אַהינצוטהון מיט מײנע פעקלעך, טשעמאָדאַנען און טעמיאָנען.

זי האָט באַלד טעלעפאָנירט ערגיץ=וואו

און אין אַ 20 מינוט אַרום איז אַראָבגעקומען אַ שיינער עקיפּאַזש אויף גומקעס און האָט מיך מיט מיינע זאַכען אַוועקגעפירט אויפ'ן עוואַקואַציאָנס-פּונקט.

מיר זענען געפאָהרען אויסען שטאָדט און אין אַ מינוט 15 אַרום זענען מיר אַריינגעפאָהרען אין אַ גרויסאַרטיגען, קאָלאָסאַלען פּאַרק, וועלכער האָט אויסגעזעהן, ווי אַ וואַלד.

— „דאָס זענען די אַזוי-גערופענע לאַגערן, האָט מיר דער קוטשער ערקלערט, און דאָ געפינט זיך אונזער עוואַקואַציאָנס-פּונקט. אין פריערדיגע צייט איז דאָ געווען דער לאַגער פאַר די אַרטילעריע, וואָס איז געשטאַנען אין טיראַספּאָל“.

אינ'ם פּאַרק האָב איך בעמערקט אַ סך איינשטאָקיגע ווייסע הייזלעך.

מיר זענען צוגעפאָהרען צו דער קאַנצעלאַריע.

— „וואו איז דאָ נאַטשאַלסטוואָ?“ פרעג איך אַ שרייבער אין קאַנצעלאַריע.

— „באַלד וועט, ה' דאָקטאָר (מען האָט שוין ניט געהערט מעהר דעם טיטעל „וואַשע וויסאָקאָראָדיע“) קומען דער גלאַוונער, וועט איהר זיך פאַר איהם פאָרשטעלען“.

קורץ נאָכדעם איז טאַקע אָנגעקומען דער גלאַוונער דאָקטאָר פון דעם עוואַקואַציאָנס-פּונקט. אַ מאָדנע בעשעפעניש איז דאָס געווען. דאַר, ווי אַ שפּאָן, פיסלעך, ווי שטעקעלעך, נאָר דאָס פּנים איז געווען צוויי טראָפען ניקאָלאַי דער צווייטער. אויגען האָט ער געהאַט זעהר חיטרע. בכלל האָט ער אויף מיר געמאַכט זעהר אַנ'אַנטיפּאַטישען איינדרוק.

איך האָב מיך פאָרגעשטעלט און האָב איהם ערקלערט דעם צוועק פון מיין אהערקומען.

— „יאָ, איך האָב שוין פון אייך געהערט, טאָוואַרישטש, אין אָדעס, און דער הויפּט-מעדיצינישער פערוואַלטונג. איך האָב געוואוסט, אַז איהר דאַרפט אַ ליאַדע טאָג אַראָבקומען. איהר זענט בעשטימט אַלס מיין געהילף. און אייער רשות בעקומט איהר אַ גרויס לאַבאָראַטאָריום. אויסער דעם פאָהר איך מאָרגען אָב קיין אָדעס, וואו איך בין אויסגעקליבען געוואָרען אַלס מיטגליעד אין דעם הויפּט-מעדיצינישען ראַטה און וועל דאָרטען פערבלייבען אַ לענגערע צייט. איהר וועט אַלזאָ תיכף מוזען איבערנעהמען מיין אַמט. געהט אַריבער צו דעם ווירטשאַפטס-פיהרער פון פּונקט, מיט וועלכען איהר וועט אויסקלייבען פאַר זיך אַ הייזעל, וואו איהר וועט זיך קענען בעקוועם איינאָרדנען. איך ראָט אייך באַלד צו בעקענען מיט דעם איינציגען קאָלעגע, וועלכער איז שוין אויף אונזער פּונקט זייט עטליכע חדשים. ער הייסט ד"ר הורוויטש. אַלזאָ אויף ווידערזעהן!“

עפּיס איז מיר גאָרניט געפעלען, וואָס דער גלאַוונער האָט מיך אַ סך מאָל גערופען „טאָוואַרישטש“ און נישט קאָלעגע, עפּיס האָט ער מיר צופיעל גערעדט וועגען דער „סוואָבאָדע“, וועגען דעם נייעם רעזשים און וועגען דעם, וואָס די „טאָוואַרישטשעס“ האָבען איהם אויסגעקליבען אין דעם ראַט פון „דריי“. קיין צוטרוי האָב איך צו דעם פּאַרשוין נישט געהאַט.

איך האָב בעשלאָסען באַלד אַריבערצוגעהן צום ד"ר הורוויטש, עס איז מיר מיט אַמאָל אַראָב אַ שטיין פונ'ם האַרצען. איהר דאַרפט וויסען, אַז ווען מען קומט אויף אַ פרישע סלוזשבע, צווישען אַ נייער סביבה, פיהלט מען זיך פון אָנהויב נישט אַמבעסטען, ווייל מען ווייסט דאָך נישט, מיט וועמען מען וועט זיך דאַרפען זעצען צום טיש. נאָר, ווי באַלד איך האָב דערהערט די פאַמיליע הורוויטש האָב איך פערשטאַנען, אַז איך בין אין

דער היים. ערשטענס, איז דאָך הורוויטש אַ ייד, צווייטענס איז די פאַמיליע הורוויטש גלאַט אַ סימפּאַטישע. נישט געהענדיג נאָך דעם נייעם קאָלעגע מיינעם, האָב איך געפיהלט, אַז אַ הורוויטש מוז זיין אַ „נאַש בראַט“. און מיינע האָפנונגען האָבען מיר נישט אָבגענאַרט. דער ד"ר הורוויטש, אַ דיקינקער, אַ קלייניגקער, מיט לאַכענדיגע, גוטמוטיגע אויגעלעך, האָט געמאַכט אויף מיר דעם בעסטען איינדרוק.

קורצע דבורים: פון רוסיש זענען מיר באַלד אַריבער אויף מאַמע-לשון און אין אַ האַלבע שעה אַרום זענען מיר געווען, ווי אַלטע בעקאַנטע. ער האָט מיר פאַרגעשטעלט זיין פרוי און זיינע קינדער און איך האָב דעם ערשטען מיטאָג אין מיליטער-שפּיטאָל געגעסען אין אַ היימישער סביבה.

מיין קאָלעגע האָט מיר דערצעהלט אַלע סודות פון דעם עוואַקואַציאָנס-פונקט.

— „איהר וועט זיך דאָ, ביי אונז קענען גוט אויסרוהען, איהר וועט דאָ האָבען אַ טייערע דאַטשע, וואַרט נישט לאַנג און ברייגנט אַראָב אייער פאַמיליע אַהערצו, וועט איהר האָבען אַ טעם פון לעבען. איהר מוזט זיך נאָר פאָרשטעלען פאַר אונזער נאַטשאַלניק. דאָס איז אַן אַלטמאָדישער פאָלקאָווניק, וועלכען די סאָלדאַטען אַליין האָבען געמאַכט פאַר אַ נאַטשאַלניק און דעם פריהערדיגען וואָס איז געווען אַ געוואַלדיגער רעאַקציאָנער, האָבען זיי אַרעסטירט. דער פאָלקאָווניק איז אַ בלאַסע פערזאָן און האָט דאָ גאָרנישט צו זאָגען. דאָ קאָמאַנדעווען איצט די סאָלדאַטען. קומט, לאָמיר געהן אויסזוכען פאַר אייך אַ דירה!“

נישט לאַנג האָבען מיר געדאַרפט זוכען. איך האָב מיר תיכף אויסגעקליבען דריי צימערן אין דעמזעלבען הייזעל, וואו עס איז געווען דאָס לאַבאָראַטאָריום, און גאָהענטע שכנות פון מיין קאָלעגע.

עס זענען געקומען סאָלדאַטען, וועלכע האָבען אויסגעוואַשען אומעטום די פּאָדלאָגעס און סעמיאָן האָט זיך גענומען איינצואָרדנען מיין וואוינונג, ווי עס בעדאַרף צו זיין. און איהם האָט זיך דערוועקט זיין דאָרף-בעל-הבתישקייט: ער האָט גענומען אויסרוימען די ווענקלעך און שטעגלעך אַרום אונזער הייזעל, ער האָט אַרומגעצוימט אַ בלומען-גאָרטען און אַזוי ווייטער.

דער פריהלינג איז געווען אין זיין פולער דרום-פראַכט. דער גרויסער פּאַרק, וואו איך האָב אַצינד געוואוינט האָט אויסגעזעהען, ווי אַ גן-עדן.

צומאָרגענס בין איך אַוועק זיך פאָרשטעלען פאַר דעם נאַטשאַלניק. מיך האָט אויפגענומען אַן אויסגעדאַרטער פאָלקאָווניק פון מלך סאָביעסקי'ס צייטען, מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד.

עס איז געווען אַן אינטערעסאַנטע ערשיינונג דער פאַקט, אַז אַט דער אַלטער, פאַרצייטיגער פאָלקאָווניק האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט ווענדען צו אַ סאָלדאַט מיט „איהר“ נאָר דוקא מיט „דו“ און פלעגט זידלען די סאָלדאַטען ווי אין די אַלטע גוטע צאַרישע צייטען און נאָ אינטערעסאַנטער איז געווען, וואָס קיין סאָלדאַט האָט צו איהם קיין פּרעטענזיע נישט געהאַט נאָר פשוט דערפאַר וויל די גאַנצע קאָמאַנדע האָט געהאַלטען דעם פאָלקאָווניק פאַר עובר בטל.

דער גלאַוונער דאָקטאָר פון פונקט איז אַוועקגעפאָהרען קיין אָדעס און איך בין געוואָרען זיין שטעלפערטרעטער.

קיין גרויסע אַרבייט האָב איך נישט געהאַט. איך וועל אייך ערקלערען, וואָס אַן עוואַקואַציאָנס-פונקט בעדייט: ערגיץ וואו, געניג ווייט פון פראָנט, אין אַ גרעסערער שטאָדט, ווערען געשיקט אַזוינע

פונקטען, וועלכע בעקומען אין זייער רשות צעהנדליגער לאזארעטען, סאניטאר־צוגען און וועלכע האבען זעהר גרויסע סקלאדעס פון מלבושים, וועש, מעדיקאמענטען און פראוויאנט פאר די לאזארעטען, סאניטאר־צוגען און פאר די דורכפאהרענדע קראנקען סאלדאטען.

אלע קראנקע אדער פערוואונדעטע סאלדאטען, וואס געפינען זיך אין דעם ראיאן, וואו דער פונקט שטעהט, אדער אלע דורכפאהרענדע, מוזען זיך אונבעדינגט מעלדען אויפ'ן עוואקואציאנס־פונקט, וועלכער שיקט זיי שוין אב אין פערשיעדענע לאזארעטען. ווען די לאזארעטען ווערען איבערפילט עוואקואירט מען די לייכטערע קראנקע ווייטער און טיעפער אין לאנד. אונזער פונקט האט זיך אבער נאך געהאלטען אין פארמירען, און דעריבער האט ער נישט געקענט נאך ארבייטען נארמאל. אזוי ארום האבען מיר געהאט וועניג ארבייט.

שפעטער האב איך מיך דערוואוסט, אז אונזער 29 עוואקואפונקט איז פון אנהויב מלחמה געווען אין ווארשא, אויף דעם וויענער וואקזאל און דעמאלט האט ער געהייסען דער 4־טער ווארשאווער עוואקופונקט. הייסט עס, אז די וועלט דרעהט זיך ווי א רעדעל: איך האב אנגעהויבען מיין סלוזשבע אין ווארשא, האב זיך געוואלגערט עטליכע יאהר איבער דער וועלט און צום סוף בין איך צוריקגעפאלען אין די ווארשאווער אינסטיטוציע. נישט ווילענדיג ווערט מען אויף א מלחמה א פאטאליסט און דער פאקט איז פאר מיר געווען א סימן, אז אויף דעם געוועזענעם ווארשאווער פונקט וועט זיך ענדיגען מיין אנטיילנעמען אין דער וועלט־מלחמה.

איך האב מיך גענומען צוקוקען צום אינערליכען לעבען אויף אונזער עוואקו־פונקט. איך האב דא, נאטירליך, אויך געפונען א סך קאמיטעטען און א ספעציעל מעדיצינישען קאלעקטיוו. אין קאנצעלאריע פלעגט יעדען טאג אנקומען א ים פאפירען און אין דער גאנצער ארבייט איז ארייננעטראגען געווארען א געוואלדיגע דעזארגאניזאציע: מען האט נישט געוואוסט וועלכע און וועמענס פעראָרדנונגען מען דארף ערפילען.

כ'וויל נישט קריטיקירען די ארבייט פון די ספעציעל מעדיצינישע קאלעקטיווען. כ'וויל מיך מעהר נישט אבשטעלען אויף דעם פאקט, אז כדי צו בעקומען א העכערע שטעלע האט מען געמוזט האבען א רעקאמענדאציע פון דעם קאלעקטיוו, צו וועלכען מען געהערט. צו וואס פאר אן אבסורד מען האט געקענט דערגעהן ביי אזוינע רעקאמענדאציעס וועט איהר זעהען פון פאלגענדען פאקט, וואס כ'וועל אייך ווייטער איבערגעבען.

### י״ג.

אין די מעד.־צינישע ספערען האט דעמאלט שטארק געהערשט א טענדענץ, אז אן דער שפיץ פון אלע, ריין מעדיצינישע, אינסטיטוציעס זאלען שטעהן נאר דאקטוירים, וועהרענד ביים צארישען חעזשים זיינען די נאטשאלניקעס, למשל, פון די עוואקואציאנס־פונקטען געווען ריין מיליטערישע לייט, ווי גענעראלען, פאלקאווניקעס און אפילו פארוטשניקעס, וועלכע האבען, נאטירליך, קיין שום שייכות צו דער מעדיצין ניט געהאט.

אויף אזא אופן זיינען די טעג פון אונזער נאטשאלניק, דעם אויסגעטריקענטען פאלקאווניק, געווען געצעהלטע און זיין שטעלע איז געווען וואקאנט. די דאזיגע שטעלע האט געדארפט פערנעהמען א דאקטאר.

אַט דאָ האָט טאַקע דער גלאַוונער דאָקטאָר, וועלכען איך האָב פריהער בעשריבען, אַרויסגעוויזען זיין גאַנצע חיטרע דיפּלאָמאַטישע קונסט.

זייענדיג אַ מיטגליעד אין דעם מעדיצינישען ראַט פון דעם רומענישען פראָנט, האָט ער דאָרטען צוגעגרייט פאַר זיך אַ באָדען און עס האָט קיין מניעה ניט געווען איהם צו בעשטימען אַלס נאַטשאַלניק; ער האָט אָבער אונבעדינגט געמוזט האָבען אַ רעקאָמענדאַציע פון אונזער פונקט־קאָלעקטיוו.

ויהי־היום קומט ער אַראָב פון אָדעס, איז מיט מיר און מיט דעם ד"ר הורוויטש צוקער־זיס, דערצעהלט אונז אַ גאַנצע מעשה, אַז אין דער הויפּט־מעדיצינישער פערוואַלטונג איז שוין זיין קאַנדידאַטור אַלס נאַטשאַלניק פון אונזער פונקט בעשטעטיגט, ער דאַרף נור האָבען, און דווקא שוין, אַ קליין צעטעלע פון אונזער קאָלעקטיוו, אַז מיר רעקאָמענדירען איהם. איך האָב דעם פאַרשוין ווענינ געקענט, זיינע פריהערדיגע מעשים האָב ניט איך און ניט ד"ר הורוויטש געוואוסט. אונז האָט איבערהויפּט ניט געקימערט, ווער עס וועט ביי אונז ווערען נאַטשאַלניק, ווייל דעמאָלט האָט שוין אַ נאַטשאַלניק בכלל ווענינ מאַכט געהאַט און זעלטען ווער ס'האָט זיך געקוואַפּעט צו ווערען אַ נאַטשאַלניק, זעלטען ווער ס'האָט געוואָלט, אַז סאָלדאַטען זאָלען איבער איהם רעגירען.

דעריבער האָב איך אָהן אַ שום ישוב־הדעת נאָך דעמזעלבען טאָג צוזאַמענגערופען אַ פערזאַמלונג פון אַלע דאָקטוירים פון די לאַזאַרעטען, וואָס זענען געווען אין רשות פון אונזער עוואַקואַציאָנס־פונקט.

די פערזאַמלונג האָט אָהן דעבאַטען אָנגענומען מיין פאָרשלאַג צו אַקצעפּטירען דעם גלאַוונעם דאָקטאָר פון אונזער פונקט אַלס נאַטשאַלניק פון דעמזעלבען פונקט. מיר האָבען איהם באַלד אַרויסגעגעבען אַבעשייניגונג פון אונזער החלטה, אַגב מוז איך צוגעבען, אַז אַלע דאָקטוירים, וואָס זענען אויף דער פערזאַמלונג געווען, זענען געווען פריש בעשטימטע פונ'ם פראָנט און דעריבער האָט קיינער דעם גלאַוונעם ניט געקענט און וועגען זיין פערגאַנגענהייט ניט געוואוסט. רעדען האָט דער גלאַוונער גערעדט זעהר שיין און דעריבער איז קיינער געגען זיין קאַנדידאַטור ניט אַרויסגעטרעטען. אַ שטאַרקער קול און זיסע רייד האָבען דעמאָלט שוין געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג, כדי מען זאָל קאָנען אַרויסשווימען.

דער גלאַוונער איז אַוועקגעפאָהרען צוריק קיין אָדעס אַ פרעהליכער, אַ צופריעדענער. די בעשטימונג אַלס נאַטשאַלניק האָב ער שוין געהאַט אין קעשענע, אַזוי, ווענינסטענס, האָט ער געמיינט.

ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען גאָר בויבעריק.

די סאָלדאַטען זענען דעמאָלט געשטאַנען אויף דער וואַך און זיי האָבען ניט דערלאָזען קיין שום אונגערעכטיגקייט.

ווי באַלד זיי האָבען זיך דערוואוסט פון אונזער פערזאַמלונג און פון אונזער החלטה, האָבען זיי געמאַכט אַ גוואַלד. זיי האָבען צונויפגערופען אַן אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון דער קאָמאַנדע און דאָ האָבען מיר געהערט אַזוינע זאַכען, אַז מיר, דאָקטוירים, זענען אַזש רויט געוואָרען פון חרפּה.

— „סטייטש? האָבען זיך געהערט שטימען, אַזאַ רעאַקציאָנער, וועלכער האָט תּמיד, אין די צאַרישע צייטען, שטאַלצירט דערמיט, וואָס ער איז ענהליך צו ניקאָלאַי דעם בלוט־זויגער, וועלכער האָט מיט זיין שטעקעלע געשלאָגען סאָלדאַטען, פאַר וועלכען דאָקטוירים פלע

גען מוזען שטעהן אויסגעצויגען און ער פלענט זיי אפילו די האנד נישט געבען, וועלכער האט נאך חער רעוואלוציע, בעת מיר האבען ארעסטירט דעם נאטשאלניק אונזערן, דעם רוצח, אהין אויף די קניה געפעטען רחמים, מיר זאלען איהם ניט טשעפען, מיר זאלען האבען רחמנות אויף זיין פרוי און קינדער, וועלכער האט צוגעזאגט צו זיין גוט און פרום — אט אזא קאנדידאט פאר א נאטשאלניק אהיערן וועלען מיר האבען? ומיר קענען איהם גאנץ גוט און מיר וועלען עם נישט דערלאזען בשום אופן. און פארוואס האבען די העררען דאקטוירים ביי אונז ניט געפרעגט, צי מיר זענען מסכים? עפים האלט ער דאך געווען אונזער נאטשאלניק אויך! דאס איז א גרויסע עולה מצד אונזערע דאקטוירים. דער פארשוין וועט דא מעהר צוריק ניט קומען. מיר דארפען ניט קיין געוועזענע צארישע קנעכט!“

און די פערזאמלונג האט איינשטימיג בעשלאסען צו שיקען מאמענטאל א טעלעגראפישען פראטעסט קיין אדעס. אין דיעם פראטעסט האבען זיי אנגעוויזען אויף א קאנדידאט, וואס איז פאר זיי געוואונשען.

די סאלדאטען האבען אויסגעפיהרט!

דעם אמת זאגענדיג, זענען מיר, דאקטוירים, געווען צופריעדען פון דעם פראטעסט, ווייל ער איז געווען א גערעכטער. די סאלדאטען האבען זיך אבגעגעבען א גאנץ קלארען דין וחשבון וועגען דעם ענין.

און דער גלאוונער איז שוין טאקע מעהר אויף אונזער פונקט ניט צוריקגעקומען. אזוי־ארום בין איך געבליבען דערוויל גלאוונער.

צוקוקענדיג זיך ווייטער צו דער אויפפיהרונג פון די סאלדאטען, האב איך בעמערקט, אז ביי זיי אלעמען, כמעט אהן

אויסנאהם, האט זיך ענטוויקעלט דער געפיהל פון א געוואלדיגער קאנטראלע איבער אלץ, וואס איז געווען נאנט צו זייערע, טשינאווניקעס און אונז, דאקטוירים. זיי האבען שטרענג אכטונג געגעבען, צי בעקומען מיר ניט מעהר געהאלט, ווי ס'איז פארגעשריבען אין געזעץ, צי פערקויפט מען אהין ניט פון חער אונזער מאגאזין מעהר פראדוקטען, ווי ס'איז נויטיג אהין בעשטימט?

ביי אונז, למשל, אויפ'ן פונקט, האבען זיי שטרענג קאנטראלירט, צי פאהרען מיר ניט מיט דעם עקיפאזש, אהער מיט די ברישקעס צום איינציגען פערגניגען, שפאצירען, הייסט עס. זיי האבען נאר ערלויבט צו פאהרען „פא סלוזשביע“. חליליה, ווען זיי פלעגען אמאל בעמערקען אז מיט א קאזיאנעם עקיפאזש פאהרט א פרוי אדער קינדער פון א דאקטאר אדער פון א טשינאווניק, דעמאלט פלעגען זיי מאכען א גרויסען סקאנדאל און מעהר דעם ראזיגען טשינאווניק בשום אופן קיין פערד נישט ארויסגעבען. דא מוז איך אונטערשטרייכען, אז פאר אונז, דאקטוירים, האבען זיי דאך אין אלע פאלען געהאט דרך־ארץ. דעם הויפט־כעס פלעגען די סאלדאטען אויסלאזען צו די אזויגערופענע „זאאוריאד־טשינאווניקעס“, ד. ה. די טשינאווניקעס, וואס זענען הערענד דער מלחמה פון פראסטע שרייבער־סאלדאטען געמאכט געווארען פאר טשינאווניקעס.

אין יענער צייט האט קערענסקי ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז אפיצירען מעגעו האבען דענשטשיקעס נאר אויפ'ן פראנט. אין „טיל“, האט מען קיין דענשטשיק נישט געטארט מעהר האבען.

אונזער פונקט ווידער, כאטש ער איז געווען אינ'ם טיל האט זיך דאך גערעכענט פאר א פראנט־פונקט און כדי

מיט׳ן בעקומען אנגעזען געהאלט אזוי ווי אלע דאקטוירים פונ׳ם פראנט. מיר האבען געמיינט קערענסקי׳ס בעפעהל, אז אונז קומט אויך צו האבען דענשטשיקעס.

אונזערע סאלדאטען האבען אבער געהאט זייער פירוש.

זיי האבען צונויפגערופען אנ׳אלגעמיינע פערזאמלונג פון אלע סאלדאטען פונ׳ם פונקט און האבען די פראגע ארומגערעדט פון אלע זייטען. ס׳זענען ארויסגעטרעטען סאלדאטען, וועלכע האבען מיט א מאדערנער פערביסענקייט אזוי גע׳טענה׳ט:

— „עס איז שוין גענוג שקלאפעריי! וואס איז א דענשטשיק? א קנעכט! זאלען זיך אונזערע דאקטוירים און טשינאוניקעס אליין פוצען די שטיוועל, זאלען זיי זיך אליין בעדינען! אויפ׳ן פראנט, און די אקאפעס איז וואס אנדערש, אבער דא קענען זיי זיך דינגען א מענשען, אויב זיי ווילען, קיין סאלדאטען צו בעדינען וועלען מיר זיי בשום אופן נישט געבען!“

הערענדיג די ווערטער, בין איך ארויס מיט א תשובה.

— „א דענשטשיק איז בשום אופן קיין קנעכט ניט, זאג איך, ער פערלייכטערט מעהר ניט דעם דאקטאר אדער דעם אפיציר רעיעל צו ערפילען זיינע פליכטען, גוט! איהר וועט אינז קיין דענשטשיקעס נישט געבען, וועלען מיר אויף סלושבע קומען ערשט נאכמיטאג, ווייל מיר וועלען זיך טאקי בעשעפטיגען מיט טראגען וואסער, פוצען די שטיוועל און קאכען מיטאג, איהר ווייסט דאך גאנץ גוט, אז דינגען א מענשען קאנען מיר נישט, ווייל היינט וועלען מיר דינגען און מארגען וועלען מיר בעקומען א בעפעהל ארויסצוגעהן פון דאנען. פארוואס־זשע לאזט איהר, סאלדאטען, זיך בעדינען? צי איז דען דער קאשעוואר נישט אייער קנעכט? פארוואס קאכט איהר זיך נישט אליין יעדער בעזונדער דעם טעפעל צו מיטאג? צי איז דען דער פאלק־שוסטער נישט אייער קנעכט? פארוואס מוז ער אויך פערריכטען אייער׳ע שטיוועל אומזיסט? ווי איהר זעהט האט איהר אויך א סך דענשטשיקעס און פאר אייך זענען זיי ניט קיין קנעכט! פארוואס מוז א דאקטאר צוגעהן צו יעדען קראנקען, ווי שמוציג ער זאל ניט ליגען, פארוואס אונטערזוכט א דאקטאר אורין, שטולגאנג, ליחות און אנדערע זאכען פון וועלכע אייך וואלט געעקעלט? אין פונדעסטוועגען וועט א דאקטאר קיינמאל זיך נישט רעכענען פאר וועבענס עס איז קנעכט! מיר מוזען האבען דענשטשיקעס, אנדערש וועלען מיר נישט ארבייטען!“

דעמאלט איז ארויס אנ׳אנדער סאלדאט און האט געזאגט, אז אייגענטליך איז ער מסכים, אז דאקטוירים מוזען יא האבען דענשטשיקעס, נאר ער וואלט ניט געקענט דערלאזען, אז די זאאוריאד־טשינאוניקעס, די געוועזענע סאלדאטען הייסט עס, אז זיי זאלען בעקומען דענשטשיקעס, זיי זענען ניט קראנק זיך אליין צו בעדינען. נאר היות אז קיין אויסנאהם קען מען נישט מאכען, מוז אנגענומען ווערען אנ׳החלטה, אז אויף דעם 29טען פונקט טאר קיינער קיין דענשטשיקעס נישט בעקומען!

אויך דאקטאר הורוויטש האט געהאלטען א שטארקע רעדע. עס האט אבער גארנישט געהאלפען: די סאלדאטען האבען אונז נישט ערלויבט צו האלטען קיין דענשטשיקעס.

# יד.

איך בין אהין א דענשטשיק נישט געבליבען. איך האב נאר פשוט געמאכט מיין סעמיאנ'ען פאר אנ'אויפזעהער אין לאבאראטאריום, וואו איך בין געווען בעל-הבית און אויף אזא אופן איז ער ביי מיר געבליבען.

ערגער איז געווען דעם ד"ר הורוויטש. ער האט מיט זיך קיין דענשטשיק נישט מיטגעבראכט. דעמאנסטראטיוו האט ער אליין אנגעהויבען צו טראגען וואסער פונ'ם ברונעם. ס'האבען זיך געפונען סאלדאטען, וועלכע זענען צו איהם עטליכע מאל צוגעלאפען איהם צו העלפען, ער האט זיך אבער פון זייער טובה קאטעגאריש אפגעזאגט. מיט עטליכע טעג שפעטער האט איהם מיין סעמיאן אנגעהויבען בשתיקה צו בעדינען.

אין דערזעלבער צייט זענען אויף אונזער פונקט אראבגעקומען נאך צוויי פריוואטע דאקטוירים פונ'ם פראנט און יעדער פון זיי האט מיט זיך מיטגעבראכט זיין דענשטשיק. נאטירליך, האבען אונזערע סאלדאטען תיכף זיי פערבאטען צו בעדינען די דאקטוירים. דא איז אבער ענטשטאנען א כאראקטעריסטישער צוזאמענשטויס צווישען די סאלדאטען גופא, ד. ה. די ניי-אנגעקומענע דענשטשיקעס האבען בשום-אופן נישט געוואלט אוועקווארפען זייערע אדונים.

— וואס? האבען זיי גע'טענה'ט, איהר וועט אונז נישט ערלויבען צו בלייבען ביי אונזערע בעל-בתים, מיט וועלכע מיר זענען צוזאמען דריי יאהר פערשווארצט געווארען אויפ'ן פראנט, אין די אקאפעס? און איהר זענט געווען אויפ'ן פראנט? איהר האט געשמעקט פולווער? פרובירט איהר איצט געהן אויפ'ן פראנט דעמאלט וועלען מיר געהן צו אייך אין קאמאנדע!"

און אונזערע סאלדאטען האבען מיט די נייע נאכנישט געקאנט מאכען.

נאך אינטערעסאנטער איז געווען די שטעלונג פון אונזער אלטיטשקען פולקאווניק. ער האט גאר פשוט שטרענג געזאגט צו זיין דענשטשיק:

— „אזוי, דו זאלסט נישט וואגען פון מיר אוועקצוגעהן, איך בעפעהל דיר דא צו בלייבען. די סאלדאטען האבען נישט דאס רעכט מיט דיר צו קאמאנדעווען, נאר איך!"

און אזוי איז טאקע געבליבען דענשטשיק ביים פולקאווניק און די קאמאנדע האט געשוויגען.

קורץ נאכדעם איז ארויס א בעפעהל, אז אלע סאלדאטען פונ'ם „טיל", וואס זענען נאך ביז איצט נישט געווען אויפ'ן פראנט, מוזען זיך שטעלען צו א קאמיסיע און אלע געזונדטע מוזען אוועקגעשיקט ווערען אין די אקאפעס.

איהר האט געדארפט זעהן, ווי מאמענטאל זענען אלע סאלדאטען אונזערע, וואס האבען מיט אזא פערביטערקייט אונז קאנטראלירט, צי מיר האבען דענשטשיקעס, צי מיר פאהרען מיט קאזאנע פערד וכדומה.

שטילערהייד האבען זיי אונז געגעבען אנצוהערען, אז זיי וועלען אונז ערלויבען צו האבען דענשטשיקעס, און צו פאהרען מיט קאזיאנע פערד און כדומה, אבי אונזער קאמיסיע זאל זיי נאר נישט אוועקשיקען פון פונקט אויפ'ן פראנט. די בקשה האבען מיר, נאטירליך, נישט ערפילט און אלע געזונדטע האבען געמוזט פון אונז אוועק. צי איז ווער פון זיי הערקראכען ביז'ן פראנט—צווייפעל איך זעהר.

דעמאלט האט קערענסקי און זיינע אנהענגער געפיהרט א שטארקע אגיטאציע

וועגען אנ'אפענסיווע. זיינע קאמיסארען האבען אויף אלע פראנטען געארבייט מיט אלע כחות. אפילו די „באבע" פון דער רוסישער רעוואלוציע, די אלטע רעוואלוציאנערין ברעשקא-ברעשקאווסקאיא איז אין א ספעציעלען סאלאן-וואגאן אומעטום ארומגעפאהרען און האט געהאלטען פייערדיגע רעדעס פאר די סאלדאטען און האט זיי גערופען ניט צו ווארפען דאס געוועהר, נאר ווייטער מיט אלע קרעפטען צו קעמפפען מיט דעם שונא. איך האב אזא רעדע איהרע געהערט אויף דעם טערנאפאלער וואקזאל, ווען זי איז געפאהרען אויפ'ן רומענישען פראנט. און דעם מאמענט, ווען זי האט גערעדט, זענען די סאלדאטען, צו וועלכע זי האט זיך געווענדעט, געווען בעגייסטערט. די בעגייסטערונג האט אבער געדויערט א רגע.

און גאליציען האט קערענסקי טאקע אדורכגעפיהרט אנ'אפענסיווע און אונזערע סאלדאטען האבען געהאט א געווינסען ערפאלג: זיי האבען דורכגעבראכען דעם שונא'ס פראנט.

אבער באלד נאכדעם האט זיך אנגעהויבען די גרויסע דעזארגאניזאציע און דער רוסישער ארמעע. ס'זענען ארויסגעקראכען פון זייערע נארעס די געוועזענע זשאנדארמען און פאליציאנטען, וועלכע האבען ארויסגעלאזען א לאזונג, זיך מעהר מיט דעם שונא ניט צו שלאגען, וועלכע האבען דיסקרעדיטירט קערענסקי'ס רעגירונג, וועלכע האבען מיט אנדערע ווערטער „באלשעוויזירט" די ארמעע. דאס איז געווען דערזעלבער לאזונג, וועלכען עס האט שוין מיט א צייט פריהער ארויסגעלאזען דער עקסטרעם-לינקער פליגעל פון דעם אלרוסישען ארבייטער-און סאלדאטען-ראט מיט לענינ'ען בראש.

עס איז שוין פארגעקומען א פאל, אז סאלדאטען האבען קערענסקי'ן ערגיץ-וואו אויפ'ן פראנט בעגעגענט מיט גראבע ווערטער און האבען פון איהם געפאדערט דעם שלום.

— „צוזאמענגעטרעטענע קנעכט זענט איהר!" האט קערענסקי אויסגעשריען מיט א פערצווייפעלטען הארצווערטאג און דער אויסדרוק זיינער איז געבליבען היסטאריש. קיין בעסערע כאראקטעריסטיק פון דעם דעמאלטדיגען רוסישען סאלדאט האט קיינער ניט געקאנט געבען.

— „שלום גיב אונז!" האבען געשריען די סאלדאטען.

און אזוי האט זיך ביסלעכווייז אנגעהויבען די גרויסע, די שרעקליכע, די אונגעהערטע דעזארגאניזאציע פון דער קאלאסאלער רוסישער ארמעע אויף אלע פראנטען און אין'ם „טיל".

די רוסישע אינטעליגענטע קרייזען זענען געווען ערשיטערט פון די ידיעות, וואס האבען אנגעהויבען צו קומען פונ'ם פראנט. זיי האבען פראבירט ראטעווען די סיטואציע, זיי האבען ארויסגעלאזען הייסע אויפרופען צו דער אינטעליגענטער יוגענד, זי זאל זיך פערשרייבען אין פרייוויליגע באטאליאנען. עס האבען זיך אפילו געבילדעט א סך אזוי-גערופענע „טויט-באטאליאנען". די סאלדאטען פון די דאזיגע באטאליאנען האבען געטראגען אויף די ארבעל עמבלעמען פון טויטע קעפ מיט מענשען-ביינער. איך האב אין טערנאפאל אויף דעם וואקזאל געזעהן פארביימארשירענדיגע אזויגע באטאליאנען. זיי זענען געפאהרען מיט מוזיק, מיט רויטע פאהנער און מיט רעוואלוציאנערע לידער, אבער... ביז צו דער פאזיציע זענען זיי ניט דערפאהרען. וואס נעהנטער צו דער פאזיציע פליגט די צאהל פון די סאלדאטען ווערען אלץ קלענער און קלענער אזוי, אז אויף די פאזיציע פליגט

קומען נאָר אַן אָפיציר מיט אַ רשימה פון סאָלדאַטען... נישט מעהר...

ביי אינז אויפ'ן פונקט האָט זיך אָנגעהויבען אַ פיבער־האַפטע אַרבייט. עס האָבען אָנגעהויבען צו קומען פונ'ם פראָנט סאָלדאַטען. עס זענען געקומען קראַנקע, אָבער נאָכמעהר געזונדטע. מען האָט אַלעמען געמוזט געבען אַן אָרט צו שלאָפען, מען האָט אַלעמען געמוזט געבען עסען און גוט עסען, ווייל באַלד פלעגען קומען דעפוטאַציעס מיט פּרעטענציעס און זעהר „ענערגישע“ פּרעטענזיעס.

אונזער לאַגע, אַלס דאָקטוירים, איז געוואָרען זעהר אַ שווערע, ווייל, ווי איהר ווייסט שוין האָט זיך דאָך אונזער פונקט ערשט פאַרמירט און קיין גרויסען פלאַץ פאַר סאָלדאַטען האָבען מיר נאָך נישט געהאַט. דעריבער האָבען מיר געמוזט אַלע לאַזאַרעטען אונזערע פול מאַכען מיט געזונדטע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען אַנטלאָפען פונ'ם פראָנט.

## טו.

איך האָב אייך שוין עטליכע מאָל פריהער דערצעהלט וועגען אַ פּאָר וואונדערבאַרע בעגעגענישען, וועלכע איך האָב געהאַט אין דער צייט פון מיין וואַנדערן איבער דער וועלט בעת דער מלחמה.

אַצינד מוז איך אייך ווידער איבערגעבען וועגען אַ בעגעגעניש אין טיראַספּאָל, אַזאַ מין בעגעגעניש, וואָס האָט געקענט טאַקע נאָר פּאַסירען וועהרענד אַזאַ משוגעדיגער מלחמה, ווי די לעצטע איז געווען, ווען די גאַנצע וועלט האָט זיך צומישט: מענשען פון דרום האָט דער שיקזאַל אַ שליידער־געטהון קיין צפון, מענשען פון מערב קיין מזרח און פערקעהרט.

די מעשה איז אַזוי געווען: צו אונז אויפ'ן פונקט איז איינמאָל געקומען אַ פּאַרטיע אָבגעריסענע, האַלב־באָרוויסע, אויסגעדאַרטע סאָלדאַטען אויף קאָמיסיע. מיר האָבען, הייסט עס געדאַרפט וועמען פון זיי בעפרייען, וועמען אָבשיקען אין אַ לאַזאַרעט און ד. גל.

די געקומענע סאָלדאַטען האָבען זיך פונאַנדערגעלעגט אין אַקאָלאָדאָק אויף דער פּאָדלאָגע.

ווען איך בין אַריין אין אַקאָלאָדאָק, האָב איך אויף די דאָזיגע פּאַרטיע סאָלדאַטען אַפילו גאָר ניט אַ קוק געטהון, ווייל אַזעלכע פּאַרטיעס פלעגען קומען צו אונז עטליכע מאָל טעגליך.

מיט אַ ווייַלע שפּעטער האָב איך מיר גענומען צו מיין אַרבייט.

פלוצים הער איך, ווי עמיצער פרעגט אַ באַרמהערציגע שוועסטער, צי איז דאָס ניט דער ד"ר לייפּ...?

דערהערענדיג מיין נאָמען, האָב איך מיך אַ קעהר־געטהון צום פרעגענדען. דאָס איז געווען אַן אָבגעריסענער סאָלדאַט פון דער געקומענער פּאַרטיע. דערזעהענדיג איהם, בין איך אַזש אויפגעשפּרונגען פון איבעראַשונג.

— „גאָט מיינער! מאָסינע שלעז...! ווי קומט איהר אַהער? וואָס איז מיט אייך? פאַרוואָס זענט איהר אַזוי אָבגעריסען?“

און מיר האָבען זיך ביידע זעהר הייס צוקישט. טרעהרען האָבען זיך בעוויזען ביים סאָלדאַט אין די אויגען.

— „פרעגט ניט, איסאַאַק סעמיאָנאָוויטש, זאָגט ער צו מיר, איך בין איצט ניט אימשטאַנד אייך אַלץ איבערצוגעבען. ווען איך האָב אייך דאָ דערזעהן, איז מיר פלוצים די וועלט ליכטיגער געוואָרען, עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך זעה אַ מלאך פאַר מיינע אויגען. איך האָב מיר גאַרנישט געקענט גלויבען, אַז איך וועל

דאָ, אין אַזאַ פערוואָרפענעם ווינקעל, קעגען טרעפען דוקא אײַך!"

„נו־נו, בערוהיגט אײַך, מאַסיאַ, איך וועל אײַך באַלד פיהרען צו מיר אַהיים, דאָרטען וועלען מיר זיך ווי געהעריג אַדורכשמועסען".

און איך האָב איהם געהייסען אויסשליסען פון דער פּאַרטיע און האָב איהם אַוועקגעפיהרט צו מיר, וואו ער האָט זיך אַרומגעוואַשען און זיך איבערגעטהון.

איצט וויל איך אײַך ערקלערן, וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ מאַסיאַ שלעז... און פאַרוואָס די בעגעגעניש מיט איהם האָט געמאַכט אויף מיר אַזאַ שטאַרקען אײַנדרוק.

ווען איך האָב דעם דאָזיגען מאַסיאַ דערזעהן און האָב איהם דערקענט, האָב איך מיר פּלוצים מיט אַלע אײנצעלהייטען דערמאָהנט אָן דער רוסיש יאַפּאַנישער מלחמה, אין וועלכער איך האָב, ווי איהר ווייסט עס שוין, אויך אַנטײלגענומען.

איך האָב מיך דערמאָהנט אָן דעם טאָג, ווען איך בין אַראָבגעקומען אויף סלוזשבע קײן טשיטאַ, אַ שטאָדט הינטער דעם באַיקאַל. דאָס איז געווען אין אַ געוויסען פרייטאָג. ס'איז נאָך דעמאָלט געווען גוט קאַלט און אויף דער נשמה איז אויך געווען קאַלט. איך האָב געמיינט, אַז אין די סיבירישע שטעדט שפּאַצירען אַרום בערען און וועלף איבער די גאַסען, אַז יעדער צווייטער סיביריאַק איז אַ קאַטאָרזשניק.

אין וואַרשאַ האָב איך פאַר מײַן אָבפאָהרען קײן טשיטאַ גענומען בײַ מײַנעם אַ בעקאַנטען אַ בריעף צו אײנעם אַ טשיטאַ'ער סוחר ה' שלעז...

גאַד דעמזעלבען טאָג, געדענק איך, בין איך צו דעם דאָזיגען סוחר ה' שלעז... אַוועקגעגאַנגען. ווי גרויס איז געווען מײַן איבעראַשונג און פרייד, ווען איך האָב, אַנשטאָט אַ קאַטאָרזשניק, געטראָפען אַ גאַנץ בכבוד'ען יודען, מיט אַ יאַרמאָלקע אויפ'ן קאָפּ, וועלכער האָט מיך גלייך פון אָרט זעהר גאַסטפרײַנדליך אויפגענומען און האָט מיך זאָגאַר אײַנגעלאַדען צו איהם באַלד אַריבערצופאָהרען און בײַ איהם צו וואוינען. הכלל, איך בין אַרײַנגעפאַלען אין אַ יודיש הויז מיט אַלע פּינטעלעך. ס'איז מיר מיט אײנמאָל געוואָרען וואַרים אויפ'ן האַרצען, כ'האָב דערפיהלט, אַז, זײַענדיג קרוב 8000 ווייאָרסט פון דער הײם, בין איך דאָך ניט עלענד, כ'בין דאָך אין אַנ'אײגענער סביבה.

דאָס איז נאָך געווען ווייניג: דער ה' שלעז... האָט מיך געבעטען, צונויפקלייבען אַלע יודישע דאָקטוירים, וועלכע האָבען זיך דעמאָלט געפונען אין טשיטאַ און משבת לשבת פלעגען מיר אַלע קומען צו איהם צום שבת־טיש. אַזוינע מאָמענטען פערגעסט מען ניט. ווי פרעהליך, ווי האַרציג און דערהויבען ווי י ו ד י ש זענען די דאָזיגע שבת־מיטאָגען געווען!

וואָס ווייטער האָב איך מיך אַלץ מעהר צו דער פאַמיליע צוגעבונדען. מאַסיאַ איז געווען אײנער פון דעם ה' שלעז... זיהן. מיט איהם האָב איך מיך זעהר בעפרײַנדעט.

דאָס איז געווען אַ פאָרשטעהער פון דער סיבירישער יודישער יוגענד. פון וועלכער איך בין דעמאָלט געווען גאָר ענטציקט. איך קען ניט פערגעסען זייערע ברייטע פּלייצעס, שטאַרקע מוסקולען, זייערע געזונדטע געזיכטס־פאַרבען, זייער אויפגעהויבענעם קאָפּ, זייער יודען־שטאָלץ! חלילה, ווען אײנער פון אָט דער יוגענד זאָל הערען אַ מאָל דאָס וואָרט „זשיד"! מיקען וואָלט יענער ניט אָבגעשניטען! און ס'קען זײַן, אַז אפשר טאַקע דערפאַר זענען די בעציהונגען צווישען די סיבירער יודען און די דאָרטיגע קריסטען אַלע מאָל געווען זעהר גוטע, זעהר פרײַנדליכע.

אַכט חדשים האָב איך פערבראַכט אין טשיטאַ. קענט איהר זיך לייכט פאָרשטעלען, ווי דאַנקבאַר איך בין געווען דעם ה' שליח... פאַר זיין גוטסקייט און אויפמערקזאַמקייט צו מיר!

און איצט, אין צוועלף יאָהר אַרום, האָב איך דעמזעלבען שטאָלצען מאָסיא, דעם מיליאָנער שליח...ס אַ זוהן, געטראָפען אָנ'אָבגעריסענעם, אַ'אויסגעמאַטערטען ערגיץ־וואו אין טיראַספאָל!

איך בין געווען גליקליך, וואָס איך קען איהם כאָטש מיט וואָס ניט איז אָבדינען.

ווען מיין גאַסט האָט זיך אַ ביסעל אויסגערוהט, האָבען מיר זיך ביידע גענומען טיילען מיט אונזערע איינדריקע.

— „אַך! ווען מיין פאָטער וואָלט געוואוסט, אַז איך האָב מיר מיט אייך, איסאַאַק סעמיאָנאָוויטש, געטראָפען, וואָלט ער גרויס הנאה געהאַט. לייְדער האָב איך שוין פון איהם אַ לאַנגע צייט קיין שום ידיעה ניט. פון אָנהויב מלחמה האָט מען מיך בעפרייט, מחמת איך בין זעהר קורצזיכטיג. שפּעטער בין איך אַוועקגעפאָהרען קיין סימפעראָפּאָל, וואו מען האָט מיך פאַראַיאָהרען, נישט קוקענדיג אויף מיין שטאַרקער קורצזיכטיגקייט, צוגענומען צום מיליטער־דינסט. אמת, איך בין אין די אָקאָפּעס ניט געווען, איך האָב אָבער געדינט אין אַ דרוזשינאַ, וואו איך בין שרעקליך פערשוואַרצט געוואָרען. דערצו האָב איך נאָך געהאַט אַ קאָמאַנדיר, אַ גוואַלדיגען אַנטיסעמיט, וועלכער האָט מיר אויך מקצר ימים געווען. נאָך דער רעוואָלוציע איז מיר געוואָרען פיעל לייכטער און איצט האָף איך, אַז מען וועט מיך ענדליך בעפרייען“.

— „קודם־כל, מאָסיא, רוהט זיך דאָ ביי מיר אָב און שפּעטער וועלען מיר זעהן!“

צעהן טעג האָבען מיר פערבראַכט ביידע אין אונענדליכע געשפּרעכען און ערינערונגען. איין געשפּרעך קען איך ניט פערגעסען, ווייל ער איז געווען פאַר מיר גאַנץ אומגערוואַרטעט.

מיר ליגען זיך ביידע אַ מאָל יעדערער אויף זיין בעטעל און שמועסען וועגען די לעצטע געשעהענישען אין רוסלאַנד, וועגען דער יודישער לאַגע אין רומעניען, וואו מיין פריינד האָט פערבראַכט אַ געוויסע צייט און וועגען יודישען גלות בכלל.

ס'דאָט זיך שוין אַזוי געוואָלט, ס'זאָל נעהמען אַן עק צו דער מלחמה, יעדערער זאָל שוין ענדליך קענען קומען צו זיך אַהיים און זיך נעהמען צו זיין געוועהנליכער אַרבייט.

— „ווייסט איהר וואָס, רופט זיך פּלוצים אָב מיין פריינד, אַט לאָמיר, איסאַאַק סעמיאָנאָוויטש נאָך דער מלחמה גאָר אַוועקפאָהרען קיין פּאַלעסטינאַ. לאַכט ניט איך מיין עס גאַנץ ערנסט“.

— „וואָס? — רוף איך זיך אָב — מאָסיא שליח... אין פּאַלעסטינאַ! דאָס לעגט זיך מיר גאָרנישט אויפ'ן שכל. לויט ווי איך קען אייך און געדענק אייער אַרט לעבען אין טשיטאַ, גלויבט זיך מיר עס נישט. איך געדענק ניט, איהר זאָלט זיין אַ ציוניסט. אייך, סיבירער יודען איז דאָך אַזוי וואויל אין סיביר, וואו איהר פיהלט כמעט גאָרניט דעם אַנטיסעמיטיזם! און איבריגענס קיין דאגות חיונה האָט איהר פּערזענליך, דאַך אויך ניט, צי וואָלט איהר, מאָסיא, געקענט זיך איינלעבען אין פּאַלעסטינאַ? איהר, וואָס האָט אַרומגערייזט די גאַנצע וועלט? איך צווייפעל דערין!“

— „פּליזא, איסאַאַק סעמיאָנאָוויטש, הערט איך בין טאַקע געווען אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער, אין די שענסטע אין קולטורעלסטע געגענדען, איך בין אויך געווען אין יאַפּאַן און אין אַמעריקאַ

הכלל איך האב בעריהמט די וועלט ווי גרויס און ברייט זי איז. איך בין אבער געווען אין פאלעסטינא אויך! זייט וויסען, אז מיין פאטער האט דארטען קורץ פאר דער מלחמה געקויפט א גרויסען שטח ערד ביים ברעג ים און ווען ניט די מלחמה וואלטען מיר זיך שוין דארטען לאנג בעזעצט. איך האב אין פאלעסטינא פערבראכט מיט מיין פאטער איבער א האלב יאהר און איך מוז אייך זאגען, אז קיין לאנד האט אויף מיר ניט געמאכט אזא שטארקען, טיעפען, קאלאסאלען איינדרוק, ווי פאלעסטינא. א כפרה פערשידענע ניצא'ס, סאן-רעמא'ס, וויסבאדענס און ד. גל. איך קען ניט פערגעסען די פארב פון דעם הימעל דארטען, די דורכזיכטיגקייט פון דער לופט! איך האב אזוינס אין ערגיץ נישט געזעהן. פון ירושלים זעהט איהר דעם ים-המלח און דעם ירדן! די אלטערטימליכקייט און, ב'וועל זאגען, די הייליגקייט פון ירושלים איז ניט צו בעשרייבען! דאס פאטריארכאלישע לעבען אין די יודישע קאלאניעס דאס רוהיגע לעבען צווישען דער שענער נאטור בכלל האט א געוואלדיגע צוציהונגס-קראפט, בפרט נאך, ווען דו פיהלסט אז דאס איז ד ײ נ ס אז דו אטעמסט מיט דיין א ײ ג ע נ ע ר לופט, וואו קיינער קען דיר ניט זאגען, אז דו ביזט א פרעמדער, אז דו שטעהסט אויסער יעדען געזעץ! אה, איסאאק סעמיאנאוויטש, אין ארץ ישראל, קלאפט דאס הארץ שטארקער, דאס לעבען ווערט זיסער. איך וועל נישט פערגעסען, ווי איך פלעג זיך פראנק און פריי ארומדרייען איבער בערג און טאלען אויף א קליין אראבישע פערדיל. צו דארף איך דען זיין א טעאריטישער ציוניסט, כדי זיך צו בעזעצען אין פאלעסטינא? כדי צו ליעבען פאלעסטינא, כדי צו אפפערן דאס לעבען פאר איהר, כדי צו זיין א ריכטיגער, העלער ציוניסט מוז מען דארטען פערזענליך זיין! קיין אנדערן ציוניזם פערשטעה איך ניט. איהר קענט, זיי ס'ווייזט-אויס, אונזערע סיבירער יודען גאנץ וועניג. איהר דארפט וויסען, אז כמעט אלע חלום'ען זיי וועגען פאלעסטינא. נאר ווייל זיי שטאמען ווער פון דער ליטא, ווער פון פוילען, ווער פון בעסאראביען אדער קרים — אבער קיינער פון זיי בענקט ניט נאך די געגענדען, פון וואנען זייערע עלטערן שטאמען, דערפאר אבער האבען זיי אלע א שטארקע בענקשאפט נאך ארץ ישראל. מיין פאטער האט זיין פלאן פערווירקליכט און נאך דער מלחמה וועלען מיר בעשטימט אהינצו פאהרען און דארטען זיך בעזעצען. איך אליין ווארט מיט אונגעדולד אויף דער מינוט און טאמער וועט איהר, איסאאק סעמיאנאוויטש, וועלען קומען צו אונז, וועט איהר זיין א גאנץ אנגענעהמער גאסט און איהר וועט זעהן, אז צוריק וועט איהר שוין נישט וועלען אפפאהרען פון פאלעסטינא".

מיט עטליכע טעג שפעטער האב איך מיין פריינד אבגעשיקט אין א שפיטאל, וואו די קאמיסיע האט איהם טאקע בעפרייט. ער איז אוועקגעפאהרען זוכען זיינע עלטערן. וואו ער איז אהינגעקומען, ווייס איך ניט. אפשר, ווען די וועלט וועט זיך ענדליך עפענען, וועלען מיר זיך נאך אמאל צוזאמענרעדען בריעפליך.

## טו.

די ערשטע עטליכע וואכען בין איך געזעסען אין די לאגערן, וואו אונזער פונקט איז געווען און האב ניט געהאט קיין צייט זיך צו בעקענען מיט דער שטאדט טורזכפאל און מיט איהרע תושבים.

ענדליך האָב איך דאָך פאָרט געוואָלט זעהן, ווי ס'זעהט־אויס אַ רוסישע שטאָדט איצט, נאָך דער רעוואָלוציע, וויאַזוי רעגירט זי זיך, ווער האַלט דאָרטען אָרדנונג און ווי עס פיהלען זיך די איצטיגע פרייע בירגער בכלל און אחינו בני ישראל בפרט?

טיראַספּאָל פערנעהמט אַ גרויסען שטח און מאַכט פון אויסען אַ גאַנץ גוטען איינדרוק. ווייל עס איז פערהעלטנישמעסיג ריין, די גאַסען זענען ברייט, ברוקירט, ס'איז דאָרטען דאַ אַ סך גרינס.

הער־ענד אונזערע פוילישע אָדער ליטווישע פּראָווינציעלע שטעדט זענען האַלב־טויט, מען זעהט גאַניץ אָפט קיין לעבעדיגען נפש ניט אין די גאַסען, איז טיראַספּאָל, אַזוי ווי כמעט אַלע דרום־שטעדט, לעבעדיג, אויף די גאַסען זעהט מען תמיד אַ סך מענשען.

כמעט אַלע געשעפטען זענען יודישע, דאָס רוב איינוואוינער זענען יודען: אַלע מיט טונקעל־ברוינע דרום־פּנים'ער, רעדען מיט אַ האַרטען קמץ.

עס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען אַ מאַסע עסענוואַרג־פּראָדוקטען, מיט וועלכע דאָס רוב געוועלבער זענען געווען איבערפולט. קיין ווייס ברויט האָט מען אָבער אין ערגיץ ניט געזעהן. קיין ברויט־קאַרטען זענען ניט געווען איינגעפיהרט, אָבער מען האָט געמוזט באַקען נאָר איין סאָרט האַלב־שוואַרצע ברויט. ווייסע מעהל פלעגט מען אַרויסגעבען נאָר פאַר קראַנקע לויט אַ רעצעפּט פון אַ דאָקטאָר.

ס'זענען געווען דאָרטען נור באָנעס אויף צוקער און אויף נאַפט. ווייטער האָט מען אַלץ געמעגט קויפען פראַנק און פריי. און די מקחים זענען דעמאָלט געווען גאַנץ קליינע.

איינמאָל בין איך געפאָהרען אין שטאָדט אַריין מיט מיינעם אַ קאָלעגאַ, אַ גרוזין.

— לאָמיר צופאָהרען צום באַזאַר, זאָגט ער צו מיר, ס'אינטערעסירט מיך זעהר, וויאַזוי זעהט דאָ אויס אַ באַזאַר, ווי ביי אונז אויף קאַווקאַז, האָבען די באַזאַרען אַ ספּעציפישען מזרח־קאָלאָריט און איך האָב זעהר ליעב צו בעטראַכטען דאָס באַזאַר־לעבען".

מיר זענען אַוועק אויפ'ן באַזאַר. מיין קאָלעגע האָט געהאַט פאָלקאָם רעכט: עס איז געווען אַ בעזונדער וועלטעל, דאָ האָט געקלאַפּט דער פולס פון'ם דרום־לעבען. ראשית איז דער באַזאַר געוואַלדיג גרויס און ברייט. עס קאָכט דאָרטען, ווי אין אַ קעסעל: אומעטום זעהט מען, לויט דער צייט נאָך, גאַנצע בערג באַקלאַזשאַנעס, פּאָמידאָרען, פעפער, אַרבוזען, דיניעס, ווינטרויבען; טויזענדער פערשיעדענע עופות, לעבעדיגע און געקוילעטע, פערשידענע פישען, פליישען, אייער, פּוטער, קעז, שמיוועל, אַנציגע, קליינגקייטען — מיט איין וואָרט, מען זעהט, אַז דאָ איז אַ ארץ זבת חלב ודבש!

איך האָב אַזוינס אין אונזערע קאַנטען ניט געזעהן. נאָר דער הונגעריגער, אויסגעמאַגערטער רומעניען איז דאָ געווען אַ ריכטיגער גן־עדן.

מען האָט מיר דערצעהלט, אַז פאַר דער מלחמה האָט דאָ דאָס לעבען געקאָסט שפּאָט ביליג.

בכלל האָב איך בעמערקט, אַז יודען מאַכען אין טיראַספּאָל אַ לעבען, קיין אָרימע לייט. קיין בעטלער האָב איך דאָרטען ניט געזעהן.

פּאָליציאַנטען און זשאַנדאַרמען זענען פערשוואונדען געוואָרען. אנשטאָט זיי זענען אויף די גאַסען געשטאַנען מיליציאַנטען, ציווילע וועלכע דאָס רוב זענען געווען יודען, נאַטירליך, לויט דער צאָהל פון דער יודישער בעפעלקערונג.

די הויפּט־מאַכט אין שטאָדט האָבען

געהאַט דער שטאָדט-גאָלאָווא און דער מיליטערישער קאָמענדאַנט. איבער זיי ביידען איז אָבער געשטאַנען אַ גאַנץ נייע רעוואָלוציאָנערע אינסטיטוציע. דער שטאָדטישער סאָלדאַטען-און אַרבייטער-ראַט.

אַלס מיטגלידער פון'ם דאָזיגען ראַט זענען געווען פאָרשטעהער פון פערשידענע מיליטערישע אָבטיילונגען, וואָס האָבען זיך געפונען אין טיראַספּאָל, פאָרשטעהער פון פערשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען און פון אַרבייטער. אָהן דעם הסכם פון דעם ראַט האָט דער גאָלאָווא, דער קאָמענדאַנט און איבערהויפּט קיינער אין שטאָדט קיין שום פעראָרדנונג ניט געקענט אַרויסגעבען.

די זיצונגען פון דעם ראַט פלעגען פאָרקומען יעדען אָוועגד און זענען געווען עפענטליכע: אַלע האָבען געהאַט אַ צוטריט צו זיי.

אַ סך זיצונגען האָב איך בעזוכט, ווייל זיי זענען געווען זעהר אינטערעסאַנט.

אָנפאַנגס, ווען די סאָוויעטען האָבען זיך געבילדעט, זענען אַלס מיטגלידער אַריין פיעל-ווינציג אינטעליגענטע קרעפטען, ווי דאָקטוירים, אָפיצירען, אינטעליגענטע סאָלדאַטען.

די דאָזיגע עלעמענטען האָבען געהאַט אַ גרויסע און גוטע ווירקונג אויף דער אַרבייט פון די סאָלדאַטען-ראַטען און אויף די החלטות, וועלכע מען פלעגט דאָרטען אָננעהמען.

אָבער, וואָס ווייטער איז די לאַגע פון די אינטעליגענטע, ריין דעמאָקראַטיש-געשטימטע מיטגלידער געוואָרען אַלץ אונערטרעגליכער, דערהויפּט דעמאָלט, ווען לענין מיט זיין לאָזונג „ניעדער מיט דער מלחמה!“ האָט בעקומען אַלץ מעהר אָנהענגער אין דער אַרמעע און ווען קערענ-סקי'ס שטערן האָט אָנגעהויבען צו פערלירען זיין גלאַנץ.

ס'האָבען אָנגעהויבען חעמאָלט אַרויסצוטרעטען סאָלדאַטען-דעפוטאַטען מיט באָלשעוויסטישע אידעען: מען האָט געזידעלט קערענסקי'ן, זיין רעגירונג, מען האָט געטראָטען מיט די פיס „די בורזשויעס“. די אינטעליגענטען-דעפוטאַטען האָבען געהאַלטען קערענסקי'ס צד, האָבען געשטיצט זיין אידעע ווייטער צו פיהרען די מלחמה, און האָבען שאַרף פּראָטעסטירט געגען די באָלשעוויסטיש-געשטימטע סאָלדאַטען.

ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַ שאַרפער קאַמף צווישען ביידע צדדים, וועלכער האָט ביסלעכווייז געבראַכט דערצו, אַז אַלע אינטעליגענטען האָבען זיך געמוזט אָבזאָגען פון זייערע מאַנדאַטען און אין דעם ראַט זענען געבליבען בלויז סאָלדאַטען, אַרבייטער און סתם מענשען פון דער ניעדריגסטער מאָראַלישער מדרגה.

מיינע טיראַספּאָלער בעקאַנטע האָבען מיר דערצעהלט, אַז צווישען די מיטגליעדער פון דעם סאָלדאַטען-ראַט געפינען זיך בעוואוסטע פערד-גנבים, סתם רויבער און מענשען, וועלכע קאָנען פערקויפען זייער נשמה פאַר אַ דרייער.

עס האָט זיך טאַקע דעמאָלט אָנגעהויבען אַ נ'אַרגיע פון שוחד: פאַר געלד האָט מען געקענט בעקומען פערשידענע ערלויבנישען צו ברענגען צוקער, ספּירט און אַנדערע גוטע זאַכען.

אויף די ראַטען-זיצונגען האָט מען אָנגעהויבען צו הערען קולות: „דאָלאָי בורזשויעוו! גענוג בלוט האָבען זיי ביי אונז אויסגעזויגען! מיר ווילען זיי ווייזען!“ און ד. גל.

עס שטעהט מיר פאַר די אויגען די טיפּען פון די באָלשעוויסטישע רעדנער, וועלכע האָבען גערעדט מיט

התלהבות, מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, מיט אויסגעשטרעקטע הענד און מיט אַ דונער־שטימע.

פאַר אַזוינע מענשען, ווי מיר, איז געווען אוממעגליך קאָלטבלוטיג אויסצוהערען די אַלע זינדלערייען און מיר פלעגען זיך אַמאָל אָברופען מיט אַ שאַרפען פּראָטעסט. מען פלעגט אונז אָבער איבערשרייען און מיר פלעגען מוזען מיט הארצווערטאָג קאַפּיטולירען.

איך קען מיר ניט איינהאַלטען פון אַ שמייכעל, ווען איך דערמאָהן מיר, מיט וואָס פאַר אָנקלאַגעס מען פלעגט זיך ווענדען צום סאָלדאַטען־ראַט, ווי צו אַ בית־דין. איך געדענק אַ מעשה, ווי עפּיס אַ פרוי האָט זיך געווענדט צום ראַט מיט אַן אָנקלאַגע אויף איהר מאַן, וועלכער קלאַפּט איהר די ביינער. זי האָט געבעטען ביים ראַט אַן עצה, ווי פון איהר מאַן פּטור צו ווערען? טאָמער איז אַ קראַנקען סאָלדאַט ניט געפעלען געווען דער מיטאָג אין לאַזאַרעט, פלעגט ער לויפען צום ראַט; טאָמער איז אַ סאָלדאַט געווען אומצופרידען מיט דער חאַק טוירים־קאָמיסיע, וועלכע האָט איינגעפונען, אַז ער איז געזונד און מוז געהען צוריק אויפ'ן פראָנט—פלעגט ער לויפען צום ראַט.

און מיר, דאָקטוירים פון עוואַקואַציאָנס־פונקט, פלעגען מוזען אויף די אַלע פּרעטענזיעס געבען תשובות און זיך פערענטפערן.

דאָס לעבען איז אונז פשוט נמאס געוואָרען. מיר האָבען געזעהן, אַז די רעוואָלוציע הויבט אָן צו געהן אויף אַ פאַלשען וועג, וועלכער קען ברענגען צו אַ געוואַלדיגער דעמאָראַליזאַציע און דעזאָרגאַניזאַציע פון דער אַרמעע און פון גאַנץ רוסלאַנד!

און דערזעלבער צייט זענען און טו־ראַספּאָל פאָרגעקומען וואַהלען צום שטאָדטראַט. עס איז אַרויס אַ בעפעהל, אַז יעדע, וואָס געפינען זיך אין דער שטאָדט און אַרום איהר, קענען אָנטיילנעהמען אין די וואַהלען. היות אָבער, אַז אין טיראַספּאָל ענען דעמאָלט געווען איבער 50,000 סאָלדאַטען, האָבען זיי, וועלכע זענען נאָר געווען דאָרטען צייטווייליג, אויך בעקומען וואַהלרעכט. דער סאָלדאַטען־ראַט האָט, נאַטירליך, גאַנץ לייכט אַדורכגעפיהרט אין שטאָדטראַט זיין ליסטע. ס'זענען אַריין אין שטאָדטראַט מענשען, וועלכע זענען געווען ווילד פרעמד אין טיראַספּאָל, וועלכע האָבען קיין שום שייכות ניט געהאַט צו דער שטאָדט. אַלס גאָלאָוואַ איז אויסגעקליבען געוואָרען עפּיס אַ יונגיטשקער אַפיציר'ל, וועלכער האָט זיך צייטווייליג געפונען אין טיראַספּאָל.

וואָס פאַר אַ שטאָדט־ווירטשאַפט עס האָט געקענט דערפון אַרויסקומען, קענט איהר זיך לייכט פאָרשטעלען.

---

## י״ז.

בעטראַכטענדיג ווייטער די אַרבייט פון דעם טיראַספּאָלער סאָלדאַטען און אַרביטער־ראַטה, האָב איך בעמערקט, אַז דער פּראָצענט יודישע מיטגלידער פון דעם דאָזיגען ראַט איז געווען אַ גאַנץ קליינער און פערגליידך מיט דער צאָהל קריסטליכע מיטגלידער. פון 50 דעפּוטאַטען זענען געווען בלויז 8 יודען. און דאָ פיהל איך פאַר מיין חוב קאַטעגאָריש צו אונטערשטרייכען, אַז די יודישע דעפּוטאַטען זענען געווען דער איינציגער עלעמענט, וואָס האָט זיך מיט אַלע כּחות ענטגעגענגעשטעלט יעגען פיעל משונה'דיגע החלטות. וועלכע דער סאָוויעטען־ראַטה

פֿלעגט וועלן אָננעמען. דאָס זענען געווען די איינציגע דעפּוטאַטן, וועלכע האָבען געשטרעבט איינצופֿיהרען אַ ריין דעמאָקראַטישע אָרדנונג און זענען געווען ווייט פֿון עקסטרע־לינקע, אָדער באָלשעוויס־טישע טענדענצן. די ייִדישע דעפּוטאַטן זענען אָבער געווען אין דער מינדערהייט און די באָלשעוויסטיש געשטימטע דעפּוטאַטן, דאָס רוב סאָלדאַטן, האָבען זיי גובר געווען. די אינטעליגענטע ייִדען־דעפּוטאַטן האָבען זיך גאָר אינגיכען געמוזט אָבזאָגען פֿון זייערע מאַנדאַטען און אַזוי אַרום איז דער טיראַספּאָלער סאָלדאַטן־ראַט געוואָרען אַ ריין־באָלשעוויסטישער, ס'זענען אין איהם געווען נאָר צוויי ייִדישע סאָלדאַטן.

דער היגער באָלשעוויזם איז געווען זעהר ווייט פֿון דעם אידעאַלען באָלשעוויזם. דער דעמאָלדיגער באָלשעוויזם האָט זיך קודם כל אויסגעדריקט דערין וואָס צווישען די סאָלדאַטן און אָפֿיצירען איז געשאַפֿען געוואָרען אַ טיעפֿער אָבגרונד. די ראָלעס האָבען זיך געביטען. פֿאַר דער רעוואָלוציע האָט געפֿאַנעוועט דער אָפֿיציר און יעצט האָט אָנגעהויבען פֿאַנעווען דער סאָלדאַט.

ראשית, האָבען די סאָלדאַטן, שטיצענדיג זיך אויף זייערע ראַטען, אָנגעהויבען צו הרג'ענען די אָפֿיצירען, וועלכע פֿלעגען זיי פּייניגען אין די פֿריהערדיגע צאַרישע צייטען. דערנאָך האָבען זיי גע־וואָרפֿען אַנ'אומחן אויף אַלע אָפֿיצירען בכלל מיט אַ מין שרעקליכער פֿערביסענקייט האָבען די סאָלדאַטן גענומען אַראָבּרייסען די שליפֿעס און די קאָקאַרדעס ביי די אָפֿיצירען. שוידערהאַפֿטע סצענעס האָב איך געזעהן אין די גאַסען, ווייל עס זענען געווען אָפֿיצירען, וועלכע האָבען אַליין בשום אופֿן ניט געוואָלט אויסטהון זייערע שליפֿעס ניט מחמת זיי האָבען זיי דווקא געוואָלט טראָגען, נאָר מחמת זייער עהרגעפֿיהל איז דערביי שרעקליך בע־ליידיגט געוואָרען. די סאָלדאַטן פֿלעגען אָבער אומברחמנות'דיג ביי צווינגע אָפֿיצי־רען אַראָפּרייסען די שליפֿעס, קאָקאַרדעס, אָרדערען און פֿלעגען זיי נאָך דערביי זיד־לען מיט די שענדליכסטע ווערטער. דער־פֿאַר אָבער האָבען די סאָלדאַטן אַליין גע־טראָגען זייערע מעדאַלען און דערהויפּט די געאָרגיעווסקי־קרייצען ס'איז אַפֿילו באַלד גע־שאַפֿען געוואָרען אַ גרויסער פֿערבאַנד פֿון געאָרגיעוו־קאַוואַלערען.

די לאַגע פֿון די אָפֿיצירען איז געוואָרען אומערטרעגליך. זיי פֿלעגען זיך אָנטהון אין צוריסענע כאָלדאַמסקע מלבושים, זיי פֿלע־גען אַלץ טוהן, אַבי נאָר עהנליך צו ווערען צו אַ פּראָסטען סאָלדאַט.

און דאָ האָב איך בעמערקט אַ מערק־ווירדיגע ערשיינונג: דאָס רוב סאָלדאַטען האָבען זיך גאָר אָנגעהויבען צו פּוצען; זיי האָבען גענומען טראָגען שיין־געניהטע מונ־דירען, „פּענטשען", לאַקירטע שטיוועל, שפּאָרען, שווערדען מיט אָפֿיצירסקע „טעמלאַקעס", אָפֿיצירסקע רימענס ביים גאַרטעל און איבער די פּלייצעס. כ'האָב געזעהן סאָלדאַטען, וואָס האָבען געטראָגען דאָס אַזוי־גערופֿענע „גאָלדענע געוועהר", ד. ה. שווערדען מיט גאָלדענע הענטלער, אָדער נאַגאַנע געוועהר, וואָס ס'פֿלעגען בעקומען אָפֿיצירען פֿאַר פֿערשיעדענע העלד־טהאַטען. די דאָזיגע שווערדען האָ־בען די סאָלדאַטען, נאַטירליך, צוגערויבט פֿון אָפֿיצירען און אַליין זיי אָנגעטהון.

אונזער לאַגע, אַלס דאָקטוירים, איז געווען פֿערהעלטניסמעסיג נאָך צו דער־טראָגען. צו אונז האָט מען נאָך געהאַט אַ געוויסען רעספּעקט. אונזערע שליפֿעס האָ־בען ניט אויסגערופֿען קיין שום שנאה און מיר האָבען זיך געפֿיהלט פֿיעל זיכערער,

ווי די אפיצירען. דאס איז אבער געווען נאר ביז א צייט.

וואס אנבעלאנגט מיין סלוזשבע-לעבען איז מיר נאטירליך איצט געווען פיל לייכטער צו טראגען, ווי פריהער. די ביוראקראטישע ארדנונג האט איצט אינגאנצען אויפגעהערט. קיין באמישאלסטווא אין דעם פריהערדיגען צארישען זין, איז מעהר ניט געווען.

איך האב, למשל, בעשלאסען צו פאהרען קיין מאסקווא, כדי אראבצוברענגען קיין טיראספאל מיין פאמיליע. אהן א שום שטערונג האב איך באלד בעקומען די נויטיגע ערלויבניש. איך האב אצינד מעהר קיין מורא ניט געהאט, מען זאל מיך פלוציב אויבערפיהרען אין אנ'אנדער ארט געגען מיין ווילען צוליעב א געוועהנליכען קאפריז פון דער העכערער מאכט. איך האב קלאר געוואוסט, אז איצט בין איך שוין אויף מיין לעצטער שטעלע און אז אין טיראספאל וועל איך שוין קענען אבווארטען ביז'ן סוף פון דער גרויסער וועלט-דראמא.

אין מיטען יולי 1917 בין איך טאקי אוועקגעפאהרען פון טיראספאל קיין מאסקווא. און אויב שוין אין דעם 1916 יאהר איז געווען א נסיון צו פאהרען מיט פאסאזשיר-צוגען, ווי איך האב עס שוין עטליכע מאל פריהער בעשריבען, איז איצט צו פאהרען געווען טויזענד מאל ערגער. יעדער פאסאזשיר-צוג איז געווען א ריכטיגער גיהנום.

אלע וואגאנעם, סיי פון אינוועניג, סיי פון אויסוועניג זענען געווען בעלאגערט מיט מענשען. מען איז געפאהרען אויף די בופערס, אויף די דעכער. מיינט איהר אפשר אז געפאהרען זענען פריוואטע מענשען, ניין — לויטער סאלדאטען און סאלדאטען.

אוים פערשיעדענע קופע'ס ספעציעל פאר דאמען, אוים וואגאנעם ספעציעל פאר אפיצירען! אלע זענען געווארען גלייך.

אומעטום איז געווען אזוי שרעקליך שמוציג, אז עס איז געווען א לעבענס-סכנה צו פאהרען. די פלושענע בענק אין דער ערשטער און צווייטער קלאס האבען אזש געלעבט פון פערשיעדענע מינים ברואים'לעך, וואס האבען זיך דארטען איינקווארטירט און זיך געמעהרט.

מיט גרויס מיה איז מיר געלונגען צו בעקומען א שטיקעל פאדלאגע אין א קארידאר, וואו איך האב אוועקגעשטעלט א קליין קעסטעל און האב מיך אויף איהם געזעצט. און איך בין געווען גאנץ צופריעדען פון מיין פלאץ און ווען עמיצער וואלט מיר אבגעטראטען זיין ארט אויף א פלושענער באנק וואלט איך מיר ענטזאגט. אזוי שמוציג איז דארט געווען! אנדערטהאלבען מעת-לעת בין איך אזוי זיצענדיג אבגעפאהרען ביז קיעוו.

איך קען מיט ווערטער ניט בעשרייבען, ווי אזוי ס'האבען אויסגעזעהן אלע וואקזאלען אונטערוועגס. אלע ואפילו ואיף די גרעסערע סטאנציעס האבען זיי אויסגעזעהן ווי מיסט-קאסטענס. עס איז אין ערגיץ ניט געווען קיין ארט, וואו זיך אנצושפארען. אומעטום סאלדאטען און סאלדאטען. פון אלע זייטען האט מען נאר געהערט „טאווארישטש" און „טאווארישטש".

אויף דעם קיעווער וואקזאל איז אויך געווען אזא מיש-מאש. אין דעם זאל פון דער ערשטער קלאס זענען שוין די טישען ניט געווען בעדעקט מיט טישטוכער, אלע טישען זענען געווען בעשמוצט, פערגאסען, די פאדלאגע איז געווען בעשאטען מיט א ים קערנדלעך-שאלעכטס.

די וואכען האט מען געהאלטען היטען ווי דאס אויג אין קאפ—אויב ניט האט

איהר אין א רגע געקאָנט בלייבען אהן א פעקיל, אהן א טשעמאָדאַנטשיק און פרומה. דערהויפּט האָט מען זיך געדאַרפט היטען פון די סאָלדאַטען וועלכע פלעגען צו אייך צולויפען און פּראָפּאָנירען אייך בייהילפיג צו זיין.

פון קיעוו ביז מאָסקווא בין איך געפאָהרען עטוואס בעקוועמער, ווייל אין קיעוו איז געווען די אַנטאַנטע-סיטואַציע. איך מיט נאך עטליכע יענגסטע מענשען זענען מיר אוועק מיט א פּאָר שעה פריהער אין דעפּאָ און פאַר א טרונק בראַנפען מיט עטליכע קערבלעך האָט מען אונז אריינגעלאָזען אין א פיעל-ווינציג ריינעם וואַגאָן, וואו מיר האָבען פערנומען זאַלבע זעקסט א קופּע און האָבען פעסט בעשלאָסען קיינעם מעהר בשום אופן נישט אריינצולאָזען.

ס'איז אונז אָנגעקומען אביסעל שווערליך, ווייל טאָוואַרישטשעס האָבען געקלאַפּט אין טהיר, געזידעלט אונז פון כל הבורזשויעס אין דער וועלט. מיר האָבען זיך אָבער געהאַלטען פעסט און זענען בשלום אָנגעקומען קיין מאָסקווא.

## יח.

איך בין ווידער אין מאָסקווא, אין דער נייער מאָסקווא, אין דעם צענטער פון דעם דעמאָלטיגען רעוואָלוציאָנערען רוסלאַנד!

אמת, די פרייהייט האָט זיך געשפּירט אין יעדען ווינקעלע, בעזונדערס אין דער יודישער גאַס. אוים פּראַוואָזשיטעלסטווא! אמת, קיין פּאָליציאַנטען און זשאַנדאַרמען האָט מען שוין מעהר ניט געזעהן, דער האַנדעל איז געווען גרויס און ברייט, אפשר נאך מעהר, ווי פאַר דער רעוואָלוציע... און דאך האָב איך בעמערקט, אז דער מלוכה-אַפּאַראַט איז ניט אין אָרדנונג, אַז די ברייטע מאַסען פון דער מאָסקווער בעפעלקערונג זענען אונצופריעדען, ווייל ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבען צו שפּירען א דוחק אין עסענוואַרג-פּראָדוקטען, ווייל דער יקרות האָט גענומען וואַקסען פון טאָג צו טאָג, ווייל ס'האָט זיך מיט א שטאַרקען אימפּעט אָנגעהויבען די אַזוי-גערופענע שפּעקולאַציע.

דאָס איז געווען אין יולי 1917.

קיין ברויט האָט מען שוין אין דעם פרייען האַנדעל נישט געזעהן. אָבער די דעמאָלטיגע טעגליכע פּאָרציע צו ¾ פונט שוואַרץ-ברויט אויף א באָנע איז געווען כמעט גענוג. קיין צוקער האָט מען שוין אַפילו אויף באָנעס נישט געגעבען.

אומעטום זענען געווען צו בעמערקען אומענדליכע אָגאָנקעס. עס איז אָבער געווען צו בעוואונדערן די אָרדנונג ביי די דאָזיגע אָגאָנקעס: אין ערגיץ האָט קיינער נישט געשריען, קיינער האָט זיך נישט געשטופּט. דאָס פּובליקום אַליין איז געווען אין דער הינזיכט זעהר דיסציפּלינירט. אינטערעסאַנט זענען געווען די אָגאָנקעס ביי די ברויט-קראָמען: דער ערשטער, וואָס פלעגט בעגינען קומען צו די פערמאַכטע טהירען פון'ם ברויט-געוועלב, האָט געהאַט מיט זיך אַ שטיקעל קרייד און פלעגט אויפ'ן אַרבעל ביי יעדען ניי-געקומענעם אָנשרייבען די לויפענדע נומער. אין אַ האַלב שעה אַרום פלעגט דאָסזעלבע אַ צווייטער מאַכען, און אַזוי ווייטער. אַלע פלעגען זיך צוגעהן אַהיים. די ערשטע נומערן פלעגען, נאַטירליך, אַריינגעלאָזען ווערען אין דעם ברויט-געוועלב פריהער, און די שפּעטערדיגע נומערן — שפּעטער; אַזוי-אַרום האָט שוין קיינער נישט געדאַרפט שעה'ן-לאַנג שטעהן אין אָגאָנעק און האָט שוין פיעל-ווינציג געוואוסט, ווען ער דאַרף קומען

צום ברויט־געוועלב אהן שטופעניש, אהן רעש, אהן געפילדער, און קיינער האט קיינמאל קיין פאלשע נומער אויף זיין ארבעל נישט אויפגעשריבען!

די מאסקווער גאסען זענען געווען שמוציג. אין טראמוואי איז געווען אונמעגליך צו בעקומען א פלאץ, ווייל יעדער טראמוואי איז געווען פול מיט „טאווארישטשעס" — סאלדאטען, וועלכע האבען געהאט דאס רעכט צו פאהרען גאנץ אומזיסט. עס האט זיך גלאט געווארפען אין די אויגען די גרויסע מאסע סאלדאטען, וועלכע האבען זיך ארומגעשלעפט איבער מאסקווא, וועלכע האבען פערפילט אלע סקווערען און בולווארען — און אומעטום פלעגט זיך הערען די סימפאניע פון קערענדלער־קנאקעריי, אומעטום זענען געווען בערג קערענדלער־שאלעכטס. צוויי ווערטער האבען אנגעהויבען צו הערשען: „טאווארישטש" און „בורזשוי"!

און נאך א זאך האב איך בעמערקט: הונדערטער כלומר'שט־קראנקע „טאווארישטשעס" פלעגען זיך אין קראנקען־כאלאטען און שלאף־שיך אומשלעפען איבער די גאסען, זיצען אויף די בולווארען: גאנץ מאסקווא האט אויסגעזעהן ווי א מיליטער־שפיטאל! דאס רוב קראנקע זענען געווען געזונד.

אין דער לופט האט זיך געפיהלט, אז די שיינע, אידעאלע טעג פון דער רעוואלוציע, דער פריהלינג פון דער רעוואלוציע, געהען פארביי, אז איצט האט אויך אין מאסקווא דער סאלדאטען־און ארבייטער־ראט בעקומען מעהר מאכט, ווי די פארשטעהער פון קערענסקי'ס רעגירונג.

הויפט־קאמאנדיר פון מאסקווער מיליטער־ראיאן איז שוין געווארען א געוועהנליכער סאלדאט, מוראלאוו. וועגען א וועלכער ס'ניט איז מיליטער־דיסציפלין האט מען געקאנט פערגעסען.

איך האב געטראפען אין די גאסען אבגעריסענע אפיצירען, וועלכע זיינען אויסגעזעהן, ווי אמאליגע סאלדאטען. איך האב געטראפען אויסגעפוצטע סאלדאטען, וועלכע האבען אויסגעזעהן ווי אמאליגע אפיצירען. צייטען בייטען זיך.

דאס לעבען אין מאסקווע האט אנגעהויבען שווער צו ווערען, דעריבער האב איך טאקע וואס שנעלער געוואלט ברענגען מיין פאמיליע קיין טיראספאל, וואו דאס שטילע לעבען איז געווען פיעל אנגענעהמער. אין מאסקווע איז מיר געלונגען צו בעקומען דריי נומערירטע פלעצער, ד. ה. א גאנצע באנק, און מיר זענען גאנץ בעקוועם געפאהרען ביז כארקאוו.

אין כארקאוו האבען מיר געהאט צו ווארטען א גאנצען טאג. מיר זענען ארום אין שטאדט. אין הלכות אכילה איז אין פערגלייך מיט מאסקווע דא געווען גן־עדן; אומעטום ווייס ברויט, טשאסטעס, פוטער־קיכלעך און דג"ל.

צו בעקומען אין כארקאוו א פלאץ אין וואגאן איז געווען פון די שווערע זאכען. מיט א שעה זעקס פריהער זענען מיר שוין געווען אויפ'ן וואקזאל. דארטען איז געווען א ריכטיגער גיהנום, אלע זאלען, קארידארען זענען געווען פול געפאקט מיט מענשען, וואס פלעגען דארט וואכען לאנג ווארטען אויף א פלאץ; איך האב גענומען פארשטעהן ווי אזוי צו קריגען א נ'אויבערשטע באנק אינ'ם וואגאן וואס געהט דירעקט קיין אדעס. איך האב מיך צוגעפערעדט מיט נאך עטליכע פאסאזשירען און מיר זענען בשתיקה אוועק א ווייארסט צוויי אין פארק אריין, וואו מיר האבען מיט הילף פון דעם שוין אויסגעפרובירטען מיטעל ד. ה. מיט עטליכע צעהנדליג קערבלעך בעקומען א צוטריט צום אדעסער וואגאן. מיר האבען שוין אפילו דאר

טען געטראפען א היבש ביסעל אויך אזוינע קלוגע מענשען ווי מיר, פונדעסטוועגען האב איך פערנומען אין א קופע צוויי אויבערשטע פלעצער און האב געדולדיג געווארט ביז מען וועט אונז ברענגען צום פעראן וואו מיין ברודער האט געדארפט אויף מיר ווארטען מיט מיין זוהן און מיינע פעקלעך.

דאס בילד, וואס איך האב געזעהן אויף דעם פעראן, בעת דער צוג איז פאוואליע צוגעפאהרען, וועל איך, דוכט זיך מיר, קיינמאל נישט פערגעסען: צו די גאר פערמאכטע טהירען פון די וואגאנעם האט זיך א ווארף־געטהון א גוואלדיגע מחנה מענשען, וועלכע האבען גענומען שטורמעווען רייסען די טהירען; עס האבען זיך געהערט הערצרייסענדע געשרייען, וויל דער עולם האט זיך געשטופט, געריסען, געארבייט מיט הענד און פיס, געהאקט די שויבען און דג"ל... מיר זענען געווען זאלבע־זעקסט אין קופע און מיר האבען די טהירען געהאלטען פערשלאסען. איך האב געזעהן, אז מיין פרוי און מיין זוהן וועלען זיך בשום אופן נישט קענען אריינקריגען אין וואגאן, וועלכער איז מיט אמאל געווארען פול געפאקט. דעריבער אב איך מאמענטאל א וואונק געטהון צו מיין נאסילשטשיק ער זאל מיר קודם כל דערלאנגען מיינע פעקלעך דורכ'ן פענסטער און שפעטער גאר פשוט מיין פרוי מיט מיין זוהן — אלץ דורכ'ן פענסטער. איינער פון מיינע קופע־חברים האט מיר צוגעהאלפען און מיר האבען בשלום פערנומען אונזערע אויבערשטע פלעצער. דאס איז געווען שוין שפעט אין דער נאכט.

ארום 6 פארטאג הערט זיך א שטארקע לאפעריי אין טהיר פון אונזער קופע. מען דאט זי געעפענט. ס'קוקט אריין א טאווארישטש וועלכער האט אנגעהויבען צו שרייען דירעקט צו מיר:

— „וואס האט זיך דארטען דער בורזשוי אוועקגעלעגט שלאפען בעת מיר האבען אפילו נישט קיין פלאץ וואו צו זיצען! כ'בעט אייך מאמענטאל מיר אייער פלאץ אבצוטרעטען, כ'וויל אויך אביסעל שלאפען!"

אין יענע צייטען האט אבער גאנץ אפט געהאלפען א ענערגישער ווידערשטאנד, א זידעל פאר א זידעל.

אזוי האב איך אויך געטהון! איך האב גאנץ ענערגיש געענטפערט דעם טאווארישטש:

— „יא, טאווארישטש, איהר האט מאקי רעכט, איך וועל טאקי נאך אין א שעה צוויי ארום מיין פלאץ אבגעבען, אבער נישט אייך, נאר מיין שכן פון קופע, וועלכער שטעהט אויך א גאנצע נאכט, ווי איהר! און אייך בעט איך איצטער גיט צו מאכען קיין סקאנדאלען, וויל איך וועל זיך ווענדען צום קאמענדאנט אויף דער נאהענטסטער סטאציע. איך פאהר „פא סלוזשביע" און איהר דרעהט זיך גלאט ארום איבער דער וועלט!"

איך בין אראב פון מיין געלעגער און האב ענערגיש צוגעקלאפט די טהיר פונ'ם קופע און דער טאווארישטש האט מיך צורוה געלאזען.

## יט.

דעם 20־טען יוני 1917 בין איך מיט מיין פאמיליע אנגעקומען קיין טיראספאל. דער דרום־זומער איז געווען אין זיין פולער פראכט און וועגען אנ'אידעאלערע דאטשע פאר מיין פאמיליע האב איך נארנישט געקענט חלומ'ן.

און באמת טאקע: די מלחמה אלס אזעלכע האט זיך שוין אייגענטליך געענדיגט, איך האב איצינד נור געדארפט רוהיג ווארטען

אויף איהר עפּילאָג, ד. ה., אויף דעם מאָמענט פונ'ם שלום, ווען איך זאָל שוין קענען פאָהרען אַהיים.

אין לעבען געהט אָבער ניט אַלץ כשורה. איך האָב מיך צום טויזענדסטען מאָל איבערצייגט, אַז קיין אַבסאָלוט גליק גיט עס איבערהויפּט ניט. אויב ס'איז מיר פערזענליך אַצינד געווען גוט אינ'ם קרייז פון מיין פאַמיליע, איז אָבער מיין סלושבע געוואָרען, וואָס אַ טאָג אַלץ שווערער און אונערטרעגליכער. אָנשטאָט דעם מיט אַזאַ אומגעדולד ערוואַרטעטען שלום האָט זיך דאָס לעבען אין רוסלאַנד און איבערהויפּט אויפ'ן פראָנט אָנגעהויבען אַזוי צו פּלאָנטערן, אַז ס'איז מיר אויסגעקומען צו איבערלעבען אַזוינע שווערע מאָמענטען, וועלכע כ'האָב אין משך פון מיין גאַנצען ביז איצטיגען וואַנדער'ן איבער דער וועלט ניט איבערגעלעבט.

די דעזאָרגאַניזאַציע פון דער רוסישער אַרמעע ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ גרעסער און שרעקליכער. און דאָס מאַכע האָט זיך באַלד אָנגערופען אויף אונזער דאָקטאָרישען לעבען.

די סאָלדאַטען האָבען גענומען מאַסען־ווייז לויפען פונ'ם פראָנט און ניט גאָר פונ'ם פראָנט — פון אַלע מיליטערישע אינסטיטוציעס אויך!

היות אָבער, אַז לויפען סתם אין דער וועלט אַריין איז פאַר די סאָלדאַטען געווען ניט בעקוועם, מחמת מען דאַרף דאָך אונטערוועגס עסען און האָבען אַ פּאָר קאָפּיקעס אין קעשענע אויך און היות, אַז אַ סאָלדאַט האָט אָהן אַ „דאָקומענט" אין ערגיץ קיין זאַך ניט געקריגען, האָבען זיי אָנגעהויבען צו קומען אויף מעדיצינישע קאָמיסיעס; די דאָקטוירים, הייסט עס, זאָלען זיי רעוויזירען און וועמען פון זיי בעפרייען, וועמען געבען אַנ'אָטפּוסק לויט זיין קראַנקהייט נאָך. גאַנץ איינפאַך, דער סאָלדאַט האָט געוואָלט קריגען אַ „דאָקומענט" און הוצאת הדרך.

אַט דאָ האָט זיך אָנגעהויבען אונזער טראַגעדיע.

די דעמאָלדיגע מעדיצינישע קאָמיסיעס פלעגען פאָרקומען אין געגענוואַרט פון צוויי דעפּוטאַטען פון סאָלדאַטען־ראַט.

תחלת האָבען מיר געאַרבייט אין די קאָמיסיעס לויט אונזער געוויסען און אַ געוויינטען סאָלדאַט פלעגען מיר אָבשיקען צוריק אויפ'ן פראָנט. די דעפּוטאַטען האָבען אונז ניט געשטערט. אָבער נאָר וואַגילטען האָבען די סאָלדאַטען בעקומען מעהר עזות און האָבען אָנגעהויבען פּראָטעסטירען געגען די בעשלוסען פון אונזערע קאָמיסיעס. ס'איז דער גאַנגען אַזוי ווייט, אַז די דעפּוטאַטען האָבען זיך שוין אויך אָנגעהויבען אַריינצומישען אין אונזערע בעשלוסען און האָבען בעשיצט די סאָלדאַטען. מאָמער האָבען מיר עמיצען געפינען פאַר פאָלקאָם געזונד, האָבען דעפּוטאַטען איינגעפינען, אַז מען קען איהם געבען אַנ'אָטפּוסק אויף עטליכע חדשים. עס זענען געווען פעלע, ווען די דעפּוטאַטען פלעגען צולייגען זייער אויער צום האַרצען פון דעם כלומר'שטען קראַנקען סאָלדאַט און פלעגען אַרויסזאָגען זייער מיינונג, אָבער אַלע מאָל אַ גינסטיגע פאַר זייער חבר.

אונזער לאַגע, אַלס דאָקטוירים, איז געוואָרען ווידער אַ שלעכטע און ס'איז פּשוט שווער געוואָרען צו זיצען אויף אַזוינע קאָמיסיעס.

ס'פלעגט אָבער טרעפען, אַז מיר פלעגען אַריינטראָגען אַ ביסעל הומאָר אין אונזערע קאָמיסיעס אויך. איך אַליין האָב, למשל, אַ מאָל גאַנץ ערנסט אַ פרעג־געטהון ביי אַ קרעפטיגען סאָלדאַט, וועלכער האָט זיך געקלאָגט, אַז דאָס האַרץ טהוט איהם וועה:

— „זאָגט, טאָוואַרישטש, צי לאָזט זיך ביי אייך ניט אַמאָל אַרויס אַ טרעהר פון דעם לינקען אויג 7 אַ זייגער פאַרנאַכט?"

— „טאַק טאָטשנאָ!" האָט יענער מיט גרויס ענערגיע געענטפערט.

— „צי טרעפט ניט, אַז ביי אייך ווערט

פערגליווערט דער גרויסער פינגער פון דער רעכטער פוס 6 א ווייגער פארטאג?"

— „מאק מאטשנא!" איז געווען די תשובה.

אזא קראנקער סאלדאט פלעגט נאטירליך בעקומען אנ'אפפוסק אויף 6 חדשים.

מיט דער צייט זענען די סאלדאטען גענומען קאמיסיעס צו טעראריזירען. טאמער פלעגט מען דאך אמאל אנערקענען, אז א סאלדאט איז פארט געזונד און קען דינען, פלעגט ער זיך אנהויבען פשוט צו זידלען און פלעגט זיך ווענדען צו „זיינע" דעפוטאטען. דעמאלט האבען מיר געבעטען די דעפוטאטען, אז זיי זאלען אליין בעשטימען, וואס צו טוהן מיט דעם אדער מיט יענעם סאלדאט.

איינמאל איז צו אונז אויף קאמיסיע געקומען א גאנצע ראטע פון א פאלק, וואס איז געשטאנען אין טיראספאל, מיט אנגעלאדענע ביקסען, וועלכע האבען זיך באלד פון אנהויב געשטעלט אין א דראהענדער פאזע צו אונז. ביי אונזערע בעדינגונגען איז אונז ניט מעהר געבליבען, ווי אלעמען צו בעפרייען.

א צווייטען מאל זענען צו אונז אויפ'ן פונקט געקומען צולויפען ניט טויט, ניט לעבעדיג צוויי דאקטוירים, וועלכע זענען אנטלאפען דורך א פענסטער פון א קאמיסיע, וואס איז פארגעקומען ביי זיי אין שפיטאל. די סאלדאטען האבען בעלעגערט די טהיר פון דעם צימער, וואו די קאמיסיע איז געווען און האבען געסטראשעט די דאקטוירים מיט שיסען, ווייל זיי האבען צוויי פון די סאלדאטען געפונען פאר געזונד.

ענדליך זענען מיר געבראכט געווארען צו זא לאגע, אז מיר האבען געמוזט בעפרייען אלע סאלדאטען, וועלכע פלעגען צו אונז קומען אויף קאמיסיע און די קאמיסיעס אליינע האבען זיך פערוואנדעלט אין שרייב-קאנצעלאריעס. מען האט מעהר ניט געפרעגט דעם סאלדאט, פון וועלכער גובערניע ער איז? אויב פון א ווייטערע פלעגען מיר איהם געבען 6 חדשים אפפוסק, אויב פון א נאהענטע — דריי חדשים.

דער פועל-יוצא פון אונזערע קאמיסיעס איז געווען פאר דעם גאנצען ארמעע-אפאראט א באטאלער. די קאמאנדירען פון פערשיעדענע מיליטער-אבטהיילונגען האבען אונז געשריבען ראפארטען, אז זיי געפינען זיך אין א קריטישער לאגע, מחמת פון טאג צו טאג ווערט די צאהל סאלדאטען אלץ קלענער און קלענער, אז זיי האבען שוין אפילו ניט וועמען צו שיקען אין קאראאיל. ד. ה. ווער עס זאל היטען דאס קאזאנע אייגענטום.

נאך טראגישער איז געווארען די לאגע פון די לאזארעטען, ווייל די סאניטארען האבען אויך גענומען גיהן אויף קאמיסיעס. די גלאווגע דאקטוירים פון די לאזארעטען האבען געמאכט א [illegible], ווייל עס איז ניט געווען ווער ס'זאל בעדינען א אמת-קראנקען סאלדאט, ווער ס'זאל קאכען מיטאג, ווער עס זאל וואשען וועש, ווער ס'זאל ריינינגען די פאלאטעס. זיי האבען געשריען נאך הילף צו מיר, אלס צום הויפט-דאקטאר פון דעם עוואקואציאנס-פונקט, און געמעגט ריעות זיי שטערען. איך האב ווידער געשריען צו דער העכערער מאכט קיין אָדעם.

ענדליך איז ארויס א בעפעהל, אז מען זאל דינגען פריוואט-מענשען אלס סאניטארען, קוכערס, שרייבער און ד. גל.

בעלנים אויף אזעלכע שטעלעס האבען זיך באלד געפונען לרוב, ווייל מען פלעגט [illegible] עסען און דערצו נאך ביז 150 [illegible] חודש פענסיע. דעמאלט איז עס נאך געווען א גרויסע סומע געלד.

אין שטאדט איז געווארען א מהומה: א סך בעל-הבית'טעס זענען געבליבען אהן דינסטמיידלעך, וועלכע האבען זיך אנגעדונגען אלס סאניטארקעס אין די לאזארעטען, וואו זיי האבען באלד פארמירט קאמיטעטען און האבען געקאמאנדעוועט מיט מעהר אימפעט ווי מיט זייערע ווירטינס. איך האב בע-

מערקט אַ מערקווירדיגען פאקט: אַ סך סאָלדאטען, וועלכע אונזערע קאָמיסיעס האבען נאָר וואָס בעפרייט, אלס קראנקע, זענען אַהיים גאר ניט געפאָהרען, האבען נאָר אבגענומען זייער הוצאת הדרך און האבען זיך אויך אַנגעדונגען אין לאזארעטען, אין קאנצעלאַריעס, אלס פּריוואטע פעריזאָנען.

יאָ, אַ נאטשאלניק צו זיין ביי אזוינע בעדינגונגען איז געווען אַ שווערע אויפגאבע. ס'האט זיך אָנגעהויבען אַ מין ארגיע אין'ם סאָלדאטען-לעבען און מיר, דאָקטוירים האבען מאָראַליש שטארק געליטען. דאָס בלוט פלעגט יעדע מינוט קאָכען פון אויפרעגונג פון די ווילדע מעשים, וואָס די סאָלדאַטען פלעגען אפטהון; מיר האבען געמוזט שווייגען, ווייל נאָר פּשוט, דאָס לעבען איז נאָך געווען ביי יעדען פון אונז טייער.

ב.

דער נאטשאַלניק פון אונזער פּונקט, דער אַלטמיטשקער פּאָלקאָווניק, איז פלוצים קראַנק געוואָרען. און איך האָב געמוזט ווערען זיין שטעלפערטרעטער. דאָס איז געווען אַ ריכטיגע אָבקומעניש. פאַר דער העכערער מאַכט, וועלכע האָט דאָך נאָך עקזיסטירט, איז אַ נאטשאלניק געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר אלץ, וואָס איז געווען אין זיין רשות, איבערהויפּט פאַר די נאַצקייט פון דעם מלוכה-אייגענטום. באמת אָבער האָבען גע'בעל-הבתי'ועט די קאָמיטעטען און די סאָלדאַטען גופא.

און דעמאָלט האָט זיך טאַקע אָנגעהויבען דער שרעקליכער פּעריאָד פון גנבות און גזלות. די סאָלדאַטען האָבען אָנגעהויבען פּשוט צו „נעהמען" פון די קאַזיאָנע סקלאַדען אַלץ, וואָס איז זיי נאָר צוגעפאַלען אין האַנד אַריין.

אַזוי איז מיר איינמאָל פאַרטאָג געקומען דער פעלדפעבעל אָבגעבען אַ ראַפּאָרט, אַז אין מיטען דער נאַכט האָט מען ב[illegible] אַפּטייק אַראָבגעריסען די שלעסער פון דער איינגאַנגס-טהיר און אַז מען האָט די אַפּטייק בע'גנב'עט. איך בין באַלד אַהינצו אַוועק. געהעריג נאָך, האָב איך פערשטאַנען, אַז דאָ מוז זיך האַנדלען וועגען דעם שפּירט, וואָס אין אַפּטייק איז געווען. מיין מיינונג איז געווען אַ ריכטיגע: אַלע מעדיקאַמענטען און אינסטרומענטען זענען געווען גאַנץ, נאָר דאָס קאַסטען, וואו דער שפּירט איז געשטאַנען, איז געווען אויפגעריסען און די גרויסע שפּירט-פלעשער זענען געווען לעדיג.

איך פרעג-אויס דעם שומר, וואָס האָט געדאַט אין דער דאָזיגער נאַכט דיזשורן ארום דער אַפּטייק. ער ווייסט פון קיין זאַך ניט, ער האָט קיינעם ניט געזעהן, קיין שום קלאַפּעניש ניט געהערט.

אַלס נאַטשאַלניק בין איך דאָך אָבער פאַרט געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר דעם שפּירט. האָב איך באַלד בעשטימט אַן אויספאָרשונגס-קאָמיסיע, וועלכע איז טאַקע גלייך צוגעטרעטען צום פאָרשען. מיינט איהר אפשר, אַז די קאָמיסיע האָט עטוואָס אויסגעפאָרשט? אַ געכטיגער טאָג! מען האָט פּשוט ניט געטאָרט געפינען דעם גנב, מען האָט ניט געקענט בעשולדיגען אַ סאָלדאַט אין גנבה, ווייל דאָס לעבען פון די פאָרשער וואָלט געווען אין סכנה.

איך האָב גאַנץ קלאָר געזעהן, אַז דער שומר, דער פעלדשער, וואָס האָט געהאַט השגחה איבער די אַפּטייק און זיינע קאָלעגען זענען קורץ נאָך דער גנבה געווען שטאַרק שיכור, זיי האָבען געזונגען און זיך משמח געמאַכט... אָבער קיינעם פון זיי האָב איך ניט געקענט בעשולדיגען, ווייל מען האָט זיי ביי דער האַנד ניט געכאַפּט...

און אַ פּאָר טעג אַרום איז מען מיר

געקומען אנזאגן א בשורה, אז מען האט בייטאכט אויסגעבראכן א וואנד אין דעם הויפּט־סקלאד פונ'ם פונקט, וואו עס זענען געלעגן גרויסע מאסן נייע שינעלן, שטיוועל און ד. ג. פאר שווערע מיליאנען, און אז מען האט פון דארטן ארויסגעגנב'עט עטליכע קאסטנס מיט אמעריקאנער שטיוועל, עטליכע פעק שינעלן און קאלדרעס.

איך שיק רופן די שומרים, וואס זענען אין דער האזיגער נאכט ארומגעגאנגען ארום דעם סקלאד און האבן אים געהיט. זיי קוועטשן מיט די פּלייצעס, זיי ווייסן פון קיין זאך ניט, זיי האבן קיינעם ניט געזען, זיי האבן קיין שום רעש ניט געהערט און פארטיג!

פאר אזא גרויסע גנבה בין איך דאך, אלס נאטשאלניק, אוודאי געווען פעראנטווארטליך, האב איך ווידעראמאל בעשטאמט אנ'אויספארשונגס־קאמיסיע, וועלכע האט אויך תיכף גענומען פארשען און ווער ווייסט, אפשר פארשט זי נאך עד־היום! איך בעטאן נאכאמאל, מען האט ניט געטארט געפינען דעם גנב, חאטש מען האט באלד צו־מארגען נאך דער גנבה געקענט טרעפן א סך פון אונזערע סאלדאטן, וועלכע האבן אויפ'ן באזאר אין טיראספאל גאנץ אפען פערקויפט ווער א שפאגעל־נייעם שינעל, ווער א קאלדרע, ווער א פאר אמעריקאנער שטיוועל...

געהאקטע צרות האב איך, אלס נאטשאלניק, געהאט פון פערשידענע קאמיסיעס, וועלכע ס'האבן געדארפט בעטראכטן די מלבושים און שטיוועל פון אונזערע סאלדאטן און ארויסזאגן א מיינונג, צי דער אדער יענער סאלדאט דארף בעקומען נייע מלבושים אדער נייע שטיוועל.

נאטירליך, אזוינע קאמיסיעס פלעגן פארקומען אונבעדינגט מיט דעם אנטייל פון סאלדאטן־דעפוטאטן. און די דאזיגע דעפוטאטן האבן טאקע א סך לייכטער געמאכט די לאגע פון די נאטשאלניקעס.

מערקווירדיג: אלע סאלדאטן זענען צו די אויבענדערמאנטע קאמיסיעס געקומען אפגעריסן, נאקעט און באָרוויס. אונזער בארמהערציגקייט איז געווען אזוי גרויס, אז מיר האבן אלע סאלדאטן תיכף אנגעטאן אין נייע מלבושים, שטיוועל, וועש און ד. ג.

נאך מערקווירדיגער איז אבער געווען דער פאקט, אז אין א וואך צוויי ארום פלעגן די זעלבע סאלדאטן ווידער קומען אויף די קאמיסיעס ווידער נאקעט, ווידער באָרוויס און פלעגן בקול־רם ווידער פאָדערן נייע מלבושים.

— טאוואַרישטש, פלעגן מיר זאגן, איהר האט דאך נאר־וואס בעקומען שטארקע אמעריקאנער שטיוועל מיט פיער־פאכיגע פאדעשוועס, איהר האט דאך בעקומען א נייעם שינעל, אט דא שטעהט עס דאך פערשריבען אויך!"

— כ'ווייס נארנישט, פלעגט זיין א קאלטבלוטיגע תשובה, אצינד האב איך א צולעכערטען שינעל, צעריסענע שטיוועל און איך מוז בעקומען נייע. ס'וועט קלעקען, ביי אונז אין צעכהויז איז נאך דא גענוג!"

און אזוי פלעגן אלע פאר וואכן די זעלבע סאלדאטן קומען און פאָדערן נאך, נאך און נאך... אהן א סוף. און אויף דעם באזאר פלעגט מען, וואס א טאג אלץ מעהר און אלץ ביליגער קענען קויפן שינעלן, שטיוועל, וועש און וכדומה.

פון די שפיטאלען, וואס זענען געשטאנען אונטער מיין רשות, האב איך אויך אנגעהויבען צו בעקומען ראפּארטען, אז די סאלדאטן האבן שוין צווישן זיך פונאנדערגעטיילט אלע בגדים און שטיוועל, וואס זענען געלעגן אין זאפאס. מען האט פון מיר

געפאָדערט, איך זאָל אַרויסגעבען פון דעם הויפּט־סקלאַד מלבושים. דאָ האָט זיך אָבער אונזער סאָלדאַטען־קאָמיטעט ענטגעגענגעשטעלט און האָט ניט ערלויבט פאַר קיינעם קיין איינציגען שינעל אַרויסצופיהרען פון אונזער סקלאַד: זיי האָבען אַ פּנים אַליין געוואָלט צונעהמען נאָר פאַר זיך.

די סלוּזשבּע איז מיר מיאוס געוואָרען. איך האָב שוין שטאַרק געוואָלט פון איהר פּטור ווערען. די נאַטשאַלניקעס האָבען געהאַט מאַכט אויף דעם פּאַפּיער, אין דער אמת'ן זיינען זיי געוואָרען גאַנץ אָהנמעכטיג.

איך האָב גענומען באָמבאַרדירען די הויפּט־מעדיצינישע פערוואַלטונג אין אָדעס, אַז זי זאָל, וואָס שנעלער שיקען אַ נייעם נאַטשאַלניק, ווייל איך נעהם פון מיר אַראָב יעדע פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר די גאַנצקייט פון דער מלוכה־אייגענטום.

אָט אַזוי איז פאָרגעקומען די גרויסע, אונערהערטע אַליין־דעמאָביליזאַציע פון דער וואַלדיג גרויסער רוסישער אַרמעע; אָט אַזוי האָט דיזעלבע אַרמעע גענומען ליקווידירען און פּטר'ן דאָס מלוכה־האָב־און־גוטס אויף דעם אויבענדערמאָהנטען שטייגער.

און אין דערזעלבער צייט זיינען מיט אַ משונה'דיגען שנעלקייט פעלאָפען גרויסע פּאָליטישע געשעהענישען. עס האָט זיך אָנגעהויבען צו קריסטאַליזירען די אַזוי־גערופענע זעלבסטשטענדיגע אוקראַינאַ (סאַמאָסטייאַנאַ אוקראַינאַ).

---

# כא.

איך געדענק ניט גענוי, וועלכען טאָג דאָס איז געוועזען, נאָר פּלוצים איז פעראָפענטליכט געוואָרען דער אַזוי־גערופענער ערשטער אוניווערזאַל, וועלכען ווינניטשענקאָ, וואָס איז געשטאַנען בראש פון דער ערשטער אוקראַאינישער רעגירונג, האָט אַרויסגעגעבען דעם אוקראַינישען פאָלק און די אַלע אַנדערע פעלקער, וואָס האָבען געלעבט אין אוקראַינאַ. אין דעם דאָזיגען אוניווערזאַל האָט ער פּראָקלאַמירט די זעלבסטשטענדיגקייט פון אוקראַינאַ, ער האָט פּראָקלאַמירט אַלע פרייהייטען פאַר אַלע בירגער אָהן אונטערשייד פון שטאַנד, נאַציאָן און רעליגיע, ער האָט צוגעזאָגט גרויסע אַגראַר־רעפאָרמען פאַר די פּויערים א. ד. ג.

פאַר יודען האָט זיך אויך אָנגעהויבען אַ נייע עראָ, זיי האָבען אין דער נייער רעגירונג בעקומען אַן אייגענע רעפּרעזענטאַנץ: עס איז בעשטימט געוואָרען אַ יודישער מיניסטער פאַר ספּעציעלע יודישע ענינים. דאָס איז געוועזען דער ה' הומעלפאַרב.

אין דער נייער מלוכה זיינען אַריין די גובערניעס: קיעווער, חאַרקאָווער, פּאָלטאַווער, אַ טייל קורסקער, יעקאַטערינאָסלאַווער, חערסאָנער, טאַוריץ וואָהלין און פּאָדאָליען. אַזוי־אַרום איז טיראַספּאָל און אָדעס מיט אַ מאָל אויך געוואָרען אוקראַינאַ.

די זאַך איז אויסגעקומען אַ ביסעל קאָמיש, ווייל אין חערסאָנער גובערניע, למשל, איז קיין איינציגער אוקראַינער ניט געוועזען; דאָרטען האָבען געוואוינט רוסען, יודען, מאָלדאַוואַנער און דייטשע קאָלאָניסטען. רוסיש איז געוועזען די הויפּט־שפּראַך. וועגען אַלע שטעדט אין גאַנץ אוקראַינאַ קען מען אויך דאָסזעלבע זאָגען; דאָרטען האָט זעלטען ווער גערעדט אוקראַיניש. אין די דערפער פון קיעווער, חאַרקאָווער און פּאָלטאַווער גובערניעס האָבען די פּויערן יאָ גערעדט אוקראַיניש, אָבער דאָס איז ניט געווען קיין ליטעראַרישע שפּראַך. דער גרויסער קאָראָלענקאָ האָט אַלע זיינע בעריהמטע ווערק געשריבען אויף רוסיש, און צווישען זיך שמועסענדיג, האָבען מיר גאָרנישט געזעהן קיין שום אונטערשייד צווישען דעם גרויס־רוסישען פויער און דעם אוקראַינישען צווישען דעם גרויס־רוסישען אינטעליגענט

און דעם אוקראַיִנישען. דאָס זענען געווען מענשען פון איין און דערזעלבער ראַסע, פון דעמזעלבען טייג געקנאָטען, נאָר פון פערשידענע טעמפּעראַמענטען.

ביי אונז אין טיראַספּאָל האָבען זיך געפונען נאָר דריי אמת'ע אוקראַינער. דאָס זענען געווען: איינער פון מיינע טשינאָווניקעס, אַ פעלדשער, דער צווייטער איז געווען דער דירעקטאָר פון טיראַספּאָלער פרויען-גימנאַזיום און דער דריטער — א טשינאָווניק פון א לאַזאַרעט, אַ שטאַרקער שכור.

ווי נאָר מיר האָבען אין טיראַספּאָל דערהאַלטען די דעפּעשע פון אָדעס, אז מיר האָבען געוואָרען אוקראַינער און די מאַכט ווערט אוקראַיניזירט — איז פּלוצים נעלם געוואָרען דער סאָלדאַטען-און אַרבייטער-ראַט. מען האָט דערצעהלט, אז אלע דעפּוטאַטען האָבען געמאַכט אַ ויברח ביי דער נאַכט נאָך אין אויטאָמאָבילען.

די מאַכט איז איבער צו די דריי אוקראַינער, וועגען וועלכע איך האָב פריהער דערמאָנט. דער דירעקטאָר פון דעם פרויען-גימנאַזיום איז געוואָרען קאָמיסאַר פאַר ציווילע ענינים, מיין פעלדשער איז געוואָרען קאָמיסאַר פאַר מיליטער-ענינים, ד. ה., אַז ער איז נאָר געוואָרען אַ נאַטשאַלניק איבער מיר אויך און דער דריטער אוקראַינער — דער שכור — איז געוואָרען קאָמיסאַר איבער פּאָליטישע ענינים, אָדער נאָר פשוט גערעדט, ער האָט אויף זיך גענומען די פונקציע פון אַ זשאַנדאַרם.

איך האָב אָנגעהויבען צו באַקומען דעפּעשען און איינשטרוקציעס אויף אוקראַיניש. צו מיין גליק האָב איך אַלץ פערשטאַנען, ווייל דער, וואָס פערשטעהט גוט רוסיש און פּויליש, קען שוין ממילא אוקראַיניש אויך. ענטפערן אָבער אויף אַלע באַפעהלען אויף אוקראַיניש האָב איך נישט געקענט.

איך האָב זיך דערמאָלט געווענדעט צו מיין קאָלעגע, ד"ר הורוויטש, וועלכער איז געווען א געבוירענער אַ פּאָלטאַווער, ער זאָל מיר צוהעלפען שרייבען אוקראַיניש, ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אז יעדער געבוירענער „שורש'דיגער" אוקראַיִניעץ קען קיין וואָרט אוקראַיניש נישט שרייבען. ווייסט איהר, וואָס איך האָב געטהון? איך האָב אויף אלע פּאַפּירען געענטפערט אויף רוסיש.

בכלל מוז איך זאָגען, אז די רוסישע שפּראַך איז דאָך געבליבען די אָפיציעלע אין אוקראַינא.

אויף די נייע רעגירונג האָבען מיר, דאַנק-טוירים, געלעגט אַ סך האָפנונגען. מיר האָבען געמיינט, אז ס'וועט איהר געלינגען איינצושטעלען אַ געוויסע דיסציפּלין אין די אַרמעע.

און די נייע רעגירונג האָט טאַקע אָנגעהויבען קודם-כל צו רייניגען פערשידענע מיליטער-אָבטיילונגען פון גרויס-רוסען.

מיר האָבען בעקומען אַ בעפעהל, אז אלע סאָלדאַטען, אָפיצירען און טשינאָווניקעס גרויס-רוסען זאָלען מיר בעפרייען פון מיליטער-דינסט און שיקען א היים, דאַנקען זענען דאָס רוב מיליטער-אָבטיילונגען געוואָרען אוקראַיניזירט, ד. ה. מען האָט אין זיי בעשטימט נור אוקראַינער.

און מיר האָבען געמיינט, אַז איצט וועט צווישען די אוקראַינער סאָלדאַטען הערשען אַ געוויסע איידעע, אז זיי וועלען אָבהיטען פרייוויליג די דיסציפּלין; מיר האָבען געמיינט, אז איצט וועלען מיר שוין האָבען סאָלדאַטען וועלכע וועלען זיין סאַניטאַרען אין די לאַזאַרעטען, וועלכע וועלען נישט גנב'נען, וועלכע וועלען נישט קומען אויף קאָמיסיעס און פאָדערן, מיט געוועהר אין דער האַנד, מען זאָל זיי בעפרייען פון מיליטער-דינסט און ד. גל.

מיר האָבען אָבער געהאַט אַ גרויסען טעות: די אוקראַינישע סאָלדאַטען האָבען

אויך גענומען לויפען פון זייערע אבטיילונגען.

תחילת, שטיצנדיג זיך אויף די נייע קאמיסארען, זענען מיר געווען שטרענג אויף די קאמיסיעס; מיר האבען ניט געוואלט אזוי לייכט בעפרייען געזונדטע סאלדאטען פון מיליטער-דיענסט. אבער אונזער שטרענגקייט האט ניט לאנג געדויערט. די אוקראינער האבען אונז גענומען הדאווען פונקט ווי די גרויס-רוסען און מיר זענען אוועק מיט'ן שטראם, ווי פריהער.

די פלאמענדיגע רעדעס פון מיין פעלדשער, וועלכער איז געווען א פערברענטער „באמבאלציק", זיינע געשרייען און סטראשונקעס האבען גארנישט געהאלפען: יעדער סאלדאט האט געוואלט פאהרען אהיים.

די גנבות זענען זיך כשורה ווייטער געצאגען. נאר מיט דעם אונטערשייד, אז איצט האבען געגנב'עט פון די סקלאדעס נאר אוקראינישע סאלדאטען, ווייל קיין גרויס-רוסען זענען שוין ביי אונז נישט מעהר געווען.

די מיליטער-שפיטאלען זענען אזוי ווי פריהער, געבליבען אהן סאניטארען.

אדעס האט ניט שטארק געוואלט אנערקענען די נייע רעגירונג, ווי האט ניט שטארק געוואלט געהערען צו אוקראינא. און ס'איז נאכע דארטען אין די צייטונגען גאנץ ערנסט בעטראכט געווארען די פראגע, אז אדעס זאל ווערען א פריי-שטאדט, אזוי, [illegible], ווי האמבורג, ברעמען, אדער, ווי איצט דאנציג.

זעגען קאנקרעטעס האט מען אבער נאר נישט געקאנט רעדען, ווייל [illegible] קא'ם רעגירונג האט דאך ניט געהאט קיין געסטען פונדאמענט אונטער איהרע פיס.

כאטש אלע סאלדאטסקע קאמיטעטען זענען אבגעשאפען געווארען, איז אין אדעס דאך געבליבען דער מעכטיגער „רומטשע-ראד", ד. ה. דער הויפט-ראטה פון סאלדאטען-און מאטראסען-דעפוטאטען פון רומענישען פראנט, אדעסער ראיאן און שווארצען-ים-פלאט.

די מאטראסען האבען איבערהויפט בעקומען א גרויסע קראפט אין אדעס און אין סעוואסטאפאל.

אין דאמאלס אוקראינא איז שוין געווארען זעלבסטשטענדיג, האבען די אדעסער און סעוואסטאפאלער מאטראסען געהאט א שטארקען קאנטאקט מיט די קראנשטאדטער מאטראסען. און אויב די יבשה-סאלדאטען האבען שרעקליך פערפאלגט די אפיצירען, אראפגעריסען זייערע שליפעס, צוגענומען זייער געוועהר, האבען די מאטראסען נאך מיט א טויזענד מאל שטארקער פערביסענקייט געהרג'עט זייערע אפיצירען. לויט ווי די צייטונגען האבען דעמאלט געשריבען, האבען די מאטראסען א סך פלאט-אפיצירען פשוט אריינגעווארפען אין ים.

א גרויסען רושם האט דעמאלט געמאכט די מעשה מיט דעם אדמיראל קאלטשאק, וועלכער איז ווערענד דער רעוואלוציע געווען הויפט-קאמאנדיר פון דעם שווארצען ים-פלאט.

כאטש די מאטראסען האבען צו איהם געהאט א געוויסען רעספעקט, זענען זיי דאך צו איהם צוגעגאנגען, כדי ביי איהם אוועקצונעהמען זיין גאלדענעם שווערד, וואס ער האט בעקומען אלס אויסצייכנונג פאר זיינע העלדענטאטען.

ער האט אבער בעוויזען ארויסצוכאפען דעם שווערד, דאס איהם צוברעכען און אריינגעווארפען אין ים, — „נישט מיר, נישט דיר!" הייסט עס.

נאך דעם פאקט האט קאלטשאק זיך אבגעזאגט פון זיין שטעל און עס האבען אנגעהויבען צו קאמאנדעווען די מאטראסען גופא.

פערקוקענדיג זיך אויף אוקראינא, האט זיך געבילדעט נאך א נייע מלוכה — בעסאראביען וועלכע האט צוזאמענגערופען א מין קאנסטיטואנטע, דעם אזוי־גערופענעם „ספאטול־צערי". דער דאזיגער „ספאטול צערי" האט פראקלאמירט די זעלבסטשטענדיגקייט פון דער בעסאראבישער רעפובליק.

## כב.

אין דער נייער אוקראינא האט דאס יודישע לעבען אנגעהויבען קלאפען מיט זיין פולען טעמפא. א קליניגקייט, יודען האבען בעקומען אן'אייגענעם מיניסטער, זיי האבען בעקומען א נאציאנאל־פערזאנאלע אויטאנאמיע, זיי האבען בעקומען די מעגליכקייט זיך פריי און פראנק צו אנטוויקלען. און ס'האט זיך טאקי אויפגערודערט די יודישע גאס! מיט א שטארקען אימפעט, מיט א געוואלדיגער ענערגיע האבען זיך די רוסישע יודען גענומען איינצוארדנען זייער פרייען לעבען. עס האבען אויפגעלעבט אלע ביזאהעריגע יודישע פארטייען, עס האבען זיך געבילדעט נייע. יודען האבען זיך גענומען צום למוד: קיין פראצענט־נארמע האט מעהר נישט עקזיסטירט. די גימנאזיעס, אוניווערזיטעטען זיינען פול געווארען מיט יודען...

און דא מוז איך אנטערשטרייכען, אז נישט קוקענדיג דערויף, וואס די גאנצע רוסישע ארמעע איז געווארען דעזארגאניזירט און דעמאראליזירט, וואס כמעט אלע באטאליאנען זיינען געווען פערפלוצט מיט סאלדאטען, וואס די סאלדאטען האבען צוראבעוועט אלע מלוכה־סקלאדעס — זיינען אין ערגיץ קיין שום ארויסטרעטונגען געגען יודען נישט געווען! מען האט נישט גערירט קיין פרוואט־אייגענטום, מען האט נישט געהערט וועגען קיין שום אנטיסעמיטישע עקסצעסען. דאס האב איך באמערקט אויך אין טיראספאל, וואס ליגט אויף דער גרעניץ פון בעסאראביען, נישט ווייט פון קרושעוואנ'ס געבורטשטאדט, ד. ה. פון קישענעוו.

אין דערזעלבער צייט (דאס איז געווען אנפאנג אויגוסט 1917) האט זיך צווישען די אדעסער יודען אנגעהויבען א גרויסע בעוועגונג לטובת זייערע אומגליקליכע ברידער אין רומעניען. זייער וועה־געשריי האט נישט געלאזט רוהען די אדעסער פרייע יודען.

און אדעס האט טאקי אויפגעהויבען איהר פראטעסט־שטימע געגען דער רומענישער רעגירונג און די שטימע איז אריבער דורך גאנץ רוסלאנד פון עק ביז עק, דורך גאנץ אייראפא און פון דארטען ביז אמעריקא.

דעם ערשטען אויגוסט 1917 איז אין אדעסער שטאדט־פארק פארגעקומען א גרויסער מיטינג אונטער דעם פארזיץ פון דעם בעוואוסטען רוסיש־יודישען שריפטשטעלער סעמיאן יושקעוויטש. פיעל רעדנער האבען גערעדט וועגען די פערפאלגונגען פון דער רומענישער רעגירונג געגען יודען און סאציאל־דעמאקראטען. צום סוף האט דער מיטינג אנגענומען א בעשלוס תיכף צו מאכען א דעמאנסטראציע איבער אדעסער גאסען.

דעם 10־טען אויגוסט איז אין דעם אדעסער דראמאטישען טעאטער פארגעקומען א צווייטער גראנדיעזער מיטינג וועגען דעם זעלבען ענין. דער אדעסער אדוואקאט ח' פען האט געגעבען אנ'אויספיהרליכען בעריכט וועגען דער געשיכטע פון די רומענישע יודען־העצערייען; ער האט פארגעלייענט א מאסע דאקומענטען.

דער אדעסער שטאדטגאלאווא ה־

בריקעוויטש האט בעגריסט די פערזאמלונג מיט די ווערטער:

— „מיר, רוסען, האבען דעם שאנדפלעק פון דער יודישער רעכטלאזיגקייט איצט פון אונז אבגעוואשען. מיר זענען מסכים מיט אייער פראטעסט און פאדערן פון דער ציוויליזירטער רעגירונג אנ'ענערגישען ארויסטריט געגען רומעניען“.

ה' אוסישקין האט אויף דעם זעלבען מיטינג ערקלערט, אז די צרות און רדיפות, וואס די יודען ליידען אין רומעניען, דערמאהנען דעם דרייפוס-און דעם בייליס-סקאנדאל. ער האפט, אז די דעמאקראטען פון אלע לענדער וועלען אויף דעם צוקונפטיגען שלום-קאנגרעס פאדערן גלייכבערעכטיגונג פאר די רומענישע יודען.

דער מיטינג האט אנגענומען פאלגענדע רעזאלוציעס: 1) אויסדריקען דעם טיעפסטען מיטגעפיהל די רומענישע יודען; 2) זיך צו ווענדען צו דער רוסישער ציוויליזירטער רעגירונג, אז זי זאל ענערגיש ארויסטרעטען לטובת די רומענישע יודען; 3) זיך צו ווענדען צו די פעראיינגטע מלוכות (אנטאנט) מיט דער אויפפאדערונג, אז עס איז אונבעדינגט נויטיג א סוף צו מאכען מיט דער רעכטלאזיגקייט פון דעם רומענישען יודענטום. („אדעסקיא נאוואסטי“ פון דעם 12-טען אויגוסט 1917).

אדעס איז בכלל העמאלט געווארען א צענטר פון די רומענישע יודען, וועלכע פלעגען זיך ארויסרייסען פון די רומענישע רדיפות. אלע פראטעסטען, אלע דאקומענטען און איבערהויפט אלע מאטעריאלען וועגען דער לאגע פון די יודען אין רומעניען האבען זיך געזאמעלט אין אדעס. שפעטער האט זיך אין אדעס געבילדעט א פאליטישע קאמיסיע, וועלכע איז בעשטאנען פון די פערזאנען: אדוואקאט שאפירא, ד"ר בערלין, פארזיצענדער פון דעם בערזען-קאמיטעט גוטניק, ד"ר טעמקין און רעדאקטאר האלבערג. אין דער הויזיגער קאמיסיע האט זיך קאנצענטרירט אלץ, וואס האט נור א שייכות געהאט צו דער לאגע פון יודען אין רומעניען.

דער ד"ר טעמקין האט פערעפענטליכט אין די „אדעסקיא נאוואסטי“ זעהר א ווארימען ארטיקעל „מען טאר נישט שווייגען!“

איך געפין פאר נויטיג מיט דעם דאזיגען ארטיקעל ווארט ביי ווארט אייך בעקאנט צו מאכען.

„עס זענען פאראן מאמענטען, שרייבט דער געעהרטער דאקטאר, ווען שווייגען איז אן עבירה. אזא מאמענט איז איצט געקומען אין דעם לעבען פון די רעכטלאזע, פערקנעכטעטע רומענישע יודען. די איצטיגע פערפאלגונגען פון יודען מיט וועלכע די רומענישע רעגירונג שטייגט איבער אלע אנטיסעמיטען, ווי פאביעדאנאסצעוו און פלעווע, האבען דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה אין אנהויב פון דער מלחמה און בעזונדער איצט, נאך דער רעוואלוציע אין רוסלאנד. די יודען שטעהען אויסער יעדען געזעץ, זיי האבען אפילו קיין פרימיטיווע רעכט נישט. מאסענווייז ווארפט מען זיי אין תפיסה אריין, ווייל זיי רעדען אויף דער גאס און אין די שוהלען יודיש; מאסענווייז ווערען קינדער, פרויען און מענער, יונג און אלט, האלב-נאקעט, האלב-הונגעריג, ארויסגעטריבען פון שטעדט און דערפער, ווי עס איז געווען אין טעקוטש, אזוועשטי און אין אנדערע שטעדטלעך. און דאס אלץ אהן א וועלכען ס'איז נישט יסוד, אויסשליסליך צוליעב דעם בייזען ווילען פון די מאכטהאבער. דאס ווארט

„שפּיאָן" איז געוואָרען דער אַלגעמיינער נאָמען פון יעדען יודען. איך ברענג דאָ, אַלס ביישפּיעל, אַ בעפעהל פון דער רומענישער מעדיצינישער פערוואַלטונג נומער 98-147:

„לויט דעם בעפעהל פון דער הויפּט-קוואַרטיר מוזען פון אַלע שפּיטאַלען דערווייטערט ווערען די פּערזאָנען, וואָס געהערען נישט צו דער רומענישער נאַציאָנאַליטעט. דעם יודען טאָר מען אין אַ שפּיטאַל נישט האַלטען. בנוגע צו יודען דאַרף קיין שום מענשענגעפיהל, קיין שום סענטימענטאַליטעט נישט עקזיסטירען. ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז די דאָזיגע פּערזאָנען זענען אונטער דער מאַסקע פון באַרמהערציגקייט נישט מעהר ווי שפּיאָנען"... און דאָ האָט איהר נאָך אַ שרעקליכען, ציניזשען בעפעהל פון דער הויפּטקוואַרטיר פון דעם 14-טען אויגוסט 1917 נומער 4164:

— „אין אָנפאַנג פון אַן אַטאַקע מוזען אַלע יודען תיכף געשיקט ווערען אין די ערשטע ליניע"... ווייטער קען מען נישט געהן. דאָס גרויסע, פרייע רומעניע קאָן מעהר נישט בלייבען קיין גלייכגילטיגער צושויער פון אַזוינע אכזריות'ן... פאַר'ן טויט האָבען מיר קיין מורא נישט, אָבער אין קנעכטשאַפט שטאַרבען קאָנען מיר נישט און ווילען נישט"... האָבען געשריען די אומגליקליכע יודישע היימלאָזע אין זייער מעמאָראַנדום צו דער רומענישער רעגירונג. לענגער צו שווייגען איז אַן עבירה און די „שענע אינטערוויו'ס פון דעם רומענישען פּרעמיער" ווערען נישט אימשטאַנד זיין צו פערשטעלען דעם אמת.

דער אמת געהט און קיינער וועט איהם נישט קאָנען אָבשטעלען".

## כג.

עס איז שוין געווען אויגוסט 1917. איך און מיין פאַמיליע האָבען, ווי געזאָגט, מיט'ן פולען מויל געגאָסען פון דער רייכער דרום-נאַטור. דאָס וועטער איז געווען פּראַכטפול. און וואָס אַנבעלאַנגט אכילה, איז אין טיראַספּאָל געווען אַ גן-עדן. איך האָב שוין וועגען דעם אַמאָל דערמאָהנט. אַלע טאָג אין דער פריה פלעגט מען פאָהרען אויפ'ן באַזאַר, וואו דאָס לעבען האָט געקאָכט. דאָרטען האָט מען געקאָנט בעקומען פון כל-טוב: גאַנצע בערג פערשידענע ירקות, ווי פּאָמעדאָרען, באַקלאַזשאַנעס און ד. גל., טויזענדער אַרבוזען, דיניעס, אַ ים פערשידענע ווינטרויבען, און דאָס אַלץ בחצי-חנם. קאָנט איהר זיך שוין פאָרשטעלען ווי גוט אונז איז געווען! קיין דירה-געלד האָט מען נישט געצאָהלט, ווייל מיר האָבען געהאַט אַ קאַזיאָנע דירה; געצאָהלט האָט מען אונז, נישט-קוקענדיג דערויף, וואָס מיר זענען פלוצלונג געוואָרען אויקראַאינער, אויך נאָך געצאָהלט, אַזוי אַז קיין דאגות-חיונה איז נישט געווען. מיט פּאָליטיק האָב איך מיך אויך נישט פערנומען. די דעמאָראַליזאַציע פון דער אַרמעע האָבען מיר, דאָקטוירים, כמעט נישט געפיהלט, ווייל אונז האָט מען נישט געטשעפּעט.

אַזוי-אַרום האָבען מיר זיך געפיהרט אין די לאַגערן הינטער טיראַספּאָל אַ רוהיג לעבען, און מיר האָבען נור געוואַרט אויף דעם עפּילאָג פון דער גרויסער מלחמה. מיר, נאַראָנים, האָבען געמיינט, אַז די מלחמה איז שוין געענדיגט, וועניגסטענס פאַר אונז, אין רוסלאַנד. מיר האָבען קלאָר געוואוסט, אַז קיין שלאַכטען וועלען שוין אויף די רוסישע פראָנטען נישט זיין. מיר האָבען געזעהן מיט

אונזערע אייגענע אויגען, ווי אזוי די ריזיגע רוסישע ארמיע דעמאביליזירט זיך אליין, און מיר האבען גאר געווארט אויף דעם מאמענט, מען זאל אונז ענדליך אבלאזען אהיים... קיינעם פון אונז האט נישט געקאנט איינפאלען, אז מיר זאלען נאך אמאל הערען א שאס פון א הארמאט, א קנאל פון א פולעמיאט...

אבער... א מענש טאר זיך קיינמאל נישט שעצען גליקליך, ווי גוט עס זאל איהם נישט זיין; ער דארף אלעמאל געדענקען, אז קיין אבסאלוט גליק איז נישטא... אין משך פון דער גאנצער צייט, וואס איך בין געוועזען אויף דער מלחמה, האב איך מיר איבערצייגט, אז ווען איך פלעג מיר ערגעץ-וואו איינארדנען און לעבען אזוי, ווי איך האב געוואלט, פלעגט זיך פלוצלונג, מעשה-שטן, אונטערקומען אן עפיזאד, וואס פלעגט צושטערען מיינע צופרידענע מינוטען.

אזוי האט מיר דאס מאל אויך פאסירט.

נישט ווייט פון דעם לאגער, וואו מיר האבען געוואוינט, איז געוועזען א גרויסער לאגער פון מאנאפאל-שפירט און-בראנפען.

מיר האבען שוין אין די אדעסער צייטונגען געלעזען ידיעות, אז אין פערשידענע שטעדט האבען די סאלדאטען, נאכדעם ווי זיי האבען צורואבירט דאס רוב מלוכה-סקלאדעס, זיך א נעהם געטהון צו די מאנאפאלען. קיין שום קאראולען זענען נישט געוועזען פעהיג אבצושטעלען די סאלדאטען, מחמת די שומרים זענען צו זיי גאנץ גערן צוגעשטאנען.

אונזער טיראספאלער גארניזאן האט אפנים נישט געוואלט זיין ערגער פון אנדערע גארניזאנען, און אין א שענעם פריהמארגען האבען זיך אונזערע סאלדאטען א לאז-געטהון צו דער מאנאפאל-געביידע.

קיין גרויסען ווידערשטאנד מצד זיינע קאלעגען, די קאראולנע, האבען די טיראספאלער סאלדאטען נישט געטראפען, און מען האט אנגעהויבען אהן שום צערעמאניע ארויסצוטראגען פון דעם סקלאד גרויסע פלעשער, קלענערע און גאנץ קליינע — אלץ, וואס איז נאר אין האנד ארייננעפאלען. דאס בילד פון דער מאנאפאל-ארגיע שטעהט מיר נאך היינט פאר די אויגען. איך האב געזעהן סאלדאטען, וואס האבען געהאט פולע קעשענעס מיט פלעשלעך, בוזעמס מיט „טשעטווערט'ען“; איך האב געזעהן סאלדאטען, וואס האבען געשלעפט גאנצע קאסטענס מיט פלעשער שפירט און בראנפען. ביי אלעמען זענען די אויגען געווען אזוי ווי אנגעגאסען מיט בלוט. צו עטליכע מאל פלעגען זיי לויפען אין סקלאד און שלעפען פלעשער, וויפיעל מען האט נאר געקאנט.

די ארומיגע פויערים האבען זיך דערוואוסט פון דער מעשה, און פון אלע ארומיגע דערפער זענען זיך אנגעלאפען פויערים און פויערטעס. די סאלדאטען האבען זיי נישט געשטערט, ווייל אין סקלאד איז געווען זעהר פיעל משקה און פאר אלעמען האט געקלעקט. די פויערים זענען געקומען מיט זעק, מיט עמער א. ד. גל...

היות, אז דעם גאנצען שפירט און בראנפען האבען די סאלדאטען נישט געקענט מיט אמאל אויסטרינקען, האבען דאס רוב פון זייערע פארציעס בעגראבען אין דר'ערד. דערביי האט אבער איינער נישט געוואלט, אז דער צווייטער זאל וויסען, וואו ער האט זיין אייגנס בעגראבען; האבען די סאלדאטען דאס געמאכט ביינאכט: זיי האבען זיך צוזיהט

איבער דעם גרויסן פארק, איבער די פעלדער, און יעהער האט געגראבען און באהאלטען זיינע פלעשער. דריי טעג האט געדויערט די רויבעריי.

מיין סעמיאן, דער שטילער, דער ערענטליכער, איז מיט אמאל געווארען גאר אן אנדער מענש. ער איז נישט געווען קיין טרינקער. זעהענדיג אבער, ווי זיינע קאלעגן „נעהמען" אונגעשטערט די מאנאפאל-פלעשלעך, האט זיך ביי איהם אויך דערוועקט דער אינסטינקט פון עקספראפריאציע. דעם ערשטען טאג האט ער זיך נאך איינגעהאלטען, אבער אויפ'ן צווייטען טאג האבען זיינע אויגען אנגעהויבען צו גליהען פון קנאה. עטליכע שעה האט ער זיך געוואקעלט, און ענדליך איז ער צו מיר צוגעגאנגען און ביי מיר געבעטען ערלויבניש, זיך א ביסעל דורכשפאצירען ביז'ן מאנאפאל-סקלאד. איך האב עס איהם, נאטירליך, נישט ערלויבט. איך האב מיך געסטארעט איהם צו איבערצייגען, אז קיין גוטס וועט דערפון נישט ארויס. ער האט זיך אבער נישט איינגעהאלטען. דער נסיון איז געווען צו גרויס. און ער איז אויף א פאר שעה פערשוואונדען געווארען. מיין זוהן האט בעמערקט, אז פארנאכט האט סעמיאן עפעס ביי אונז אין גארטען געגראבען און האט פערהאלטען אין דער ערד א גאנץ גרויסען קאסטען, ווי עס ווייזט אויס, מיט פלעשלעך. איך האב מיר פון דער מעשה נישט געמאכט נישט-ווייסענדיג, סעמיאן האט אבער עטליכע טעג מיר גלייך אין די אויגען נישט געקאנט קוקען. שטרענג מיט איהם רעדען האב איך נישט געקאנט, ווייל ער איז דאך געווארען מיינער א „טאווארישטש"!

אין פאקט מוז איך אונטערשטרייכען, א פאקט, וואס האט מיר געמאכט א גרויסען מאראלישען פערגעניגען: קיין איינציגער יודישער סאלדאט, קיין איינציגער יודישער איינוואוינער האט אין די רויבערייען קיין שום אנטייל נישט גענומען!

4

די „אוקראאינישע מאכט" איז געווען מאכטלאז. זי האט גאר נישט געקאנט מאכען מיט די צעבושעוועטע סאלדאטען.

צום סוף שוין, ווען אין מאנאפאל-סקלאד איז ווייניג וואס געבליבען, האט די „מאכט" געהייסען אונטערצינדען די מאנאפאל-געביידע, און מיר האבען ביינאכט געהאט א גראנדיעזען ספעקטאקל.

פאר מיר האט זיך אנגעהויבען א שרעקליך לעבען אין'ם לאגער. אלע שרייבער פון קאנצעלאריע זענען געווען פון אין דער פריה ביז ביינאכט שכור, אלע פעלדשערים אונזערע זענען געווען שכור, אלע סאניטארען אונזערע האבען געהאלטען אין איין שכור'ן, און א שכור'ער סאלדאט, דערהויפט א אוקראאינער, איז זעהר געפעהרליך פאר א ניכטערען מענשען. ארום אונז האט מען גאנצע טעג געזונגען, געשריען, געזידעלט זיך, געהרג'עט זיך. אין די שפיטאלען איז דער גאנצער פערסאנאל (אפילו דאס רוב בארמהערציגע שוועסטער) געווען שכור; די קראנקע האבען אויך מיטגעשכורט.

די שכור'ע סאלדאטען האבען גענומען ווארפען עפעס מאדנע בליקען אויף אונז, עס האבען זיך געהערט הינטער אונזערע פלייצעס נישט קיין אנגענעהמע עפיטעטען; מען האט אונז אנגעהויבען צו זידלען מיט כל הבורזשויעס אין דער וועלט. און איך האב מורא בעקראגען פיר מיין פאמיליע; עס איז געווארען אוממעגליך צו בלייבען אין לאגער, ווייט פון ניכטערע מענשען.

נישט לאנג טראכטענדיג, בין איך אוועק

אין שטאָדט, האָב געדונגען ביי אַ מיניסטעריאַלער אַפּטייקער צוויי צימערן, און מיר האָבען זיך אריבערגעטראָגען אין שטאָדט אַריין, וואו ס'איז דאָך געווען פיעל זיכערער און אָנגענעהמער צווישען היימישע מענשען. —

## כד.

אין שטאָדט האָבען מיר זיך איינגעאָרדענט גאָר ניט שלעכט. מיר האָבען באַלד בעקומען בעקאַנטע, מיר האָבען זיך געפיהלט היימיש און אַ סך זיכערער, ווי אין די לאַגערן צווישען די שכור'ע סאָלדאַטען.

ניט לאַנג האָבען אָבער געדויערט אונזערע רוהיגע טעג.

דער שפּירט און דער בראַנפען פון דעם צוראַבעוועטע מאָנאָפּאָל־סקלאַד איז נאָך אין גיכען אויסגעטרונקען געוואָרען און די דאָרשטיגע סאָלדאַטען האָבען געוואָלט נאָך...

מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז מיר זיינען געווען אין חערסאָנער גוב. אויף דער גרעניץ פון בעסאַראַביען, דאָס הייסט אין אַ לאַנד, וואו וויין פליסט, ווי וואַסער. און די סאָלדאַטען האָבען מאַקי גענוי געוואוסט, אַז אין די מיניסטעריאַלער קעלערן קען מען נאָך געפינען אַ שפּאַר ביסעל פעסלעך אַחער פעסער מיט וויין.

האָבען זיי זיך מאַקי אין אַ געווינסטע פּינקטליכע נאַכט אַ לאָז געטהון אין שטאָדט אַריין צו די קעלערן!

די האַזיגע שרעקליכע נאַכט וועל איך קיינמאָל ניט פערגעסען.

מיר האָבען געוואוינט אויף דער באַזאַרנער גאַס, אין דעם הויפּט־צענטער פון די וויין־קעלערן. אין יעדעם הויז אויף דער גאַס איז געווען אַ וויין־קעלער. אַזאַ קעלער איז אויך געווען גראָד אונטער אונזער דירה. אויסער דעם האָבען מיר געוואוינט ביי אַן אַפּטייקער און אין אַן אַפּטייק געפינט זיך אַלע מאָל שפּירט, אַזוי אַז מיר זיינען געווען אַרומגערינגעלט מיט וואולקאַנען...

די סאָלדאַטען האָבען, אין אַ שטאַרק אויפגערעגטען צושטאַנד, אָנגעהויבען צו גיין פון עק שטאָדט מבית לבית, גלייך צו די קעלערן: זיי האָבען אויפגעריסען די שלעסער, צוהאַקט די פעסער וויין און האָבען קודם־כל געזופּט, געזופּט אָהן אַ מאָס; זיי האָבען געטרונקען, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך גאָר נישט געקאָנט אָנזעטיגען... דערנאָך זיינען זיי געלאָפען נאָך עמער, וועלכע זיי האָבען מיט סקאַנדאַלען אַוועקגענומען ביי די איינוואוינער...

מיין בעל־הבית און זיין פרוי, מיין פרוי, מיין זוהן און איך אַליין זענען געוואָרען שטאַרק אונרוהיג, ווייל די כמאַרע האָט זיך וואָס אַמאָל אָנגעהויבען צו דערנעהנטערן צו די קעלערן אַרום אונז... מיר האָבען פערלאָשען די לאָמפּען, פערמאַכט די לאַדענס (מיר האָבען געוואוינט פּאַרטער) און האָבען זיך אַלע מיט קלאַפּעדיגע הערצער אַוועקגעשטעלט נעבען טהיר און האָבען געקוקט דורך שפּעלטעלעך אויף דער גאַס.

די כמאַרע רוקט זיך אַלץ נעהנטער און נעהנטער. מיר הערען שוין דעם גערויש פון אַ מאַסע שכור'ע שטימען... אין העמדעלעך ממש איז ביי אונז אַלעמען דורכגעפלויגען דער געדאַנק: „אַ פּאָגראָם!“... אָט קומט ער!... אָט אַזוי זעהט ער אויס!...

און אַזוי ווי תיכף צו בעשטעטיגען אונזער משוגע'דיגען געדאַנק, האָבען מיר גאַנץ דייטליך דערהערט שטימען: „בעי זשידאָוו! לאַמאַי! בערי וסיאָ!“...

זיי פרויען האבען אנגעהויבען צו ספאזמירען... אם שרעקליכסטען איז אבער געווען דאס געוויין פון מיין 10־יעהריגען בן־יחיד.

— „טאטע, איך האב מורא!" — האט ער געשריען און האט זיך פעסט געהאלטען פאר אונזערע הענד. און מיט וואס האב איך איהם געקענט בערוהיגען? וואו האב איך איהם געקאנט באהאלטען פון די צובושעוועטע סאלדאטען? נישט געווען וואוהין צו לויפען!

איך האב מיך געסטארעט, ווי ווייט מעגליך, צו בערוהיגען די פרויען. איך האב זיי געפרובט איבערצייגען, אז די סאלדאטען זענען וויין־דורשטיג אבער נישט בלוט־דורשטיג, ווייל וויין האבען זיי לרוב; וועלען זיי זיך אנגישכור'ן און הערומיט וועט זיך די זאך ענדיגען. מיינע ווערטער האבען אבער ווייניג בערוהיגט דעם עולם.

איך האב ארויסגעשיקט סעמיאנ'ען מיט נאך צוויי דענשטשיקעס פון מיינע קאלעגעס אויפ'ן גאס און זיי זענען געשטאנען פאר אונזער טהיר. אפשר וועט דאס העלפען!

הערווייל זעהען מיר, ווי סאלדאטען האבען אנגעצונדען פאקעלן און האבען אנגעהויבען בעל־הבית'עווען אין א קעלער אונז געגענאיבער. זיי האבען ארויסגעשלעפט פונ'ם קעלער פעסלעך מיט פאווידלע, וועלכע זיי האבען אויף דער גאס צובראכען און אויסגעגאסען אין רינשטאק.

אזוי ווי פון אונטער דר'ערד זענען פלוצים ארויסגעוואקסען פוהרלעך מיט ארומיגע פויערים, וואס האבען א כך פעסלעך מיט פאווידלע אוועקגעפיהרט צו זיך אין דארף אריין.

מיר זענען אזוי געשטאנען ביי דער טהיר ביז ס'איז געווארען טאג. דעמאלט איז אונז עטוואס גרינגער געווארען אויפ'ן הארצען. איך האב גע'פועל'ט ביי די דאמען, זיי זאלען מיך ארויסלאזען אויף דער גאס. כ'האב געוואלט זעהן, ווי זעהט זי אויס, ווייל ארום אונז איז בים־לעבווייז אלץ שטילער און שטילער געווארען.

דאס בילד, וואס איך האב אויף דער גאס געזעהן, האט ביי מיר נישט ווילענדיג ארויסגערופען א שמייכעל: דא און דארטען, אין די רינשטאקעס, אויף די טראטוארען זענען געלעגען „טויטע קערפערס", ד. ה. שכור'ע סאלדאטען, און האבען געבראכען אדער געכראפעט; חזירים האבען זיך צוגעלאפט צו די אויסגעגאסענע פאווידלע און האבען „גע־טשמאטשקעט" מיט גרויס אפעטיט; ניט ווייט פון אונזער טהיר האט זיך געוואלגערט עפיס א פויער, וועלכער איז געווען האלב־טויט. איך האב איהם קוים דערקענט, נישט אזוי איך אפשר, ווי זיין ווייב, וועלכע איז גראד אנגעקומען און האט איהם גענומען שלאגען מכות־רצח.

הכלל, ס'איז געווארען שטיל. די סאלדאטען האבען זיך, אפנים, פערמאטערט. מיר האבען געמיינט, אז די הוליאנקע האט זיך געענדיגט. מיר האבען אבער א טעות געהאט.

ארום 12 א זייגער בייטאג איז ווידער געווארען אונרוהיג אויף דער גאס. סאלדאטען האבען זיך ווידער גענומען זאמלען קופקעסווייז און דעמאלט האבען זיי שוין גערעדט אנ'אנדער מיין... זיי זענען שוין געגאנגען מאכען א... פאגראם! אלע קראמען זענען, נאטירליך, געווען צו. מיט געשרייען און זידלערייען האבען די סאלדאטען גענומען אראבריסען שלעסער פון די קראמען, פרעכען טהירען און

פענסטער און האבען אנגעהויבען ראבעווען.

איך האב געזעהן סאלדאטען, וואס האבען געשלעפט צו עטליכע חאמען־שוריעמס, חאמען־הינט, וועש, קליידער, שאכווארג און ד. גל.

די לאגע איז געווארען קריטיש.

דער שטאדט־ראט האט אבגעהאלטען אן עקסטרא־זיצונג, אויף וועלכע ס׳איז אנגענומען געווארען אזא רעזאלוציע: הויות, אז די אוקראינישע מאכט איז אהן מאכט, מוז מען אונבעדינגט די מאכט פשוט קויפען!

מען האט טאקע צונויפגעזאמעלט א היבשע סומע געלד, מען האט תיכף דעפעשירט קיין אדעס און פארנאכט זענען אנגעקומען צוויי געפאנצערטע אויטאמאבילען.

ווי נור די אויטאמאבילען האבען זיך באוויזען אויף די גאסען און האבען עטליכע מאל אויסגעשאסען אין דער לופט, זענען זיך אלע סאלדאטען פונאנדערגעלאפען.

אין שטאדט איז מאמענטאל געווארען רוהיג.

מען האט באלד געקאנט מאכען א סך־הכל פון פאגראם. ס׳האט זיך ארויסגעוויזען, אז די סאלדאטען האבען צוראבירט צוויי יודישע און איין קריסטליכען געשעפט. קיין מענשליכע קרבנות זענען גאר ניט געווען.

אין שטאדט האט זיך באלד געגרינדעט א בירגער־וואך און דער פאגראם איז געווארען ליקווידירט. דעם איבערגעבליבענעם זיין האט מען קאליע געמאכט, אריינגיסענדיג אין די פעסער נאפט און קארבאל.

פון רוסלאנד האבען מיר אויך אנגעהויבען צו בעקומען בעאונרוהיגענדע ידיעות וועגען א מלוכה־איבערקעהרעניש.

מורא האבענדיג פאר נייע עקסצעסען אין טיראספאל, האב איך בעשלאסען צו עקספעדירען מיין פאמיליע קיין מאסקווע; איך בין געווען איבערצייגט, אז, וואס ס׳זאל ניט פארקומען, איז אין א גרעסערע שטאדט זיכערער, ווי דא.

אזוי האב איך טאקע געטהון.

## כה.

נישט אזוי לייכט איז געווען דעמאלט זיך ארויסצוקריגען פון א קליין, פערווארפען שטעדטיל אין חערסאנער גובערניע. מען האט נישט געקאנט חלומ׳ן אפילו וועגען א שטעהענדיגען פלאץ אינ׳ם צוג, וועלכער איז געגאנגען דורך טיראספאל נאר איין מאל א מעת־לעת.

אויב אין משך פון דער מלחמה איז וואס א טאג געווען אלץ שווערער און שווערער צו פאהרען מיט דער באהן, איז עס איצט, ד. ה. אין סעפטעמבער 1917 געווען גאנץ אוממעגליך. די פאסאזשיר־צוגען זענען געווען בעלעגערט מיט סאלדאטען פון אינווענדיג און פון אויסענווענדיג: סאלדאטען זענען געלעגען אויף די דעכער, געשטאנען צווישען די וואגאנען. יעדער צוג האט אויסגעזעהן ווי א בינענשטאק. א סך אומגליקען האבען דעמאלט געטראפען מיט די פאהרענדע סאלדאטען. קיין זאך האט אבער דעמאלט נישט געקאנט איינהאלטען דעם סאלדאט אויף דער פאזיציע און איבערהויפט אין קיין אבטיילונג, וואו ער האט געדינט. די סאלדאטען האבען זיך אליין דעמאביליזירט.

איך האב אנגעווארפען יעדען געדאנק צו עקספעדירען מיין פאמיליע פון טיראספאל מיט א פאסאזשיר־צוג. איך האב בעשלאסען צוווארטען אויף א גע=

ליגענהייט. ניט לאנג האב איך געווארט.

פון אונזער עוואקואציאנס-פונקט האט גראד מיט א פאר טעג שפעטער געדארפט אפגעהן א סאניטאר-צוג מיט קראנקע סאלדאטען, וועלכע מען האט געדארפט אוועקפירן קיין חארקאוו. בעסער האב איך ניט געדארפט.

היות, אז דער דאזיגער סאניטאר-צוג איז געווען אונטער מיין השגחה אלס הויפט-דאקטאר פונ'ם עוואקואציאנס-פונקט, איז מיר געווען זעהר לייכט צו שיקען מיין פאמיליע מיט דעם צוג קיין חארקאוו.

איך האב אויך זעהר לייכט, נאטירליך מיט דער הסכמה פון אונזער דאקטוירים-קאלעקטיוו, בעקומען אנ'ערלויבניש מיטצופאהרען מיט מיין פאמיליע ביז חארקאוו. אליין צו שיקען זיי האב איך מורא געהאט.

מיר האבען זיך גאנץ בעקוועם איינגעארדענט מיט אונזערע טשעמאדאנען, קעסטלעך און פעקלעך (מען האט געפירט אפילו קיין מאסקווע) אינ'ם וואגאן, וואס איז געווען בעשטימט פאר קראנקע אפיצירען. אין דעם דאזיגען וואגאן איז געווען נאר איין איינציגער פערוואונדעטער עסטרייכישער פאלקאווניק, א קריגס-געפאנגענער פון לאנג אן. מיר האבען מיט איהם באלד בעקאנטשאפט געשלאסען.

געפאהרען זענען מיר גאנץ פאמעליך שטעהענדיג אויף סטאנציעס שעה'ן-לאנג.

דער דאקטאר פונ'ם סאניטאר-צוג איז געווען זעהר א סימפאטישער מענש און מיר פלעגען זיך אפט אלע צוזאמען זיצען אין וואגאן און שמועסען מענגי-דיומא, אדער וועגען פערשידענע איבערלעבונגען, וועלכע יעדערער פון אונז האט געהאט וועהרענד דער מלחמה.

איינמאל האט זיך דער דאקטאר פאנאנדערגעדרעהט און האט אונז דערצעהלט וועגען א שרעקליכער דראמע, וואס ער האט מיט א יאהר צוריק איבערגעלעבט.

„מיין פרוי, זאגט ער, איז אויך געווען א דאקטארקע און האט געדיענט אין א לאזארעט, וואס האט זיך געפונען אין די ערשטע ליניעס פונ'ם פראנט. עטליכע חדשים האב איך פון איהר קיין שום ידיעה ניט געהאט. איהר ווייסט דאך, ווי אזוי די פעלד-פאסט פונקציאנירט! איבריגענס האב איך אויך געדיענט אין א פעלד-לאזארעט, וואס ס'פלעגט זיין וואו א טאג און וואו א נאכט אזוי, אז די בריעף פון מיין פרוי פלעגען וואנדערן, ווי איך. איך האב בעשלאסען צו פאהרען צו איהר צו גאסט, עס איז מיר אנגעקומען זעהר שווער ביז איך בין דערגאנגען, וואו איהר לאזארעט געפינט זיך? ענדליך האב איך איהם אויסגעזוכט. איך געדענק, פארטאגס איז עס געווען, ווען איך בין מיט א פוהר'ל צוגעפאהרען צום לאזארעט. ביי דער ערשטער שוועסטער, וואס איך האב געטראפען, האב איך געפרעגט, וואו מען קען דא געפינען די דאקטארקע אלגא איוואנאוונא, מיין פרוי, הייסט עס? איך מוז דא אונטערשטרייכען, אז די גאנצע 4 טעג, וואס איך בין געפאהרען, בין איך געווען זעהר אונרוהיג, איך האב געפיהלט א מין קלעמעניש אויפ'ן הארצען איך האב געשפירט, אז עס וועט גאר מיר טרעפען עפיס אנ'אומגליק. איך האב בעמערקט, ווי די שוועסטער, ביי וועלכער איך האב געפרעגט וועגען מיין פרוי, איז בלאס געווארען, האט א ציטער געטהון און האט מיר מיט א דערשטיקטער שטימע געענטפערט, אז אלגא איוואנאוונא לעבט שוין ניט מעהר, אז גראד נעכטען האט א פיינדליכער אעראפלאן ארונטערגעווארפען א

באמבע און דער געגענד פונ'ם לאזארעט און האט זי דער'הרג'עט; די בעשרייבונג וועט זיין מאדנע, אבער ליגט זי אט דארטען, אין א קליין שטיבעל... ווי א משוגענער בין איך באלד אהינצו אוועקגעלאפען און האב געפונען א צוקאלעטשעטע טויטע קערפער פון מיין פרוי... פון דעמאלט אן געפין איך מיר קיין ארט ניט. איך פרעג נאר, וואו זיינען די הויכע אידעאלען פון דער קולטור, פון רעליגיאנען? איז עס דען ניט אן'אירוניע, אז די קולטורעלסטע פעלקער פון דער וועלט שטעהען איינס אקעגען דעם צווייטען און שעכטען זיך איינאנדער, שיסען זיך און אזוי ווייטער? וועמען האט גענוצען געבראכט דער אומגעלומפערטער טויט פון מיין פרוי, פון א מענשען, וואס איז, אלס דאקטאר, אלע מאל געווען פערפליכטעט צו ראטעווען פונ'ם טויט יעדען מענשען, מעג עס זיין דער גרעסטער שונא!... איך בין געווארען גלייכגילטיג צו אלץ. מיך קימערט אציינד ניט קיין געשעהעניש, וואס קומט פאר ארום מיר. מיך ארט ניט, צי מיינע סאלדאטען הערען מיך, צי ניט; מיך ארט ניט, צי זיי לאזען מיך טרינקען טהיי, ווען איך וויל, אדער ווען זיי ווילען, צי זיי טיילען אויס דריי שטיקלעך צוקער א טאג און ד. ל. איך ווייס גאנץ גוט, אז מען קאן מיך בעפאלען אינ'ם צוג, מען קאן אוועקרויבען דאס קאזיאנע געלד, וואס איך פיהר. איך בין אבער אויך הערצו גלייכגילטיג. אט דא האט איהר די פאלגען פון א מלחמה!"

ער האט געענדיגט און מיר זיינען אלע געזעסען א היבשע צייט און האבען געשוויגען. טרייסטען האבען מיר איהם ניט געקאנט.

מיט א געדריקטער שטימונג זיינען מיר זיך צוגאנגען שלאפען.

פארטאג האט מיך אויפגעוועקט א ווילדער געשריי פונ'ם עסטרייכישען פאלקאווניק:

— „צום דאנערוועטער! מאן האט מיר מיינע שטיוועל און מיינע האזען געשטאהלען!".

איך האב מיך א ריס געטהון פון מיין געלעגער, האב מיך געוואלט אנטהון און זעהן, וואס איז אזוינס מיט דעם פאלקאווניק געשעהן?

איך וויל נעהמען פון אונטער דער באנק מיינע שטיוועל... א נעכטיגער טאג! זיי זיינען נעלם געווארען! מיינע תחתונים ליגען אויף אן'ארט! אויך גוט!

עס איז געווארען א גערודער אין וואגאן. די דריי סאניטארען, וואס זיינען געשלאפען אין דעמזעלבען וואגאן זיינען אויך אויפגעשטאנען. ביי איינעם פון זיי זיינען אויך די שטיוועל פערשוואונדען געווארען.

מיט הארצקלאפעניש האב איך גענומען קאנטראלירען מיינע זאכען: דער בעסטער לעדערנער טשעמאדאן מיט די בעסטע קליידער פון מיין פרוי און מיין זאהן איז אויך נעלם געווארען! ווי אזוי? איך אליין האב אייגענהענדיג פערמאכט די טהירע פון אונזער וואגאן, ווייל איך האב געהאט א ספעציעלען וואגאן־שליסעל.

בעטראכטענדיג גוט דעם ענין בין איך געקומען צו דער פעסטער איבערצייגונג, אז דאס איז געווען א היימישע זאך. קיינער, אויסער די סאניטארען, וואס האבען אויך געהאט וואגאן־שליסלען, האט דאס ניט געקאנט מאכען. דאס פערשווינדען פון דעם סאניטאר'ס שטיוועל איז געווען מעהר ניט ווי אן'אנשטעל.

דער עסטרייכישער פאלקאווניק האט זיך געקלאגט און האט זיך ניט געקאנט בערוהיגען:

„און איינעם סאניטעטס־צוג זאל זא

וואס פארקומען! אנגערהערט!".

איך האב געשיקט רופן דעם דאקטאר פונ'ם צוג. קודם-כל האט ער גענומען ברענגען פון צעהלין 2 פאר שטיוועל, און א פאר הויזען. דערנאך האבען מיר גענומען האלטען א ישוב הדעת, וואס ווייטער צו טהון?

דער דאקטאר איז געווען פון הער געשיכטע גאנץ אויפגעבראכט.

— „אט זעהט איהר שוין בעשיינפערליך, זאגט ער, אין וואס פאר א סביבה מיר געפינען זיך. די גנבה בעשטעטיגט אינגאנצען מיינע נעכטיגע געדאנקען, וועלכע איך האב ארויסגעזאגט! לאמיר זעהען, איך וועל באלד מאכען א רעוויזיע אין אלע וואגאנעס!"

א קליינער פונק פון האפנונג האט זיך ביי מיר בעוויזען.

מיר זענען ארויס פון וואגאן און האבען געוואלט צוטרעטען צו דער רעוויזיע. פלוצים קומען אונז אנטקעגען דריי פארשטעהער פון דער קאמאנדע און ערקלערען אונז קאטעגאריש, אז די קאמאנדע פראטעסטירט געגען אזוער רעוויזיע און זי וועט עס בשום אופן נישט דערלאזען. כאלמעהר, די קאמאנדע פאדערט דורכאוים, אז די ציוויל-פאסאזשירען (ד. ה. מיין פרוי און מיין זוהן) זאלען פערלאזען דעם סאניטאר-צוג, ווייל זיי האבען נישט דאס רעכט צו פאהרען. א קאלטער שווייס איז מיר ארויס! אזא חבריא מאכט קיין שפאס נישט און טהוט, וואס זי וויל.

איך האב מיך צום גליק נישט פערלארען און האב באלד איבערגערעדט דעם ספארעק.

— „ענטשולדיגט, טאווארישטשי, האב איך זיי געזאגט, עס פאלט מיר גארנישט איין צו בעשולדיגען יעמען ס'גיט אין די סאניטארען. מיר האבען מעהר נישט געוואלט יוצא זיין פאר דעם עסט-רוסישען פולקאווניק, כדי איהם צו איבערצייגען, אז די סאניטארען זענען אין דער גנבה נישט שולדיג. אויב איהר ערלויבט נישט, וועלען מיר קיין שום רעוויזיע נישט מאכען. זייט רוהיג, טאווארישטשי!".

„א כפרה צעהן טשעמאדאנען, טראכט איך מיר, אבי די נפשות זאלען זיין גאנץ!"

די דעפוטאטען האבען זיך בעגנוגענט מיט מיינע ווערטער און האבען אונז געלאזען צו-רוה.

די גנבה האט מיר אפילו שטארק געקרענקט, איך האב מיך אבער באלד בערוהיגט. מילא, אהן א טשעמאדאן מיט קליידער לעבט מען נישט?

אין חארקאוו איז מיר געלונגען פאר גאנצע 10 רובל ביים שווייצאר צו בעקומען צוויי נומערירטע פלעצער אין א שנעל-צוג און מיין פרוי מיט'ן זוהן זענען בשלום אבגעפאהרען קיין כאסקיוו. איך בין געבליבען אין חארקאוו, כדי צוריקצופאהרען קיין טיחאספאל.

אגב האט איינער פון די סאלדאטען, וואס האבען געשלעפט אונזערע איבערגעבליבענע פעקליך פונ'ם וואקזאל אין וואגאן אריין, צוגע'גנב'עט א קליין קוישעל מיט עסענווארג, וואס מיין פרוי האט צוגעגרייט אויפ'ן וועג.

---

## כו.

אין כארקאוו בין איך פערבליבען א טאג און האב געווארט אויף א צוג, כדי צוריקצופאהרען קיין טיראספאל.

איך בין אוועק אין שטאדט אריין. דא האב איך מיך דערוואוסט, אז גראד דעם טאג האט זיך אנגעהויבען אנ'אלגעמיינער

שטריק: די טראַמוואַיען זענען געשטאַנען, קיין צייטונגען זענען נישט אַרויסגעגאַנגען און ד. גל. אויף דער גאַס האָב איך געהערט קלאַנגען, אַז אין מאָסקווע קומט איצט פאָר אַן איבערקערעניש, אַז די באָלשעוויקעס האָבן איבערגענומען די מאַכט, אַז אויף די מאָסקווער גאַסן גייט אַ שלאַכט, און אין כאַרקאָוו שמעקט שוין אויך מיט פולווער אין דער לופט.

ס'האָט מיר דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין האַרצן. סטיפּענדיע? וואָס האָב איך דאָ געטאָן? ווי אַזוי האָב איך אַוועקגעשיקט מיין פאַמיליע גראָד איצט קיין מאָסקווע, אין סאַמע פייער? ווי אַזוי וועלן זיי קומען פונ'ם וואָקזאַל אַהיים? און פאַרוואָס בין איך מיט זיי נישט מיטגעפאָהרען? אויף די אַלע פראַגן האָט מיר קיינער קיין תשובה נישט געקאָנט געבען. איך האָב געמוזט פאָהרען צוריק צו מיין סלוזשבע קיין טיראַספּאָל.

נישט האָבענדיג קיין פּאַסאַזשיר-צוג, ווייל דער באַהן-פערקעהר האָט זיך אָפּגעשטעלט, בין איך געווען געצוואונגען צוריקצופאָהרען מיט דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן אין אַ טעפּלושקע-צוג, וואו מען האָט מיך בע'גנב'עט. קורץ גערעדט, אַ נאַקעטע וואָך בין איך געפאָהרען פּאַוואָלי! ביז איך בין דערקראָכן צוריק קיין טיראַספּאָל. קיין צייטונגען האָב איך אונטערוועגס נישט בעקומען און איך האָב גאָר נישט געוואוסט, וואָס ס'טוט זיך אין מאָסקווע. קיין שום דעפּעשע פון מיין פאַמיליע האָב איך אין טיראַספּאָל אויך נישט געפונען, ווייל די טעלעגראַף-פערבינדונג מיט מאָסקווע איז געווען איבערגעריסען.

אין די ערשטע צייטונגען זענען יאָ געווען טונקעלע ידיעות וועגען די געשעהענישן אין מאָסקווע, אָבער וואָס דאָרטען איז פאָרגעקומען און קומט-פאָר האָט מען קלאָר נישט געקאָנט דערגעהן.

איך בין געוואָרען אומרוהיג אויף דער העכסטער מדרגה. צום גליק איז גראָד אין אַ פּאָר טעג אַרום געקומען פון מאָסקווע צוריק אַ סאָלדאַט פון אונזער פּונקט. ער האָט מיר דערציילט איינציגע פּרטים וועגן דער איבערקערעניש: אַז צווישען די באָלשעוויסטיש געשטימטע סאָלדאַטן און מאַטראָסן און צווישען די אָנהענגער פון קערענסקי'ס רעגירונג, דאָס רוב יונקערס, זענען פאָרגעקומען פאָרמעלע שלאַכטן, אַז די באָלשעוויקעס האָבן מיט אַרטילעריע פון די בערג אַרום מאָסקווע („וואָראָביאָווי גאָרי") בעשאָסן דעם קרעמל, דעם האָטעל „מעטראָפּאָל", דעם ניקיטסקי-טויער, ד. ה. די ערטער, וואו ס'האָבען זיך בעשאַנצט די יונקערס, אַז אָנגעהויבן האָט זיך דאָס גראָד דעמזעלבען טאָג, וואָס מיין פאַמיליע האָט געזאָלט אָנקומען קיין מאָסקווע. דער סאָלדאַט האָט מיך אַ ביסעל בערוהיגט, דערציילענדיג ווייטער, אַז פרויען און קינדער ווערען אונטער דער שוץ פון אַ בעוואָפנעטער וואַך געפיהרט פון די וואָקזאַלען דורך הינטער-געסלעך, וואו מען שיסט נישט, און אַזוי-אַרום ברענגט מען זיי אַהיים.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז צוריקגעשטעלט געוואָרען די טעלעגראַף-פערבינדונג מיט מאָסקווע און איך האָב ענדליך בעקומען פון מיינע אַ דעפּעשע, אַז זיי זענען בשלום געקומען אַהיים. איך האָב מיך בערוהיגט און, נישט האָבענדיג וואָס צו טאָן אויף סלוזשבע, האָב איך גענומען שטודירען דאָס לעבען אין טיראַספּאָל, וואו איך האָב מיך, ווי איהר ווייסט עס שוין, אַריבערגעטראָגן פון די לאַגערן.

די געשעהענישן אין מאָסקווע האָבן זיך באַלד אָפּגערופן אויך אין אוקראַינע, אין קיעוו און אין כאַרקאָוו זענען אויך פאָרגעקומען באָלשעוויסטישע אי-

פערקעהרענישען. און, היות, אַז טיראַספּאָל איז געווען און אוקראַינאַ, האָט זיך דאָ אויך איבערגעביטען די מאַכט.

די מיטגלידער פון דער אוקראַינישער ראַדאַ זענען פּלוצים געלם געוואָרען און פּונקט אַזוי פּלוצים האָבען זיך באַוויזען די מיטגליעדער פון דעם אַמאָל שוין געוועזענעם אַרבייטער-און סאָלדאַטען-ראַט. אַלע באַאַמטע זענען געבליבען אויף זייערע שטעלעס, מיר אויך, היינט עס. פאַר אונז, דאָקטוירים, איז איינגענטליך געווען גלייך איינס, ווער ס'וועט מיט אונז קאָמאַנדעווען, ווייל מיר האָבען שוין נישט געהאַט מיט וועמען צו קאָמאַנדעווען. קיין סאָלדאַטען זענען שוין ביי אונז כמעט נישט געבליבען. אנשטאָט סאָלדאַטען האָבען מיר געהאַט גערונגענע מענשען און די ווירטשאַפט האָט זיך געפיהרט פון זיך אַליין, אָהן קאָנטראָל, אָהן אָרדנונג, מען האָט פון אונזערע סקלאַדעס ווייטער גע'גנב'עט...

אין טיראַספּאָל האָב איך באַקומען פיעל באַקאַנטע. די יודישע גאַס האָט די לעצטע חדשים (ד. ה. פון קערענסקי'ס איבערקעהרעניש אָן) אויפגעלעבט. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרק פּאַרטייאיש לעבען. יעדע פּאַרטיי האָט זיך געהאַט איהר קלוב, וואו ס'פלעגען זיך צונויפקומען די פּאַרטיי-מיטגליעדער. די ציוניסטען האָבען געהאַט אַ גרויסען קלוב אויף דער הויפּט-גאַס; די פּועלי-ציוניסטען האָבען געהאַט אַ באַזונדערן קלוב, די פאַראייניגטע אַ באַזונדערן און אַזוי ווייטער.

איין זאַך האָט מיך דעמאָלט שטאַרק געוואונדערט און אַפילו געפּייניגט: ווערענד דאָס יודישע פּאַרטיי-לעבען האָט אָנגעהויבען צו בליהען, וועהרענד יעדע פּאַרטיי האָט געהאַט איהר באַזונדערן קלוב, איז אין דערזעלבער צייט די רייכע טיראַספּאָלער יודישע קהלה געצוואונגען געווען צו פערמאַכען דעם יודישען שפּיטאָל צוליעב מאַנגעל אין געלד. און דער טיראַספּאָלער יודישער שפּיטאָל, דאַרפט איהר וויסען, איז געווען דער שענסטער אין טיראַספּאָל, אַם בעסטען איינגעאָרדנעט. דער שפּיטאָל האָט זיך אויסגעהאַלטען נור דורך צופעליגע נדבות.

איך בין געווען אויף אַן'אסיפה וועגען דעם ענין, און ס'איז געבליבען, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז דערווייל נישטאָ, ווי... ווייטער קלייבען נדבות.

מיט דער באָלשעוויסטישער פיהרונג איז קיין נייעס אין טיראַספּאָל נישט פאָרגעקומען. ס'האָבען זיך מעהר נישט פערמעהרט גנבות אין שטאָדט, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס ביי דער נאַכט פלעגען אַרומגעהן פּאַטרולען פון דער בירגער-וואַך, וועלכע פלעגען האַלטען נור אין זיין שיסען אין דער לופט.

אין אָדעס האָט באַקומען אַ גרויסע מאַכט דער בערימטער „רומטשעראָד“, ד. ה. דער מאַטראָסען-און סאָלדאַטען-ראַט פון רומענישען פראָנט, פון דעם שוואַרצען-ים-פלאָט און פון אָדעסער מיליטער-ראַיאָן. באַזונדערס האָבען זיך אויסגעצייכענט די מאַטראָסען, וועלכע זענען איינגענטליך געוואָרען די גאַנצע בעלי-הבתים אין אָדעס. אין אָדעסער פּאָרט זענען געשטאַנען צוויי קריגס-שיפען „אַלמאַז“ און „סינאָפּ“, וועלכע די מאַטראָסען האָבען פערוואַנדעלט אין שוידערנדע טורמעס, ווייל דאָרטען פלעגען זיי האַלטען די אַרעסטירטע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערען, אָפיציערען און סתם בורזשויעס. די ביידע שיפען האָבען געוואָרפען אַן'אימה אויף אַלעמען, דערהויפּט אויף געוועזענע אָפיציערען. מען פלעגט דערציילען, אַז ווער ס'פלעגט אַריינפאַלען אין איינעם פון די שיפען, פלעגט שוין צוריק נישט קומען. וואָס מען האָט מיט

איהם געטהון, האט קיינער ניט געוואוסט, נאר מען האט א סך גערעדט דערפון, אז דער ים גופא ארום די צוויי שיפען שלינגט=איין א סך קרבנות.

דעמאלט איז געווען אין גרויסער מאָדע אזא ליעדעל: „א, דו יונגער אפיציר, וואוהין לויפסט דו, וועסט אריינפאלען אויף דעם „אלמאז", וועסט דו שוין צוריק נישט קומען".

די אדעסער צייטונגען פלעגען ברענגען טאג=טעגליך יחיעות וועגען גרויסע קאנטריבוציעס, וואס זענען ארויפגעלעגט געווארען אויף די אדעסער גבירים, וועגען רעוויזיעס, וואס פלעגען פארקומען, וועגען גרויסע גנבות, וואס מען פלעגט מאכען אונטער דער מאסקע פון רעוויזיעס. אין דעצעמבער 1917 האט מען שוין מורא געהאט ביי נאכט ארויסצוגעהן אין גאס. שוין פון אכט אזייגער אין אווענד איז געווען געשלאסען טהיר און טויער.

מחמת מען האט פון די געפענגענישען ארויסגעלאזען כמעט אלע ארעסטאנטען, צווישען זיי א היבש ביסעל פראפעסיאנעלע גנבים, פלעגט מען אין אווענד גאנץ אפען אראבנעהמען ביי וועמען א פאלטא, ביי וועמען א קאראקולענעם זשאקעט און ס'זענען געווען פאלען, וואו מען פלעגט אראבנעהמען ביי פרויען זייערע שיך. עס זענען פערנאטירט פאקטען, ווען א העפליכער גנב פלעגט אבפיהרען א פרויענצימער ביז צו איהר טהיר און דעמאלט ערשט אראבנעהמען איהרע שיך, כדי זי זאל זיך נישט פערקיהלען, געהענדיג בארוועס...

זעהר אנ'אינטערעסאנטען פאקט געדענק איך פון יענע צייטען: אין אדעס האבען א פאר קעשענע־גנבים פערהאלטען שפעט אין דער נאכט א העררן און האבען גאנץ קאלטבלוטיג אראבגענומען ביי איהם זיין זייגער, זיין פארטסיגאר און אנדערע זאכען. דער העררי האט אין מיטען דערינען אנגעצונדען א זאפאלקע, כדי צו פערריכערן א פאפיראס.

ווען חברה האבען דערזעהן זיין פנים, האבען זיי אויסגעשריען:

— „א, דאס איז דאך אונזער ניקאלאי איוואנאוויטש!".

ס'האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער העררי איז געווען דער בעקוואוסטער, לאנגיעהריגער טורמע־דאקטאר, וועלכען אלע ארעסטאנטען האבען זעהר געשעצט פאר זיין גוט הארץ צו זיי. מען האט תיכף דעם דאקטאר געבעטען מחילה, מען האט איהם אבגעגעבען מיט גרויס רעספעקט זיין זייגער און דעם פארטסיגאר און מען האט איהם אבגעפיהרט בכבוד גדול ביז צו זיין טויער. איינער פון די בעגלייטער איז געגאנגען פאראויס און האט געפייפט, כדי „פריי" צו מאכען דעם וועג.

## כז.

יאנואר 1918.

איך האב שוין פריהער אמאל דערמאהנט, אז בעסאראביען האט זיך ערקלערט אלס א זעלבשטענדיגע רעפובליק. דער בעסאראבישער פארלאמענט, דער אזוי=גערופענער „ספאטול=צערי", אדער ווי די יודען פלעגען איהם רופען „ס'פעהלט איהם צרות", האט זיך געסטארעט ווי וויט מעגליך און וואס גיכער צו מאלדאוואניזירען דאס גאנצע לאנד. ליידער, האבען מאלדאוואניש גערעדט נור די פויערים. אין די שטעדט האט אבער זעלטען ווער פערשטאנען מאלדאוואניש און די ארדנונג האט זיך ווייטער געפיהרט לויט דעם אלטען רוסי=

שען שטײַגער, אויף דער רוסישער שפּראַך.

די שטאָדט בענדער איז געווען אין בעסאַראַביע; און טיראַספּאָל אין אוקראַינע. די ביידע שטעדט, וועלכע זענען אײנגאַנצען אַ וויאָרסט 8 ווייט איינע פון דער צווייטער, זענען געווען כמעט ווי איין שטאָדט, אָבגעטיילט דורך דעם דניעסטר. אין משך פון אַ גאַנצען טאָג פלעגען תמיד הין און צוריק געהן דראָזשקעס. איצט אָבער האָט די בעסאַראַבישע מאַכט געשלאָסען די גרעניץ און פון טיראַספּאָל קיין בענדער פלעגט מען מוזען פאָהרען גע'גנב'עטערהייד פון הינטען־אַרום.

נישט לאַנג האָט אָבער געדויערט די ממשלה פון דעם „ספאַטול־צערי“ און די עקזיסטענץ פון דער בעסאַראַבישער רעפּובליק.

אין רומעניען זענען נאָך געבליבען רעשטלעך פון דער רוסישער אַרמעע, וואָס האָט געקעמפט מיט דעם דייטש. די דאָזיגע רעשטלעך האָבען זיך ביסלעכווייז פולשטענדיג פּאָלשעוויזירט. די רומענישע מאַכט האָט געוואָלט פון זיי פטור ווערען און האָט זיי אָנגעהויבען אַרויסצושטופען פון רומעניען. די רוסישע סאָלדאַטען האָבען נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי אַריינצוגעהן אין בעסאַראַביען. די רומענישע רעגירונג האָט זיך דערמיט נישט בעגנוגענט. זי האָט געפיהלט, אַז איצט איז דער גינסטיגסטער מאָמענט צו אַנעקטירען בעסאַראַביען. קיין גרויסען ווידערשטאַנד האָבען די רוסישע סאָלדאַטען נישט געקאָנט שטעלען דער רומענישער רעגולערער אַרמעע, וועלכע איז גראָד אין דער לעצטער צייט געווען רעאָרגאַניזירט און אויסגעבילדעט דורך פראַנצויזישע אָפיצירען. די רומענער האָבען פערפאָלגט די רוסען אין בעסאַראַביען גופא. זיי האָבען פערנומען אַ שטאָדט נאָך אַ שטאָדט. הינטער קישינעוו האָבען די רוסען געפּרובט צו שטעלען אַ שטאַרקערן ווידערשטאַנד, זיי האָבען אָבער גאָרנישט אויסגעפיהרט און האָבען זיך בעפעסטיגט אַרום דער לעצטער בעסאַראַבישער שטאָדט בענדער, אין דער אַלטער בענדערער פעסטונג, ביים ברעג פון'ם דניעסטר, ד. ה. גאָר נאָהנט פון טיראַספּאָל.

מיר האָבען דערהערט שיסערייען פון האַרמאַטען — די אַלטע מוזיק, וועלכע מיר האָבען שוין פערגעסען. קיין טיראַספּאָל איז אַראָבגעקומען דער רוסישער, ד. ה. דער באָלשעוויסטישער הויפּטשטאַב. „קאָמאַנדיוושטשי“ איז געווען אַ געוועזענער רוסישער פּאָרוטשניק.

היות, אַז איך בין דעמאָלט געווען דער הויפּט־דאָקטאָר פון אונזער עוואַקואַציאָנס־פּונקט, האָב איך תיכף בעקומען אַ בעפעהל צו אָרגאַניזירען די נויטיגע מעדיצינישע הילף. די מעשה האָט מיר גאָר נישט געשמעקט, ווייל מיר האָבען נישט געהאַט קיין שום טראַנספּאָרטען, קיין סאַניטאַרען און די לאַזאַרעטען און כדומה. איך האָב צוזאַמענגערופען אַלע מיליטערישע דאָקטוירים און מיר האָבען אויסגעאַרבייט בעדינגונגען, וועלכע זענען אונז נויטיג, כדי מיר זאָלען קאָנען אויספיהרען אונזער מעדיצינישע אַרבייט. פון אונזער מעמאָריאַל איז, נאַטירליך, גאָרנישט געוואָרען, ווייל די רוסישע „אַרמעע“ האָט אַליין גאָר נישט געהאַט. מיר האָבען געבעטען, מען זאָל אונז געבען שומרים, צו היטען וואָס רעשטעל מלוכה־גוטס, וואָס איז נאָך אין אונזערע סקלאַדעס געבליבען, האָט מען אונז גאָר געהייסען אַלץ אַרויסגעבען יעדען, ווער עס וועט קומען מיט אַ פאָדערונג, און פאָדערונגען האָבען זיך תיכף אָנגעהויבען שיטען פון אַלע זייטען.

עטליכע טעג זענען אריבער און מיר האָבען גאָר קיין פערוואונדעטע ניט געזעהן. פּלוצים, געדענק איך, איז געוואָרען אַ רעש, די „הויפּט־קוואַרטיר" האָט אָנגעהויבען צו שיקען אויפ'ן פּונקט אַ שטאַפעט נאָך אַ שטאַפעט מיט אַ מעלדונג, אַז אויף יענער זייט בריק, ד. ה. אין בענדער געפינען זיך פערוואונדעטע, אַז איך מוז פאָהרען קיין בענדער מיט דאָקטוירים, סאַניטאַרען און ד. ג., כדי צו ברענגען די פערוואונדעטע קיין טיראַספּאָל.

— „וואו נעמט מען אַ טראַנספּאָרט?" פרעג איך.

— „עס וועט באַלד זיין!" ענטפערט מען מיר.

און מען האָט גענומען צונויפיאָגען אַלע טיראַספּאָלער פוהרמאַנעס, אייזוואָשטשיקעס צו דער בענדערער בריק צו. איך בין געפאָהרען פאָראויס מיט אַ משא־אויטאָמאָביל, מיט מיר זענען געפאָהרען עטליכע „חברים".

איך וועל ניט זאָגען, אַז מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט פאָהרען קיין בענדער, ד. ה. איבער דער בריק, וועלכע איז בעשאָסען געוואָרען מצד די רומענער. איך האָב מיר געוואָלט אַרויסדרעהען, אָבער... ניט פאָהרען, הייסט סאַבאָטאַזש און פאַר סאַבאָטאַזש האָט מען געקענט שלעכט אָבשניידען.

הכלל איך פאָהר און דאָס האַרץ קלאַפּט. מיר פאָהרען צו צו דער בריק, מען הערט שיסען, אָבער קיין שום פערוואונדעטע זעהט מען ניט.

— „וואו זענען דאָ די פערוואונדעטע?" פרעג איך ביי אַ בעוואַפענטע „חבר" וואָס איז געשטאַנען ביי דער בריק.

— „דאָרטען, זאָגט ער, אין בענדער פאָהרט אַהינצו!"

איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און האָב געהייסען אַרויספאָהרען אויף די בריק.

פאָהרענדיג, בעמערק איך, ווי אין מיטען בריק ליגט אָן אַ זייט אַ פערוואונדעטער רומענישער סאָלדאַט. זיין בלאַס פנים און זיינע האַלב־פערגלאָצטע אויגען, וועלכע האָבען געקוקט אויף מיר מיט אַ מין נעבעט, שטעהען מיר נאָך עד היום אין מיין זכרון. איך האָב אָבגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל און האָב געוואָלט איהם אויפנעהמען, אָבער מיינע בעגלייטער האָבען ניט דערלאָזען.

— „לאָמיר פריהער פאָהרען קיין בענדער און צונעהמען אונזערע פערוואונדעטע, צוריקוועגס וועלען מיר דעם נעהמען"...

איך האָב ווייטער קיין ברירה ניט געהאַט און האָב געמוזט מסכים זיין דערויף. מיר פאָהרען אָב נאָך אַ שריט צוואַנציג; פּלוצים הער איך צוויי רעוואָלווער־שאָסען פון הינטער מיר, איך קעהר מיך אום און... פינסטער איז מיר געוואָרען אין די אויגען: איינער אַ חבר האָט דערשאָסען דעם איבערגעבליבענעם פערוואונדעטען רומענער און האָט זיין טויטען קערפּער אַראָפּגעוואָרפען אין דניעסטער אַריין.

דאָס בלוט האָט זיך מיר געוואָרפען אין פנים, איך האָב אָנגעהויבען צו שרייען מיט אַ ווילדען קול, אַז דאָס איז באַרבאַריש, אוימענטש, אומגעהערט. אַ פערוואונדעטען צו דערשלאָגען, אַז יעדער פערוואונדעטער איז הייליג, אַז מען טאָר איהם ניט רירען און ד. ג.

אַך, איז חברה אויף מיר אָנגעפאַלען! אַך, האָט דאָס מיך אָנגעהויבען צו זידלען.

— „מיט וואָס לייר אַ רעכט פערטיידיגט איהר די הונד?, שרייט מען צו

מיר, צי ווייסט איהר, אז זיי טהוען אָן אונזערע חברים טויזענד מאל מעהר צרות, אז זיי צוהען ביי אונזערע חברים דאָס בלוט טראָפּענווייז. אויב איהר פערמיידעט זיי, זענט איהר נאָך בעסער פון זיי. היט אייך, איהר קענט לייכט אַנגעקלאָגט ווערען אין דעם רעוואָלוציאָנערען טריבונאַל".

אַזוינע ווערטער האָבען מיר נאַטירליך פערמאַכט דאָס מויל און איך בין אַרײַנגעפאָהרען אין בענדער זוכען פערוואונדעטע.

מיר זענען שוין אין מיטען שטאָדט, קיין פערוואונדעטע זעהט מען נישט. אַלע אײַנוואוינער האָבען זיך קעסטיג בעהאַלטען, ווייל מען האָט קיינעם אויף די גאַסען נישט געזעהן, און מיטען דערינגע האָט מען אָנגעהויבען שיסען פון פּוליעמיאָטען און קוילען האָבען געפייפט אַרום אונזער אויטאָמאָביל. די חברים האָבען זיך אַפּנים נישט ווענינגער דערשראָקען פון מיר און האָבען פערקעהרעוועט דעם אויטאָמאָביל און מיר זענען ווי אַ פּייל פון בויגען און אַ מאָמענט צוריק געווען אויף דער בריק און מיר האָבען געמאַכט אַ ויברח ווי אין פסוק שטעהט...

מיר זענען געקומען צוריק אין טיראַספּאָל און איך האָב געמאַלדען אין שטאַב, אַז קיין שום פערוואונדעטע זענען נישטאָ...

די לעצטע איבערלעבענישען האָבען אויף מיין געמיטה שטאַרק געווירקט און איך האָב מיך צוריינגעלעגט אין בעט און געשריבען אַ ראַפּאָרט, אַז איך בין קראַנק. קיין אָדעס האָב איך דעפּעשירט, אַז מע זאָל ענדליך שיקען אַ נאַטשאַלניק פון אַנדער פּונקט, ווייל איך קאָן מעהר קיין שטעלפערטרעטער נישט זיין. דיינו!

כיון דעשעניע האָט געהאָלפען און אין אַ טאָג דריי אַרום איז אַראָבגעקומען אַ נייער נאַטשאַלניק, אַ דאָקטאָר.

עס איז מיר אַראָב אַ שטיין פון'ם האַרצען. זאָל איהם אַצינד דרעהען דער קאָפּ, טראַכט איך מיר, איך בין שוין זאַט פון מאַכט.

---

## כח.

ויהי היום, דעם 25 יאַנואַר 1918 איז עס געווען, האָבען מיר דערהערט אַ שטאַרקע שיסערייַ, גאָר נאָהענט פון טיראַספּאָל, אַז די פענסטער האָבען זיך געטרייסעלט... מען הערט שיסען פון האַרמאַטען און אַפילו פון פּולעמיאָטען. עס געהט אַרום אין שטאָדט פערשיעדענע קלאַנגען, אַז די רומענער האָבען שוין פערנומען בענדער, אַז זיי זענען שוין אַריבער דעם דניעסטער און ד. ג.ל. עס איז געוואָרען אַ פּאַניק. און צו אַלע צרות איז אין מיטען העלען טאָג געפאַלען אַ רומענישע באָמבע אין דער הויפּט=גאַס נעבען אַנ'אַפּטייק. עטליכע מענשען זענען פערוואונדעט געוואָרען. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט אַ צווייטע באָמבע געמאַכט אַ גרויסע שרפה — דאָס האָבען די רומענער פון יענער זייט דניעסטער ווידער צומאָל געשאָסען. כמעט אַלע אײַנוואוינער האָבען זיך גענומען פּאַקען און זענען נאָך דעמזעלבען טאָג פון טיראַספּאָל אַנטלאָפען.

צומאָרגענס האָט די שטאָדט אויסגעזעהן פּוסט און ווּיסט. עס זענען געבליבען אַלע מיליטער=לייט, צווישען זיי, נאַטירליך, אויך מיר, דאָקטוירים.

די רומענער האָבען אַרויסגעלאָזען נאָך עטליכע שראַפּנעלען אויף טיראַספּאָל און זענען שטיל געבליבען. מיר האָבען אָבער

ניט געוואקסן, ווען זיי וועלן ווייטער שיסן?

דערווייל האבן מיר, דאקטוירים, געמאכט א זיצונג, וואו מיר האבן בעשלאסען צו פאדערן, אז מען זאל וועגנעמען די קראנקע ארויספיהרען פון שטאדט.

אין מיטען דער זיצונג האט זיך דערהערט א קנאל: א שראפנעל האט גראד געטראפען אין דאס הויז, וואו מיר האבען אבגעהאלטען אונזער זיצונג, און האט אבגעריסען א שטיק דאך. קיינעם פון אונז האט נישט געשאדט.

דאן האט אונזער קאלעקטיוו גענומען ענערגיש פאדערן, מען זאל אונז ארויסשיקען פון טיראספאל, וואו עס איז געווארען אוממעגליך צו ארבייטען.

אונזער וואונש איז אבער באלד צומארגענס ממילא מקוים געווארען: די רומענער האבען געגעבען די באלשעוויקעס א שטארקען קלאפ אזוי, אז זיי זענען געווען געצוואונגען צו חאפען עקעלבעקיל און מאכען פליס.

אונזער פונקט האט זיך אויך תיכף איינגעפאקט (דאס האט געדויערט גאר נים לאנג, ווייל ביי אונז איז שוין גאר נים געבליבען) און מיר זענען אבגעפאהרען אויף די סטאנציע ראזדיעלנאיא.

דא זענען מיר געשטאנען א טאג צעהן.

די געשעהענישען זענען געגאנגען שנעל פאראויס: עס זענען געקומען ידיעות, אז די רומענער שטופען די באלשעוויקעס פון דעם דניעסטער און אז פון צפון קומען־אן די דייטשע.

די באלשעוויקעס האבען קיין אנדער ברירה נישט געהאט, ווי צו לויפען קיין אדעס. אהינצו האט מען אויך אוועקגעשלעפט אונזער צוג און מען האט אונז אוועקגעשטעלט ערגיץ אויף א זייטיגע ליניע, נעבען דער האלנוצקער ראגאטקע.

געווען איז עס אנפאנג מערץ 1918. דאס דרום־וועטער איז געווען פראכפול. איך מיט נאך עטליכע דאקטוירים זענען מיר אוועק אין שטאדט אריין.

די אדעסער איינוואוינער זענען געווען זעהר צוטומעלט. די באלשעוויקעס, פיהלענדיג, אז דער דייטש וועט זיי נישט לאזען לאנג זיצען אין אדעס, האבען ארויסגעלעגט אויף דער אדעסער בעפעלקערונג א גרויסע קאנטריבוציע, וועלכע האט געדארפט אין משך פון 24 שעה בעצאהלט ווערען. אויב נים, וועלען די ביידע קרייץ־שיפען „אלמאז“ און „סינאפ“ מאכען א תל פון דער שטאדט.

איבער די גאסען זענען געפלויגען אויטאמאבילען, אויף וועלכע ס'זענען נים געזעסען, נאר ממש געלעגען מאטראסען מיט אנגעלאדענע ביקסען; אין דער ריכטונג צום פובליקום. זייערע בליקען זענען געווען ווילד און זיי האבען געווארפען אן אימה אויף די פארבייגעהער.

דאס האט אבער נישט לאנג געדויערט. די דייטשען זענען שנעל אנגעקומען קיין אדעס, און טאקע דורך דער האלנוצקער ראגאטקע, נים ווייט פון אונזער מושב.

איך געדענק — איך בין מיט עטליכע קאלעגען געגאנגען צוזאמענגענומען שפאצירען אויף דעם שאסיי. פלוצים האבען מיר דערזעהן א גרויסע מחנה אויטאמאבילען, וועלכע האבען מיט גרויס אימפעט זיך דערנעהנטערט צו אונז. מיר האבען דערקענט די דייטשע העלמען.

בקיצור, עס זענען אנגעקומען א מאסע דייטשע סאלדאטען, ארטילעריע, פיעחאטע, וועלכע האבען תיכף כמיד אנגעהויבען מאכען פאזיציעס, לעגען טעלעפאן־דראטען און ד. גל. עטליכע אויטאמאבילען מיט נאטשאלסטווא זענען אוועקגעפאהרען אין שטאדט, כדי, ווי מיר האבען זיך שפעטער דערוואוסט,

דורכצושמועסן זיך מיט די באָלשעוויקעס.

ווי אַזוי די אונטערהאַנדלונגען זענען געפֿירט געוואָרן, האָבן מיר נישט געוואוסט, נאָר שוין באַלד צומאָרגנס זענען די באָלשעוויקעס פֿון אָדעס אַוועק, די שיפֿן „אַלמאַז“ און „סינאָפּ“ זענען אָפּגעשוואומען.

אין אָדעס איז געוואָרן שלום ושלוה. דער עולם האָט זיך בערוהיגט. אומעטום האָט מען שוין געזעהן דייטשע און עסטרייכישע קאַראַולען. די גרויסע האָטעלן אויף דעם ים־ברעג זענען פֿאַרנומען געוואָרן דורך דייטשע און עסטרייכישע גענעראַלן.

## כט.

מיט עטליכע טעג שפּעטער, ווען אין אָדעס איז שוין געווען די פֿולע אָרדנונג, בין איך אַוועק אין די הויפּט־מעדיצינישע פֿערוואַלטונג און האָב מיך דאָרט געמעלדען.

מען האָט אונז געהייסן בלייבן אין אָדעס, כדי זיך דאָ צו דעמאָביליזירען. מיר האָבן פֿונ'ם שטאָדט־קאָמענדאַנט באַקומען אַ גאַנצען פּאַלאַץ אויף דעם פּראָנצויזישען בולוואַר.

אויף אַזאַ אופֿן בין איך געוואָרן אַן אָדעסער איינוואוינער.

די ליקווידאַציע פֿון די רעשטקעס פֿון אונזער פּונקט איז זיך געגאַנגען גאַנץ פּאַמעליך, אַזוי, אַז איך האָב געהאַט גענוג צייט זיך גוט צו באַקענען מיט דעם אָדעסער לעבען.

אָדעס איז זעהר אַ שיינע שטאָדט מיט ברייטע, ליכטיגע גאַסען, מיט שיינע, הויכע הייזער.

דער שענסטער קוואַרטאַל איז נישט ווייט פֿונ'ם ים.

דער בולוואַר אויף דעם ים־ברעג איז אַ רייצענדער און איר אַליין מאַכט די שטאָדט פֿאַר זעהר אינטערעסאַנט.

אויף דער הויפּט־גאַס, ד. ה. אויף דער דעריבאַסאָווסקאַ געפֿינען זיך צוויי גרויסע צוקערניעס, איינע פֿאַנקאָני און די אַנדערע ראָבינאַ.

אַרום די ביידע צוקערניעס אַגיטוען זיך און פֿון דרויסען פֿלעגט קאָכען, ווי אין אַ קעסעל: דאָרט איז געווען דאָס, וואָס מען רופֿט היינט „די שוואַרצע בערזע“: פּאָליטישע שפּעקולאַנטען פֿלעגען דאָרט פֿאַרקומען. און דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירליך, ווייל די אמת'ע בערזע, אַ גרויסע געביידע אין מאָדערנעם סטיל געבויט, איז געווען בעשטימט פֿאַר אַ לאַזאַרעט.

איך האָב בעזוכט עטליכע שוהלען. קודם כל בין איך אַוועק אין די אַזוי־גערופֿענע בראָדסקע־שוהל. געדאַווענט האָט דאָרט דער אַלטער בעריהמטער חזן מינקאָווסקי מיט אַ כאָר. שבת שפּילט דאָרט אַן אָרגעל און דער אָרגעל טראָגט אַריין אַ גרויסען דיסאַנאַנס אין דעם רייןיודישען, פֿאָלקסטימליכען דאַווענען. איך האָב מיך דערמאָהנט אָן אונזער וואַרשאַווער סינאַגאָג: וואָס דאַווענט ער דאָרט אָהן אַן אָרגעל און ווי געשמאַק איז זיין דאַווענען!

איך האָב געהערט אַ גוטען חזן אין דער גרויסער שוהל און נאָך אַ בעסערן אין דער אַזוי־גערופֿענער „שאַלאַשנער“ שוהל.

פֿיער חדשים האָב איך געוואוינט אין אָדעס. דער יקרות פֿלעגט שטייגען פֿון טאָג צו טאָג; עס האָט שוין געקאָסט 4 רובל אַ פֿונט פּוטער, 4 רובל אַ פֿונט וואורשט, 2 רובל אַ פֿונט פֿלייש א. ד. גל.

מײַן פֿאַמיליע איז אַלץ געזעסען אין מאָסקװע. קײן פּאָסט=פֿערבינדונג איז ניט געװען. די דײַטשען האָבען פֿאַרנומען גאַנץ אוקראַינע און די גרענעץ איז געװען בײַ אָרשאַ. עס האָט זיך געבילדעט אין אָרעם אַ פֿעראײן פֿון דעמאָביליזירטע אָפֿיצירן, װעלכע פֿלעגען אַריבערפֿיהרען בריװ פֿון אָרעם קײן מאָסקװע און ברענגען תשובות. אויף אַזאַ אופֿן האָב איך מיך אױך פֿערבונדען מיט מײַן פֿאַמיליע.

יענע מאַי 1918 בין איך ענדליך בעפֿרײַט געװאָרען פֿון מיליטער=דינסט. מען האָט אונז בעצאָהלט פֿאַר 2 חדשים געהאַלט און שהוט אײַך, װאָס איהר װילט!

איך האָב קײן אַנדער ברירה ניט געהאַט, װי צו פֿאָהרען קײן מאָסקװע צו מײַן פֿאַמיליע און דאָרט זעהן, װאָס װײַטער צו מאַכען.

איך האָב מיך פֿערשריבען אויף אַ סיבירער צוג, ד. ה. אַ צוג, װאָס איז בעשטימט געװען פֿאַר דעמאָביליזירטע סיבירער סאָלדאַטען און אָפֿיצירן. איך בין אויך געװאָרען אַ סיביריאַק אויף אַ װײַלע.

כמעט צװײ װאָכען האָב איך מיט דעם צוג געװאַנדערט ביז מיר זענען געקומען אויף די סטאַנציע אָרשאַ, ד. ה. אויף די גרענעץ פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע און סאָװיעטען=רוסלאַנד.

אין דײַטש=אָרשאַ האָבען דײַטשע סאָלדאַטען זעהר שטרענג רעװידירט די זאַכען, װײַל מען האָט קײן שום עסענװאַרג ניט געטאָרט אַדורכפֿיהרען, אָבער... פֿאַר אַ צעהן=רובל=שטיק האָט מען אײַך ניט געטשעפּעט. אַזױ האָבען אויך געמאַכט די, װאָס האָבען פֿון דעם סוד געװאוסט; בײַ די איבעריגע האָט מען טאַקע צוגענומען אַ סך עסענװאַרג. מיר איז געלונגען אַלץ אַריבערצופֿיהרען.

איך בין אין רוסיש=אָרשאַ! אַך, װאָס פֿאַר אַ חילוק עס איז צװישען די בײדע אָרשאַ'ס!

אויב אין דײַטש=אָרשאַ האָט געהערשט אַ פֿולע אָרדנונג, רײנקײט און מען האָט אַלץ פֿאַר געלד געקאָנט בעקומען צו קױפֿען, איז אין רוסיש=אָרשאַ געװען שרעקליך שמוציג, מען האָט שױן קײן זאַך ניט געקאָנט און ניט געטאָרט בעקומען. אמת, די סיביריאַקעס, איז נאָך געװען גוט װײַל מיר האָבען דאָך געהאַט אונזער ספּעציעלען צוג.

אײַן מעת=לעת זענען מיר געשטאַנען אין אָרשאַ און אין משך פֿון דעם מעת=לעת האָבען מיר געהאַט פֿיער רעװיזיעס: מען האָט געזוכט געװעהר!

מיר פֿאָהרען װײַטער צו װיאַזמאַ צו. דאָ דערװיסען מיר זיך, אַז דער סיבירער צוג געהט ניט קײן מאָסקװע. איך בין געװאָרען אױס סיביריאַק און האָב מיך געמוזט אַרײַנזעצען אין אַ פּאַסאַזשיר=צוג. אין װיאַזמאַ אויף דעם װאָקזאַל האָבען חברים דרײַ מאָל געװאָלט רעװידירען בײַ מיר די זאַכען: זײ האָבען געזוכט „מאַנופֿאַקטור“. איך האָב מיך אָבער ענטגעגענגעשטעלט און ניט געלאָזען רעװידירען.

אונטערװעגס, ביז סמאָלענסק, האָט מען װידער עטליכע מאָל פּראָבירט צו רעװידירען מײַנע זאַכען; כ'האָב אָבער װידער אַמאָל ניט דערלאָזען, דערװײַזענדיג, אַז איך בין אַ יחסן — אַ דעמאָביליזירטער!

אין סמאָלענסק האָב איך מיך דערװוּסט, אַז מען מוז האָבען אַ „פּראָפּוסק“ קײן מאָסקװע. מיט גרױס מיה און מאַטערניש האָב איך בײַם סמאָלענסקער

קאָמענדאַנט בעקומען אַ „פּראָפּוסק"
אויף איין טאָג.
ווי ס'האָבען אויסגעזעהן אונטערוועגס
די וואָקזאַלען, די בופעטען וועל איך שוין
בעסער ניט דערצעהלען: אַן'אֵימה פאַלט=
ווען איך דערמאָהן מיר אַצינד

## ל.

מיט גרויס הארצקלאַפּעניש בין איך
אָנגעקומען אויף דעם מאָסקווער וואָקזאַל.
ערשטענס, האָב איך געמיינט, אַז איך
וועל מיין הויזגעזינד געפינען ואויסגעמאַ=
טערט, אויסגעדאַרט פון הונגער; צוויי=
טענס, האָב איך מורא געהאַט, מען זאָל
ניט מאַכען ביי מיר אויפ'ן וואָקזאַל אַ
רעוויזיע און ניט צונעהמען דעם גרויסען
זאַפּאַס אכילה, וואָס איך האָב געפיהרט
פון אָדעס. עס האָט זיך אויסגעלאָזען אַ
בוידעם! קיינער האָט מיך ניט געטשע=
פעט, איך האָב געדונגען אַ דראָזשקע
און בין בשלום געקומען אַהיים, וואו מען
האָט מיך אבסאָלוט נישט ערוואַרט, ווייל
קיין דעפּעשע האָט אַן'איינפאַכער בשר
ודם ניט געקענט געבען.
ווי גרויס איז געווען מיין איבערראַ=
שונג, ווען איך האָב געטראָפען מיין הויז=
געזינד אין אַ גאַנץ נאָרמאַלען צושטאַנד.
צו דיק זענען זיי אמת ניט געווען; אויף
דעם טיש איז געווען אַ נאָרמאַלער מי=
טאָג. מיינע זאַפּאַסען האָבען אַריינגע=
טראָגען אַ געוויסע געשמאַקע ענדערונג
אין דעם ביז=איצטיגען מענו.
וואָס טהוט מען אַצינד? איך בין שוין
ברוך השם דעמאָביליזירט, קיין קאַפּי=
טאַלען האָב איך ניט, די הוצאות זענען
אין מאָסקווע זעהר גרויס, פערנעהמען
זיך מיט „שפּעקולאַציע" איז ניט מיין
בראַנזשע. איז ביי מיר נעבליבען צו
פאָהרען אַהיים, ד. ה. קיין וואַרשא.
ניט אַזוי לייכט איז עס אָבער אָנגעקו=
מען. תחלת רעגיסטראַציע אין דעם קאָ=
מיסאַריאַט פאַר פוילישע ענינים... גאָט
מיינער! ווי קומט מען דאָרטען צו? מען
שטעהט צו עטליכע מעת=לעת אין „אָטשאָ=
נעק". איז דען דאָס דען פאַר מיינע
כוחות?
אַ גאַנצען חודש האָב איך מיך אָבגע=
מאַטערט און האָב דאָך ניט געקענט צו=
קומען צום קדשי קדשים. איז מיר איינ=
געפאַלען צו רעגיסטרירען זיך אין דעם
קאָמיסאַריאַט פאַר ספּעציעל יודישע
ענינים. דאָ איז געגאַנגען לייכטער און אין
צוויי טעג האָב איך בעקומען דעם נוי=
טיגען פּאַפּיר.
איצט האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה
„צענטראָפּלענביעזש". גאָט מיינער, וואָס
איך האָב מיך דאָ אָנגעליטען ביז איך
האָב מיינע פּאַפּירען דערלאַנגט און ביז
איך האָב אין אַ חודש אַרום אַ תשובה
בעקומען, אַ הכשר הייסט עס, אַז מען
מעג מיך אַרויסלאָזען פון רוסלאַנד.
דערביי מוז איך דערמאָהנען אַ כאַ=
ראַקטעריסטישען פאַקט. איך האָב נעמ=
ליך געפיהרט קיין וואַרשא מיינע ביכער,
וואָס איך האָב געהאַט מיט זיך און מיין
מיקראָסקאָפּ. איינער אַ פוילישער דאָק=
טאָר, וואָס אונטער זיין השגחה איז געווען
די קאָנטראָלע איבער דער ליטעראַטור,
האָט מיר, אַגב גאַנץ פריינדליך, געהייסען
ברענגען אַלע ביכער צו איהם מיט אַ
רשימה.
„צו וואָס איז עס נויטיג? פרעג איך
איהם, צי איז דען ניט גענוג איהר זאָלט
מיר אונטערשרייבען נאָר די רשימה,
ווייל אויב איך וועל פיהרען עטוואָס אונ=
לעגאַלעס, וואָס איז אין דער רשימה
נישטאָ, וועט מען דאָך עס לייכט קאָנען
געפינען, צו וואָס זשע זאָל איך נאָך

שלעפּן מײַן גאַנצע מעדיציניש ביבליאָטעק אַהערצו?"

— „נישט אײַער זאַך! אַזוי מוז עס זײַן!"

און איך האָב געמוזט בזעת אפּי שלעפּן אַהין און צוריק מײַנע ביכער, וואָס זײַנען דאָרטן אָפּגעלעגען אַ וואָכען צוויי! און איך גלויב נישט אַפילו, צי מען האָט זיי קאָנטראָלירט?

געענדיגט מיט דעם „צענטראָפּלענביוש" האָב איך אָנגעהויבען קריכען אין קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערליכע ענינים. מיאוס און מאוס איז מיר געווען, קריכענדיג אַהינצו. ווידער אַ חודש אַריבער.

דערווײַל אָבער דאַרף מען דאָך לעבען און קיין פערדינסטען זענען נישטאָ. וועגען פּראַקטיק האָט דאָך קיין שום רעד ניט געקאָנט זײַן. אמת, איך האָב יאָ געקאָנט האָבען אַרבײַט, ווײַל אין מאָסקווע זענען געווען אַ סך פון מײַנע וואַרשאַווער בעקאַנטע, אָבער דער טעלעפאָן האָט ניט פונקציאָנירט, אַנאָנסירען האָט מען נאָר געקענט אין די אָפיציעלע צײַטונג „איזוועסטיאַ", וואָס איך האָב בשום אופן ניט געוואָלט טהון. דעריבער איז טאַקי געווען ביטער.

ניט האָבענדיג וואָס צו טהון, האָב איך מיר געשפּרײַזט איבער די מאָסקווער גאַסען און זיך צוגעקוקט צו דעם נײַעם לעבען. ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַ געיעג נאָך עסענוואַרג-פּראָדוקטען. אומעטום, וואו מען פלעגט קומען, מיט וועמען מ'פלעגט זיך טרעפען, איז נאָר געווען אַ רעד וועגען אכילה און דאָ האָט מען שוין אין שטאָדט גאָרניט בעקומען. ברויט פלעגט מען געבען אונז, ד. ה. די בורזשויען, וועלכע האָבען אַ גראָשען ניט פערדיענט, צו אַכטעל אײַנמאָל אין עטליכע טעג און וואָס פאַר ברויט דאָס איז געווען? אַ שרעק, ווען איך דערמאָהן מיר!

מיט מסירת נפש פלעג איך מוזען געהן אויף פּאָליאַנקאַ צו די „געהײַמע" בעקער, וואו מען פלעגט יעדען טאָג פשוט צוחאַפּען שוואַרץ-ברויט, אמת נוטען שוואַרץ-ברויט, אַזוי ווי דער בעסטער לעקעך האָט אונז דאָס ברויט געשמעקט!

דאָס ברויט און די פּראָדוקטען, וואָס איך האָב געבראַכט פון אַדעס, האָט אונז געגעבען די מעגליכקייט צו דערהאַלטען אונזער עקזיסטענץ.

און אַ מאָדנע פּסיכאָלאָגישע ערשײַנונג האָב איך בעמערקט: אַ מורא פאַרן הונגער! טאָמער איז אין שטוב ניט געלעגען אין זאַפּאַס אַ לעבעל ברויט, איז מען געווען אומרוהיג. דאַכט זיך מען עסט און מען עסט און אין אַ ווײַלע אַרום ווילט זיך ווידער עסען. אָפּגעגעסען, למשל, פרישטיק: ברויט, וויפיעל דאָס הארץ גלוסט מיט זיסע טיי, אָדער קאַווע ביז צו זאַט, אין אַ שעה אַרום איז שוין געווען שווער צו דערוואַרטען זיך ביז מיטאָג, עס האָט שרעקליך געבויערט אין בויך פון הונגער. אָפּגעגעסען מיטאָג: אַ זופּ, פלײַש, קאַרטאָפעל, ברויט, וויפיעל מען האָט געוואָלט ביז צו זאַט... און אין אַ שעה אַרום ווידער אַ שרעקליך געפיהל פון הונגער ביז אָווענדברויט און אַז. וו.

וועגען דער ערשײַנונג האָבען מיר מעהרערע בעקאַנטע איבערגעגעבען.

אין מאָסקווע איז דעמאָלט געווען (זומער 1918) דער רעכטער בריען פון דער אַזוי-גערופענער „שפּעקולאַציע", קינד און קייט האָט שפּעקולירט.

אויף די הויפּט-גאַסען פלעגט מען זעהן לאַנגע, לאַנגע שורות אַרום די געשעפטען מיט שאָקאָלאַד און צוקערלעך, וואו מען פלעגט אויף באַנעם פערקויפען און אויף דער גאַס פלעגט מען עס באַלד פערהאַנדלען פאַר כפל כפלים. די גרויסע געוועלבער זענען שוין געהען פוסטלער.

ס'זענען שוין פאָרגעקומען אָפטע רעוויזיעס און מען האָט מורא געהאַט צו האַלטען ביי זיך זאַפּאַסען עסענוואַרג.

דאָס לעבען איז וואָס אַ טאָג שווערער און שווערער געוואָרען. פאַר מיר פערזענליך איז עס געוואָרען גאַנץ אונערטרעגליך. מען האָט שוין אָנגעהויבען צו פערקויפען דאָס ביסעל זילבער, וואָס מען האָט געשלעפּט פון וואַרשא, אַנדערע חפצים, אַבי נאָר צו עסען און צוצוגרייטען זיך צו דער נסיעה קיין וואַרשא.

צו בעקומען אַלע מינים פּאַפּירען און ערלויבנישען איז געווען אַזוי שווער, אַז איך האָב מיר נ:ט געגלויבט, אַז איך וועל זיך קענען אַ מאָל אַרויסרייסען פון מאָסקווע.

## לא.

ענדליך איז אָנגעקומען דער מאָמענט, ווען איך האָב שוין אַלע נויטיגע פּאַפּירען בעקומען און האָב מיך גענומען גרייטען צו פאָהרען.

געווען איז עס אַ וואָך צוויי פאַר ראש השנה תרע"ח (1918). עס איז מיר געלונגען איבערצוגעבען די דירה אונזערע, וואו ס'האָט זיך אַריינגעקליבען אַ בעקאַנטער; מען האָט איינגעפּאַקט אַלע זאַכען (און זאַכען זענען געווען זעהר פיעל נאָך פון וואַרשא אַרויסגעפיהרט) און איך האָב זיך גענומען צו שאַפען בילעטען ביז וואַרשא.

און מיטען דערינען געהט אַרויס אַ דעקרעט, אַז פאַר פּריוואַטע פּאַסאַזשירען מאָר מען קיין בילעטען נ:שט פערקויפען, אַז רעעמיגראַנטען וועלען מוזען פאָהרען מיט ספּעציעלע צוגען. ווען? אפשר אין אַ פּאָר חדשים אַרום. און דערווייל האָב איך שוין קיין דירה נ:ט, דערווייל איז שוין אַלץ פערפּאַקט, פערנייהט, פערשנורעוועט.

וואָס טהוט מען דאָ? איך האָב פּרובירט אויסצוגעהן צו פאָרזיצענדען פון דעם אייזענבאַהן=סאָוויעט. איך האָב מיט איהם איינגעטענה'ט העכער אַ שעה צייט און האָב איהם אָבגעמאָלהען מיין לאַגע, ווייט נ:ט קיין בורזשואַזע; איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך בין אַ דעמאָביליזירטער דאָקטאָר, אַז איך האָב אַ סך געליטען אויף דער מלחמה, אַז איך וויל ענדליך פאָהרען אַהיים און אַזוי ווייטער.

— „אַלץ ריכטיג, זאָגט מיר דער פאָרזיצענדער, פאַרוואָס=זשע אַנטלויפט איהר פון רוסלאַנד, ווייסענדיג, אַז מיר נויטיגען זיך אין דאָקטוירים?"

— „אמת, אָבער איהר האָט דאָך מיך נ:ט מאָביליזירט, איך האָב מיין חוב ערפילט און איצט האָב איך נ:ט קיין אַנדער אויסוועג, ווי צו פאָהרען אַהיים, דאָס זענען דאָך מיינע עלעמענטאַרע רעכט, ווען איך בין פריי".

ענדליך האָט ער זיך געלאָזט איבערעדען און האָט מיר געגעבען אַ פּאַפּיר, לויט וועלכען איך האָב בעקומען בילעטען צו פאָהרען ביז וואַרשא מיט מיין פאַמיליע און מיט מיינע זאַכען.

איך בין שוין אויף דעם וואָקזאַל, מיט מיינע טשעמאָדאַנען, קעסטלעך, זעק. איהר מיינט אפשר, אַז איך בין געווען דער איינציגער פּאַסאַזשיר? אַ טעות! איך האָב אויף דעם וואָקזאַל געטראָפען אַ סך בעקאַנטע, וואָס זענען מיט דעם צוג געפאָהרען.

— „ווי אַזוי=זשע האָט איהר געקראָגען בילעטען?" — פרעג איך.

— „גאָר פשוט, פאַר אַנ',,אַרשין קע=

רונקעס"!" — האט מען מיר געענטפערט.

אויף דעם וואקזאל בין איך אויסגעשטאנען אזויפיל צרות און עגויים, אז ווען איך דערמאן מיך געהט מיר אדורך א שוידער איבער'ן קערפער.

צו מיין מזל איז גראד דעם טאג געשיקט געווארען א ספעציעלע קאמיסיע פון דער טשרעזוויטשאיקע, וועלכע האט געשראפט רעוויזירען די זאכען ביי די פאסאזשירען.

מען האט געהייסען אויפבינדען דעם זאק, א טשעמאדאן, א קאסטען.

איך האב געציטערט, טאמער ווארפען זיי אנ'אויג אויף די וועש, וואס איך האב צוריקגעפיהרט קיין ווארשא; איך האב מיך שטארק געשראקען, מען זאל מיך, חלילה, נישט פערהאלטען אין מאסקווע.

גאר... די זאכען האט מען ניט געטשעפעט.

פלוצים געהט־צו צו מיר איינער פון דער קאמיסיע און פרעגט מיך שטילערהייד, איך זאל איהם אפען זאגען, וויפיעל ברילליאנטען איך פיהר מיט מיר?

איך האב אויף איהם אויסגעגלאצט א פאר אויגען מיט פערוואונדערונג. איך און ברילליאנטען? אין דער צייט, ווען איך פאהר א צומאטערטער, א הונגעריגער, מיט געציילטע עטליכע „רומסקע" א היים, כדי דארט צו מאכען א נייע לעבען.

די פראגע איז מיר אויסגעקומען אזוי קאמיש, אז איך האב מיך ניט געקאנט איינהאלטען און האב איהם מיט א שמייכעל געענטפערט:

— „אמת, איין ברילליאנט און א גאנץ גרויסען פיהר איך ווירקליך קיין ווארשא!"

— „וואו איז ער?" — פרעגט מיך דער טאוואריטש מיט אומפעט און אונגעדולד

— „אט דא שטעהט ער!" — זאג איך, אנווייזענדיג מיט דער האנד אויף מיין 8־יאהריגען בן־יחיד.

מיין ווייב האט, חאטש זיך, יא אויסגענומען, מען האט שוין אבער פון דער צווייטער זייט קיין אויג פון מיר נישט אראפגעלאזען.

צו מיין פרוי איז צוגעגאנגען א פרויליין פון דער אויבערדערמאהנטער קאמיסיע און האט זי העפליך געבעטען מיטצוגעהן אין א חדר־מיוחד אויף א „קערפערליכע רעוויזיע". נאטירליך, האט מען ביי מיין פרוי גאר נישט געפונען. דערוויילע אבער האט מען געהאט שרעק.

שוין אלץ בשלום אריבערגעקומען: שוין פערשנירעוועט, פערשלאסען אלע פעק און טשעמאדאנעו, שוין אבגעגעבען באגאזש, מען טראגט שוין אין וואגאן אריין אלע האנד־פעקלעך און מיר זענען שוין גרייט צו פאהרען.

פלוצים בעמערק איך, אז ס'פעהלט מיין מיקראסקאפ און מיין ברודער'ס א שאכטעל מיט זאכען. מיין ברודער לויפט צוריק צום וואקזאל, געפינט דעם מיקראסקאפ און זיין שאכטעל. א טרעגער שלעפט זיי צום וואגאן.

ווי פון אונטער דער ערד איז מיט אמאל ארויסגעשפרונגען א יונגער שנעק, א טאווארישטש, וועלכער האט פערהאלטען דעם טרעגער און געהייסען עפענען דאס שאכטעל. ער האט דורכגעטאפט אלע זאכען און האט, צו מיין מזל, אנגעטאפט אין מיין ברודער'ס א מארינארקע פערגייהטע גאנצע פיער „רומסקע".

— „אהא! איך האב געטאפט!" — האט ער אויסגעשריען מיט א טריאומף — „ניט אומזיסט בין איך שוין 8 יאהר א „סישטשיק" (איבנאנצען האט ער אויסגעזעהן ווי פון א יאהר 22!). מיך איז

שווער אָבצוגאַרען! אַרויס מיט אַלע זאַכען פֿון וואַגאָן! אַלע זאַכען וועלען פֿון חאָם גײַ רעווידירט ווערען און בײַ אײַך אַלעמען וועט מען מאַכען אַ „קערפּערליכע רעוויזיע"!".

פֿינסטער און ביטער איז מיר געוואָרען, הערענדיג די ווערטער. דאָס הייסט, אַז מען קאָן אונז נאָך ניט לאָזען פֿאָרען און פֿערהאַלטען אין מאָסקווע!

כ'האָט גאָר ניט געהאָלפֿען: מען האָט אַרויסגעשלעפּט אַלע זאַכען פֿון וואַגאָן אויף די פּלאַטפֿאָרמע און מיך, מײַן פֿרוי מײַן זוהן און מײַן ברודער האָט מען אונטער אַ שמירה אַוועקגעפֿיהרט אין'ן וואָקזאַל צום קאָמיסאַר.

מען האָט אָנגעהויבען רעווידירען „קערפּערליך". דערבײַ האָט דער יונגער „סישטשיק" זעהר אָרדינער געשפּאַסט, אוראַנזשירט און חוזק געמאַכט פֿון אונז „בורזשויעס".

מען האָט בײַ אונז נאַטירליך גאָרניט געפֿינען. איך האָב נאָר מורא געהאַט, דער צוג זאָל ניט אַוועקגעהען אָהן אונז, ווײַל מיר האָבען פּשוט ניט געהאַט, וואו זיך אַהינצוטהון אין מאָסקווע און יעדער „קערענקע" איז געווען אויסגערעכענט.

דער קאָמיסאַר איז אָבער גראָד געווען אַן אַנשטענדיגער מענש, האָט געהייסען פֿערהאַלטען דעם צוג ביז מיר וועלען פֿאַרטיג ווערען און האָט זיך אַפֿילו געבייזערט אויף זײַן חבר, וואָס האָט אונז אַהערצו געבראַכט.

די 4 דומסקע האָט ער אָבער ניט געוואָלט צוריקגעבען, מחמת עס איז געווען „נעגען געזעץ". ער האָט נאָר אַרויס געגעבען אַ קוויטונג.

—„אַ כּפּרה די 4 דומסקע, האָבען מיר זיך געטראַכט, ווי קריגט מען זיך שוין אַרויס פֿון דאַנען?"

סוף כּל סוף זענען מיר בעפֿרייט געוואָרען. מיר לויפֿען מיט אימפּעט צו אונזערע זאַכען. גוטע מענשען העלפֿען אונז זיי אַרײַנצוטראָגען צוריק אין וואַגאָן און פֿערמאַטערטע און ניִדערגעשלאָגענע פֿאָהרען מיר אָב פֿון מאָסקווע.

---

## לב.

מיר פֿאָהרען אָב אַ שעה צוויי. עס געהען אַרײַן אין וואַגאָן עטליכע טאָוואַרישטשעס מיט רימענס איבער די אַקסלען און מיט רעוואָלווערען בײַ די זײַטען און מאַכען אַ רעוויזיע, זיי זוכען געוועהר און בריליאַנטען. אין אַ שעה אַרום ווידער אַ רעוויזיע, ווידער אויפֿגעמאַכט די טשעמאָדאַנעס, און אַזוי ווײַטער.

ביז סמאָלענסק האָט מען אפֿשר 6 מאָל געמאַכט רעוויזיעס.

קיין אָרשא זענען מיר אָנגעקומען אין אָוועגד. אונטערוועגס האָב איך מיך בעקאַנט געמאַכט מיט עטליכע פֿאַמיליעס און מיר האָבען זיך געהאַלטען צוזאַמען.

דער אָרשא'ער וואָקזאַל האָט אויסגעזעהען שרעקליך, ער איז געווען פֿול געפּאַקט מיט רעעמיגראַנטען, אומעטום אַרום איז געווען אַ געוואַלדיגער שמוץ. עס איז געווען סכּנת נפֿשות זיך צו פֿערהאַלטען דאָ אַפֿילו אויף איין רגע.

די גאַנצע אומגעגענד פֿון וואָקזאַל האָט אויסגעזעהען, ווי אַ גרויסער לאַגער. מען האָט מיר דערצעהלט, אַז דאָ שטאַרבען מענשען מאַסענווייז פֿון אַנשטעקענדע קראַנקהייטען און פֿון הונגער און אַז מען בעגראָבט זיי אָט דאָ, באַלד אויף אָנ'אָרט!

וואו טהוט מען זיך אַהין בײַ דער נאַכט מיט קינדער, מיט זאַכען?

צום גליק, האָבען מיר זיך בעקאַנט אויף דעם וואָקזאַל מיט איינעם אַ טאָוואַ-

רישטש, וועלכער האט אונז פארגעשלאגען, מיר זאלען גייען צו איהם בעטען. ער האט געבראכט נאך עטליכע טאווארישטשעס, וועלכע האבען גענומען אונזערע פעקלעך און מיר זענען טאקי צו איהם אוועק.

ער האט געוואוינט אין א קליין הייזעל, נים ווייט פון דער סטאציע.

דעם טאווארישטש'ס פרוי האט אונז גאנץ פריינדליך מקבל פנים געווען: מען האט געמאכט טהיי, מען האט ארויסגעשלעפט פראוויאנט וואס ווער ס'האט געהאט, מען האט פערגעסען די נאר וואס איבערגעלעבטע צרות און מען האט זיך משמח געווען.

דער בעל-הבית האט געבראכט עטליכע בינדטלעך שטרוי און אלע (צוזאמען א מאן 12) האבען זיך אויסגעלעגט אויף דער פאדלאגע. די קינדער האבען געשמאק געחראפעט און די עלטערע האבען קנאפ-וואס געשלאפען, מעהר געשמועסט.

צו מארגען האט מען זיך קודם כל געדארפט רעגיסטרירען ביי דעם פארשטעהער פון דער פוילישער רעגירונג, א זאך, וואס האט געדארפט, ווי מיר האבען געהערט, דויערן א טאג דריי. דאס איז פאר אונז געווען אוגמעגליך, ווייל אונזער בעל הבית האט אונז מעהר ווי איין נאכט ניט געקאנט האלטען און אין ארשא איז געווען זעהר שווער צו קריגען א פלאץ צו נעכטיגען.

פלוצים דערוויים איך מיך אין דעם פוילישען רעעמיגראציאנס-ביורא, אז דער פוילישער פארשטעהער אין ארשא איז א דאקטאר, מיינער א בן-עיר, און א חבר פון גימנאזיום.

איך בין תיכף צו איהם אריין און בין ערלעדיגט געווארען אין משך פון א האלבע שעה.

פאר איין וועג האב איך שוין אויסגעפועלט די נויטיגע פאפירען פאר מיינע בעקאנטע אויך.

מיר זענען אוועק אופי'ן וואקזאל. אונזער באגאזש איז געווען גאנץ. די רעוויזיע איז אריבער שנעל.

מיר האבען זיך געזעגענט מיט אונזער גאסט פריינדליכען בעל-הבית, וועלכער האט אגב ניט געוואלט נעהמען קיין פרוטה פאר זיין טרחה.

מיר האבען געדונגען פוהרען, ארויפגעפאקט אונזערע זאכען און זענען געפאהרען א וויארסט דריי ביז צו דער „גרעניץ“, ד. ה. ביז „דייטש-ארשא“.

ביי דער סאמע גרעניץ פון דער רוסישער זייט איז געשטאנען א גרויסער באראק, וואו מען האט אלעמען רעווידירט „קערפערליך“; די זאכען פון די פוהרען האט מען רעווידירט אויף דעם שאסיי גופא.

צו מיר איז צוגעגאנגען א טאווארישטש, ס'ווייזט אויס דער גרעניץ-קאמיסאר, האט מיך אבגערופען אן א זייט און האט מיר דערצעהלט, אז ער האט בעקומען א דעפעשע פון מאסקווע, מען זאל מיך שטרענג אונטערזוכען.

—„איך ווייס שוין,“ זאגט ער, אז מען האט ביי אייך צוגענומען 4 דומסקע. דעריבער בעט איך, איהר זאלט מיר בעסער אונטער אנ'אהרען ווארט זאגען, ווי פיעל געלד איהר פיהרט און צו איהר האט בריליאנטען? איך מוז אייך נאך ערקלערען, אז ס'איז ארוים א צירקולאר, מען זאל בעזונדער שטרענג רעווידירען די געוועזענע מיליטער-לייט און טאקי דערפאר ווייל זיי אנטלויפען איצט פון רוסלאנד“.

איך האב איהם אפענטליך דערצעהלט מיין לאגע.

מיט איין ווארט די רעוויזיע האט געדויערט א היבש ביסעל צייט און איז אריבער בשלום.

מיר שטעהען שוין האַרט בײַ דער גרעניץ, ד. ה. נעבען אַ פערמאַכטע הילצערנעם טויער און זעהען, ווי פון יענער זײַט שטעהען דײַטשע סאָלדאַטען און קאָנטראָלירען די פּאַפּירען, רעווידירען די זאַכען פון די, וואָס זענען שוין אַריבער.

ענדליך געהערען מיר אויך צו די גליקליכע, מיר רעדען שוין מיט דעם דײַטשען סאָלדאַט, מען זעהט אַדורך אונזערע פּאַפּירען און מיר געהן צו דער באַהנסטאַציע „דײַטש-אָרשא“.

אונטערוועגס קויפען מיר בײַ פּויערטעס ווײַסע זעמעל, עפּעל, ד. ה. דאָס, וועגען וואָס מען האָט שוין דאַמאָלס אין מאָסקווע געקענט פערגעסען.

---

## לג.

מיר זענען אויף דער סטאַציע. פאַר אונז איז בעשטימט אַ ספּעציעלער רעעמיגראַנטען-צוג, וואָס בעשטעהט פון משא-וואַגאָנען, האָטש די וואַגאָנען זענען שוין געוועזען אונטער דער דײַטשער השגחה איז דאָרטען דאָך נאָך געווען גענוג שמוציג.

אין דעם וואַגאָן, וואו איך בין אַרײַנגעפאַלען, זענען געוועזען נאָך עטליכע פאַמיליעס קריסטען.

מיט הילף פון דײַטשע סאָלדאַטען האָבען מיר אַרײַנגעשלעפּט אין וואַגאָן אַלע זאַכען און מען האָט זיך ווי ס'איז אײַנגעאָרדענט.

די שטימונג אין וואַגאָן איז באַלד געוואָרען אַ פיעל פרעהליכערע, ווי עס איז געוועזען אין סאָוויעטען-רוסלאַנד, מיר האָבען מיט הנאה געקוקט אויף די רײנע וואָקזאַלען און בופעטען אונטערוועגס: מען האָט שוין דערזעהען מיט שניי-ווײַסע טישטיכער בעדעקטע טישען—אַ זאַך, וואָס מען האָט שוין אין רוסלאַנד מעהר ניט געזעהן.

מיר האָבען דערזעהען צײַטונגען: פּוילישע, יודישע, דײַטשע, רוסישע! מיר האָבען יעדע זאַך בעוואונדערט און מיר האָבען אויסגעזעהען ווי ישוב'ניקעס, וואָס קומען פון דער פּראָווינץ צום ערשטען מאָל אין די רעזידענץ-שטאָדט.

צוויי מעת לעת זענען מיר געפאָהרען ביז מינסק.

וועהרענד דער צײַט האָב איך מיך זעהר בעפרײַנדעט מיט מײַנע צופעליגע חברים פּאַסאַזשירען און, ניט קוקענדיג אויף דעם אונטערשייד פון נאַציאָן און גלויבען, האָבען מיר זיך זעהר גוט און ברידערליך אײַנגעלעבט. און די פרײַנדשאַפט עקזיסטירט נאָך עד היום.

נאַטירליך, זענען אונטערוועגס געוועזען אָפטע ויכּוחים וועגען פּויליש-יודישע בעציהונגען. איך האָב מיך אַנ'איבעריג מאָל איבערצײַגט, אַז יעדער קריסט שעצט פיעל העכער דעם שטאָלצען, נאַציאָנאַלען יודען, ווי דעם, וואָס הנפ'עט זיך צו איהם, וואָס וויל בעהאַלטען זײַן יודישקײַט אָדער זײַן יודישע אָבשטאַמונג.

אין מינסק האָט מען אונזער צוג געבראַכט ביז די באַראַקעס, וואָס זענען געווען ווײַט אונטער דער שטאָדט.

דאָ האָבען מיר געזאָלט בלײַבען עטליכע טעג און דורכמאַכען אַ קאַראַנטין.

די זאַכען האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון די וואַגאָנען אויפ'ן פרײַען פעלד און אַליין זענען מיר אַוועק אין די באַראַקען.

שרעקליך האָט דאָרט אויסגעזעהען: פינסטער, שמוציג, דומפּיג! מיר האָבען זיך אַזש דערשראָקען פון דעם געדאַנק, אַז מיר וועלען זיך דאָ מוזען אויפהאַלטען עטליכע טעג.

צום גליק האָב איך געפּאַקט אַנ'אינטע-

לינענטע דייטשע אונטער־אָפיציר, מיט וועלכען איך האָב מיר אַ דורכגעשמועסט און האָב איהם ערקלערט, אַז מיר קענען בשום אופן ניט וואוינען אין די אַלגעמיינע באַראַקען, מיר וועלען בעסער בלייבען אונטער דעם בלויזען הימעל.

ער האָט אונז אַנגעוויזען אויף אַ בעזונדער הייזעל, וואו פון איין זייט האָבען געוואוינט סאָלדאַטען און פון די צווייטע — זעהר אַ גרויס צימער — איז געווען פוסט.

עטליכע סאָלדאַטען האָבען תיכף אַנגעהויבען אויפרוימען דאָס צימער און אַלע פאַסאַזשירען פון אונזער וואַגאָן האָבען זיך אַהינצו אַריינגעקליבען און האָבען זיך איינגעאָרדענט אויף די נאַרעס, וואָס זענען געווען אַרום די ווענד.

די דייטשע סאָלדאַטען פון אַנטקעגען האָבען אונז געקאָכט וואַסער, אייער. מיט איין וואָרט מיר זענען געווען גאַנץ צופרידען.

צו מאָרגען האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה רעגיסטראַציע ביי די פאָרשטעהער פון דער פוילישער רעגירונג און פון די דייטשען. וויהער זעהר גרויסע אַנאָקעס. אַזוי איז אַריבער אַ האַלבער טאָג.

שפּעטער בין איך מיט מיין פאַמיליע אוועקגעפאָהרען אויף אַ דראָזשקע אין שטאָדט אַריין.

איך קען אייך נאָך מיט ווערטער ניט איבערגעבען, מיט וואָס פאַר אַ פערגניגען, מיט וואָס פאַר אַנ'הרחבה מיר זענען געזעסען אין דעם גרעסטען יודישען רעסטאָראַן און מיט וואָס אַנ'אַפּעטיט מיר האָבען זיך צוגעחאַפּט צו די פערשידענע מאכלים, וועלכע מיר האָבען שוין אַזאַ צייט „דאָרטען" ניט געזעהען!

נאָך מיטאָג זענען מיר אַרוים אין שטאָדט. דאָ האָבען מיר זיך צום ערשטען מאָל בעקאַנט מיט ערזאַץ־שפּאַגאַט, מיט הילצערנע פּאָדעשוועס און הילצערנע שיך־וואַרג, מיר האָבען בעוואונדערט די מאַסען פערשידענע סחורות, וואָס מיר האָבען דאָ געזעהען אין די געשעפטען.

מיר האָבען בעזוכט עטליכע מיינע אַלטע בעקאַנטע אין מינסק און זענען צוריקגעפאָהרען אין די באַראַקען.

דאָ האָבען מיר, צוגלייך מיט אַלע רעעמיגראַנטען בעקומען גרויסע פּאָרציעס האָניג, ברויט און אַ שוואַרצע מיקסטור — קאַווע האָט זי געהייסען. דעם האָניג האָבען מיר געשמירט אויף ברויט און עס האָט אונז גאַנץ גוט געשמעקט. שפּעטער ערשט האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען ערזאַץ־האָניג און מיר האָבען עס שוין מעהר קיינמאָל אין מויל ניט גענומען.

פון מינסק זענען מיר געפאָהרען קיין באַראַנאָוויטש. דאָ האָט געזאָלט זיין אַ שטרענגע רעוויזיע מצד די דייטשען. כדי מען זאָל אונז צו רוה לאָזען און ניט פונאַנדערבינדען אונזערע פּעק און זעק, האָבען מיר געגעבען אַ פּאָר צעהנדליג „צאַרסקע" דעם עלטסטען סאָלדאַט און ער האָט זיך בעגנוגענט מיט אונזער עהרען־וואָרט, אַז מיר האָבען קיין שום געוועהר ניט.

## לד.

פון באַראַנאָוויטש זענען מיר געפאָהרען קיין שעדלעץ.

אין דער פריה, געדענק איך, זענען מיר אַהין אָנגעקומען. ערב ראש־השנה איז עס געווען. אונז האָט זיך שטאַרק געוואָלט קומען אַהיים, כאָטש אַ מינוט פאַר יום־טוב.

אין אונזער צוג איז געווען אויך אַ רב, וואָס איז פון רוסלאַנד געפאָהרען.

מיר האָבען זיך דערוואוסט, אַז מיר

זועלען ביז פאַרנאַכט שטעהן אין שערלעך. איך מיט'ן רב זענען אַוועק צום דייטשען קאָמענדאַנט און האָבען ביי איהם געבעטען ערלויבניש צו פאָהרען קיין וואַרשאָ מיט אַ פּאַסאַזשיר־צוג, וואָס דאַרף באַלד אָבגעהן.

דער קאָמענדאַנט האָט אונז ערקלערט, אַז דאָס איז אוממעגליך, אַז דער גאַנצער צוג אונזעריער מוז, ווי ער שטעהט און געהט, געבראַכט ווערען קיין וואַרשאָ, וואו אַלע רעמיגראַנטען מוזען פון דאָסניי רעגיסטרירט ווערען.

מיר זענען אַוועק אין שטאָדט, וואו מיר האָבען עטליכע שעה פערבראַכט.

איך האָב דעפּעשירט קיין וואַרשאָ צו מיין מוטער, וועלכע האָט קיין שום אָהנונג ניט געהאַט, אַז מיר זענען שוין אַזוי נאָהנט פון דער היים.

פאַרנאַכט זענען מיר פון שעדליץ אָבגעפאָהרען און אַרום 11 דעם זייגער אין [illegible] האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט אויף דעם קאָוולער וואָקזאַל.

דאָס האַרץ האָט זעהר אינטענסיוו געקלאַפּט, אין דער נשמה האָבען זיך אָנגעזאַמעלט פיעל פערשיעדענע געפיהלען...

מיר האָבען געוואָלט שוין לויפען אַהיים, שוין זעהען זיך מיט די נאָהנטסטע, מיט בעקאַנטע, מיט גוטע פריינד, שוין זיין ביי זיך אין דער ריכטיגער היים, אָבער . . .

. . . מען האָט אונז ניט אַרויסגעלאָזען פון דעם וואָקזאַל. מען האָט אונז געזאָגט, אַז ערשט מאָרגען אין דער פריה וועט מען זיך דאַרפען ווידער אַמאָל רעגיסטרירען, געהן אין באָד און ערשט נאָכדעם וועט מען אונז אַרויסלאָזען.

איהר קאָנט זיך לייכט פאָרשטעלען, מיר האָבען שוין די גאַנצע נאַכט מיט אַנ'אויג ניט צוגעמאַכט. ווי נור ס'איז טאָג געוואָרען, זענען מיר אַרויס פון די וואַגאָנעס און זענען אַוועק אין באָד אַריין.

עס האָט זיך שטאַרק געוואָלט גוט און גרינדליך זיך אויסצוואַשען, און איך האָב געמיינט, אַז מיר וועלען בעקומען ווענינגסטענס אַ וואַנע. מען האָט אונז אָבער אַוועקגעפיהרט אויף סטאַווקי, עק דזשיקאַ, וואו מיר האָבען זעהר לאַנג געמוזט וואַרטען און סוף כל סוף האָבען מיר בעקומען אַ וואַרימע דוש.

ס'האָט, אָסור, ניט געלוינט אַזוי פיעל צייט צו פערלירען, ווייל אַזאַ מין אַרומוואַשען זיך איז ניט ווערט אַ גראָשען און האָט קיין צוועק ניט.

צוריקקומענדיג פון באָד, יעדערער מיט אַ ספּעציעלען צעטעל פון דער באָד־פערוואַלטונג, האָבען מיר זיך רעגיסטרירט אין פערשיעדענע הייזלעך מיט פערשיעדענע נומערן.

אַרום האַלב צעהן אין דער פריה זענען מיר ענדליך פאַרטיג געוואָרען. מען האָט געדונגען אַ פּלאַטפאָרמע, מען האָט אַרויפגעלעגט אַלע זאַכען און מיר זענען צו־פוס געגאַנגען אַהיים. איך בין נאָך געווען אָנגעטהון אין מיין גרויען סאָלדאַטסקען שינעל.

מיט גרויס האַרץ־קלאַפּעניש בין איך געגאַנגען דורך די בעקאַנטע גאַסען. איך האָב שוין געטראָפען בעקאַנטע.

איך בין ווידער אין מיין היים! אַ זיס געפיהל איז עס!

איך האָב מיך תיכף אויפגעגעטהון און האָב געמאַכט דעם ערשטען וויזיט דער סינאַגאָגע, וואו ה' סיראָטאַ האָט געדאַוונט.

---

אויב ס'טרעפען אַמאָל ביי אַ מענשען אין משך פון זיין לעבען אמת־גליקליכע מאָמענטען, קאָן צו אַזוינע פערעכענען דעם מאָמענט פון מיין צוריקקומען.

צום צווייטען מאָל האָב איך אויפערגע־

לעבט אזא מאמענט: דעם ערשטען, בעת איך בין צוריקגעקומען פון דער יאפאנישער מלחמה.

די בעגריסונגען מצד דער מאמע בעקאנטע און קרובים, די פריינדליכע אויפנאהמעס, די אהנענדליכע געשפרעכען און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער...

ס'איז בנאמנות כדאי געווען אפגעריסען צו ווערען פון דער היים אין משך פון 4 יאהר, כדי אזא מאמענט איבערצולעבען...

## עפּילאָג.

די וועלט־מלחמה האט זיך פאר מיר געענדיגט; פאר דער מענשהייט אבער, ווי עס ווייזט־אויס, נאך ניט.

פיעל מיליאנען סאלדאטען, אפיצירען און בכלל מיליטער־לייט זענען אומגעקומען, אדער צוקאלעטשעט געווארען; פיעל־פיעל בלוט איז פערגאסען געווארען אויף די פעלדער פון איראפא, אבער די מענשען האבען זיך ניט געקאנט בערוהיגען.

נאר פריש זענען נאך אין אונזער זכרון די פאגראמען אין אוקראינא, וואו טויזענדער פון אונזערע ברידער זענען אומשולדיג אומגעקומען; וואו טויזענדער פרויען און מיידלעך זענען געשענדעט געווארען; וואו ס'זענען געבליבען טויזענדער יתומים; וואו די ווילדקייט פון צווישען באנדעס האט גאר קיין גרענעץ ניט געהאט.

צי וועלען מיר שוין דערמיט אפקומען? צי וועלען מיר שוין, אדורכגעהענדיג דעם גהינום, ענדליך אומעטום פערזיכערט ווערען פאר מענשען מיט אלע מענשליכע רעכט?

איך גלויב, אז יא! וויל מיר, יודען, פערמאגען א געוואלדיגע לעבענס־קראפט! נאך א בלוט־צאפעניש ווערען מיר שטארקער, ווערען מיר געהויבענער, ווערען מיר שטאלצער!

זאל נור צווישען אונז תמיד זיין... אחדות!



# רשימה פון די שטעדט,
## וואָס ווערען דערמאָנט אין די מעמוארען.

### פּוילען:



### רוסלאנד:



### פינלאנד:



### בעסאראביען:



### רומעניען:

איבערדרוקען אהן דער ערלויבניש פון
מחבר — פערבאָטען — ווארשא 1923.
דרוק. „ארבייטער=היים“ קארמעליצקא 15.

Dr. I. Lejpuner — Vier johr in
der Welt-milchome (Memuaren).
Wydanie autora. Warszawa, 1923.
Drukarnia „Arbajterhajm“
Warszawa, Karmelicka 15.